# די לעבענס־געשיכטע

## פון

# מאָריס הילקוויט

דערציילט פון איהם אליין און
איבערזעצט פאַר׳ן „פאָרווערטס״
פון א. מילמאן

ארויסגעגעבען פון
אידישען סאָציאַליסטישען פאַרבאַנד
175 איסט בראָדוויי, ניו־יאָרק.
1935

# אינהאַלט

## בוך איינס

זייט



## בוך צוויי



## בוך דריי

# א וואָרט פון די ארויסגעבער

גענ. מאָרים הילקוויט האָט דעם בוך מעמוארען פאַרענדיגט אויף זיין טויטען בעט. ווען דאָס בוך איז דערשינען אין ענגליש איז עס שטארק געלויבט געווארען פון די קריטיקער צוליב זיין גרויסען היסטאָרישען ווערט. דאָס בוך ענטהאלט די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג אין אמעריקע, איהרע ליידען און פריידען, איהרע דערפאָלגען און נידערלאַגעס. דאָס איז ווי א טאָג בוך פון א מענשען, וועלכער האָט צוזאמען מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון אמעריקע, דורכגעמאכט א שטורעמדיגע אינטערעסאנטע צייט.

עס איז די געשיכטע פון קאַמף, דערהויבונג און נידערפאַלענקייט פון מענשען וועלכע האָבען אין פאַרשידענע צייטען געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער סאָציאַליסטישער ארבייטער באוועגונג פון אמעריקע. שריפטשטעלער, זשורנאַליסטען, רעדנער און פּראָפעסאָרען, איינפאכע ארבייטער, א גאַלעריע פון פּאָרטרעטען, א שילדערונג פון פאַרשידענע אומשטענדען, וועלכע האָבען אונזער סאָציאַליסטישע באוועגונג געפיהרט בארג ארויף און בארג אראָפּ.

מאָרים הילקוויט איז געווען דער דענקער, די קלאָרסטע קאָפּ אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. פון דער נאַטור א שטילער אין זיך פאַרשלאָסענער מענש, האָבען איהם זעהר א סך באַטראַכט, פאַר א מענשען א טרוקענעם. אין דער ווירקליכקייט אָבער איז ער געווען אן אויסערגעוועהנליכער הארציגער מענש.

הילקוויט'ס בוך מעמוארען, די באַשיידענקייט און אויפריכטיגקייט, מיט וועלכער זיי זיינען געשריבען געוואָרען, ענטפּלעקט פאר אונז דעם אמת'ן הילקוויט'ן — הילקוויט'ן דעם סאָציאַליסט, דעם הארציגען, איבערגעגעבענעם לאָיאַלען מענשען צו דער סאָציאַליסטישער באוועגונג פון אמעריקע — צום אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם.

אַ שעהנעם און בכבוד'יגען פּלאַץ אין דעם בוך פארנעמט דער אידישער עמיגראַנטען און ארבייטער לעבען. די ליידען פיזישע און גייסטיגע, וואָס דער אידישער ארבייטער אימיגראנט האָט דורכ־

געמאַכט אין די ערשטע יאָהרען דאָ אין לאַנד. זייער העלדישען קאַמף, זייער אידעאַליזם פאַר אַ בעסערען און ליכטיגען מאָרגען.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון אידישען סאָציאַליסטישען פאַרבאַנד האָט באַשלאָסען דעם בוך ארויסצוגעבען אין אידיש, כדי די אידישע לעזער איבער גאָר דער וועלט, וועלכע אינטע־רעסירען זיך מיט דעם אידישען ארבייטער לעבען דאָ אין לאַנד, זאָלען האָבען אַ מעגליכקייט דעם בוך צו לעזען. עס איז אונז אָבער געווען שווער, אונז האָבען געפעהלט פינאַנציעלע מיט־לען דעם בוך ארויסצוגעבען. מיר האָבען זיך געווענדעט צו אַ גאַנצער רייהע אידישע ארבייטער אָרגאַניזאַציעס, אַז זיי זאָלען אונז העלפען דורך באַשטעלען אין פאָראויס אַ גרעסערע צאָהל עקזעמפּליארען פאַר זייערע אָרגאַניזאַציעס.

די פאָלגענדע אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך וואַרעם אָפּגערופען:

די אינטערנעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון ארבייטער רינג.

ניו יאָרק דזשאָינט באָארד פון דער אַמאַלגאַמייטעד.

די דזשאָינט באָארד פון דער קלאָקמאַכער יוניאָן פון ניו יאָרק.

די מילינערי יוניאָן לאָקאַל 24.

אַ גאַנצע רייהע ברענטשעס פון ארבייטער רינג און אַלע ברענ־טשעס פון אידישען סאָציאַליסטישען פאַרבאַנד.

אַ דאַנק זייער וואַרעמען אָפּרוף דערשיינט דאָס בוך אין אידיש.

מיר דאַנקען אויך גענ. ל. קרישטאָל, וועלכער האָט דאָס בוך איבערזעצט און געטאָן די גאַנצע ליטעראַרישע ארבייט, דאָס וואָס איז געווען פאַרבונדען מיט דער איבערזעצונג און מיט'ן צוגריי־טען דאָס בוך צום דרוק.

דאָס בוך איז אָהן ספק אַ שעהנער בייטראַג צו דער סאָציאַ־ליסטישער ליטעראַטור אויף אידיש.

**פאַרלאַג „וועקער"**

**פון אידישען סאָציאַליסטישען פאַרבאַנד**

# די דעכער אויף טשערי סטריט

בײם קאָרנער פון טשערי און מאָנטגאָמערי סטריט, אויף דער ניו יאָרקער איסט סאַיד, שטעהען נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג פיר אַלטע טענעמענט הייזער, וואָס זעהען אויס ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט.

אין יאָהר 1888 זיינען זיי געווען נײ און זיינען באַטראַכט געוואָרען אַלס מוסטערהאַפטע וואוינונגען. אַ גרופּע וואוילטעטיגע בירגער האָט די הייזער אויפגעבויט אַלס אַ האַלב־פילאַנטראָפּישע אונטערנעמונג. די דאָזיגע אַפּאַרטמענטס, וואָס זיינען מערסטענס באַשטאַנען פון איינעם און פון צוויי צימערען, זיינען געווען קליין, פינסטער און פאַראומערט. מ'האָט זיי פאַרדונגען אויף דער וואָך און די איינוואוינער זיינען מערסטענס געווען אידישע אימיגראַנטען פון רוסלאַנד.

די הייזער האָבען זיך אויסגעצייכענט הויפּטזעכליך מיט זייערע דעכער — פיער פלאַכע דעכער מיט צעמענטענע פלאָרס און ארומ־געבויט מיט נידריגע ווענטלאַך. אַלע פיער דעכער זיינען געווען אויף איין הויך און דורך אָפענע טויערלאַך האָט מען געקענט אריבערגעהן פון איין דאַך אויפ'ן צווייטען.

אין די הייסע זומער־נעכט זיינען די גראַמע און אָפענע דעכער געווען דאָס איינציגע פּלאַץ, וואו די איינוואוינער פון די ענגע און פאַרשטיקטע צימערלאַך האָבען געקענט אָטעמען פרישע לופט. אַהין זיינען אויך געקומען זייערע פריינט, וואָס האָבען געוואוינט אין עהנליכע פאַרשטיקטע צימערלאַך אין אנדערע היי־זער.

ווען ס'איז געווען שעהן אין דרויסען זיינען די דעכער געווען געפּאַקט מיט מענשען פון פריה אין אָווענט ביז העט־העט שפּעט אין דער נאַכט.

אַן אומגעדולדיגער קאָכיגער עולם האָט זיך דאָ פאַרזאַמעלט. דאָס זיינען געווען מערסטענס יונגע אינטעליגענטען, איינגלאַך און מיידלאַך אין עלטער פון אַכצעהן ביז פינף־און־צוואַנציג יאָהר. געבראַכט האָט זיי אַהער די כוואַליע פון מאַסען־אימיגראַציע, וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד אין די אַכציגער יאָהרען פון לעצטען יאָהרהונדערט. געווען זיינען זיי יונגע מענשען מיט אַ גימנאַזיע־

אָדער אוניווערזיטעט־בילדונג. דורך פאַרפאָלגונג און באַגרעני־
צונגען אין זייער ברוטאַלען געבורטסלאַנד זיינען זיי פּלוצים אפּגע־
ריסען געוואָרען פון זייערע לימודים און פון זייערע נאָהענטע און
זיינען איבערגעפלאַנצט געוואָרען אויף נייער פרעמדער ערד.

אייניגע פון זיי זיינען ערשט געהאַט אריבערגעקומען, אנדערע
זיינען שוין געווען אין אַמעריקע פון עטליכע יאָהר. זעהר וועניג
פון זיי האָבען זיך געהאַט צוגעפּאַסט צו זייער נייער אומגעבונג
און צו דעם אומבאַקאַנטען לעבענס־שטייגער פון זייער נייער היים.
די יאָהרען, וואָס זיי האָבען פאַרבראַכט אין שטודירען פאַר אַ פּראָ־
פעסיע האָבען דאָ ניט געהאַט קיין שום פּראַקטישען ווערט, ווייל
זיי האָבען ניט געהאַט די נויטיגע קענטניש פון דער ענגלישער
שפּראַך. קיין שום מלאכה האָבען זיי ניט געקענט און די נויט
האָט זיי געצוואונגען צו באַשעפטיגען זיך מיט פּראָסטער און ניט־
אינטערעסאַנטער ארבייט אום צו פאַרדינען אויף אַן אָרימען
לעבען.

אין זייערע שעפּער האָבען זיי זיך געפיהלט אומגליקליך און
פאַרלאָרען, אָבער אין אָוונט אויף די דעכער האָבען זיי ווידער
געלעבט אין אַן אייגענער היימישער אַטמאָספערע. דאָ זיינען זיי
ווידער געווען סטודענטען צווישען סטודענטען. דאָ האָבען זיי
פאַרגעסען די צרות פון זייער שווערען און פאַרהאָרעוועטען לעבען
און האָבען גענאָסען פון פרייהייט און פון פריינדשאַפט מיט אַ
באַגייסטערונג ,וואָס נאָר יוגענט קען זיך פאַרגינען.

קלאַנגען פון פרעהליכען געלעכטער און שטימען פון ערנסטע
און באַגייסטערטע געשפּרעכען האָבען זיך געהערט פון פאַרשיי־
דענע גרופּען אויף די דעכער. אויך דער טרויער און די פאַר־
בענקטע מעלאָדיען פון רוסישע פאָלקס־לידער האָבען אָפט אָפּגע־
קלונגען אין דער שטילער אָוונט־לופט.

די יונגע אימיגראַנטען, וואָס זיינען מיט'ן וואָרצעל אויסגע־
ריסען געוואָרען פון זייער אַלטער היים, האָבען אריבערגעבראַכט
מיט זיך אַ שטיק פון אַלטען רוסישען לעבען.

אָבער געזאַנג און געלעכטער זיינען ניט געווען דער הויפּט
צייט־פאַרטרייב ביי די אָפּטע באַזוכער פון די דעכער. מערסטע
פון די אָוונטען האָבען זיי פאַרבראַכט אין דיסקוסיעס. און נאָך
וואָס־פאַר־אַ דיסקוסיעס! ס'איז ניט געווען קיין איין פראַגע אין

דער וויסענשאפט, פילאָזאָפיע אָדער פּאָליטיק, וואָס איז ניט אויס־געלופטערט געוואָרען אויף די דעבער אין היציגע ליידענשאפטליכע און טומעלדינגע דעבאַטעס. פּאָליטיק איז געוועזן דער באליבטסטער געגענשטאַנד.

אייניגע פון די דאָזיגע יונגע מענשען האָבען געקראָגען זייער באַקאַנטשאַפט מיט פּאָליטישע פראַגען אין דער אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד. אַלע האָבען זיי געהאַט באַשטימטע געזעלשאפטליכע פּרינציפּען און זיינען יעדען מאָמענט געוועזן גרייט זיי צו ערקלערען און פאַרטיידיגען.

דידאָזיגע איבערצייגונגען זיינען כמעט אָהן אויסנאַם געוועזן פון אַ ראַדיקאַלען שטייגער און מ׳האָט זיי געקאָנט איינטיילען אין דריי הויפּט קאַטעגאָריעס.

די גרעסטע אין צאָל איז וואַרשיינליך געוועזן די סאָציאַליס־טישע גרופּע.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט אין יענער צייט זיך ערשט געהאַלטען אין אויספורעמען. די באַוועגונג האָט נאָך ניט געהאַט קיין פּאָליטישע מאַכט אדער איינפלוס אין קיין לאַנד. קיינער האָט זיך דאַן ניט פאָרגעשטעלט, אַז נאָך אין אונזער דור וועט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָבען פּרעמיערען און אַנדערע מיניס־טאָרען אין די רעגירונגען פון פעלקער.

אין דייטשלאַנד האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָנגעפירט אַ העלדישען און געראָטענעם קאַמף געגען די טרויעריג־באַריהמטע „אויסנאַמס־געזעצען" פון דעם אייזערנעם קאַנצלער ביסמאַרק. דאָס זיינען געוועזן די געזעצען, וואָס האָבען פאַקטיש געהאַט פאַרבאָטען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

אין די אַנדערע לענדער פון אייראָפּע זיינען די סאָציאַליס־טישע פּאַרטייען געוועזן שוואַך, אָפטמאָל צושפּאָלטען און צייטענ־וויז אויך פאַרבאָטען.

אין רוסלאַנד האָט די באַוועגונג געהאַט פאַרענדיגט איין עפּאָכע און איז געשטאַנען אויף דער שוועל פון אַ צווייטער. די ראָמאַנטישע קאַריערע פון דער באַרימטער רעוואָלוציאָנערער אָר־גאַניזאַציע „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" („דער ווילען פון פאָלק") איז שוין פאַקטיש געוועזן געענדיגט. די אונערשראָקענע גרופּע טעראָ־ריסטישע אידעאַליסטען האָט שוין געהאַט אָנגעפאַנגען איהר דראַ־

מאַטישען אָבער אומגלייכען קאַמף מיט דער האַמעטנער מאַכט פון דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפט. געאָרגי פּלעכאַנאָוו, פּאַוועל אַקסעלראָד און ווערא זאַסוליטש האָבען פון זייער גלות אין זשע־נעוואַ געהאַלטען אין אויסאַרבייטען אַ גאַנץ נייעם באַגריף פון סאָציאַליזם, אַ באַגריף וואָס איז געווען באַגרינדעט אויף דעם ערוואַרטעטען וואוקס פון דעם אינדוסטריעלען אַרבייטער־קלאַס אין רוסלאַנד און אויף דער מעגליכקייט פון אַ רוסישער מאַסען־באַוועגונג אויף אַ מערב־אייראָפּעאישען שטייגער. דאָס נייע פּראָ־גראַם איז מיט אינטערעס און אומגעדולד דיסקוטירט געוואָרען און אָפּטמאָל אויך אנגענומען געוואָרען פון די טעאָרעטיקער אויף די דעכער פון טשערי סטרים.

דאָ אין אַמעריקע איז די באַוועגונג נאָך געלעגען אין די ווינדעלאָך. דאָס ביסעל וואָס מ'האָט דאָ געקאָנט געפינען איז געווען מעהר אַן אויסלענדישע קאָלאָניע פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווי אַן אייגענע אַמעריקאַנער באַוועגונג.

די סאָציאַליסטען פון יענער צייט זיינען ניט געווען קיין פּראַקטישע פּאָליטיקער. זיי זיינען געווען אידעאַליסטען און פּראָ־פּאַגאַנדיסטען, וועלכע האָבען געגלויבט אין זייערע איבערצייגונגען מיט אַ רעליגיעזען פייער. זיי זיינען געווען ווייניג אין צאָל, דער עולם האָט זיי ניט פאַרשטאַנען, האָט זיי אויסגעלאַכט און זיי האָבען דערפאַר געפיהלט פיל מעהר ווי אַ פּאָליטישע נאָהענטקייט צווישען זיך. זיי זיינען געווען חברים אין אַ פּערזענליכען און אינטימען זין.

כמעט פּונקט אַזוי גרויס אין צאָהל זיינען געווען די אַנאַר־כיסטען.

די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג האָט דאַן געהאַלטען ביי איהר העכסטען פּונקט. די ברוטאַלע אונטערדריקונג פון סאָציאַליסטי־שער פּראָפּאַגאַנדע אין די מעהרסטע לענדער פון אייראָפּע האָט אָפּגעשוואַכט ביי פילע דעם גלויבען אין דער ווירקזאַמקייט פון פרידליכע מעטאָדען. פילע זיינען געווען פאַרביטערט. אַנאַרכיזם איז געווען אַ באַוועגונג פון נקמה און געוואַלדטאַט געגען די פּער־זענליכע פאַרטרעטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און איהרע פּאָליטישע הערשער. די אמת'ע אַנאַרכיסטען האָבען גע־האַסט טרעיד־יוניאָן טעטיגקייט און אַלע מינים סאָציאַלע רעפאָר־

מען. יעדע פאַרבעסערונג אין די לעבענס־באַדינגונגען פון די מאַסען איז ביי זיי אין די אויגען געווען א רעאקציאָנערער מיטעל, וואָס ווערט אנגעווענדעט אום וואָס ווייטער אָפּצולייגען דעם ענטשיידענדען יום־הדין.

זיי האָבען צוריקגעוויזען דעם סאָציאַליסטישען באַגריף וועגען א פּלאַנמעסיגער, קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־ווירטשאַפט. זיי זיינען געווען געגען אַלע פאָרמען פון אויטאָריטעט אין רעגירונגס־מאַכט. זייער אייגענער אידעאַל איז געווען א וועלט, וואָס באַשטעהט פון א סך קליינע זעלבסטשטענדיגע און „לויזע" קאָמונעס, געשאַפען דורך א פרייוויליגער פאַרבינדונג פון ליבליכע פּערזאָנען. זייער פּראָגראַם איז געווען — רעוואָלוציע; איין גרויסע צושטערענדע רעוואָלוציע, וואָס זאָל אָפּווישען דעם קאַפּיטאַליזם און איינפיהרען די הערשאַפט פון פּראָלעטאַריאַט.

אום אויסצופּלאַסטערען דעם וועג פאַר דער ענדגילטיגער רעוואָלוציע האָבען די אנאַרכיסטען געפּרעדיגט און געשטיצט אַלערליי פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אויפשטאַנדען און איינצעלנע „הינריכטונגען". דאָס איז געווען די „פּראָפּאַגאַנדע דער טאַט", וועלכע זיי האָבען געהאַלטען פאַר וועניגסטענס פונקט אזוי איבערצייגענד ווי די „פּראָפּאַגאַנדע פון וואָרט".

אזא שטאַנדפּונקט האָט ספּעציעל אָפּעלירט צום רוסישען מענשען, און הויפּטזעכליך דערפאַר, וואָס די פּאָליטישע אומשטענדען אין רוסלאַנד האָבען געשיינט צו זיין האָפנונגסלאָז. עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס די צוויי גרעסטע באַגרינדער פון אנאַרכיזם, מיכאַאיל באַקונין און פּיאָטר קראָפּאָטקין, זיינעןביידע געווען רוסען. אין אמעריקע זיינען די הויפּט אונטערשטיצער פון דער באַוועגונג געווען די זעלבע ווי פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — דייטשע אימיגראַנטען. דער פייערדיגער יאָהאַן מאָסט איז געווען דער כהן גדול פון די אנאַרכיסטען.

קאָמוניסטישער אנאַרכיזם — ווי מ'האָט עס דאַן גערופען — איז געווען אַן איינפאַכער גלויבען און א ראָמאַנטישע באַוועגונג פול מיט אָטעם־פאַרכאַפּענדע פאַרשווערונגען און מיט טאַטען פון העלדישקייט און זעלבסטאָפּפערונג. די באַוועגונג האָט געהאַט א נעוואַלטיגע צוציהונגס־קראַפט פאַר דער יוגענט און האָט געוואָנען פאַר זיך א סך אָנהענגער אויף די דעכער פון טשערי סטריט.

ווען איך האָב זיך צום ערשטען מאָל באַגעגענט מיט זיי איז נאָך געווען פריש אין זייער זכרון די געזעצליכע ערמאָרדונג פון די העלדישע אַנאַרכיסטישע פּיהרער פון שיקאגא, אין נאָוועמבער 1886. דער וועהטאָג אין זייערע הערצער איז נאָך ניט געווען איינגעשטילט און אַלע זיי זיינען געווען שרעקליך פאַרביטערט.

ס'איז געווען אמוזאנט צו הערען, ווי די איידעלע און מילדע אינגלאַך און מיידלאַך, וואָס וואָלטען ניט געטשעפּעט א פליג אויף דער וואנט, האָבען גערעדט וועגען אויפרייסען געביידעס און הרג'ענען טיראַנען.

ס'איז געווען בלויז טעאָריע ביי זיי.

ניט איין נאַכט האָבען מיר פאַרבראַכט אין היציגע דיסקוסיעס וועגען דער ווירקזאמקייט פון באָמבעס און פון שטימקאַסטען אַלס מיטלען אויסצולייזען די מענשהייט. אין די שפּעטערדיגע יאָהרען איז די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג צוביסלאַך אַלץ קלענער און קלע־נער געוואָרען. אַלס אַן אָרגאַניזירטע קראַפט דאָ, אָדער אין א וועלכען־עס־איז אנדער לאַנד, איז זי שוין איצט כמעט אינגאַנצען פאַרשוואונדען.

נאָך א לעהרע, פון וועלכער עס איז פאַקטיש גאָרנישט גע־בליבען, איז געווען פאַרטראָטען אויף די דעכער — די לעהרע פון פּאָזיטיוויזם.

פּאָזיטיוויזם איז געווען א געמיש פון א פּאָליטישען און רע־ליגיעזען גלויבען, וועלכער האָט געצויגען זיין יניקה פון דער לעהרע פון דעם פראַנצויזישען פילאָזאָף אוגוסט קאָמט. (געבוירען אין יאָהר 1798, געשטאָרבען אין יאָהר 1857). עס האָט זיך גע־האַנדעלט ניט אזוי וועגען דער פילאָזאָפישער גרופּירונג און איינ־טיילונג פון די וויסענשאַפטען פון דעם פראַנצויזישען פילאָזאָף, ווי וועגען זיינע שוואַך־פאַרבונדענע מאָראַלע פּרינציפּען און וועגען זיינע האַלב־רעליגיעזע פירונגען. דער פּאָזיטיוויזם פון אוגוסט קאָמט איז געווען באַגרינדעט אויף דעם באַגריף, אַז די געזעלשאַפט שטעהט העכער פון דעם איינצעלנעם מענשען און האָט געפאָדערט, אַז די געזעלשאַפטליכע פליכטען זאָלען אנערקענט ווערען פאַר ביל־כער, ווי די רעכט פון דער איינצעלנער פּערזאָן.

דער גרינדער פון דער לעהרע האָט זיך ניט צופרידענגעשטעלט מיט בלויז טעאָרעטיש איבערגעגעבען און ערקלערען זיינע מאָראַלע

און סאָציאַלע פּרינציפּען; ער האָט פון זיי אויפגעבויט א סיסטעם פון א פאָרמעלער רעליגיע — די רעליגיע פון מענשליכקייט, מיט א העכסטען וועזען אלס א גאָטהייט, מיט פעסטגעשטעלטע געזעצען פון גאָטעס־דינסט, מיט פּראָפעסיאָנעלע גייסטליכע און מיט א גאנצען יחוס־בריף פון היילינגע. עס איז געווען — ווי דער ענגלישער וויסענשאַפטסמאן האָקסלי האָט זיך שארפזיניג אויסגע־דריקט — „קאַטאָליציזם אָהן קריסטענטום".

אין לעצטען טייל פון נייִנצעהנטען יאָהרהונדערט האָט דער פּאָזיטיוויזם געוואונען א היבש ביסעל אנהענגער צווישען געוויסע קלאסען פון דער אינטעליגענץ, ספּעציעל אין ענגלאנד, וואו עס זיינען אָרגאניזירט געווארען עטליכע אָפיציעלע „קירכעס פון מענש־ליכקייט" מיט קאָמטיסטישע דינים און מנהגים. אין די פאראייי־ניגטע שטאאטען האָט די לעהרע געוואונען א באגרעניצטע צאָהל אנהענגער אונטער דעם איינפלוס פון אן אינטערעסאנטער פילפאר־ביגער פערזענליכקייט, וויליאם פרעי.

מר. פרעי, וועמעס אמת'ער נאָמען איז געווען וולאדימיר הייִנס, איז געווען א רוס פון אריסטאָקראטישער אָפּשטאמונג.

לויט זיין בילדונג איז ער געווען אן ארמעע־אָפיצער, לויט זיין באשעפטיגונג — א מאטעמאטיקער ,און לויט זיינע איבערצייגונ־גען — א רעוואָלוציאָנער. אין יאָהר 1875 האָט ער אויסגעוואנ־דערט קיין אמעריקע און האָט דאָ געגרינדעט א קריסטליך־קאָמוניס־טישע קאָלאָניע אין קענזעס סטעיט. דאָרטען איז ער באקעהרט גע־וואָרען צו דער געזעלשאפטליכער לעהרע פון אוגוסט קאָמט.

א שטיקעל צייט האָט וויליאם פרעי געוואוינט אין ניו יאָרק און איז געווען טעטיג האָלטענדיג לעקציעס וועגען דער „רעליגיע פון מענשליכקייט". דער טיפער ערנסט פון זיינע איבערצייגונגען און, מעהר פון אלץ, די נאָבעלקייט פון זיין כאראקטער און זיין לעבען, האָבען געמאכט א טיפען רושם אויף דעם יונגען עולם פון דער רוסישער קאָלאָניע און האָבען געוואונען פאר איהם א סך נאָכפאָלגער.

אין דער צייט פון די דעכער האָט שוין דער פּאָזיטיוויזם אנגעהויבען ארויסצוגעהן פון דער מאָדע, נאָר זיינע טריי־געבלי־בענע אָנהענגער זיינען דאָ נאָך אלץ געווען גוט פארטראָטען. זיי האָ־בען זיך געהאלטען ווייט פון יעדען פּאָליטישען אדער אינדוסט־

ריעלען קאמף און זיי זיינען געווען מיט לייב און לעבען פארטאָן אין זייער שטרעבען צו דערגרייכען פערזענליכע פאָלקאָמענהייט, צו פירען „דאָס גוטע לעבען". זיי האָבען ניט געגלויבט אין ווידער־שטאנד, זיינען געווען הומאניטאריער און מעהרסטענס וועגעטע־ריאנער.

די אָנהענגער פון יעדער פון די דריי סאָציאלע הויפּט־לעהרעס האָבען, נאטירליך, געשטרעבט און געצווינגען צו באזונדערע צענ־טערס. דער סוף איז געווען, אז מיט דער צייט זיינען די פארקענס צווישען די דעכער פון די פיר שכנ'ישע הייזער געוואָרען גרענעצען ניט נאָר פון פיזישער, נאָר אויך פון פּאָליטישער צוטיילונג. אבער די גרענעצען זיינען ניט געווען שטרענג פעסטגעשטעלט אדער אָפּ־געהיט. אן אריינדרינגונג פון די פיינטליכע שכנ'ישע דעכער איז ניט נאָר גערולדעט געוואָרען, נאָר איז אויך געווען ווילקאָמען.

אָט אין דער ענטוזיאסטישער, קאמפּספולער און אָנגעהיצטער אטמאָספערע בין איך אריינגעצויגען געווארען כמעט באַלד נאָך מיין אָנקומען קיין אמעריקע.

איך האָב זיך ניט איינגאנצען אריינגעפּאסט אהער.

די יונגעלייט און די יונגע פרויען, וואָס פלעגען זיך פאר־זאמלען אויף די דעכער, זיינען געווען א שטיק פון אלטען רוס־לאנד. כאָטש די מעהרסטע פון זיי זיינען געווען אידען, האָבען זיי אָבער געהאט בלויז אן אָנדייטונג פון סעמיטישען טעמפּעראמענט, און געווען זיינען זיי רוסען לויט זייער בילדונג, קולטור און גע־וואוינהייטען, לויט זייערע זיטען, גייסט און אידעאָלאָגיע. איך, ווידער, בין געווען בלויז טיילווייז רוסיש.

די שטאָט ריגע, אין וועלכער איך בין געבאָרען און ערצויגען געוואָרען, איז היינט די הויפּט־שטאָט פון לאטוויע, איינע פון די קליינע גרענעץ־לענדער, וועלכע זיינען אָפּגעשניטען געוואָרען פון רוסלאנד דורך דעם ברעסט־ליטאָווסקער פרידענס־אָפּמאך.

דאָס קליינע מדינה'לע ווערט רעגירט פון לאטישען, וועלכע זיינען אן אויסטערליש און אלט פאָלק פון דעם אַרישען פעלקער־שטאם. זיי, די לאטישען, זיינען די גרעסטע מעהרהייט פון דער באפעלקערונג אין לאטוויע. אין מיינע צייטען האָבען אבער די לאטישען געשפּילט א זעהר מינדערווערטיגע ראָלע אין דעם עקאָ־נאָמישען און קולטורעלען לעבען פון ריגע אָדער פון וועלכען־עס־

איז אַנדערען טייל פון דעם געגענד, וואָס איז שפּעטער געוואָרען די לאַטווישע רעפּובליק.

זיי זיינען געווען די באַזיגטע באַפעלקערונג, און די זיגער האָבען שוין אכטונג געגעבען, אַז זיי זאָלען אין די דערפער פאַר־בלייבען אין דעם קלאַס פון פויערים, און אין די שטעט — אין דעם קלאַס פון שווערע אינדוסטריעלע ארבייטער און אלס דינער און דינסטען. זיי האָבען ניט געהאַט קיין אייגענע קולטור, היס־טאָריע אָדער טראַדיציעס. זייער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין איז אויפגעקומען און איז מעהר־ווייניגער קינסטליך אויפגערודערט גע־וואָרען צום סוף פון לעצטען יאָהרהונדערט. דאָס איז גע־ווען אין איינקלאַנג מיט דער אַלגעמיינער אויפלעבונג פון נאַציאָ־נאַליזם אין יענער פעריאָדע.

ריגע איז געווען א געאָגראַפישער בייז־וואונדער. פּאָליטיש איז די שטאָט געווען א טייל פון רוסלאַנד. לויט דער קולטור, לויט דער שפּראַך און אפילו לויט דער ארכיטעקטור איז עס אָבער געווען א דייטשע שטאָט.

די שטאָט איז געגרינדעט געוואָרען מיט אכט הונדערט יאָהר צוריק דורך א גרופּע סוחרים פון ברעמען. כמעט באַלד נאָך איהר גרינדונג האָט אָנגעהויבען הערשען דער פּריצישער „אָרדער פון דייטשע ריטער”. זיי האָבען אויפגעבויט ווענט, פעסטונגען, שלע־סער, טורעמס און קלויסטערס.

זיי און זייערע קינדס־קינדער זיינען פאַרבליבען דער הערשענ־דער קלאַס פון ריגע אין פאַרלויף פון די אלע הונדערטער יאָהרען, ווען די שטאָט האָט דורכגעמאכט איהרע פילע פּאָליטישע גלגולים; סאַי ווען די שטאָט איז געווען א פרייער מיטגליד פון דעם האַנ־דעלס־פאַרבאַנד פון דייטשע האַפען־שטעט, סאַי ווען עס זיינען געקומען איינע נאָך די אנדערע אלס אויבערהערשער די ליוואָנישע גלחים, די זינרייכע פּאָליאַקען, שוועדען און רוסען.

ביז צו די לעצטע צעהנדליגע יאָהרען פון ניינצעהנטען יאָהר־הונדערט, ווען די רעגירונג פון אַלעקסאַנדער דעם דריטען האָט זיך מיט אן אייזערנער האַנט גענומען פאַררוסישען אלע ניט־רוסישע פּראָווינצען פון רוסלאַנד, איז די דייטשע שפּראַך געווען די אָפי־ציעלע שפּראַך אין ריגע. דייטש איז ביז דאַן געווען די שפּראַך פון די געריכטען, פון די רעגירונגס־קאַנצעלאַריעס, פון די טעאַ־

טערס, פון די שולען, פון האנדעל־וואנדעל און פון גאנצען געזעל־שאפטליכען און פערזענליכען לעבען. מיין אייגענע מוטער־שפראך איז געווען דייטש און דייטשיש איז אויך געווען מיין בילדונג אין מיינע קינדער־יאָהרען.

ס'איז געווען בלויז א צופאל, וואָס איך בין שפּעטער אָנגע־קומען אלס שילער אין א רוסישער גימנאזיע. פון דאן אָן און ווייטער איז שוין מיין בילדונג געווען דורכאויס רוסיש.

רוסישע ליטעראטור און רוסישע היסטאָריע זיינען געווען צווישען די געגענשטאנדען, וואָס איך האָב געלערענט מיט דעם גרעסטען פליים. און ווי דער שטייגער איז, בין איך „דורכגעדרונ־גען געווארען" מיט דעם גייסט פון דער „הייליגער רוסלאנד", מיט איהרע פיהרונגען און טראדיציעס, מיט איהר פאָלקלאָר און לידער, מיט איהר פייערדיגען פאטריאָטיזם און מיט איהר „ברייטער נשמה".

דאָס אלץ איז אָבער געווארען נאָר קינסטליך אויסגעלערענט, פון ביכעל ארויס, בלויז טעאָריע. איך בין קיינמאָל ניט געווען אויסערהאלב ריגע ביז איך בין ניט אוועק פון דאָרטען אויף שטענ־דיג. מיין פוס האָט קיינמאָל ניט באַטראָטען קיין אמת־רוסישע ערד. איך האָב אין דער ווירקליכקייט גאָרניט געקענט רוסלאנד און דאָס רוסישע פאָלק.

דייטשלאנד איז מיר געווען נעהנטער לויט'ן גייסט, לויט דער קולטור און לויט'ן טעמפּעראמענט, אבער איך בין דאָך ניט געווען קיין דייטש.

אָט אזוי בין איך אויפגעוואקסען — גרויס־שטאָטיש און צוויי־שפראכיג און אָהן שום באשטימטע נאציאָנאלע איינגעזאפּ־טען.

איך בין געווען עטוואָס מעהר צוריקגעהאלטען ווי די אנדערע באזוכער פון די טשערי סטריטער דעכער. אויך מיינע מאַנירען און געוואוינהייטען זיינען געווען עטוואָס אַנדערש פון זייערע. דאָך האָט מיך שטארק געצויגען צו זיי. אין דער פרעמדער און אונהיימליכער וועלטעל, אין וועלכער איך בין אריינגעפאלען אין מיין ערשטער פעריאָדע אין אמעריקע, האָבען זיי מיט זיך פאָר־געשטעלט דאָס ריכטיגע לעבען. די גוט־ברודערישע געזעל־שאפט אויף די דעכער איז א לאנגע צייט געווען ביי מיר די איינ־

ציגע פאַרבינדונג צווישען דעם אידעאַליזם פון מיין יוגענד און דער גרויזאַמער ווירקליכקייט פון מיינע נייע טאָג־טעגליכע באַשעפ־טיגונגען.

איך האָב שטאַרק הנאה געהאַט פון די דיסקוסיעס איבער טיפע פּראָבלעמען און פון די הויכע טעמעס, מיט וועלכע עס האָט זיך באַשעפטיגט דער עולם אויף די דעכער. איך בין פאַרכאַפּט געוואָרען פון דער היץ פון די דעבאַטעס, פון דעם קאַמף צווישען מיינונגען און איבערצייגונגען. איך בין געווען טיף פאַראינטע־רעסירט אין די געזעלשאַפטליכע וועלט־אַנשויאונגען, וועלכע די „קאָנקורירענדע" ריכטונגען פון ראַדיקאַליזם האָבען מיט זיך פאָר־געשטעלט.

אין יענער צייט האָב איך זיך שוין געהאַלטען פאַר א סאָ־ציאַליסט, נאָר מיין סאָציאַליזם איז געווען הויפּטזעכליך א זאַך פון געפיהל. מיינע באַגריפען וועגען דער פילאָזאָפיע און וועגען דער פּראַקטישער פּראָגראַם פון דער באַוועגונג זיינען געווען זעהר נעבעלדיג. איך האָב ניט געהאַט קיין געלעגענהייט צו שטודירען די טעאָריע און די געשיכטע פון דער באַוועגונג. דאָ, אויף די דעכער, זיינען אַמוועניגסטענס די טיפערע פראַגען פון דער באַ־וועגונג געוואָרען דיסקוטירט, אַנאַליזירט, פאַרגליכען, אַטאַקירט און פאַרטיידיגט. און אָבוואָהל מ'האָט ניט געקענט אננעמען די עטוואָס־הפקר'דיגע און פרייע דאַך־דיסקוסיעס פאַר פאַרלעסליכע באַלייכטונגען פון די סאָציאַלע וויסענשאַפטען, זיינען זיי דאָך געווען וויכטיג ווי א צימליך־גוטער און ניצליכער מיינונגס־אויס־טויש פאַר אונז.

ביי מיר האָבען די דאָזיגע דיסקוסיעס גערייצט דעם אינטע־רעס ביז'ן העכסטען גראַד. איך בין געווען א דורשטיגער לייענער און מיט דער גרעסטער נייגעריגקייט האָב איך געשטודירט די אַלע ווערק איבער דעם טעאָרעטישען סאָציאַליזם און איבער פאַרוואַנ־דעטע געגענשטאַנדען, וועלכע איך האָב נאָר געקענט באַקומען.

דורך אייניגע פון מיינע פריינד, וואָס איך האָב זיך איינ־געשאַפט אויף די דעכער, האָב איך געקראָגען די ערשטע געלעגענ־הייט צו קומען אין דירעקטער באַרירונג מיט דער אָרגאַניזירטער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. פילע פון זיי זיינען געווען מיטגלידער פון אן ערשט געגרינדעטער געזעלשאַפט מיט'ן נאָמען „דער רוסי־

שער פראָגרעסיוועד פאראיין". אין פאראיין האָבען באַלאַנגט אַנ־הענגער פון אלע ראַדיקאַלע און ליבעראַלע שאַטירונגען.

די איינציגע פּראַקטישע טעטיגקייט פון דעם פאַראיין איז באַ־שטאַנען אין אָרגאַניזירען עפענטליכע לעקציעס, וועלכע זיינען פאָר־געקומען יעדען זונטאַג נאָכמיטאַג. די לעקציעס זיינען מעהרסטענס געהאַלטען געוואָרען אין רוסיש, נאָר מאַנכעסמאָל אויך אין ענגליש אָדער דייטש. געוועהנליך זיינען זיי געהאַלטען געווארען פון איינ־געלאַדענע רעדנער, פאָרשטעהער פון די פארשידענע געזעלשאַפט־ליכע וועלט־אַנשויאונגען, אָדער פון די וויסענשאַפטען. און שטענ־דיג זיינען נאָך די לעקציעס פאָרגעקומען לעבעדיגע דיסקוסיעס פון עולם.

מיט דער צייט האָט „דער רוסישער פּראָגרעסיוועד פאראיין" געפירט צו דער אָרגאַניזירונג פון באשטימטע פּאָליטישע גרופּעס, סאָציאַליסטישע און אנארכיסטישע.

ס'האָט מיר לאַנג ניט גענומען אויסצוקלייבען פאר זיך איי־נעם פון די „קאָנקורירענדע" צדדים, אויף וועלכע עס זיינען געווען צוטיילט די דעכער פון טשערי סטריט און „דער רוסישער פּראָ־גרעסיוועד פאראיין". איך האָב זיך אָנגעשלאָסען אָן די סאָציאַל־דעמאָקראַטען כמעט באַלד, ביים סאַמע אָנפאַנג.

אין דעם איצטיגען מאָמענט וואָלט געוועזן שווער פאר מיר צו זאָגען באשטימט און גענוי פאַרוואָס איך האָב געמאַכט אזא אויסוואהל. איך בין געניגט צו גלויבען, אז פּאָליטישע איבער־צייגונגען און וועלט־אַנשויאונגען זיינען געוועהנליך מעהר א רע־זולטאַט פון איינעמ'ס פּערזענליכען טעמפּעראַמענט און זיינע נאַ־טירליכע נייגונגען, ווי פון א באַרעכענטען אנאַליז פון זייערע מעלות און חסרונות. דאָך שיינט מיר, ווען איך קוק צוריק אויף יענע יאָהרען, אז אפילו דאַן האָב איך זיך שוין געהאַלטען ביי געוויסע הויפּט־פּרינציפּען, אָדער, אמוועניגסטענס, נייגונגען.

די עגאָאיסטישע **פּאָזיטיוויסטישע** לעהרע פון פּערזענליכער „אויסלייזונג" און פּאַרפּאָלקאָמענען דעם איינצעל־נעם מענשען האָט ניט צופרידענגעשטעלט מיינע געזעלשאַפטליכע אינסטינקטען.

דער ראָמאַנטיזם פון די אַנאַרכיסטען האָט אויך ניט געפונען קיין חן אין מיינע אויגען. איך האָב שטענדיג געהאַט א געוויסען

זין פאר דער ווירקליכקייט, וואָס האָט ניט דערלאָזט, אז איך זאָל גלאַט אזוי זיך פאַר׳שיכור׳ט ווערען פון רעוואָלוציאָנערע פראַזען. איך האָב מיר ניט געקענט פאָרשטעלען, אז א גרויסע סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און מאָראַלע וועלט־רעוואָלוציע זאָל פאַרווירקליכט ווערען דורך אָפּגעזונדערטע און קליינע טעראָר־אַטאַקעס, דורך באָמבעס און טעאַטראַלישע פאַרשווערונגען. איך האָב ניט געקענט נעמען ערנסט דעם אנאַרכיסטישען דונער.

פון דער אַנדערער זייט, ווידער האָט דער פּראַקטישער אידעאַליזם פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען געמאַכט א טיפען איינדרוק אויף מיר.

סאָציאַליזם איז ביי מיר קיינמאָל ניט געוואָרען קיין פאַרגליווערטער רעליגיעזער דין. איך האָב אָנגענומען די סאָציאַליסטישע וועלט־אַנשויאונג אַלס איבערצייגענד אין אַלגעמיין, און איך האָב ניט געהאַלטען ,אַז איך אָדער מיינע חברים מוזען מקיים זיין יעדען איינציגען פּסוק פון קאַרל מאַרקס. איך האָב אָנגענומען די סאָציאַליסטישע פּראָגראַם און איך בין איהר די גאַנצע צייט געבליבען טריי, וויסענדיג, אַז עס פאָדערט זיך א סך שווערע ארבייט פון אויפקלערונג, אָרגאַניזירונג און קאַמף; אַז דער פאָרטשריט וועט זיין א לאַנגזאַמער און אַז מיר וועלען אָפט ווערען צוריקגעשטויסען פון געוואונענע פּאָזיציעס.

איך האָב פאָלשטענדיג אָפּגעשאַצט די ריזיגקייט פון די סאָציאַליסטישע אויפגאַבען אין דעם סאַמע אָנפאַנג פון דער באַוועגונג; די אויפגאַבען צו רעוואָלוציאָניזירען די מוחות פון די גלייכגילטיגע מיליאָנען ארבייטער אין אַלע פאָרטגעשריטענע לענדער פון דער וועלט און זיי צוזאַמענשמעלצען צו א פאַראייניגטען ארויסטריט פאַר זייער איינענער טובה וועגען; די אויפגאַבען אויסצוראָטען די דורך־דורות־אָנגעזאַמעלטע באַגריפען און פאָראורטיילען און זיי פאַרבייטען אויף נייע געזעלשאַפטליכע אויפפאַסונגען.

ווי ווייט איך געדענק, האָבען די טשערי סטריטער דעבעטער געדויערט בלויז צוויי יאָהר, אָדער דריי סעזאָנען. וואָס מעהר עס האָבען זיך ענטוויקעלט די פּראַקטישע אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייטען צווישען די באַזוכער און וואָס שאַרפער עס איז געוואָרען די נעגערשאַפט צווישען די פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע ריכטונגען, אַלץ מעהר האָבען די פאַרזאַמלונגען אויף די דעבעטער פאַרלאָרען

פון זייער חן אלס פרייער שפּיל און גוט־ברודערשאפט. זיי זיינען קלענער און שוואכער געוואָרען ביז זיי זיינען אינגאנצען אָפּגע־שטאָרבען.

איך אליין בין געווען א חסיד פון די דעכער בלויז איין זומער. מיט א זומער שפּעטער בין איך שוין געווען פארנומען מיט דער טאָג־טעגליכער ראנגלעניש העט־אונטען. יענער זומער אָבער, אויף די דעכער פון טשערי סטריט, וועט שטענדיג פארבלייבען צווישען די טייערסטע עראינערונגען פון מיין ערשטער צייט אין אמעריקע.

## קאַפּיטעל איינס

# דאָס געבורט פון די אידישע יוניאָנס

א חוץ אויף די דעכער, האָבען מיר אויך ליב געהאט זיך צו פארזאמלען אין די רעסטאָראנדלאך פון דער איסט סאיד. דאָרט — באזונדערס אין די לאנגע ווינטער־נעכט — האָבען מיר פארבראכט פילע שטונדען, רעדענדיג און זופּעדיג צובּיסלאך שוואכע טיי, וואָס איז סערווירט געוואָרען אין גלעזער אויפ׳ן רוסישען שטייגער. א גלאָז טיי און א געפּלאָכטענער קאָפּע־קעיק פון גאנץ היבשער גרויס איז געוועהנליך געווען אלץ, וואָס א גאסט האָט באשטעלט. די פּרייז איז געווען 5 סענט פאר יעדען „געריכט" — 5 סענט פאר דער טיי און 5 סענט פאר דעם קאָפּע־קעיק.

איך האָב זיך אָפּטמאָל גע׳חידוש׳ט ווי אזוי די אייגענטי־מער פון אזעלכע פּלעצער זיינען אויסגעקומען מיט אזוינע מאָגערע איינגאַמעס, און איך דענק, אז די אייגענטימער אליין האָבען זיך גע׳חידוש׳ט נאָך מעהר ווי איך. נאָר זיי האָבען זיך ווי עס איז דורכגעשטופּט. אייניגע פון זיי זיינען געווען פון דעמזעלבען טיפּ מענש, ווי זייערע געסט און ס׳איז ביי זיי געווען זעלבסטפארשטענד־ליך, אז די רעסטאָראנדלעך זאָלען עקזיסטירען ניט אזוי פיל צו־ליב׳ן טרינקען אָדער עסען, ווי צוליב די דיסקוסיעס.

און דיסקוסיעס זיינען אָנגעפירט געוואָרען אָהן א ברעג. אָבער דאָס בלויזע רעדען זיך רעדען האָט ניט לאנג געקענט שטילען דעם דורשט נאָך טעטיגקייט, וואָס די באגייסטערטע יונגע סאָציאַליס־טען האָבען געפיהלט אין זיך. זיי האָבען גענומען זוכען א גינס־

טיגען באַדען פאר פּראקטישער ארבייט און זיי האָבען איהם גע־פונען טאקע צווישען זייערע אייגענע לאנדסלייט.

נאָך די פּאָגראָמען פון די יאָהרען 1881 און 1882 האָט זיך א לאָז געטאָן א מעכטיגער שטראָם פון אידישער עמיגראציע פון רוסלאנד און פּוילען. טויזענדער אימיגראנטען זיינען אָנגע־קומען צו די ברעגעס פון אמעריקע וואָך־איין־וואָך־אויס, זוכענ־דיג א דאַך איבער'ן קאָפּ און א שטיקעל ברויט צו זאַט. ארום דעם יאָהר 1890 האָט מען שוין געשאַצט אזעלכע אימיגראנטען אלס ניט־ווינציגער ווי א האלבער מיליאָן. אין ניו יאָרק האָבען זיי מיט זיך פּאָרגעשטעלט דעם גרעסטען אידישען ישוב אין דער וועלט— דעם גרעסטען ישוב און אויך געדיכטסטען און דעם ארעמסטען.

אין פארלויף פון צוויי טויזענט יאָהר וואנדערען צווישען די פעלקער פון אַפריקע, אייראָפּע און אזיע, אין פּאַרלויף פון הונ־דערטער יאָהרען אונטערדריקונג און פארפאָלגונג, איז דאָס אי־דישע פאָלק ביז א זעהר גרויסער מאָס אויסגעשלאָסען געווארען פון פּראָדוקטיווער ארבייט און איז געוואָרען א פאָלק פון הענדלער און געלט־לייהער. אין אמעריקע איז פון זיי צום ערשטען מאָל אויפגעקומען א פעסטער ארבייטער־עולם.

אין דעם אָנהויב פון דער אימיגראציע האָבען א סך פון זיי זיך גענומען צו דער נידעריגסטער פאָרם פון האנדל, צו פּעדלעריי. נאָר די דאָזיגע באשעפטיגונג האָט ניט געטויגט אלס פּרנסה, ווען זייער צאָל איז געשטיגען ביז אין די הונדערטער טויזענטער. זיי זיינען געווען געצוואונגען צו זוכען באשעפטיגונג אלס ארבייטער.

די גרעסטע מערהייט פון די נייע איינוואנדערער האָט געפונען באשעפטיגונג אין די פארשיידענע טיילען פון דער קליידער־אינ־דוסטריע. אנדערע האָבען זיך געמיהט ווי עס איז צו מאכען אָן ארעמען לעבען אלס בעקערס, ציגאַר־מאַכערס, הויז־מאהלער און פאבריק־ארבייטער.

זייערע ארבייטס־באַדינגונגען און דער שטייגער פון זייער לעבען זיינען געווען שרעקליך. זיי האָבען ניט געקענט די שפּראַך און די פיהרונגען פון זייער נייער היים, זיי האָבען מעהרסטענס אויך ניט געקענט קיין שום מלאכה; זיי זיינען געווען אָרעם און הילפלאָז און זייער שיקזאל איז געלעגען אין די הענט פון זייערע באלעבאטים, מעהרסטענס מענשען פון זייער אייגענעם פאָלק. פילע

פון די באַלעבאַטים זיינען געווען בלויז קאָנטראַקטאָרס, ניט מעהר ווי פאַרמיטלער צווישען פאַבריקאַנטען און אַרבייטער.

אַזעלכע קאָנטראַקטאָרס זיינען געווען אין די הונדערטער אין דער קליידער־אינדוסטריע און זיי האָבען אָנגעפירט צווישען זיך אַ פאַרביסענע קאָנקורענץ. עטליכע געדונגענע נייה־מאַשינען אין אַ צימער, וואָס איז אָפטמאָל געווען אַ טייל פון אַ וואוינונג אין אַ טענעמענט־הויז, איז געווען דער גאַנצער קאַפּיטאַל און די גאַנצע „פאַבריק". אין אַזעלכע ענגע, פינסטערע, ניט־געלופטערטע און אומגעזונטע שעפּער האָבען געמוזט אַרבייטען פון דריי ביז צוואַנציג און אפילו ביז דרייסיג מענער און פרויען, באַדענדיג זיך אין זייער אייגענעם שווייס. זייערע פאַרדינסטען זיינען געווען לעכערליך־קליין און זייערע אַרבייטס־שטונדען האָבען גאָר קיין גרענעץ ניט געהאַט. געוועהנליך האָט מען זיי צוגענומען אויף שטיק אַרבייט. און אַזוי ווי דאָס איז געווען ניט קיין שטענדיגע, נאָר סעזאָן־מלאכה, האָבען זיי פון זיך אַרויסגעיאָגט די נשמה אין דער צייט פון די זעלטענע און קורצע סעזאָנען.

זיי זיינען אָהן רחמנות עקספּלואַטירט געוואָרען פון זייערע באַלעבאַטים, פאַרהאַסט געוואָרען פון אַמעריקאַנער אַרבייטער אַלס אַרונטערדריקער פון ווערזשעס, און זיי האָבען ניט אַרויסגעוויזען קיין שום ווילען און קיין שום קראַפט פון ווידערשטאַנד. זיי זיינען געווען שוואַך פון צופיל אַרבייטען און פון ניט־דערעסען; מיד און שלאַבעריג, דערשלאָגען און אונטערטעניג. שווינדזוכט, די ווייסע פּלאָג פון די טענעמענט־הייזער, האָט זיך שנעל צובושעוועט צווי־שען זיי.

דאָס איז געווען אַ לאַגע, וואָס האָט געשריען און געפאָדערט מיטגעפיהל און הילף. אונזער גרופּע האָט זיך שנעל אָפּגערופען. מיר האָבען באַשלאָסען צו נעמען אויף זיך די אויפגאַבע פון פאַר־בעסערען דעם לעבען פון אונזערע האַרעפּאַשנע לאַנדסלייט, זיי צו בילדען אַזוי לאַנג ביז זיי וועלען פאַרשטעהן, אַז זיי האָבען אויך רעכט פון מענשען, זיי צו אָרגאַניזירען פאַר אַ ווידערשטאַנד געגען זייערע עקספּלואַטאַטאָרס און צו געווינען פאַר זיי מענשליכע באַ־דינגונגען פון לעבען און אַרבייט.

ס'איז געווען אַן אויפגאַבע פול מיט אומגעהייערע שוועריג־קייטען. עס זיינען שוין פריהער געהאַט געמאַכט געוואָרען עטליכע

פארזוכען צו אָרגאַניזירען די אידישע ארבייטער פון ניו יאָרק, און זיינען דורכגעפאלען. א פּאָר סטרייקס, וואָס האָבען אויסגעבראָכען ווי פון זיך אליין, זיינען שנעל דערשטיקט געוואָרען. אייניגע קליי־נע יוניאָנס, וואָס האָבען געדארפט דינען אלס אן אָנפאַנג, זיינען געבאָרען געוואָרען מפּיל׳עך. אין די לענדער, פון וואנען זיי זיי־נען געקומען, האָט מען זיי ניט געלערענט האנדלען אָרגאַניזירט. זיי זיינען געווען טעמפּ, גלייכגילטיג און אונאינטעליגענט.

ערגער פון אלץ איז געווען דאָס, וואָס מיר האָבען ניט געקענט זייער שפּראך — אין א דאָפּעלטען זין. אי זיי האָבען אונז ניט פארשטאַנען, ווייל אונזערע געדאַנקען זיינען זיי געווען ווילד־פרעמד, אי מיר האָבען גאַנץ אייגפאך ניט געקענט זייער לשון. אונזער שפּראך איז געווען רוסיש. די ארבייטער האָבען גערעדט אידיש.

זעהר ווייניג פון אונז האָבען געקענט אידיש גוט גענוג אנצו־פירען אין דער שפּראך א פּראָפּאַגאַנדע־קאמפּעין. דער איינציגער צווישען אונז, וואָס האָט געקענט רעדען אידיש און דערצו נאָך מיט ליבע צו דער שפּראך, פליסיג און קינסטלעריש, איז געווען אב. קאהאן, וועלכער האָט שפּעטער געוואונען פאר זיך בכבוד׳יגע פלע־צער אין דער ענגלישער אזוי גוט ווי אין דער אידישער ליטעראַטור.

קאהאן איז געווען עטוואָס עלטער פון אונז. ער איז אין יענער צייט געווען כמעט גאַנצע דרייסיג יאָהר אלט. מיר האָבען ארויפגעקוקט צו איהם מיט קנאה און רעספּעקט ניט נאָר צוליב זיין בכבוד׳יגען עלטער, נאָר אויך ווייל אלס קענער פון דער פאָלקס־שפּראך איז צווישען אונז ניט געווען קיין גלייכען צו איהם.

מיר האָבען זיך אָלע גענומען פארפאָלקאָמענען אונזער אידיש. די יעניגע פון אונז, וואָס האָבען געקאָנט דייטש, איז עס אָנגעקו־מען עטוואָס גרינגער, ווי די, וואָס האָבען גערעדט בלויז רוסיש און האָבען געמוזט האָרעווען איבער יעדען אידישען וואָרט און איבער יעדען אידישען אויסדרוק.

די נעקסטע אויפגאבע איז געווען צו קומען אין בארירונג מיט די ארבייטער. דאָס האָט זיך אויך ארויסגעוויזען צו זיין א זעהר שווערער ענין. זייער צאָהל איז געווען אומגעהייער גרויס, און זיי זיינען געווען צוזייהט און צושפּרייט.

עס וואָלט געווען געגומען צעהנדליגע יאָהרען צו בויען א

אידישע ארבייטער־באוועגונג פון אונטען ארויף: בילדען איינ־צעלנע ארבייטער, זיי אָרגאַניזירען אין טרעיד־גרופּעס און ערשט דאַן זיי פאַראייניגען אין איין געמיינשאפטליכער קערפּערשאפט. מיר זיינען געווען געצוואונגען איבערצוקערען דעם לאָגישען פּראָצעס און פּרובירען בויען פון אויבען אראָפּ.

אין חודש אָקטאָבער פון יאָהר 1888 האָבען מיר געגרינד'עט די „פאַראייניגטע אידישע געווערקשאפטען". דאָס איז געווען א צענטראלע ארבייטער קערפּערשאפט אָהן אָנגעשלאָסענע ארבייטער־אָרגאַניזאַציעס — ניט מעהר ווי א שאָלעכץ, אין וועלכער מיר האָבען געהאָפט מיט דער צייט צו ענטוויקלען א שטארקען קערנדל. דער גאַנצער איינפאל איז געקומען פון די אידישע מיטגלידער פון דער ארבייטער פארטיי (סאָשעליסט לעיבאָר פּארטי), וועלכע איז דאַן געווען די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון אמעריקאַנעם סאָציאַליזם.

די פּארטיי האָט געהאט צוויי אידישע אָפּטיילונגען, אדער „סעקציעס", אין ניו יאָרק. איין אָפּטיילונג, וועלכע איז געווען באַקאַנט אלס סעקציע נומער 8, איז באַשטאַנען פון „אידיש־שפּרע־כענדע" מיטגלידער. און די צווייטע אָפּטיילונג, סעקציע נומער 17, איז באַשטאַנען פון מיטגלידער, וואָס האָבען גערעדט רוסיש.

די אויפגאבע צו זעהן, אז די געפּלאַנטע אָרגאַניזאַציע זאָל אָנהויבען צו ארבייטען, איז אָנפאַרטרויט געווארען צו א געמיינ־שאפטליכען קאָמיטעט פון די צוויי סעקציעס — יעדע פון זיי האָט ערוועהלט צוויי פאַרטרעטער. די אידיש־שפּרעכענדע סעקציע איז געווען פאַרטראָטען אין דעם קאָמיטעט דורך י. מאַגידאָוו און בערנארד וויינשטיין.

מאַגידאָוו, וועלכען מ'קען באַצייכענען אלס דעם פאָטער פון דער אידעע, איז געווען זעהר אקטיוו אין דעם אָנפאַנג פון דער אידישער ארבייטער־באַוועגונג, נאָך שפּעטער איז ער „ארויסגע־פאַלען" פון דער טעטיגקייט און האָט זיך אינגאַנצען אָפּגעגעבען מיט צייטונגס־ארבייט.

ב. וויינשטיין איז געווען און איז פאַרבליבען איינער פון די בעסטע טיפּען, וואָס די אידישע ארבייטער־באַוועגונג האָט ארויס־געגעבען. געבוירען אין אָדעס, איז ער געקומען אהער אלס יונגער אינגעל מיט דער ערשטער כוואַליע פון דער רוסישער עמיגראַציע

אין יאָהר 1882, און האָט זיך אָפּגעזוכט א דזשאב אין א ציגארען־פּאבריק, זייט ביי זייט מיט סעמיועל גאָמפּערס, וועלכער איז דאַן אויך געווען אן אומבאקאנטער ציגאר־ארבייטער. ער האָט זיך פארבונדען מיט דער דאַמאָלסדיגער סאָציאליסטישער און ארבייטער באוועגונג אזוי שנעל ווי ער איז געקומען אהער און איז געבליבען איבערגעגעבען דער באוועגונג 50 יאָהר נאָכאנאנד. געשטערט פון א לייכטען חסרון אויפ'ן פּנים, אָהן באגאבונג צו קענען ווערען א פּאָפּולערער רעדנער און באשיידען ביז שעמעוודיגקייט, איז ב. וויינשטיין קיינמאָל ניט געווען פּראָמינענט צווישען די פירער פון דער באוועגונג. ער האָט אָבער ניט געזוכט קיין רוהם און אפילו ניט קיין אנערקענונג. ער האָט געדינט דעם אידעאל צוליב דעם אידעאל אליין, געדינט מיט איינפאכען און פעסטען גלויבען, אומאויפהערליך, אָהן טאראראם און מיט פולשטענדיגער זעלבסט־פארלייקענונג.

---

די „רוסישע סעקציע" האָבען אין דעם קאָמיטעט פארטראָטען לעאָ באנדעס און איך. באנדעס איז געווען אן עטוואָס עלטערער מענש ווי די מעהרסטע פון אונז. ער האָט געוואונען זיין רעוואָלוציאָנערע אנערקענונג אלס מיטגליד פון דער בארימטער „נאראָדנאיא וואָליא" און איז געזעסען אין רוסישע טורמעס פאר זיין סאָציאליסטישער טעטיגקייט. ער איז געווען א דימענטענער מענש און א זעלטענער אידעאליסט. אויף אונזערע באראטונגען האָט מען זיך מיט זיין וואָרט זעהר שטארק גערעכענט. מיר האָבען אָבער ניט לאנג געהאט דעם פארגעניגען פון ארבייטען מיט איהם צוזאמען. ער איז קראנק געווארען אויף שווינדזוכט, ווען ער איז געזעסען אין טורמע, און די לופט פון די ניו יאָרקער טענעמענט־הייזער האָט זיין געזונט נאָך פארערגערט. ער האָט געזעגנט פאר אונזערע אויגען און איז געשטאָרבען אין ווייניגער ווי צוויי יאָהר צייט.

דער אָרגאניזאציאָנס־מיטינג פון די „פאראייינגטע אידישע געווערקשאפטען" איז פאָרגעקומען אין 25 איסט 4טע סטריט, וואו ס'איז אויך געווען די הויפּט־קוואַרטיר פון דער סאָציאליסטישער ארבייטער פארטיי און דער מיטינג־פּלאַץ פון די „פאראייניגטע דייטשע געווערקשאפטען". דעם ניי־געבוירענעם קינד אין דער

פאַמיליע פון אָרגאַניזירטע ארבייטער האָט מען א נאָמען נעגעבען לוים'ן דייטשען מוסטער.

די „פאַראייניגטע דייטשע געווערקשאַפטען" איז געווען א מעכטיגע קערפּערשאַפט אין יענער צייט. ס'איז געווען א פעדעראַציע פון יוניאָנס, וועלכע זיינען באשטאנען פון דייטשע ארבייטער און וועלכע האָבען פאַקטיש קאָנטראָלירט א גאנצע רייהע וויכטיגע אינדוסטריען אין ניו יאָרק. אין אָנפאנג איז די „פאַראייניגטע דייטשע געווערקשאַפטען" געשאַפען געוואָרען צו שטיצען די דייטשע ארבייטער־פּרעסע, אָבער באַלד האָט די קערפּערשאַפט אויסגעברייטערט איהר טעטיגקייט און געטאָן די ארבייט, וועלכע צענטראַלע ארבייטער־קערפּערשאַפטען טוען געוועהנליך אין גרויסע שטעט. ס'איז געווען א פּאַרטגעשריטענע אָרגאַניזאציע און האָט געארבייט האַנט־אין־האַנט מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

די „פאַראייניגטע דייטשע געווערקשאַפטען" האָט געהאָלפען שאַפען דעם אינגערען אידישען ברודער דורך פּראַקטישע עצות און האָט געגעבען די גרויסע סומע פון צעהן דאָלאַר אלס ביישטייערונג צו זיין קאַמפּס־פאָנד.

ב. וויינשטיין און איך האָבען טיכטיג און גענוי נאָכגעזוכט צו געפינען די רעשטלאַך און ברעקלאַך פון א אידישער ארבייטער־באַוועגונג אין ניו יאָרק, איידער מיר האָבען גערופען דעם אָרגאַניזאציאָנס־מיטינג. מיר האָבען געוואוסט, אז אין פארשיידענע צייטען זיינען געווען יוניאָנס פון שווירטמאַכער, קלאָוקס־אָפּערייטאָרס און בעקער־ארבייטער. מיר האָבען געמיינט, אז זיי זיינען אין הינערפּלעט. מיר האָבען זיי געפונען טויט.

די איינציגע אידישע יוניאָנס, וועלכע האָבען געוויזען איינינע סמנים פון לעבען, זיינען געווען די אידישע שריפטזעצער יוניאָן און די יוניאָן פון כאָריסטען. די שריפטזעצער יוניאָן איז אינגאַנצען געווען א פּאָר חדשים אַלט. זי איז באשטאַנען פון באַלמעלאָכעס, וואָס האָבען געארבייט אין די צייטונגען, וועלכע האָבען זיך אַליין געמאַטערט, און אין די דרוקערייען פון דער איסט סאַיד.

די כאָריסטען־יוניאָן איז געווען א מאָדנע ערשיינונג אין דער ארבייטער־באַוועגונג. איהרע מיטגלידער האָבען געזונגען אין די כאָרען פון די צוויי אידישע טעאַטערס, וואָס האָבען דעמאָלט געשפּילט אין ניו יאָרק. בייטאָג האָבען זיי געארבייט ביי אנדערע

פאַכען — די מענער מייסטענס אַלס ציגאַרען־מאַכער, און די פרויען אַלס שניידערינס. די אַרבייט ביי די פּראָבען און ביי די פּאָרשטעלונגען אין די אָווענטען איז געווען זעהר א שווערע, און די וועדזשעס זיינען געווען פון דריי ביז פיר דאָלאַר א וואָך. ס'איז ניט געווען אזוי פיל די שווערע אַרבייט און די קליינע וועידזשעס, ווי די ברוטאַלע באַנעמונג פון די פּאַרוואַלטער, וואָס האָט זיי געטריבען צו זוכען שוץ אין אַן אָרגאַניזאַציע.

ביידע יוניאָנס צוזאַמען האָבען געהאַט די ריזיגע צאָהל פון 40 מיטגלידער. דאָס איז געווען דער באַשיידענער אָנפאַנג פון אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אין די שפּעטערדיגע יאָהרען געהאַט א פערטעל מיליאָן אַרבייטער אַלס מיטגלידער אין די יוניאָנס, פון וועלכע זי איז צוזאַמענגעשטעלט.

דער מאָגערער אָנפאַנג האָט אונז ניט ענטמוטיגט, און מיר זיינען צוגעטראָטען אָפיציעל צו אָרגאַניזירען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, מיט ב. ווײַנשטיין אַלס פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר און מיט מיר אין דעם עטוואָס אומבאַשטימטען אַמט פון קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאַר.

דער דריי־פאַכער ציל פון דער אָרגאַניזאַציע איז אויסגעדריקט געוואָרען ווי פאָלגט: 1) געגענזייטיגע הילף און קאָאָפּעראַציע צווישען די אידישע פאַך־יוניאָנס אין ניו יאָרק; 2) אָרגאַניזירען נייע יוניאָנס; 3) אָנפיהרען צווישען די אידישע אַרבייטער פּראָפּאַגאַנדע פאַר'ן סאָציאַליזם.

א שפּאַסיגען ביישפּיל פון דער אַרבייט, וואָס האָט אונז ערוואַרט, האָבען מיר געהאַט גלייך ביים ערשטען מיטינג פון דער נייאָרגאַניזירטער קערפּערשאַפט. א ווײַלע פאַר'ן שליסען דעם מיטינג איז א דעלעגאַציע פון אַן אַקטיאָרען־יוניאָן ערשינען און האָט פאַרלאַנגט אריינגענומען צו ווערען אין די געווערקשאַפטען.

די אידישע טעאַטערס פון ניו יאָרק זיינען נאָך דאַן געלעגען אין די ווינדעלאַך און האָבען זיך געראַנגעלט מיט'ן טויט צו דערהאַלטען זיך ביים לעבען. די מיטגלידער פון די טרופּעס האָבען ניט באַקומען קיין געהאַלט, נאָר „מאַרקעס" אָדער חלקים. די גרעסטע „מאַרקעס", אָדער טיילען, האָבען באַקומען די עטליכע סטאַרס אין דער צייט וואָס די קלענערע אַקטיאָרען האָבען זיך געוועהנליך געמוזט צופרידענשטעלען מיט מאָראַלער און קינסטלערישער באַ־

לוינונג. דער קלאַסען־קאַמף אין דעם פאַל איז געווען צווישען די קלענערע ראַלען און די הויפּט־ראַליסטען. די „פלאַטיטשעקס" האָבען דאָס געגרינדעט א יוניאָן געגען די „העבט". דער ריכטיגער אָרגאַניזאַציאָנס־מיטינג פון דער נייער יוניאָן האָט געדאַרפט פאָרקומען אין א פּאָר טעג ארום און פון אונז האָט מען פארלאַנגט, אז מיר זאָלען שיקען א רעדנער, וועלכער זאָל באַקענען דעם נייעם מין ארבייטער מיט די פיהרונגען פון טרעיד־יוניאָניזם.

נאַטירליך זיינען מיר גרייט געווען צו דינען, אָבער דער פאָרשטעהער פון טעאטראַלישען פּראָלעטאַריאַט האָט ניט פארפעהלט צוצוגעבען געהעריגע באַדינגונגען צו זיין איינלאַדונג.

„אקטיאָרען, — האָט ער אונז ערקלערט,—זיינען נאָך אלעמען דאָך קינסטלער און מ'קען ניט ערוואַרטען, אז זיי זאָלען זיך לאָזען אויפקלערען אויף דעם גראָבען און פּראָסטען מאַמע־לשון אידיש. אונזער רעדנער וועט דאַרפען זיי אַדרעסירען אין דייטש, וועלכע איז די שפּראַך פון פּאָעטען און דענקער".

אלע אויגען האָבען זיך געווענדעט צו מיר. איך האָב א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ אויף יאָ און דער טייל פון פּראָבלעם האָט געשיינט צו זיין געלייזט. אָבער ניט אזוי לייכט איז עס צוגעגאַנגען מיט דער נעקסטער באַדינגונג פון אונזער טעאטראַלישען גענאָסע.

„אום צו געווינען די אויפמערקזאמקייט און רעספּעקט פון דער פאַרזאַמלונג, — האָט ער אונז קאַטעגאָריש געגעבען צו פארשטעהן, — מוז דער רעדנער קומען אָנגעטאָן אין א פראַק און אין א צילינדער־הוט".

ווידער האָבען זיך אלע אויגען געווענדעט צו מיר. אָבער דאָס מאָל שוין ניט מיט זיכערקייט, נאָר מיט פאַרוואונדערונג, וואָס איז באַלד פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין געלעכטער. איך בין געווען 19 יאָהר אַלט און האָב אויסגעזעהן נאָך אינגער. פראַקען און צילינדערס זיינען ניט געווען א טייל פון מיין קליידונג און מ'האָט זיי קיינמאָל, פארשטעהט זיך, ניט געזעהן אויף קיינעם ביי אונזערע פאַרזאַמלונגען.

דאָ האָבען מיר צום ערשטען מאָל געפיהלט דעם טעם פון פּראַקטישער יוניאָן פּאָליטיק און — מיר האָבען זיך איינפאַך אָפּגעזאָגט. דער אָרגאַניזאַציאָנס־מיטינג פון דער אקטיאָרען־יוניאָן

איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אָהן אַ פאַרטרעטער פון אונזער גרופּע. און ווי עס שיינט, זיינען זיי אויסגעקומען גאַנץ גוט אָהן אונז, ווייל די אידישע אַקטיאָרען־יוניאָן איז אָרגאַניזירט געוואָרען, עקזיס־טירט און איז טעטיג אָהן אונטערברעכונג ביז׳ן היינטיגען טאָג. די פראַגע, צי אַקטיאָרען זיינען לוין־אַרבייטער און דאַרפען פאַר־נעמען אַ פּלאַץ אין דער אַרבייטער־באַוועגונג, איז יאָהרענלאַנג געווען איינע פון די באַליבטסטע און שטורעמדיגסטע טעמעס אין אונזערע דעבאַטען. די לעצטע ענטשיידונג איז געווען אַז יאָ.

אונזער טעטיגקייט צווישען דעם אמת׳ען און כשר׳ען פּראָ־לעטאַריאַט האָט זיך זעהר שנעל אָנגעפאַנגען. אונזער ערשטע שטיקעל אַרבייט איז געווען צו רעאָרגאַניזירען די אונטערגעגאַנגענע שוירט־מאַכער־יוניאָן. דאָס איז אונז געראָטען אין איינינע וואָכען נאָך דער גרינדונג פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. ס׳איז געווען אַ פאַרהעלטניסמעסיג גרינגע אויפגאַבע דורכצופירען, ווייל דער דאָזיגער ספּעציעלער פאַך האָט באַשעפטיגט אַ סך סאָ־ציאַליסטישע אינטעליגענטען.

אין די אַנדערע טיילען פון דער נאָדעל־אינדוסטריע איז אונז די אַרבייט אָנגעקומען אַ סך שווערער, אָבער מיט דער צייט האָט זיך ביי אונז אויסגעאַרבייט אַ טעכניק צו אָרגאַניזירען יוניאָנס.

אָט שטעהט מיר ממש פאַר די אויגען דער אָנפאַנג און די ערשטע צייטען פון דער ניפּענטס מאַכערס יוניאָן. און איך וועל עס דאָ אין קורצען אָפּשילדערען, ווייל דאָס איז געווען כאַראַק־טעריסטיש פאַר אַלע שניידערשע פאַכען .

אין יאָהר 1890 זיינען אַרום טויזענד ניפּענטס מאַכער געווען באַשעפטיגט אין ניו יאָרק. אַלע זיינען זיי געווען „גרינע" און די מעהרסטע פון זיי האָבען ניט געקענט לעזען אָדער שרייבען. ס׳איז געווען אַ סוועט־שאָפּ אינדוסטריע דורך און דורך. די אַרבייט איז געמאַכט געוואָרען דורכאויס אויפ׳ן קאָנטראַקטינג־סיסטעם. אַ קאָנטראַקטאָר האָט באַשעפטיגט אַרום צעהן אַרבייטער און געוועהנ־ליך איז דער שאָפּ געווען אין דער דירה וואו ער האָט געוואוינט. דאָס איינציגע, וואָס דער קאָנטראַקטאָר האָט געטאָן, איז געווען צו קריגען פּעק מיט צוגעשניטענע אַרבייט פון מאַנופעקטשורערס, און די באַלמעלאָכעס האָבען די אַרבייט אויפגענייהט. ער האָט זיי אפילו קיין נייה־מאַשינען ניט נעגעבען. די אַרבייטער האָבען גע־

בראכט זייערע אייגענע מאשינען און זייערע אייגענע נאָדעל־פּאָדעם. דער ארבייטס־טאָג איז געווען לאַנג ווי דער גלות און די דורכ־שניטליכע פארדינסטען פון ערפאהרענע אָפּערייטאָרס זיינען געווען פון זעקס ביז זיבען דאלאר א וואָך. אָפטמאָל איז דער קאָנטראַק־טאָר נעלם געוואָרען און צוגענומען מיט זיך א וואָך וועידזשעס פון די ארבייטער. אָפטמאָל האָט מען אן ארבייטער „געסעקט" (אָפּגעזאָגט), ווייל ער האָט ניט געארבייט גענוג שנעל; און אָפט־מאָל האָט דער ארבייטער געמוזט אנטלויפען פון שאַפּ איבער דער ברוטאַלער באהאנדלונג און די אונערטרעגליכע ארבייטס־באַדינ־גונגען.

יעדעס מאָל, ווען א ניפּענטס־אָפּערעיטאָר האָט געביטען קאָנט־ראַקטאָרס, איז ער געווען געצוואונגען צו נעמען זיין מאשין אויף די פּלייצעס און איהר טראָגען איבער די גאַסען פון ניו יאָרק אין זיין נייעם שאַפּ אריין. אָט ביי דעם פּונקט האָט זייער געדולד געפּלאַצט. אין אָנפאַנג פון יאָהר 1890 זיינען זיי ארויס אין סטרייק.

די באַוועגונג איז געקומען פון זיך אליין, אָהן א פּראָגראַם, אָהן פיהרער, אָהן אן אָרגאַניזאַציע. ס'איז געווען א בלינדער אויס־ברוך פון ארבייטער־צאָרן. ווען מ'זאָל איהם געווען לאָזען צו זיך אליין, וואָלט דער סטרייק געווען צוזאַמענגעבראָכען און וואָלט געווען געהאט דעמזעלבען סוף ווי אַנדערע ערשיינונגען פון דעם סאָרט אין די פריהערדיגע צייטען.

אין דעם פאַל האָט זיך די פאראייניגטע אידישע געווערק־שאַפטען אריינגעוואָרפען אין דעם סטרייק אין די סאמע ערשטע שטונדען. דורך א קאָמיטעט פון פינף, פון וועלכע איך בין געווען איינער, האָט די געווערקשאפטען איבערגענומען די גאַנצע פיהרונג פון סטרייק.

אונזער ערשטער שריט איז געווען צו דינגען א מיטינג־האָל גרויס גענוג אריינצונעמען אַלע סטרייקער. עס זיינען געווען ארום ניין הונדערט ארבייטער אין סטרייק און מיר האָבען זיי צוזאַמענ־געבראַכט פון אַלע שעפּער און סטריט־קאָרנערס. אין זאַל האָבען מיר דעם מיטינג אָנגעהאַלטען כמעט אָהן אויפהער, ביי טאָג און ביינאַכט. מיר האָבען זיי בלויז ערלויבט צייט אהיימצוגעהן שלאָ־פען. מיר האָבען מורא געהאט זיי אָפּצולאָזען פון אויג, טאָמער

וועלען זיי ניט אויסהאַלטען דעם נסיון און וועלען צוריקגעהן צו דער ארבייט. די גאנצע צייט האָבען מיר זיי אונטערהאַלטען מיט רעדעס און מיט אנדערע מינים אויפקלערונג און פאַרווייַלונג, וואָס מיר האָבען נאָר געקענט אויסטראַכטען.

אין דער צייט, וואָס דער ענדלאָזער מיטינג איז אָנגעגאַנגען אין גרויסען זאַל, האָבען מיר זיך געמיהט אריינצוברענגען אַן אָרדנונג און א סיסטעם אין דעם סטרייק אריין און צו אָרגאַניזירען די סטרייקער אין א שטענדיגער, שטאַרקער יוניאָן.

צוזאַמען מיט די אינטעליגענטסטע מענער און פרויען פון די סטרייקענדע רייהען האָבען מיר אויסגעארבייט א צעטעל פאָדערונ־גען מיט א הויפּט־פּונקט, אַז דער באַלעבאָס זאָל מוזען אויף זיין אייגענעם חשבון צושטעלען נייה־מאַשינען און אנדערע ארבייטס־געצייג. דאַן האָבען מיר אויסגעקליבען פּיקעטס, הילף־קאָמיטעטען און סעטעלמענט קאָמיטעס. און אַלע האָבען געארבייט אונטער אונ־זער דירעקטער אויפזיכט און פיהרערשאַפט.

די ארבייטער האָבען ניט געוואוסט ווי אזוי אָנצופיהרען מי־טינגען אָדער אָנגעהן מיט פאַרהאַנדלונגען פון מינדסטען סאָרט. זיי זיינען קיינמאָל פריהער ניט ארויסגעטראָטען געזעלשאַפטליך. צוזאַמען מיט אונזערע לעקציעס איבער די פּרינציפּען פון יוניאָניזם און סאָציאַליזם, האָבען מיר זיי דערפאַר אויך געלערענט די עלע־מענטאַרע פּאַרלאַמענטאַרישע פיהרונגען און די פּראַקטישע אָרגאַ־ניזאַציאָנס־מעטאָדען. מיר האָבען זיך געמיהט אויסצוקלייבען די בעסטע פון זיי און זיי לערנען צו זיין פיהרער צווישען זייער גליי־כען.

דער סטרייק איז געווען א קורס פון טיכטיגער אויסבילדונג און אויפקלערונג, אָבער דער קורס האָט לאַנג ניט געדויערט.

נאָך איין וואָך צייט פון פולשטענדיגער אַרבייטער־אייניגקייט, האָבען זיך די קאָנטראַקטאָרס אונטערגעגעבען. אין א געוויסען שבת אָוועגט איז אויף זיי אָנגעפאַלען א שרעק און אַלע מיטאַמאָל האָבען זיי געשטורעמט דעם מיטינג־האָל פון די סטרייקערס און האָבען געפאָדערט א באַלדיגען קאָלעקטיווען אָפּמאַך אויף די באַ־דינגונגען פון די אַרבייטער.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט געהאַט א גרוי־

סען זיג און איז ערמוטיגט געוואָרען צו נעמען זיך צו נייער טע־טיגקייט אין אַנדערע פאַכען.

איינע פון די שווערסטע אויפגאַבען, וואָס די פּיאָנערען־גרופּע האָט גענומען אויף זיך דורכצופיהרען, איז געווען צו אָרגאַניזירען די אידישער בעקער־ארבייטער.

אין די ערשטע צייטען פון דער אידישער אימיגראַציע איז געעפענט געוואָרען אַ געוויסע צאָל בעקערייען אויף דער איסט־סאַיד. זיי האָבען זיך ספּעציאַליזירט אין אידישען קאָרן־ברויט און אין אַנדערע געבעקסען, צו וועלכע די אידישע קויפערס זיינען געווען געוואוינט פון דער אַלטער היים. די דאָזיגע בעקערייען זיינען גע־ווען אין טיפע און פינסטערע קעלערס (סאָב־סעלערס) אָהן ווענ־טילאַציע און אָהן היגיענישע איינריכטונגען. די ווענט און די סילינגס זיינען געווען נאַס און פאַרשימעלט. די בעקערען זיינען געווען פאַרפּלייצט מיט שטשורעס און האָבען זיך געבאָדען אין שמוץ. די לופט איז געווען פאַרפּעסטעט. די באַק־אויוועגס זיינען געווען פון מלך סאָביעצקי'ס צייטען. פון מאַשינען איז קיין שפור ניט געווען. די גאַנצע ארבייט איז געטאָן געוואָרען מיט די הענט.

די נייע אינדוסטריע האָט ארום און־ארום באַשעפטיגט אַ פּאָר הונדערט אַרבייטער, מעהרסטענס אימיגראַנטען פון גאַליציע, אונ־גארן און פּוילען. זיי זיינען געווען אַנדערש פון די מערסטע רוסיש־אידישע ארבייטער; מעהר פאַרהאַרטעוועט, קאַלט ווי אייז און — ניט צו ריהרען זיי פון אָרט. זיי האָבען געארבייט זיבעצעהן און אַכטצעהן שטונדען אַ טאָג, מיט דער אויסנאַם פון דאָנערשטאָג, ווען זייער אַרבייטס־טאָג האָט זיך אָנגעפאַנגען גאַנץ־פריה און האָט געדויערט ביז פרייטאָג, 12 בייטאָג. כמעט אַלע האָבען געוואוינט און געגעסען ביי זייערע באַלעבאַטים.

זיי האָבען געארבייט ביי די אויוועגס נאַקעט ביז'ן גארטעל, און געשלאָפען זיינען זיי אין די בעקערישע קעלערס. ווען זיי האָ־בען ניט געוואוינט און ניט געגעסען ביי די באַלעבאַטים, זיינען זייערע דורכשניטליכע פאַרדינסטען געווען פון זעקס ביז זיבען דאָ־לאַר אַ וואָך.

זייער איינציגע פרייע צייט איז געווען צווישען פאַרקנעטען דאָס טייג און דעם „אויפגעהן", און די פרייע שטונדען האָבען זיי

פארבראכט אין זייערע היימישע סאלונס, ביים טרינקען ביר און שפּילען אין קאָרטען.

אין די ביר־סאלונס, ספּעציעל אין א געוויסען ביר־סאלון, אויפ׳ן לודלאָוו און העסטער סטריט, האָבען זיי געהאט דאָס איינ־ציגע אָרימע ביסעל וואוילטאָג אין זייער פאראומערטען לעבען.

דאָ האָבען זיי זיך געטראָפען מיט גוטע ברידער; דאָ איז אויך געווען די ארבייטס־בירזשע. דאָ האָבען זיי געגעבן איינער דעם אנדערען אינפאָרמאציע וועגען דזשאבס; אהער זיינען אויך געקומען באלעבאטים זוכען „הענט" פאר זייערע בעקערייען.

בלאָס ווי דער טויט, מיט איינגעפאלענע ברוסטען, דערשלאָ־גען און פאריאָגט, האָבען זיי געשיינט צו זיין די אומפּאסיגסטע מענשען אין דער וועלט פאר אַן אָרגאניזאציע און פאר אָנפיהרען א קאמף. אין יאָהר 1887 איז דער ערשט־אָרגאניזירטער „בעיקערי און קאָנפעקשאָנערי וואָרקערס אינטערנעשאָנאל יוניאָן" געלונגען אריינצוקריגען עטליכע פון זיי אלס מיטגלידער און צו גרינדען א אידישען לאָקאל. דער לאָקאל האָט אָבער צוזאמענגעבראָכען אין סאמע ערשטען יאָהר, און די אורזאכען פון דעם צוזאמענברוך זיינען געווען כאראקטעריסטיש פאר די באגריפען פון יענע אר־בייטער.

דער סעקרעטער פון דער אלגעמיינער בעקערשער ארבייטער אָרגאניזאציע איז געווען שטארק פאראינטערעסירט אוועקצונעמען די אידישע בעקערס פון דער דעמאָראליזירענדער אטמאָספערע אין דעם לודלאָוו סטריטער סאלון און ער האָט געקראָגען פאר זיי א ניי־עם פּלאץ. דער נייער פּלאץ איז געווען א הינטערשט צימער פון א ביר־סאלון אויף אָרטשארד סטריט.

מיטינג־האלס ביי סאלונס זיינען געווען די געוועהנליכע פאר־זאמלונגס־פּלעצער פאר יוניאָנס אין יענע צייטען אין ניו יאָרק. דעם סאלון־קיפּער האָט מען ניט געדאַרפט צאָהלען פאר דעם צי־מער, ווייל ער האָט ערוואַרט באלוינט צו ווערען דורך לייזונג. מיט די דייטשע און איירישע יוניאָנס האָט דער סיסטעם זעהר גוט גע־ארבייט, אָבער אין דעם פאל מיט די אידישע יוניאָנס האָט זיך עס מעהרסטענס ניט געלוינט פאר די סאלון־קיפּערס.

דער פארזוך אוועקצונעמען די אָרגאניזירטע אידישע בעקערס פון דעם לודלאָוו סטריטער סאלון האָט ארויסגערופען א היבשע

געגנערשאפט. זיי זיינען שוין געווען צוגעוואוינט צו זייער אלטען פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ און אַ סך פון זיי האָבען געקוקט מיט חשד אויף דעם געפּלאַנטען בייט. אַ שאַרפער צדדים־קאַמף האָט אויס־געבראָכען צווישען די קאָנסערוואַטיווע אָנהענגער פון לודלאָוו סטריט און די ראַדיקאַלע אונטערשטיצער פון אָרטשאַרד סטריט. ביי די אידישע אַרבייטער פון יענער פּעריאָדע האָט דער קלאַסען־קאַמף אָנגענומען די פאָרם פון אַ קאַמף צווישען צוויי געגנערישע סאַלונס. מיט דער הילף פון דעם סאַלון־קיפּער און מיט דער שטיצע פון די בעקער־באַלעבאַטים האָט געזיגט דער יוניאָן־געגנע־רישער סאַלון פון לודלאָוו סטריט.

די יוניאָן האָט זיך אויפגעלייזט.

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט זיך אָבער ניט געלאָזט ענטמוטיגען פון יענעם דורכגעפאַלענעם פאַרזוך און האָט אין יאָהר 1889 אָנגעפאַנגען אַ נייעם קאַמפּעין צו אָרגאַניזירען די בעקערס. נאָכדעם ווי אַן אויפקלערונגס־פּראָפּאַגאַנדע איז אָנגע־פיהרט געוואָרען אַ שטיקעל צייט, איז גערופען געוואָרען אַ סטרייק. די הויפּט־פאָדערונג איז געווען — אַ זעקס־טאָגיגע אַרבייטס־וואָך, מיט איין טאָג — שבת —אַלס טאָג פון רוה. אין יענער צייט איז דאָס געווען אַ ראַדיקאַלע פאָדערונג.

אַלע האָבען געפאָלגט דעם סטרייק־רוף. די אַרבייט אין די אידישע בעקערייען איז אָפּגעשטעלט געוואָרען און אין איינינע טעג אַרום האָבען זיך די באַלעבאַטים אונטערגעגעבען צו דער יו־ניאָן.

פּונקט ווי אין דעם פאַל מיט די ניפּעטס מאַכער איז אויך דער בעקער־סטרייק אָרגאַניזירט און געפיהרט געוואָרען פון אַ גרופּע יונגע סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען פאַרטראָטען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. און פּונקט ווי דאַן האָבען מיר זיך אויך איצט געמיהט אויסצונוצען די לאַגע און געבען די אַרבייטער אַ טיכטיגען קורס אין די פּרינציפּען און מעטאָדען פון טרעיד־יוניאָ־ניזם.

אונזער טעטיגקייט איז געווען פיל, פיל ערפאָלגרייכער, ווי מיר האָבען ערוואַרט.

אין פאַרלויף פון אַ פּאָר חדשים צייט האָט די יוניאָן געהאַט אַרום 400 מיטגלידער. דאָס זיינען געווען כמעט אַלע אידישע בע־

קער־ארבייטער. די יוניאָן איז געוואָרען זייער רעליגיע און זיי האָבען געטריי מקיים געווען אלע איהרע געבאָט, ווי זיי האָבען זיי פארשטאנען.

א טראגישע פאסירונג, וואָס איז פאָרגעקומען א קורצע צייט נאָך דער אָרגאניזירונג פון דער אידישער בעקער־יוניאָן, האָט געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון דעם אלגעמיינעם עולם צו די שעקלהאפטע באדינגונגען אין די איסט־סאידער בעקערייען און האָט געבראכט וויכטיגע רעזולטאטען אויפ׳ן געביט פון ארבייטער־געזעצען.

אין א שעהנעם פריהמאָרגען האָט דער סעקרעטאר פון דער ערשט־אָרגאניזירטער יוניאָן באריכטעט צו ב. וויינשטיין אין אָפיס פון די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען, אז א בעקער איז אוועקגעפאלען ארבייטענדיג ביינאכט און אז ער ליגט נאָך אלץ אין שאפ א געפערליך־קראנקער. דער סעקרעטאר פון דער יוניאָן, אזוי גוט ווי דער באלעבאָס, האָבען זיך פארלאָרען און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ווען וויינשטיין איז געקומען אין דער קעלער־בעקעריי, האָט ער דאָרטען געטראָפען א שרעקליכען שמוץ און דריי אויסגעמאָרעטע, טויט־מידע בעקער־ארבייטער האָבען פאָרטגעזעצט די ארבייט אין שכנות מיט זייער אוועקגעפאלענעם חבר. ער האָט אראנזשירט, אז מען זאָל דעם קראנקען ארבייטער צונעמען אין א שפיטאָל, און האָט באריכטעט דעם פאל צום לעיבאָר־דעפארטמענט.

אן אונטערזוכונג פון די בעקערייען אויף דער איסט־סאיד איז געמאכט געוואָרען און עס איז פארעפענטליכט געוואָרען א סענסאציאָנעלער רעפּאָרט, אין וועלכען די אונמענשליכע ארבייטס־באדינגונגען פון די בעקערייען זיינען פארדאמט געוואָרען אלס א געפאר פאר׳ן געזונט פון דער באפעלקערונג.

אלס רעזולטאט פון דער אונטערזוכונג און פון דעם רעפּאָרט, האָט די ניו יאָרקער סטעיט־לעדזשיסלייטשור באלד נאָך דעם אָנגענומען א געזעץ, וואָס האָט פארבאָטען צו ארבייטען אין בעקערייען מעהר ווי צעהן שטונדען א טאָג. דאָס דאָזיגע געזעץ האָט געהאט אן אינטערעסאנטע געשיכטע אין די געריכטען און האָט געדינט ווי א מיטעל קלאָר צו מאכען אויף וויפיל ארבייטער קענען קריגען שוץ דורך געזעצען.

די באַלעבאַטים האָבען גע'טענה'ט, אַז אַזאַ געזעץ איז ניט־קאָנסטיטוציאָנעל און האָבען עס באַקעמפט אין אַלע געריכטען פון ניו יאָרק און דערנאָך אין דעם העכסטען געריכט פון די פאַראייניג־טע שטאַאַטען. דער ריכטער, פאַר וועלכען דער פּראָצעס איז פאָר־געקומען, האָט גע'פסק'ענט, אַז דאָס געזעץ זאָל בלייבען אין קראַפט. זיין ענטשיידונג איז גוטגעהייסען געוואָרען פון דעם אַפּעלאַציאָנס־געריכט, אַ העכערער סטעיט־געריכט, מיט דער קליינער מעהרהייט פון דריי געגען צוויי שטימען, און אינ'ם קאָורט אָוו אַפּיעלס (דער העכסטער געריכט פון סטעיט ניו יאָרק) מיט פיער געגען דריי שטי־מען. אין דעם העכסטען געריכט (סופּרים־קאָורט) פון די פאַראיי־ניגטע שטאַאַטען איז די ארבייטער־פריינדליכע ענטשיידונג נידער־געשטימט געוואָרען מיט פינף געגען פיער שטימען.

„עס איז ניטאָ קיין באַרעכטיגטער גרונד פאַר שטערען די פרייהייט פון דעם איינצעלנעם מענשען אָדער פאַר באַגרעניצען די רעכט פון פרייע קאָנטראַקטען דורך פעסטשטעלען די ארבייטס־שטונדען אין דער ארבייט פון אַ בירגער", — האָט ערקלערט דער ריכטער פון העכסטען געריכט פּעקהעם, וועלכער האָט געשריבען די ענטשיידונג פון דער געריכט'ס מעהרהייט אין דעם פּראָצעס פון לאָקנער געגען דעם סטעיט ניו יאָרק. — „קיינער באַהויפּטעט ניט, אַז בעקערס אַלס אַ קלאַס שטעהען נידעריגער אין פאַרשטאַנד און אין פעהיגקייט פון מענשען אין אַנדערע פאַכען און מלאכות; קיינער באַהויפּטעט אויך ניט, אַז זיי זיינען אומפעהיג צו באַשטעהן אויף זייערע אינטערעסען, און זיי דאַרפען ניט אָנקומען צו דער פּראָ־טעקטירענדער האַנט פון דעם שטאַאַט, וואָס זאָל זיך אריינמישען אין דער זעלבסטשטענדיגקייט פון זייער דענקען און פון זייערע האַנדלונגען", — האָט די ענטשיידונג וויטער ערקלערט.

דער געלעהרטער געריכט האָט געהאַלטען, אַז דער געזעץ האָט צוגענומען אי „די רעכט פון דעם איינצעלנעם מענשען צו ארבייטען אַזוי לאַנג ווי איהם געפעלט„ אי די רעכט פון דעם באַלעבאָס „צו קויפען ארבייטס־קראַפט" אין אַזאַ מאָס, ווי איהם געפעלט.

איך האָב געפרעגט ביי זיך אַליין, צי וואָלטען די ריכטער פון העכסטען געריכט, פּעקהעם און די פיר קאָלעגען זיינע, וואָס האָבען מיט איהם איינגעשטימט, צי וואָלטען זיי געווען פּונקט אַזוי זיכער אין דער פעהיגקייט פון די בעקער צו באַשטעהן אויף זייערע

רעכט און אַנצואָווענדען די „זעלבסטשטענדיגקייט פון זייער דענ־קען און פון זייערע האַנדלונגען”, ווען זיי זאָלען זיך האָבען גע־טראָפען מיט די אידישע בעקערס אין דעם לודלאָוו סטריטער סאַלון; צי וואָלטען זיי אויך אַזוי געדעדט, ווען זיי זאָלען געווען האָבען דורכגעמאַכט די פילע סטרייקס מיט זיי צוזאַמען; אָדער ווען זיי זאָלען האָבען מיטגעגאַנגען מיט ב. וויינשטיין אויף זיין שליחות צו העלפען דעם „פּרייען” און „זעלבסטשטענדיגען” בעקער, וועל־כער איז אָוועקגעפאַלען אין מיטען פון זיין „פּריוויליגער” ארבייט, ווי אַן איבערגעהאָרעוועטע בהמה. און איך פרעג נאָך אַלץ ביי זיך, פאַרוואָס אַ הייפּעלע בוך־מענשען, וואָס האָבען נישט קיין אהנונג פון דער טעגליכער פּראַצע און פון די ליידען פון די האָרע־פּאַשנע מאַסען, פאַרוואָס זאָלען זיי האָבען די מאַכט אַרויסצוגעבען די לעצטע ענטשיידונג אין אינדוסטריעלע באַציהונגען, אין געזעל־שאַפטליכע צוזאַמענשטויסען? פאַרוואָס — אין פראַגען פון מענש־ליכע רעכט — זאָלען זיי האָבען דאָס לעצטע ענטשיידענדע וואָרט, ניט קוקענדיג אויף די סענטימענטען פון פאָלק און ניט אַכטענדיג אויף די געזעצען, וואָס פאָלקס־ערוועהלטע געזעצגעבער האָבען אָנ־גענומען?

די בעקער יוניאָן איז מיט דער צייט געוואָרען איינע פון די שטאַרקסטע, פּראָגרעסיווסטע און בעסט־דיסציפּלינרטע אָרגאַניזאַ־ציעס צווישען די אידישע ארבייטער אין אַמעריקע. דאָס האָט אָבער גענומען פילע יאָהרען פון געדולדיגען און איינגע׳עקשנ׳טען קאַמף, אין וועלכען עס זיינען אויך געווען אָפטע ענטוישונגען, דורכפאַלען און נידערלאַגעס.

טראָץ דעם גוטען האָפנונגספולען אָנפאַנג האָט די יוניאָן, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערק־שאַפטען, דאָך געהאַט אַ קורץ לעבען. באַלד ווי די פאָדערונגען פון סטרייק זיינען געוואונען געוואָרען, האָבען די מיטגלידער פאַר־לאָרען דעם אינטערעס אין זייער אָרגאַניזאַציע און אין אַ קורצער צייט אַרום איז זיך די יוניאָן צעפאַלען.

דער פאַקט, וואָס עס איז ווידער נישט געווען קיין יוניאָן, האָט געפיהרט צו אַ נייער פאַרערגערונג פון די ארבייטס־באַדינגונגען און צו אַ „נייעם אויפשטאַנד”. אַ נייער סטרייק, ווידער אַן אויפלע־

בונג פון דער יוניאָן, און דערנאָך ווידער דער אומפּאַרמיידליכער גאַנג אויף צוריק, און מיט דער צייט אונטערגאַנג פון דער יוניאָן.

דער דאָזיגער ענטמוטיגענדער פּראָצעס האָט זיך ווידערהאָלט מעהר־וועניגער רעגעלמעסיג יעדע צוויי־דריי יאָהר. און יעדע נייע אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ ביסעל שטאַרקער און האָט זיך געהאַל־טען אַ ביסעל לענגער, ווי די פריהערדיגע. אָט אַזוי איז עס געגאַנ־גען, ביז עס איז געשאַפען געוואָרען אַ פעסטע, שטענדיגע יוניאָן נאָך אַ שווערען זיג־זאַגישען וועג, וואָס האָט געדויערט צווישען פופצעהן און צוואַנציג יאָהר.

אַזוי איז אויך געווען די געשיכטע פון דער ניפּענטס מאַכער יוניאָן, און פּאַקטיש פון אַלע אידישע יוניאָנס, וואָס זיינען אָרגאַ־ניזירט געוואָרען זינט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט דערזעהן די ליכטיגע וועלט.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויספיהרליך אויף די אָרגאַניזאַ־ציעס פון די אידישע ניפּענטס מאַכער און בעקערס דערפאַר וואָס זיי זיינען געווען די בעסטע ביישפּילען פון די אויפטואונגען און אויך פון די פּראָבלעמען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפ־טען. די צוויי יוניאָנס זיינען, נאַטירליך, נישט געווען די איינציגע, וואָס די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט צום־לעבען געבראַכט. זיי זיינען אויך נישט געווען די וויכטיגסטע.

אין די ערשטע יאָהרען איז די פאַראייניגטע אידישע געווערק־שאַפטען געווען אָהן אַן אויפהער באַשעפטיגט מיט אָרגאַניזירען און רעאָרגאַניזירען אידישע יוניאָנס. אין די ערשטע אַכטצעהן מאָנאַ־טען פון איהר עקזיסטענץ האָט די פאַראייניגטע אידישע געווערק־שאַפטען פאַרגרעסערט די צאָהל אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס פון צוויי אויף צוויי־און־דרייסיג. די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס האָבען אַרומגענומען פּאַקטיש אַלע אינדוסטריען, אין וועלכע אידישע אַר־בייטער זיינען געווען באַשעפטיגט אין אַ באַדייטענדער צאָהל. דעם אויבענאָן אויפ׳ן צעטעל האָבען פאַרנומען די פאַרשידענע צווייגען פון שניידעריי, ווי קלאָוק־מאַכער, מענער־שניידער, פאָריערס און קעפּ־מאַכער. אין דעם צעטעל זיינען אָבער אויך געווען אַזעלכע באַשעפטיגונגען, ווי מוזיקער, ריטעיל־סעילסלייט, איינבינדערס און סאָדאַ־וואַסער אַרבייטער. און אין כמעט אַלע פאַלען האָבען די יוניאָנס געהאַט קורצע יאָהרען. זיי זיינען אויפגעקומען און אונ־

טערגעגאַנגען און מען האָט זיי געמוזט אויף ס'ניי אָרגאַניזירען יעדע פּאָר יאָהר.

ביי די אַרבייטער פון יענע צייטען זיינען די יוניאָנס געווען פאַרבונדען מיט סטרייקס און זיינען זעלטען געווען מעהר ווי בלויז א מיטעל פון סטרייק. אין סטרייקס זיינען זיי געבאָרען געוואָרען און מיט דער ענדע פון די סטרייקס איז אויך געקומען די ענדע פון די יוניאָנס.

ס'האָט גענומען צוואַנציג יאָהר פון געדולדיגער און אומאויפהערליכער אויפקלערונג אויסצולערנען דעם אידישען אַרבייטער, אַז ער זאָל אָפּשעצען די ווערט פון יוניאָנס אין פרידען אַזוי גוט ווי אין קריג. און עס האָט גענומען ביז דעם יאָהר 1910, איידער די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויף א פעסטען און זיכערען באָדען.

איינס פון די וויכטיגסטע מיטלען, דורך וועלכע דאָס איז ענדליך געלונגען, איז געווען די פאַראייניגונג פון די פילע אָרגאַניזאַציעלאַך אין די פאַרשידענע צווייגען פון נידעל־פאַכען אין גרויסע יוניאָנס, וואָס האָבען אַריינגענומען אין זיך אַלע טיילען פון אַן אינדוסטריע. ווי, צום ביישפּיל, די אינטערנעשאָנאַל לעידים גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, וואָס אין איהר יורידיקציע געהען אַריין אַלע צווייגען פון דער פאַבריקאַציע פון פרויען־קליידער; אָדער די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס יוניאָן, וועלכע באַשטעהט פון אַלע אַרבייטער אין דער אינדוסטריע פון מענער־קליידער.

היינט־צו־טאָג זיינען עטליכע הונדערט טויזענט אידישע אַרבייטער אָרגאַניזירט אין נאַציאָנאַלע (צענטראַלע) און לאָקאַלע טרעיד־יוניאָנס. זיי זיינען פּאָלשטענדיג אַנערקענט פון זייערע אַמעריקאַנער ברידער־אַרבייטער אַלס א וויכטיגער לעבעדיגער טייל פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג און זיי האָבען פיל בייגעטראָגען צו דעם אַלגעמיינעם פאָרטשריט פון דעם אַרבייטער־קלאַס.

אין דעם האַלבען יאָהרהונדערט פון זייערע צרות, ראַנגלעניַשען, טעות'ן און ערפאַרונגען האָבען די אידישע אַרבייטער אין אַמעריקע באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים אין אַלע הינזיכטען: אין זייערע געדאַנקען, אין זייערע מאָראַלע באַגריפען און אפילו אין זייער פיזישען אויסזעהן. פון אַן עולם שרעקעדיגע, אונטערטעניגע, האָפנונגסלאָזע און פאַרשקלאָפּטע מענשעלאַך זיינען זיי פאַר־

וואנדלט געוואָרען אין אַ דור פון זעלבסט־זיכערע מענער און פרוי־
ען, וועלכע ווייסען וואָס עס זיינען זייערע רעכט אַלס מענשען און
ארבייטער, און זיינען שטענדיג גרייט זיי צו פארטיידיגען.

קאַפּיטעל צוויי

## ווי אַזוי איך האָב אָנגעהויבען צו מאַכען אַ לעבען אין אַמעריקע

איך בין אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר, ווען איך בין געקומען קיין אמעריקע צוזאמען מיט מיין מוטער, אַ איינגערען ברודער און צוויי שוועסטער. מיין פאָטער און מיין עלטערער ברודער זיינען געקומען מיט צוויי יאָהר פריהער און האָבען צוגעגרייט פאַר אונז אַ „היים" פון אַ צוויי־צימערדיגער דירה אין אַ טענעמענט־הויז אויף קלינטאָן סטריט.

די פאַמיליע האָט איינשטימיג באַשלאָסען, אַז איך זאָל זיך ווידער נעמען צו מיין שטודירען, וואָס איז איבערגעריסען גע־וואָרען דורך דער וואנדערונג און אַז איך זאָל זיך פאָרבערייטען צו אַ קאַריערע ביי אַ געלערנטער פּראָפעסיע. מיין ערשטער שריט אין דער ריכטונג איז געווען צו פארשרייבען זיך אַלס שילער אין אַ האַי־סקול אויף דער פערצעהנטער סטריט.

ווען איך בין געקומען קיין ניויאָרק, האָב איך געקענט אביסעל ענגליש פון ביכעל ארויס. דאָס האָט מיר גאַנץ גוט געקלעקט אין רוסלאַנד, אָבער דאָ, אין ניו יאָרק, איז עס געווען פון זעהר קנאַפּען ווערט. אַז איך האָב דאָ גערעדט מיין ענגליש, האָט קיינער אַ וואָרט ניט פארשטאַנען. מיין וויכטיגסטע אויפ־גאַבע אין סקול איז דערפאר געווען אויסצולערנען זיך אמת'ען אַמעריקאַנעם ענגליש.

איך האָב ליב געהאַט די סקול, איהר פריינטליכע אַטמאָס־פערע און איהרע פרייע לייכטע פיהרונגען. מעהרסטע פון די אַנ־דערע שילער זיינען געווען אינגער פון מיר און אין זייערע אויגען האָב איך געמוזט אויסזעהען זעהר טשיקאַווע מיט מיינע אויסלענ־דישע מאַנירען און מיט מיין מאָדנעם ענגליש. נאָר די אינגלאַך זיינען געווען פריינטליך צו מיר און האָבען מיר ארויסגעהאָלפען.

די לערער פון זייער זייט האָבן זיך וואַרים אינטערעסירט מיט מיין פאָרטשריט.

אין אַ קורצער צייט האָב איך אָבער ווידער געמוזט אונטער־ברעכן מיין לערנען.

מיינע עלטערן זיינען געווען מוראדיג אָרים. מיין עלטערער ברודער און די עלטערע פון מיינע צוויי שוועסטער האָבן גע־אַרבייט. איך האָב זיך געפיהלט אומבאַקוועם אַלס דער פוסטע־פּאַסניק פון דער פאַמיליע, און איך האָב באַשלאָסען אויך צו געהן אַרבייטען.

באַשליסען צו אַרבייטען איז זיך איין זאַך, אָבער צו געפינען אַרבייט — ווי איך האָב שנעל אויסגעפונען — איז שוין גאָר אַן אַנדער ענין. מיין ענגליש איז נאָך געווען זעהר שוואַך, קיין באַ־קאַנטשאַפט אין דער ביזנעס־וועלט האָב איך נאַטירליך ניט געהאַט און איך האָב אַפילו ניט געקענט זוכען קיין אַנדער זאַך, ווי איינ־פאַכע פיזישע אַרבייט.

דערצו בין איך געווען זעהר אַ קנאַפּער גבור, קיין מלאכה האָב איך נישט געקענט און ס'איז געווען כמעט־אוממעגליך, אַז איך זאָל אָנקומען אין אַ שאַפּ פון שוירטס. איבער עפּעס אַ צופאַל איז שוירט־מאַכעריי געוואָרען די ליבלינגס־מלאכה אין דעם קרייז פון יונגע רוסישע אינטעליגענטען, אין וועלכען איך האָב זיך געפונען.

עס איז געווען אַ מלאכה, וואָס מ'האָט זיך געקענט לייכט אויסלערנען הויפּטזעכליך דערפאַר, וואָס די אַרבייט איז געווען איינגעטיילט אין אַ סך „סעקשאָנס". קיין אַרבייטער האָט ניט געמאַכט קיין גאַנצע שוירט. די אַרבייט פון יעדען איינעם איז באַשטאַנען פון איין קליינער און שטענדיג־אַלץ־איינער שטיקעל מלאכה, ווי צום ביישפּיל, מאַכען דעם פראָנט פון אַן אַרבעל, דעם קאָלנער, אָדער דעם „קאָף" (מאַנזשעט), אַרומשטעפּען די אונטער־שטע זוים אָדער צונויפנעהען די פאַרשיידענע טיילען.

דער מאַנזשעט איז געווען דער איינפאַכסטער טייל און האָט נישט געפאָדערט קיין סך קענטניש און לעהרע. די מלאכה פון מאַנזשעט־מאַכער איז באַשטאַנען אין צונויפשטעפּען צוויי פיר־עקיגע שטיקלאַך וואַרע פון דריי זייטען און זיי צוטשעפּען צום אַרבעל. איך האָב אָנגעפאַנגען מיין קאַריערע אַלס „מאַנזשעט־

מאכער" און איך האָב קיינמאָל ניט דערגרייכט צו קיין העכערער שטופּע אין דער שווירט־מאכער קונסט.

די ארבייט איז ניט געווען קיין שווערע און די אומגעבונג איז געווען א גאַנץ־היימישע. די ארבייטער אין דעם פּארשטיקטען קליינעם שאפּ האָבען פארבראכט אין דיסקוטירען סאָציאַלע און ליטעראַרישע פראַגען וועניגסטענס פּונקט אזויפיל צייט ווי אין נייהען שווירטס. און דער גערויש פֿון די מאַשינען איז אָפטמאָל באַגלייט געוואָרען מיט שטאַרקע און מוטיגע קלאַנגען פֿון רע־וואָלוציאָנערע לידער.

דערביי זיינען אָבער די פאַרדינסטען געווען טאַקע נאָר אויפ'ן שפּיץ מעסער. דער „באָס" (באַלעבאָס), דאָס הייסט — דער קאָנ־טראַקטאָר — וועלכער האָט געהאַלטען דעם שאפּ, האָט מיט קיין זאַך ניט ריזיקירט. ער האָט פּאַקטיש ניט געצאָהלט קיין רענט פאַר'ן שאפּ, ווייל די ארבייט איז געמאכט געוואָרען אין איינער פֿון די צימערען פֿון זיין וואוינונג. ער האָט ניט אריינגעלעגט קיין געלט אין מאַשינעריי, ווייל יעדער ארבייטער האָט אליין געדונגען א ניי־מאשין און געצאָהלט צוויי דאָלאַר א מאָנאַט פאַר נוצען די מאשין. די וועידזשעס זיינען געווען קליין און געארבייט האָט מען פֿון שטיק. ארבייט איז געווען נאָר אין סעזאָן און זעהר אונרעגעלמעסיג. די איינציגע זאַך, וואָס איז שטענדיג געווען זיכער אין יענער טשי־קאַווער אינדוסטריעלער „סיסטעם" איז, אז דער ארבייטער האָט שטענדיג געמוזט צאָהלען פאַר נוצען זיין מאשין. און אַן ארבייטער ווי איך — מיט מיין מייסטערשאַפט און מיט מיין מזל ברכה ביי שטיק־ארבייט — האָט מאַנכעס מאָל געענדיגט דעם חודש מיט א דעפיציט — די אויסגאַבען זיינען געווען גרעסער ווי די פאַרדינס־טען.

אַן ענטוישטער אין דער פינאַנציעלער זייט פֿון דער שווירט־אינדוסטריע, האָב איך זיך א לאָז געטאָן אַנווענדען מיינע פעהיג־קייטען ביי וועיסט־מאַכעריי. א קורצע צייט האָב איך געהאַט א דזשאָב אין א ראַמען־פאַבריק. אָבער ביי די אַלע מלאכות האָט מען אויף מיינע פאַרדינסטען — אין בעסטען פאַל — וועניג־וואָס געקענט בויען.

א פעסטע באַשעפטיגונג מיט א באַשטימטען פאַרדינסט האָב איך באַקומען ערשט ווען איך האָב געקראָגען וואָס איך האָב באַ־

צייכענט אלס מיין ערשטען פּאָליטישען אמט. דאָס איז געווען ניט ווענינער ווי א דזשאָב פון אן אָנגעשטעלטען אין דעם צענטראַלען אָפיס פון דער סאָשעליסט לעיבאָר פּאַרטי (סאָציאַליסטישע ארביי־טער פּאַרטיי).

די פּאַרטיי האָט צו יענער צייט פאַרנומען די פיער־שטאָקיגע הויז, 25 איסט פערטע סטריט, אין ניו יאָרק. אויפ'ן ערשטען שטאָק איז געווען א ביר־סאַלון און די אויבערשטע שטאָקען זיינען געווען פאַרנומען פון מיטינג האָלס, רעדאַקציאָנעלע צימערען פון די צוויי וועכענטליכע פּאַרטיי־אויסגאַבען — „דער סאָציאַליסט" אין דייטש און „דהי וואָירקמענס אַדוואָקעיט" אין ענגליש — און פון דעם אָפיס פון צענטראַלען סעקרעטער. אין דער זעלבער הויז האָט די פּאַרטיי אויך אָנגעפיהרט א ביכער־געשעפט און ליטעראַטור אָפּטיי־לונגען אונטער דעם ביזנעס־נאָמען „לעיבאָר־ניוס קאָמפּאַני".

אָט אין דער סאָציאַליסטישער „לעיבאָר ניוס קאָמפּאַני" האָט מען מיר געגעבען א שטעלע. מיינע וועידזשעס, ווי איך ערינער זיך איצט, זיינען געווען פיער דאָלאַר א וואָך. איך בין געווען זעהר גליקליך מיט מיין נייער באַשעפטיגונג.

ס'איז ניט געווען קיין שטרענגע צוטיילונג צווישען די דע־פּאַרטמענטס פון דער סאָציאַליסטישער לעיבאָר פּאַרטיי. מיין אר־בייט האָט מיר געגעבען א טייערע געלעגענהייט צו באַקענען זיך נאָהענט ניט נאָר מיט דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, וואָס האָט שוין דאַן עקזיסטירט, נאָר אויך מיט די פּראַקטישע פּראָבלעמען און מעטאָדען פון דער אָרגאַניזירטער באַוועגונג. דער נאַציאָנאַ־לער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי, וויליאַם ל. ראָזענבערג, איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון דער דייטשער פּאַרטיי צייטונג און אָפּי־ציעל אויך דער הויפּט פון אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם הויז 25 איסט פערטע סטריט. ער איז געווען א פּאָעט פון א געווי־סער באַדייטונג, א געפיהלפולער אידעאַליסט און ליבליך ביז גאָר אַלס א חבר און אַ לעהרער. איך בין איהם געפעלען געוואָרען, ווען ער האָט מיך צום ערשטען מאָל באַמערקט ביי א פּאַרטיי־מי־טינג, און ער האָט עס מיך אויסגעקליבען פאַר דעם דזשאָב.

אָבער ווידער אַמאָל איז ניט באַשערט געווען, אַז איך זאָל לאַנג פאַרבלייבען אויף איין אָרט. נאָך א פּאָר חדשים פרידליכע און אנגענעהמע ארבייט אין דער הויפּט קוואַרטיר פון דער פּאַרטיי,

האָב איך געמוזט נעמען אויף זיך פאַראַנטוואָרטליכע פליכטען אויף אַן אַנדער געביט.

שוין אין סאַמע אָנפאַנג פון אונזערע פּראָבעס צו אָרגאַניזירען און באַפעסטיגען די אידישע טרעיד־יוניאָנס, האָבען מיר געפילט די געוואַלדיגע נויטיגקייט אין אַן ארבייטער צייטונג אַלס אַן אָרגאַן פון דער באַוועגונג צו פאַרבינדען ענגער די יוניאָנס מיט זייערע מיטגלידער, און באַזונדערס פאַר פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג.

אין יענער צייט איז אין ניו יאָרק געווען אַ גוט־רעדאַקטירטע דייטשע סאָציאַליסטישע טאָג־צייטונג — „די ניו יאָרקער פאָלקסצייטונג”. די אידישער ארבייטער האָבען אָבער ניט געקענט לייענען קיין דייטש. זיי האָבען אויך ניט געקענט לייענען קיין ענגליש. זיי האָבען געקענט בלויז אידיש.

פלענער ארויסצוגעבען אַן ארבייטער וואָכענבלאַט אויף אידיש זיינען אָפט דיסקוטירט געוואָרען צווישען די פיהרער פון דער באַוועגונג, און אין הערבסט פון יאָהר 1889 זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען עטליכע ספּעציעלע קאָנפערענצען וועגען דער פראַגע.

פון אָנהויב אָן האָט מען גערעדט, אַז די צייטונג זאָל זיין „אומפּאַרטייאיש” אין איהר רעדאַקציאָנעלער ריכטונג, און אין די קאָנפערענצען האָבען זיך באַטייליגט פאַרטרעטער פון אַנאַרכיסטישע גרופּען, אַזוי גוט ווי פון דער סאָציאַליסטישער לעיבאָר פּאַרטיי און פון די יוניאָנס. נאָר די גרינטליכע מיינונגס־פאַרשידענהייטען צווישען די צוויי פליגלען אין דער ראַדיקאַלער באַוועגונג, וועלכע האָבען זיך אָהן אויפהער אויף אַ היציגען און שטורעמדיגען שטייגער געלאָזט הערען אויף די קאָנפערענצען, האָבען שנעל באַוויזען, אַז אַזאַ „אומפּאַרטייאישע” צייטונג איז אַן אונמעגליכע זאַך. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און די טרעיד־יוניאָניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך אָפּגעטיילט פון די אַנאַרכיסטען און האָבען באַשלאָסען צו געהן אַליין.

עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען מאָנאַטען פון אונאויפהערליכער און באַגייסטערטער צוגרייטונגס־ארבייט. מ'האָט געדאַרפט שאַפען די געלט, אויספּלאַנעווען די צייטונג און אָרגאַניזירען די פאַרוואַלטונג. צווישען די אַקטיווסטע אָנפיהרער פון דער אונטערנעמונג זיינען געווען אַב. קאַהאַן, לואיס מילער און איך.

קאהאנ'ס לעבען איז פון תמיד אָן געווען פול מיט באַגייסטע־רונג. אויב עפּעס האָט איהם פאַרכאַפּט האָט ער א געוויסע צייט נאָר וועגען דער איינער זאַך געטראַכט און נאָר פאַר דער איי־נער זאַך געאַרבייט, פאַרגעסענדיג אַלץ אין דער וועלט. איצט האָט ער זיך אַריינגעוואָרפען אין דער נייער אונטערנעמונג מיט לייב און זעעלע. ער איז קיינמאָל ניט מיד געוואָרען צו דיסקוטירען וועגען דער געפּלאַנטער צייטונג און צו אַרבייטען פאַר איהר פאַרווירקלי־כונג. ער האָט זיך אויסגעצייכענט פון אונז אַלעמען מיט צוויי ספּע־ציעלע מעלות — ער האָט גוט געקענט אידיש און ער האָט געהאַט דעם חוש פון א געבוירענעם צייטונגס־מאַן.

דער אַנדערער מיטגליד פון דער „טראַיקע", וועלכער האָט זיך געגעבען דעם נאָמען לואיס מילער, איז געווען א ברודער פון לעאָ באַנדעס, וועמען איך האָב דערמאָנט אין דעם פריהערדיגען קאַ־פּיטעל.

לואיס מילער איז געווען מיט א פּאָר יאָהר עלטער פון מיר. פון רוסלאַנד איז ער אַוועק ווען ער איז נאָך געווען זעהר יונג, און ער האָט פאַרבראַכט עטליכע יאָהר אין דער שווייץ, אַרבייטענדיג און שטודירענדיג. דאָרט האָט ער זיך אָפּט געטראָפען מיט רוסישע סאָציאַליסטישע עמיגראַנטען.

אין ניו יאָרק האָט ער די ערשטע יאָהרען, צו־ביסלאַך און פון צייט צו צייט, געאַרבייט אין שווירט־פּעקטאָרים און ער האָט אויך רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבען אין דער רוסישער שפּראַך א סאָ־ציאַליסטישע וואָכענבלאַט, וואָס האָט געהאַט א קליינע צירקולאַציע. שפּעטער איז ער געוואָרען א לאַיער, אָבער פאַרנומען האָט ער זיך מיט לאַיעריי זעהר קנאַפּ. ס'איז איהם ליבער געווען זיך אָפּצוגע־בען מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און מיט צייטונגס־אַר־בייט. ער איז געווען א מענש מיט אַן איבערצייגענדער רעדנער־קראַפט, מיט אומגעהייערער ענערגיע און מיט א פאַנאַטישער איבער־געגעבענקייט צו דער אידעע.

צוזאַמען האָבען מיר זיך אַרויסגעלאָזט זאַמלעןביישטייערונ־גען פאַר דער געפּלאַנטער צייטונג. כמעט יעדע נאַכט האָבען מיר באַזוכט איינע אָדער צוויי יוניאָנס און פריינדליכע דייטשע אַרביי־טער אָרגאַניזאַציעס, געמאַכט אונזערע אַפּילס און באַקומען ביי־שטייערונגען.

אין א פּאָר מאָנאַטען צייט האָבען מיר געשאַפען דעם רי־זיגען קאַפּיטאַל פון 800 דאָלער.

דעם 6טען מאַרטש אין יאָהר 1890 איז ערשינען דער ערשטער נומער פון אונזער „ארבייטער צייטונג". דאָס איז געווען א פּאַסי־רונג פון דער גרעסטער וויכטיגקייט אין דער אידישער סאָציאַליסטי־שער באַוועגונג, און די ערשיינונג פון ערשטער נומער האָט ארויס־גערופען גרויס פרייד.

שטונדען־לאַנג איז אַן עולם פון אומגעדולדיגע און פּאר־אינטערעסירטע סימפּאַטיקער געשטאַנען ביי דער דרוקעריי און האָט געוואַרט, אז די ערשטע קאָפּיעס זאָלען אָפּגעדרוקט ווערען. אזוי שנעל ווי זיי זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרען האָט מען די קאָ־פּיעס ארויסגעטראָגען אין דרויסען און זיי זיינען צוכאַפּט געוואָרען פון דעם וואַרטענדיגען עולם מיט עהרפורכט און באַוואונדערונג.

אָט איז עס, טאַקע מיט די הענט אָנצוטאַפּען — א צייטונג פון 4 זייטען, גאַנץ שעהן געדרוקט מיט די באַקאַנטע אידישע אותיות, און איינגאַנצען צוליב זיי און וועגען זיי. זייערע האָפ־נונגען און טרוימען פון פילע חדשים זיינען ענדליך פאַרווירק־ליכט געוואָרען.

די צייטונג איז געווען אַן ערפאָלג פון ערשטען מאָמענט אָן. אין פאַרלויף פון וואָכען און וואָכען האָבען מיר געפּלאַנט דעם אינהאַלט פון דער צייטונג. מיר האָבען געשטרעבט, אז די צייטונג זאָל זיך אָפּגעבען מעהר מיט בילדען די לעזער אויף א ברייטען שטייגער, איידער זיך באַגרעניצען אויף טרוקענע עקאָנאָ־מישע טעאָריעס און סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע. די אידישע מאַסען האָבען ניט געהאַט קיין שום בילדונג. זיי האָבען זיך גענויטיגט אין דער איינפאַכסטער אינפאָרמאַציע וועגען די וויכ־טיגע ערשיינונגען אין לעבען, וואָס האָבען ניט געהאַט דירעקט צו טאָן מיט די סאָציאַליסטישע און ארבייטער באַוועגונגען. אָהן א געוויסען מינימום פון אַלגעמיינער בילדונג האָט מען ניט גע־קענט ערוואַרטען, אז עס זאָל זיך ביי זיי ענטוויקלען אַן אינטע־ליגענטע פאַרשטענדניס פון זייערע אייגענע פּראָבלעמען און אַן אינטערעס אין זייערע אייגענע קאַמפען.

זייט־ביי־זייט מיט א וועכענטליכער איבערזיכט איבער די סאָציאַליסטישע און ארבייטער באַוועגונגען, האָט די „ארבייטער

צייטונג" געדרוקט איינפאכע און גענויע ערקלערונגען איבער דער פילאָזאָפיע פון די באוועגונגען אין זייערע פארשיידענע ערשיי־נונגען, פּאָפּולער־וויסענשאפטליכע ארטיקלען, רייזע־באשרייבונ־גען, גוטע ליטעראטור און אפילו פּאָעזיע. אב קאהאן האָט צו־געשטעלט הויפּטזעכליך די „יומען אינטערעס" ארטיקלען — די לעזע־שטאָף צו פאראינטערעסירען און צוציהען דעם גרויסען עולם. איך האָב געגעבען עדיטאָריעלס, היסטאָרישע אָפּהאנדלונגען, ארטיקלען איבער סאָציאליסטישער טעאָריע און איבער א רייהע אנדערע געגענשטאנדען. אנדערע ארטיקלען זיינען גע־שריבען געוואָרען פון דעם הויפּט־רעדאקטאָר און פון א רייהע פּרייוויליגע מיטארבייטער, וועלכע האָבען שטופּענווייז אלץ מעהר און מעהר פארגרעסערט אונזערע קרעפטען.

די צייטונג האָט שנעל געקראָגען א צירקולאציע פון אכט טויזענט קאָפּיעס. דאָס איז געווען אן אומגעהויערע צאָהל, ווען מ'נעהמט אין אנבאטראכט אונזערע באשיידענע ערוואַרטונגען און די שטערונגען, וואָס מיר האָבען באגעגענט אין וועג. די צאָהל זייטען פון דער צייטונג איז באלד פארגרעסערט געוואָרען פון פיר אויף אכט.

די „ארבייטער צייטונג" האָט אויסגעאיבט אן אומגעהייערען איינפלוס אויף דעם גאנג פון דער אידישער ארבייטער־באוועגונג און האָט א סך ביינעטראָגען צו דער גייסטיגער ענטוויקלונג פון די אידישע ארבייטער־מאסען.

די „ארבייטער צייטונג" האָט אָנגעהאלטען דעם וויכטיגען פּלאץ ביז עס האָט אָנגעהויבען ארויסגעהן א טעגליכע צייטונג, דער „פאָרווערטס. דער „פאָרווערטס" איז, אונטער דער פע־היגער רעדאקציע פון אב. קאהאן, געוואָרען איינע פון די גרעסטע סאָציאליסטישע צייטונגען אין דער וועלט, און ווארשיינליך, אויך די רייכסטע פון אלע סאָציאליסטישע צייטונגען.

אלס דעם רעדאקטאָר פון דער „ארבייטער צייטונג" האָבען מיר אויסגעקליבען יעקב ראָמבראָ, וועלכער האָט געשריבען אונ־טער דעם פּסעוודאָנים פיליפּ קראַנץ. ער איז געווען באדייטענד עלטער פון די מעהרסטע פון אונז, האָט שוין געהאט א געוויסען נאָמען אלס מיטארבייטער פון רוסישע זשורנאלען און האָט דאָן געוואוינט אין לאָנדאָן, וואו ער האָט רעדאקטירט א קליינע אידי־

שע ראדיקאלע וואָכענצייטונג, „דער ארבייטער פריינד". מיר האָבען איהם „ארייננענארט" קיין ניו יאָרק דורך צוזאָגען איהם א פרוכטבאר פעלד פאר זיין טעטיגקייט, און דורך אָנבאָטען איהם דעם קעניגליכען געהאלט פון זיבען דאָלער א וואָך.

איך בין געווען דער גאנצער איבעריגער סטעף. אין מיין שטעלע זיינען אריינגעגאנגען די אמטען פון מיט־רעדאקטאָר, גע־שעפטס־פארוואלטער, בוכהאלטער און פון אָפיציעלען פאָעט. און פאר דעם אלעמען האָב איך באקומען פינף דאָלאר א וואָך.

ווען איך קוק צוריק אויף יענער צייט און באטראכט אלצדינג מיט א רוהיגען קאָפּ, וואָס איז געוואָרען ניכטער אין פארלויף פון די אלע יאָהרען, דענק איך, אז מ'האָט מיר געצאָהלט צופיל. איך האָב ניט געהאט קיין ביזנעס־ערפאהרונג. מיין בוכהאלטעריע איז באשטאנען פון איינפאכן חבור און חסור. דאָס געלט, וואָס מ'האָט איינגעלייזט פאר דער צייטונג האָב איך געהאלטען אין א טיש־קעסטעל און דאָס „קליינגעלט" פון געשעפט האָב איך ארומ־געטראָגען אין קעשענע. אויב די קעשענע און דער חשבון האָבען ניט געשטימט, האָט איינער פון זיי געליטען דעם שאָדען.

מיינע וועכענטליכע לידער זיינען געווען מעהר חסרון ווי מעלה פאר דער צייטונג. וואָס אנבאלאנגט מיינע ארטיקלען, האָב איך דאָן געדענקט און איך דענק נאָך היינט אויך, אז זיי זיינען געווען צימליך גוט לויט זייער אינהאלט, אָבער קאהאן האָט מורא'־דיג קריטיקירט מיין שפראך:

„ס'איז ניט אידיש — האָט ער געזאָגט —ס'איז דייטש געשריבען מיט אידישע בוכשטאבען".

איך האָב ניט געקענט לייקענען — און איך האָב טאקע ניט געלייקענט — די באשולדיגונג, אָבער איך האָב געמאכט א פאר־זוך צו בארעכטיגען מיין שטייגער אידיש־שרייבען.

אין יענער צייט זיינען פאקטיש ניט געווען קיינע אנערקענטע אויטאָריטעטען פון געשריבענעם אידיש. דער ליטערארישער סטיל פון דער שפראך האָט ערשט געהאלטען אין געשאפען ווערען. מ'האָט נאָך נישט געקענט וויסען אויף א וועלכען שטייגער די שפראך וועט זיך ענטוויקלען.

קאהאן האָט געפאָדערט, אז מ'זאָל שרייבען די אידישע שפראך, פונקט ווי זי ווערט גערעדט, מיט אלע איהרע פסולות.

איך, ווידער, האָב גע׳טענה׳ט, אַז אַזוי ווי אידיש איז ניט מעהר ווי אַן איבערגעפירטער, בעזגראַממאַטנער און אומגראַמאַטיקאַלישער דייטש, איז די אויפגאַבע פון דעם אידישען שרייבער אויסצובעסע־רען און רייניגען די שפּראַך, אום מיט דער צייט זי אינגאַנצען צו פאַרוואַנדלען אין מאָדערנעם דייטש.

איך האָב ניט זעהר שטאַרק און ניט זעהר לאַנג פאַרטיידיגט מיין שטאַנדפּונקט אין דער זעהר אינטערעסאַנטער מחלוקת, און מיט דער צייט האָט קאַהאַן׳ס שטאַנדפּונקט געזיגט.

ווען די צייטונג איז אַ ביסעל געקומען אין די פעדערען און האָט געקענט צאָהלען גרעסערע געהאַלטען, האָב איך רעזיגנירט פון מיין פילפאַכען אָפיס־אַמט. אָבוואָהל איך קען ניט זאָגען, אַז מ׳האָט מיך געצוואונגען צו רעזיגנירען, געדענק איך אָבער גאַנץ קלאָר, אַז מיינע קאָלעגען האָבען מיך דערצו דערמוטיגט.

איך האָב אָבער אַלץ פון צייט צו צייט געשריבען פאַר דער „אַרבייטער צייטונג" אַלס אַ פרייוויליגער מיטאַרבייטער, אָבער שטופּענווייז בין איך אַלץ ווייטער און ווייטער אַוועק פון דער אי־דישער אַרבייטער באַוועגונג.

אין די ערשטע יאָהרען נאָך דער אָרגאַניזירונג פון די פאַר־אייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָט זיך ענטוויקעלט אַ גאַנצע רייהע פעהיגע פיהרער אין די אידישע יוניאָנס. אין דערזעלבער צייט האָבען זיך אָנגעפאַנגען באַווייזען אָרגאַניזאַציעס פון ענג־ליש־שפּרעכענדע מיטגלידער אין דער סאָשעליסט לעיבאָר פּאַרטיי (סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטיי). איך האָב שנעל באַגריפען די גרעסערע וויכטיגקייט פון יענעם טייל פון דער באַוועגונג פאַר׳ן ענדליכען ערפאָלג פון סאָציאַליזם אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען, און איך האָב איבערגעטראָגען אַהין דעם גרעסטען טייל פון מיין טעטיגקייט.

איך האָב זיך דערווייל געהאַט אויסגעלערענט ענגליש און איך האָב פאַרגרעסערט מיינע מאָגערע פאַרדינסטען דורך געבען לעקציעס אין ענגליש צו מיינע וויניגער־געלערענטע לאַנדסלייט.

אין יענע יאָהרען פון גרויסער אימיגראַציע און פּאַמעליכער אַסימילאַציע איז די אַרבייט פון לערנען ענגליש מיט אויסלענדער געווען פון גרויסער געזעלשאַפטליכער וויכטיקייט, באַזונדערס אין ניו יאָרק. צוליב דעם צוועק זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען אַלץ

מעהר און מעהר אָוונט־קלאַסען אין די פּאַבליק סקולס, און מ׳האָט געזוכט שילער ווי מיט ליכט.

אין איין שעהנעם טאָג האָב איך זיך באַקענט מיט איינעם אַ מר. דזשאָזעף דאַרלינג, אַ מאַן מיט אַ באַצויבערענדער פּערזענ־ליכקייט און מיט ליבעראַלע פּאָליטישע אַנשויאונגען. ער איז גע־ווען אַ נאָכפאָלגער פון הענרי דזשאָרדזש, דעם גרינדער פון דער סינגעל־טעקס באַוועגונג.

מר. דאַרלינג איז געווען אַ לעהרער און איז נאָר־וואָס געהאַט באַשטימט געוואָרען אַלס פּרינסיפּאַל פון אַ ניי־געשאַפענער אָוונט־שול פאַר אימיגראַנטען אין דער געביידע פון פּאָבליק סקול נומער איינס, אויף וואַנדעוואָטער סטריט,ביים דרום־ברעג פון דער שטאָט ניו יאָרק און ניט ווייט פון אידישען געגענט. דער קורס פון לער־נען אין די שולען איז באַשטאַנען פון 90 אָווענטן, און די לערער האָבען באַקומען צו דריי דאָלאַר פאַר 2 שעה אין אַן אָוונט. אין צוויי שטונדען צייט פאַרדינען אַ העלפט פון אַ גאַנצער וואָך געהאַלט! — וואָס פאַר אַן אָנציהענדע באַלוינונג!

„האָט איהר שוין אַלע לערער, וואָס איהר דאַרפט?״ — האָב איך געפרעגט דעם מר. דאַרלינג.

„ניין, ער האָט נאָך ניט גענוג״, האָט ער געענטפערט.

„קען איך זיך ווענדען נאָך אַ שטעלע אַלס לערער?״

„יאָ — האָט מיך מר. דאַרלינג פאַרזיכערט — אָבער אויף צוויי באַדינגונגען: ערשטענס, וועט איהר מוזען אָפּגעבען אַן עקזאַמען און קריגען אַ טיטשער׳ס לאַיסענס, און, צווייטענס, וועל איך ערשט דאַרפען קריגען שילער פאַר אייך. היינטיגען הערבסט מאַכען מיר די ערשטע פּראָבע, און מיר ווייסען ניט וויפיל שילער עס וועלען זיך פאַרשרייבען און צי זיי וועלען איבערהויפּט קומען״.

ביידע באַדינגונגען האָבען אויסגעזעהן ניט שווער. איך האָב געהאַלטען דעם עקזאַמען אַזוי שנעל ווי דאָס איז נאָר מעג־ליך געווען, און איך האָב איינגערעדט מיינע פריינט, לואיס מילער און פיליפּ קראַנץ, אַז זיי זאָלען טאָן דאָס זעלבע. מיר האָבען אַלע דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטען, און מיר האָבען באַקומען לאַיסענס צו לערנען ענגליש מיט אימיגראַנטען אין די פּאָבליק־סקולס.

אז ס'איז געקומען נאָהענט צו די טעג, ווען די שולען עפענען זיך, האָבען מיר געדונגען אַ זאַל אין דעם געגענט פון דער סקול אויף וואַנדעוואַטער סטריט ,און מיר האָבען אריינגעשטעלט אַ נאָטיץ אין דער „ארבייטער צייטונג", רופענדיג אַלע ארבייטער, וואָס ווילען לערנען ענגליש ביי סאָציאַליסטישע לערער, צו קומען אין זאַל אריין זיבען אזייגער.

ארום הונדערט־און־פופציג צוקינפטיגע שילער האָבען זיך אָפּגערופען. איך האָב זיי אין אַ קורצער רעדע ערקלערט וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, און איך האָב פארענדיגט מיט אַן אויפ־פאָדערונג, אַז די אַלע, וואָס ווילען זיך פארשרייבען אין סקול, זאָלען אויפהויבען די הענט. אַלע הענט האָבען זיך אויפגעהויבין.

„גוט, אויב אזוי לאָמיר גהען!" — האָב איך באַפוילען.

מיט פופצעהן מינוט שפּעטער בין איך אָנגעקומען אין אוי־דיטאָריום פון דער סקול אָן דער שפּיץ פון אַן ארמיי פון הונדערט־און פופציג מאַן, וועלכע האָבען אריינגעמארשירט נאָר ווי די סאָלדאטען.

מר. דארלינג, וועלכער איז געזעסען ביי אַ טיש איבער אַ לעדיגען בוך, ווארטענדיג אומזיסט, אַז שילער זאָלען קומען זיך פארשרייבען, האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, און זיינע אויגען האָבען זיך ביי איהם ברייט צעעפענט מיט דער גרעסטער פארוואונ־דערונג.

„וואָס איז דאָס ?" — האָט ער געפרעגט ביי מיר.

„דאָס זיינען שילער ,וואָס זיינען געקומען זיך פארשרייבען אין אייערע אָווענט־קלאַסען", — האָב איך שטיל ערקלערט.

„וויפיל זיינען דאָ פאראַן?" — האָט דער שולע־פארוואַלטער געפרעגט, און זיין פארוואונדערונג איז אַלץ מעהר און מעהר גע־וואַקסען. איך האָב איהם געזאָגט וויפיל זיי זיינען.

„אָבער וואָס וועל איך טאָן מיט זיי. — האָט מר. דארלינג גערעדט אין פאַרלעגענהייט. — איך קען ניט אריינעמען מעהר ווי פערציג אָדער פופציג אין איין קלאַס און איך האָב נישט קיין לעהרער פאר דריי נייע קלאַסען".

„די לעהרער זיינען אויך דאָ", — האָב איך איהם געלאָזט וויסען און איך האָב איהם פאָרגעשטעלט מילער'ן און קראַנצ'ען.

ערשט דאן האט ער געכאפט דעם שפאס פון דער סיטואציע און ער האט אויסגעשאסען מיט א הארציגען געלעכטער.

איך בין באשטימט געווארען אלס א מין פארמאן פון דער נייער חברה און איך האב באקומען די אויפגאבע צו קלאסיפיצי־רען און פארשרייבען די סטודענטען.

איך בין מיט דער אויפגאבע שנעל פארטיג געווארען. דעם העכסטען קלאס האב איך געהאלטען פאר זיך און די אנדערע צוויי האב איך איינגעטיילט צווישען מיינע קאלעגען.

דריי יאהר צייט בין איך געווען א לערער אין אווענט־שולען, און די עראינערונגען פון יענער צייט זיינען פון די אנגענעמסטע אין מיין גאנצען לעבען.

מיינע תלמידים זיינען געווען אין מיינע יאהרען, אדער אביסעל עלטער. די מעהרסטע פון זיי האבען געהאט א פיינע בילדונג פון די לענדער פון וועלכע זיי זיינען געקומען. זיי זיינען געווען אינטעליגענט און ערנסט און — מיט זעהר ווייניג אויס־נאמען — אויך פון ראדיקאלע נייגונגען.

מיינע באציהונגען מיט זיי זיינען געווען חבר׳ישע, ווארימע, און, צייטענווייז, ביים שלום פון זמן, זיינען זייערע אויסדרוקען פון ליבשאפט צו מיר געווען זעהר ריהרענד.

שפעטער, אין פארלויף פון פילע יאהרען, האב איך זיך אפט־מאל געטראפען מיט מענשען, וואס זיינען געווארען פראמינענט אין געבילדעטע פראפעסיעס אדער אין דער געשעפטס־וועלט און וואס האבען מיך מיט א שמייכעל דערמאנט, אז איך האב זיי געלערענט ענגליש אין דער שולע אויף וואנדעוואטער סטריט.

אין מיין פרייער צייט, אין יענע יאהרען, האב איך זיך אפ־געגעבען מיט שטודירען לאא (יוריספרודענץ). נאכדעם ווי איך האב אויסגעהאלטען דעם נויטיגען „רידזשענטס״ עקזאמען, בין איך אריינגעטראטען אין דער לאא סקול פון ניו יארק יוניווער־סיטי. אין יאהר 1893 האב איך אויסגעהאלטען דעם „באר״־עקזאמען.

איך האב זיך באלד גענומען פראקטיצירען אלס לאיער (אד־וואקאט) און בין די גאנצע צייט געבליבען אקטיוו אין דער פרא־פעסיע.

## קאַפּיטעל דריי

# דער אָנפאַנג פון סאָציאַליזם אין אמעריקע

איך בין געוואָרען א מיטגליד פון דער „סאָשעליסט לעיבאָר פּארטי” אזוי שנעל ווי איך האָב דערגרייכט דעם נויטיגען עלטער פון אכצעהן יאָהר.

די פּארטיי איז דאַן אַלט געוועזען עלף יאָהר און האָט ניט באַוויזען צו מאַכען קיין אָנזעהעוודיגען פּאָרטשריט. די צאָהל מיטגלידער איז געוועזען צווישען צוויי טויזענט און דריי טויזענט. פון זיי, האָט מען געשאַצט, זיינען ארום צעהן פּראָצענט געבאָרענע אמעריקאַנער. די איבעריגע זיינען געוועזען דייטשען מיט א צומיש פון סקאַנדינאַווער און טשעכען.

די דייטשע פּיאָנערען פון אמעריקאַנעם סאָציאַליזם זיינען געוועזען מענשען פון א הויכען טיפּ. כמעט אַלע — מיט ווענִיג אויסנאַמען — זיינען זיי געוועזען פּאָליטישע עמיגראַנטען, וועמען זייער פאָטערלאַנד האָט פארטריבען אין גלות פאר אקטיוו אנטייל נעמען אין די ערשטע קאַמפען פון ארבייטער־קלאָס אונטער דער פיהרערשאַפט פון פערדינאַנד לאַסאַל, דעם גלענצענדסטען סאָציאַליסטישען פּראָפּאַגאַנדיסט פון אַלע צייטען, אָדער פון די מארקסיסטישער פיהרער ווילהעלם ליבקנעכט און אויגוסט בעבעל.

זיי האָבען מעהרסטענס געארבייט ביי די בעסערע מלאכות און זיינען געוועזען גוט געשולט אין זייערע פאַכען. זיי זיינען געוועזען סאָליד און פארלעסליך. אין פּאָליטישער פארשטענדניש זיינען זיי געשטאַנען באדייטענד העכער פון די אמעריקאַנער ארבייטער. זייער שטילער אידעאַליזם און פעסטע ענטשלאָסענקייט זיינען מיר דאַן — אין מיין יוגענט — שטארק געפעלען געוואָרען, און איך גלויב, אז מיין דאַמאָלסדיגע נאָהענטע באַריהרונג מיט זיי האָט געהאַט א שטארקען איינפלוס אויף דער גאַנצער ענטוויקלונג פון מיין סאָציאַליסטישען שטאַנדפּונקט.

צווישען די פילע פעהיגע פיהרער פון דער באוועגונג זיינען די פּראָמינענטסטע פיגורען געוועזען אלעקסאַנדער יאָנאַס און סערגעי שעוויטש.

אלעקסאנדער יאנאס איז געווען איבער פופציג יאהר אלט, ווען איך האב איהם צום ערשטען מאל באגעגענט. ער איז געווען א בערלינער געבוירענער און ער האט — אין זעהר א גרויסער מאס — פארמאגט דעם ספעציעלען חוש פאר הומאר, מיט וועלכען בערלינער צייכענען זיך אויס. ער איז געווען א געבילדעטער און קולטורעלער מאן, א לאגישער דענקער, א גוטער שרייבער און אן איינדרוקספולער רעדנער. ער איז שטענדיג געווען געזעצט און רוהיג, אימער ניכטער און פראקטיש און ער האט דערפאר אויסגעאיבט אן ענטשיידענעם איינפלוס אויף די פיהרונגען פון דער פארטיי.

ווען די ניו יארקער „פאלקסצייטונג" איז געגרינדעט געווארען, אין יאהר 1878, איז ער אויסגעקליבען געווארען פאר הויפט־רעדאקטאר און מיט ווענינע קליינע אונטערברעכונגען האט ער געארבייט אין דער צייטונג ביז'ן סוף פון זיין לעבען.

סערגעי שעוויטש איז געווען באדייטענד יונגער פון יאנאס'ן. ער איז געווען א געבוירענער רוס און האט געשטאמט פון אן אדעליגער פאמיליע, וואס איז געווען זעהר אנגעלעגט אין צארישען הויף. ער האט שטודירט אין דייטשלאנד און אין ענגלאנד און האט געקענט פראנצויזיש, דייטש און ענגליש אזוי גוט ווי זיין מוטער־שפראך רוסיש. פונקט ווי א סך אנדערע יונגעלייט פון זיין קלאס, אין יענער צייט, איז ער אריין אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג און האט געמוזט אנטלויפען פון רוסלאנד. ער האט זיך באזעצט אין דייטשלאנד אויף א שטיקעל צייט און דארט האט ער באגעגענט און געהייראט די בילד־שעהנע יונגע גרעפין העלענא פאן ראקאוויצא, צוליב וועלכער פערדינאנד לאסאל איז געגאנגען אויף זיין באריהמטען דועל, אין וועלכען ער איז אומגעקומען.

שעוויטש איז געווען א קרעפטיג־געבויטער און אויסער־געוועהנליך שעהנער מאן און כאטש ער איז געווען א סאציאליסט און פאלקס־מענש לויט זיינע איבערצייגונגען און האט ליב געהאט די געזעלשאפט פון ארבייטער, איז ער אין זיינע מאנירען און אין אין זיין האלטונג געווען אן אריסטאקראט ביז די סאמע שפיץ פון זיינע פינגער.

געוועהנליך איז שעוויטש געווען צוריקגעהאלטען און פאמעלאך אין זיין באנעמונג, אבער ווען ער איז ארויסגעטראטען פאר

אן עולם איז ער פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין א פלאַמענדיגען רעדנער. ער איז געווען איינער פון די בעסטע קאַמפּיינערס פאר הענרי דזשאָרדזש אין די ניו יאָרקער מעיאָר־וואַהלען פון 1886 און דערנאָך האָט מען איהם געמאכט פאר הויפּט־רעדאַקטאָר פון „לידער" (פיהרער), א טעגליכע צייטונג, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען צו שטיצען די הענרי דזשאָרדזש באַוועגונג. ווען דער „לידער" האָט אויפגעהערט צו ערשיינען, האָט ער צוזאַמען מיט יאָנאַס'ן מיטגעאַרבייט אין דער רעדאַקציע פון דער „פאָלקס־צייטונג".

אין יאָהר 1901 האָט סערגעי שעוויטש, דורך דעם איינפלוס פון זיין פאַמיליע, באַקומען אַן ערלויבעניש זיך אומצוקעהרען צוריק קיין רוסלאַנד. ער האָט געוואוינט אין ריגע א שטיקעל צייט און נאָכדעם ווי ער האָט ערלעדיגט א ירושה־ענין, האָט ער זיך באַזעצט אין דייטשלאַנד.

ביי די סאָציאַליסטען אין יענער צייט איז דייטשלאַנד געווען דאָס, וואָס רוסלאַנד איז היינט ביי די קאָמוניסטען — דאָס אויסדערוועהלטע לאַנד און דער גייסטיגער צענטער פון די גלויבינגע.

די פאַרביסענע געזעצען געגען די סאָציאַליסטען האָבען מעהר געהאָלפען ווי געשטערט דעם וואוקס פון דער באַוועגונג אין די 12 יאָהר, וואָס זיי זיינען שטרענג אָנגעווענדעט געוואָרען. די געזעצען זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען, ווען עס איז געקומען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער זיג אין די רייכסטאַג־וואַהלען פון 1890. די פּאַרטיי האָט דאַן געצויגען א מיליאָן מיט 427 טויזענט שטימען פאר איהרע קאַנדידאַטען — צוויי מאָל אַזוי פיל ווי אין זייערע ערפאָלגרייכסטע וואַהלען אין פריהערדיגע יאָהרען, — און 35 סאָציאַליסטישע רייכסטאַג דעפּוטאַטען זיינען ערוועהלט געוואָרען.

שעוויטש'ס פריינט אין אַמעריקע האָבען געהאַט געהערט, אַז ער קלויבט זיך צו ווערען א דייטשער בירגער, האָפענדיג, אַז מיט דער צייט וועט ער ערוועהלט ווערען אַלס מיטגליד פון דעם גרעסטען סאָציאַליסטישען קאַמפּס־פּלאַץ אין דער וועלט — אַלס דעפּוטאַט פון רייכסטאַג. אויב דאָס זיינען טאַקע געווען זיינע האָפענונגען, זיינען זיי אויף א גראָבען און טראַגישען אופן צושמעטערט געוואָרען גלייך אין אָנפאַנג.

אין איין שעהנעם פריהמאָרגען האָט דער בערלינער „פאָר־ווערטס״, די הויפּט־צייטונג פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אָפּגעדרוקט א סענזאציאָנעלע געשיכטע, אין וועלכער ס׳איז „אראָפּגעריסען געווארען די מאַסקע״ פון סערגעי שעוויטש. ער איז באשולדיגט געוועזן אין דינען אלס א שפּיאָן און פּראָוואָקאטאָר פון דער רוסישער רעגירונג.

די באשולדיגונג איז געווען לעכערליך. די גאנצע זאַך איז אָנגעמייסטערעוועט געווארען פון זיינעם א גיפטיגען פּארטיי־געגנער אין אמעריקע; און ווילהעלם ליבקנעכט, דער לייכט־גלויביגער און קאָכיגער פיהרער פון דער דייטשער באוועגונג און הויפּט־רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״, האָט אָנגענומען די באשולדיגונג אהן אן אונטערזוכונג און אָהן אן אויספאָרשונג.

ווען די באשולדיגונג איז אָפּגעדרוקט געווארען האָט זי ארויסגערופען א שטורם פון פארדרוס און פּראָטעסט ביי די סאָציאַליסטען פון ניו יאָרק, וועלכע האָבען גוט געקענט שעוויטש׳ן און האָבען געהאט צוטרוי צו איהם. כאראקטעריסטיש דערביי איז אָבער דער פאַקט, וואָס אויס עהרפורכט און רעספּעקט פאר דער דייטשער פּארטיי און פאר איהר פארהערליכטען פיהרער ווילהעלם ליבקנעכט, האָבען זיי זיך ניט געקענט ענטשליסען אָנצופאנגען אן אָפענעם שטרייט מיט זיי. און איך, נאָך גאָר א אינגעל, האָב עס גענומען אויף זיך פאַרצושלאָגען און צו פאַרטיידיגען א פּראָטעסט־רעזאָלוציע געגען דעם געמיינעם בלבול ביים נעקסטען פּארטיי־מיטינג. די רעזאָלוציע האָט אויך אויסגעדריקט אונזער גלויבען אין דער טרייהייט און איבערגעבענקייט פון אונזער גע׳רודפ׳טען חבר און אונזער צוטרוי צו איהם.

דער אמעריקאנער פּראָטעסט האָט געהאט א ווירקונג ביז א גרויסער מאָס, ווייל דער רעדאַקטאָר פון בערלינער „פאָרווערטס״ האָט פאקטיש צוריקגעצויגען די באשולדיגונגען. נאָר דער שאָדען איז געווען אָפּגעטאָן און די פּאָליטישע קאריערע פון סערגעי שעוויטש איז געווען צושמעטערט. ער און זיין פרוי זיינען געבליבען וואוינען אין מינכען. זיי האָבען געהאט אויסגעגעבען זייער פארמעגען און האָבען זיך שנעל ארומגעזעהן, אז זיי זיינען רואינירט און האָבען ניט מעהר קיין פריינט. זיי האָבען געמאכט א סוף צו זייער ביטערען לעבען מיט זייערע אייגענע הענט. זיי האָבען גע־

שלאָסען א זעלבסטמאָרד־אָפּמאך צווישען זיך און האָבען זיךביידע גענומען דאָס לעבען אין יאָהר 1912, אין דעמזעלבען יאָהר ווען זייער פריינט אלעקסאנדער יאָנאָס איז געשטאָרבען אין ניו יאָרק פון טיפען עלטער.

די אויפגאבע, וואָס די בראווע גרופּע דייטשע סאָציאַליסטען האָט זיך דאָ געשטעלט, איז געווען ניט ווענינער ווי צו שאפען א ווירקזאמע, עכט־אמעריקאנער סאָציאַליסטישע באוועגונג אין די פאראייניגטע שטאטען. ס'איז געווען א שווערע, כמעט האָפנונגס־לאָזע אונטערנעמונג. זיי האָבען פאקטיש ניט געהאט קיין שום שטיצע פון די אמעריקאנער־געבוירענע ארבייטער. זייער באקאנט־שאפט מיט די געזעצען, מיט די פיהרונגען, און אפילו מיט דער שפּראך פון זייער נייער היים, איז געווען קנאפּ; זייערע מאטעריעלע מיטלען זיינען געווען שרעקליך קליין.

אָבער זיי האָבען קיינמאָל ניט פארלוירען דעם גלויבען אין זייער אידעאל אָדער דעם מוט ביים אָנפיהרען זייער קאמף. אין פארלויף פון כמעט 25 יאָהר האָבען זיי אָהן אויפהער געטאָן די ארבייט, וואָס זיי האָבען גענומען אויף זיך — די ארבייט פון „אמעריקאניזירען" זייער באוועגונג. זיי האָבען אין דער ארבייט ארויסגעוויזען גוואלדיגען געדולד און אן אומגעהויערע פעסטקייט און ענטשלאָסענקייט.

אין איין צייט האָט עס געשיינט אויף א ווייל, אז אָט־אָט קומט דער ערפאָלג. די גרויסע אינדוסטריעלע אומרוהיגקייט פון די שפּעטע זיבעציגער און די פריהע אכציגער יאָהרען האָט גע־בראכט א געוויסע צאָל אמעריקאנער ארבייטער אונטער דער סאָ־ציאַליסטישער פאָהן. זיי האָבען אפילו געהאט עטליכע זיגען אין לאָקאלע וואהלען. נאָר דער אנארכיסטישער לאגער, וואָס האָט דאַן אָנגעפאנגען צו וואקסען, האָט אוועקגעריסען פילע מיטגלידער, און די סאָציאַליסטישע רייהען זיינען ווידער שיטער געווארען.

ווען איך האָב זיך אָנגעשלאָסען אָן דער פּארטיי, איז די עק־זיסטענץ פון דעם ענגלישען וואָכענבלאט „וואָירקמענס אדוואָ־קעיט" (ארבייטער'ס פארטיידיגער) געווען דער איינציגער רעזול־טאט פון דער פּארטיי'ס אמעריקאניזאציע־פּאַרזוכען. דאָס וואָ־כענבלאט האָט געהאט א צירקולאציע פון ווענינער ווי פופצעהן

הונדערט קאַפּיעס און דאָס אויך מעהרסטענס צווישען די דייטשע גענאָסען, וואָס האָבען זיך געאָפּפערט צו קויפען די צייטונג.

מיט דער צייט איז אין ניו יאָרק געגרינדעט געוואָרען אן „אמע־ריקאנער סעקציע" פון דער פּאַרטיי.

אין אונזער קאָכעניש איבער דעם אידעאַל האָבען מיר אפילו ניט באמערקט דעם געוואַלדיגען שפּאַס פון דעם, וואָס א פּאָליטישע פּאַרטיי אין די פאראייניגטע שטאַטען עפענט אן איין־איינציגע „אמעריקאנער סעקציע" אין דער גרעסטער שטאָדט פון לאַנד.

אזוי שנעל ווי איך האָב געדענקט, אז מיין ענגליש איז גוט גענוג — און זעהר שטרענג צו זיך בין איך אין דער הינזיכט נישט געוועזן — האָב איך טראַנספערירט מיין מיטגלידערשאַפט פון דער רוסישער סעקציע אין דער „אַמעריקאַנער סעקציע" אריין.

די ערשטע נאָמינאציע פאר אן עפענטליכען אמט אויף א גאנצען סאָציאַליסטישען צעטעל אין דער שטאָדט ניו יאָרק איז געמאכט געוואָרען אין יאָהר 1888, ווען אַלעקסאנדער יאָנאַס איז ארויסגעשטעלט געוואָרען אלס קאנדידאט פאר מעיאָר. ער האָט ניט גערן אָנגענומען דעם אָנגעבאָטענעם כבוד און דאָס אויך ערשט נאָכדעם, ווי מיר האָבען איהם פאַרזיכערט, אז די קאָנסטיטוציע זאָגט ניט, אז מען מוז קענען ענגליש פאר דעם אמט. ארום זעכ־צעהן הונדערט בירגער פון ניו יאָרק האָבען גוטגעהייסען אונזער וועלט־אַנשויאונג — זיי האָבען געשטימט פאר איהם.

א באַשטימטע ענדערונג אין דער ריכטונג און אין די מעטאָ־דען פון דער סאָשעליסט לעיבאָר פּארטי איז פאָרגעקומען דורך דעם אָנקומען פון דעניעל דע ליאָן, וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער פּאַרטיי אין יאָהר 1890.

דע ליאָן האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א נייעם טיפּ פיהרער אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אמעריקע.

געבאָרען אין קאָראַקאַאָ, אויף איינעם פון די וועסט אינדישע אינזלען, וואָס ווערען רעגירט פון האָלאנד, איז ער אלס יונגערמאן געקומען אין די פאראייניגטע שטאַטען. ער האָט געשטודירט אין האָלאַנד, אין דייטשלאַנד און אין דער לאָאָ־סקול פון קאָלאָמביא אוניווערזיטעט אין ניו יאָרק, און שפּעטער האָט ער געהאַלטען לעק־ציעס אין דעמזעלבען קאָלאָמביא אוניווערזיטעט איבער אינטער־נאַציאָנאלען געזעץ און דיפּלאָמאַטיע.

ער האָט אקטיוו געשטיצט הענרי דזשאָרדזש אין זיין קאמפּעין פאר מעיאָר און האָט זיך דערנאָך אלץ מעהר און מעהר אינטע־רעסירט מיט די סאָציאליסטישע און ארבייטער באוועגונגען.

אין פארלויף פון א צעהנדליג יאָהר האָט ער אויסגעאיבט אן ענטשיידענדען איינפלוס אויף דער סאָשעליסט לעיבאָר פּארטי. ער איז פּאַקטיש געווען דער ערשטער, און וואַרשיינליך אויך דער איינציגער, מענש וואָס האָט פארנומען דעם פּלאַץ פון א פּאָליטי־שען באָס אין דער סאָציאליסטישער באוועגונג פון אמעריקע.

דעניעל דע ליאָן איז געווען געוואלדיג פּ ע ר ז ע נ ל י ך אין זיין באַציהונג. כמעט גלייך ווי ער איז ערשינען אויף דעם סאָציאליסטישען קאמפּס־פעלד, האָט ער צוטיילט די באוועגונג אין צוויי געגנערישע לאַגערען — זיינע איבערגעגעבענע פארעהרער און נאָכפאָלגער און זיינע ביטערע קריטיקער און געגנער. איצטער, צוואנציג יאָהר נאָך זיין טויט, איז נאָך אלץ ניט לייכט צו געבען א גערעכטע און אומפּארטייאישע אָפּשאַצונג פון זיין פערזענליכקייט און פון דער ראָל, וואָס ער האָט געשפּילט אין דער געשיכטע פון אַעריקאַנעם סאָציאליזם.

דע ליאָן איז אָהן צווייפעל געווען א מענש מיט ברייטען וויסען, זעלטענע פעהיגקייטען און געוואלדיגער ענערגיע. ער האָט געדינט דעם אידעאל פון סאָציאליזם, ווי ער האָט איהם פאַר־שטאַנען, מיט פולשטענדיגער איבערגעבענקייט. ער האָט אומגע־הייער שטארק געגלויבט אין סאָציאליזם און אין דער צוקונפט פון סאָציאליזם, נאָר נאָך מעהר האָט ער געגלויבט אין זיך אליין. ער האָט קיינמאָל ניט ארויסגעוויזען דעם מינדסטען צווייפעל אין דער ריכטיגקייט פון זיין שטייגער אויסטייטשען די סאָציאליסטישע וועלט־אנשויאונג; ער האָט קיינמאָל אויף א האָר ניט געצווייפעלט אין דער פאָלקאָמענהייט פון זיינע מעטאָדען און פון זיין טאַקטיק.

אלע די, וואָס האָבען איינגעשטימט מיט איהם, זיינען ביי איהם געווען גוטע סאָציאליסטען. ווער נאָר עס איז ניט געווען איינפארשטאַנען מיט זיינע מיינונגען, איז ביי איהם געווען א שונא פון דער גאַנצער באוועגונג. ער איז קיינמאָל ניט איינגעגאַנגען אויף קיין פּשרות אָדער פּארמילדערונגען ניט אין דער סאָציאליס־טישער באוועגונג און ניט אויסער איהר.

„יעדער איינער, וואָס איז ניט  מ י ט  מיר, איז געגען מיר", — איז געווען זיין מאָטאָ און זיין שטענדיגער שטאַנדפּונקט אין אַלע זיינע פּאָליטישע באַציהונגען און פון זיין גאַנצער פּראַקטישער טעטיגקייט.

דעניעל דע ליאָן איז געווען א פאַנאַטיקער.

א שאַרפער דענקער, א אָהן־רחמנות'דיגער לאָגיקער, איז ער אזוי מיטגעריסען געוואָרען פון זיין אייגענעם עטוואָס־תלמודים־טישען געדאַנקען־גאַנג, אז ער האָט שוין דאָס ווירקליכע לעבען ניט געזעהן.

ער איז געווען א דורכאויס־דרומדיגער טיפּ: קליין אין וואוקס, מיט ריהרעוודיגע געזיכטסציגע און מיט דורכדרינגענדע שאַרפע אויגען. ער איז געווען א שאַרפער שרייבער, א פליסיגער רעדנער און א בייסענדער דעבאַטאַנט. צו זיינע געגנער איז ער קיינמאָל ניט געווען העפליך אָדער מילד. זיינע מאָדנע אייגענשאַפטען און מעטאָדען זיינען ניט געווען דורכאויס א רעזולטאַט פון זיין פּער־זענליכען טעמפּעראַמענט און כאַראַקטער. אמווייניגסטענס טייל־ווייז זיינען זיי געווען דער לאָגישער אויסדרוק פון זיין געזעלשאַפט־ליכער וועלט־אַנשויאונג. דע ליאָן איז ניט געווען קיין סאָציאַל־דעמאָקראַט מיט'ן טראָפּ אויף „דעמאָקראַט". ער איז געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון דעם פראַנצויזישען רעוואָלוציאָנער אוי־גוסט בלאַנק, און פון יענעמס באַגריף וועגען „פאַרכאַפּען די מאַכט".

אָרגאַניזאַציע איז ביי איהם געווען בילכער פון אויפקלערונג, פּאָליטיק — העכער פון עקאָנאָמישען קאַמף, און פיהרער — וויכ־טיגער ווי די מאַסען־מענשען פון דער באַוועגונג. ער האָט אין זיך דאָן אין אמעריקע פאַרקערפּערט דעם רוסישען באָלשעוויזם נאָך איידער דער באָלשעוויזם איז געבאָרען געוואָרען.

ער האָט געמאַכט א פאַרזוך צו פאַרכאַפּען די „נאַיטס אָוו לעיבאָר" (אַמאָליגער פאַרבאַנד פון יוניאָנס) און די „אמעריקען פעדעריישאַן אוו לעיבאָר", און ווען דאָס איז איהם ניט געלונגען, האָט ער אָרגאַניזירט אן אָפּאָזיציאָנעלע טרעיד־יוניאָן קערפּער־שאַפט אונטער'ן נאָמען „סאָשעליסט טרעיד ענד לעיבאָר אַלייענס". אויף אזא שטייגער האָט ער געבראַכט צו אן אָפענעם ברוך מיט דער אָרגאַניזירטער ארבייטער־באַוועגונג פון לאַנד.

זיין פּאָליסי פון אַנטאַגאָניזירען די יוניאָנס און זיין רעזשים פון דעספּאָטיזם און אונטאָלעראַנץ האָט געפירט צו אַ שטאַרקער און אָרגאַניזירטער אָפּאָזיציע געגען איהם.

די ענדגילטיגע שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען אין יאָהר 1899. די פּאַרטיי איז צובראָכען געוואָרען אויף צוויי געגנערישע טיילען, און יעדע פון זיי האָט גע'טענה'ט, אַז זי איז בארעכטיגט צו דעם נאָמען און אַז צו איהר באַלאַנגט דאָס אייגענטום פון דער פּאַרטיי.

די שפּאַלטונג איז געקומען נאָך אַ לאַנגען און ביטערען קאַמף אין דער פּאַרטיי. די פּראַקציע פון דער אַדמיניסטראַציע איז גע־שטיצט געוואָרען פון די אָפיציעלע פּאַרטיי־צייטונגען, „דהי פּיפּעל" אין ענגליש און פון דייטשען „פאָרווערטס", און די אָפּאָזיציע האָט זיך גרופּירט ארום דער טעגליכער דייטשער „פאָלקס־צייטונג".

איך בין אויסגעקליבען געוואָרען פון מיינע גענאָסען פאַר דער שווערער ארבייט פון אָנפיהרען די אָפּאָזיציע.

צווישען דעניעל דע ליאָן און מיר איז קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסע ליבע. מיך האָט אָפּגעשטויסען פון איהם זיין דיקטאַ־טאָרישע האַלטונג, וואָס איז אַזוי אבסאָלוט אויסען וועג אין אַ פרייוויליגער און דעמאָקראַטישער באַוועגונג. דערצו האָב איך געהאַלטען זיין טרעיד־יוניאָן פּאָליסי אלס זעלבסטמאָרד פאַר דער פּאַרטיי.

ווען די „סאָשעליסט טרעיד און לעיבאָר אַלייענס" (סאָציאַ־ליסטישע פאַך־און ארבייטער פארבאנד) איז געוואָרען אָרגאַניזירט און אָפיציעל גוטגעהייסען פון דער פּארטיי אויף איהר נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן אין יאָהר 1896, האָב איך דאָס ניט געקענט אָראָפּ־שלינגען און איך האָב זיך אויף אַ צייט צוריקגעצויגען פון אקטי־ווער פּארטיי־ארבייט. איך האָב אָבער שנעל איינגעזעהן, אַז שטעהן פון דערוויטענס איז ניט קיין וועג. איך בין צוריק אריין אין שפּאַן מיט דער ענטשלאָסענהייט אָנצופיהרען אַן אָפּענעם קאַמף געגען דעם גייסט און געגען די מעטאָדען, וואָס מיר האָבען צווישען זיך באַצייכענט אלס דעליאָניזם.

געלעגענהייטען צו קעמפפען האָב איך געהאַט איבערגענוג. אויף די שפּאַלטען פון די פּארטיי־צייטונגען, ביי די מיטינגען פון די פּארטיי־סעקציעס און ביי אָהן אַ שיער פּריוואטע קאָנפערענצען,

האָט די שלאַכט געפלאַקערט פון ביידע זייטען מיט אלץ מעהר און מעהר ביטערקייט, און אין אלץ האָב איך אנטייל גענומען.

דעניעל דע ליאָן האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין א געגנער, מיט וועלכען ס'איז גאָרניט געווען גרינג פארטיג צו ווערן. אין גע־וויסע הינזיכטען האָב איך קיינמאָל ניט באגעגענט נאָך אזא מענ־שען ווי ער. אין דעם, וואָס אין זיינע אַטאַקעס זיינען ביי איהם אלע מיטלען געווען כשר, אין דער קונציגקייט פון זיינע אינטריגעס און אין דער פילפארביגקייט פון זיין גיפט האָט ער צו זיך קיין גלייכען ניט געהאט.

אָבער טראָץ זיינע פייערדיגע מעטאָדען פון קאמף — און מעגליך, אז נאָר דוקא צוליב זיי — האָט די אָפּאָזיציע געהאלטען אין איין וואקסען. אין דער צייט, וואָס דער אָפיציעלער פּארטיי־נאָמען איז אין די געריכטען צוגע־פּסק'ענט געוואָרען דער דעליאָן פראקציע, האָבען אָבער די געגנער געהאט מיט זיך די מערהייט מיטגלידער.

דערוויל אָבער האָט דער אמעריקאנער סאָציאַליזם צוגעקראָ־גען נייע קרעפטען פון אן אונערוואַרטעטער זייט. אין דער מידעל־וועסט האָט זיך באַוויזען א דורכאוים אמעריקאנישע, כאָטש אַן עטוואָס צושוואומענע סאָציאַליסטישע באַוועגונג — דער רעזולטאַט פון א מין שידוך צווישען געוויסע ראַדיקאלע עלעמענטען, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבען פון די פּאָפּוליסטען (א ליבעראלע פּאָלקס־פּארטיי) מיט די רעשטלאָך פון דער אמעריקאנער אייזענבאהן יוניאָן (אמעריקאן רעילוועי יוניאָן), וועלכע איז צושמעטערט גע־וואָרען אין דעם באַריהמטען פּולמאַן־סטרייק. די באַוועגונג האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט אין יאָהר 1897 אין דער גרינדונג פון אַן אָרגאַניזאַציע מיט'ן נאָמען „סאָשעל דעמאָקראַסי אָוו אמעריקא" (סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון אמעריקע). מיט א יאָהר שפּעטער האָט זיך די נייע פּארטיי געשפּאָלטען אויף צוויי טייל.

די אָרגאַניזאַציע איז געבליבען אין די הענט פון א גרופּע טרוימער, וועלכע האָבען געוואָלט איינפיהרען סאָציאַליזם דורך פארשפּרייטען קאָאָפּעראטיווע קאָלאָניעס, און די אָנהענגער פון א מאָדערנעם סאָציאַליסטישען פּראָגראַם האָבען געגרינדעט די „סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישע פּארטיי פון אמעריקע".

צו אַט דער פּאַרטיי האָט זיך די רעוואָלטירטע פּראַקציע פון דער סאָשעליסט לעיבאָר פּאַרטי געווענדעט נאָך אייניגקייט און קאָאָפּעראַציע.

אָפיציעלע פּאַרהאַנדלונגען פאַר דעם צוזאַמענשמעלצען פוןביידע אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך אָנפאַנגען ביי דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין אינדיאַנאַפּאָליס, אין מאָנאַט מאַרטש, 1900.

איך האָב ביגעוואוינט די קאָנווענשאָן אַלס א מיטגליד פון א קאָמיסיע, וועלכע די אָרגאַניזאַציע פון דעליאָנ׳ס געגנער האָט געשיקט אָנצובאָטען אונזערע הענט און אונזערע הערצער צו אונזערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גענאָסען. אין דער קאָמיטע צוזאַמען מיט מיר זיינען געווען: דזשאַב הערימאַן, א קאַליפאָרניער אדוואָקאַט, א מאַן מיט א זעלטענער רעדנער־קראַפט, מיט א טיפער אויפריכטיגקייט און מיט אַן אויסערגעוועהנליך־סימפּאַטישער פּערזענליכקייט; און מאַקס העיז, א דרוקער פון קליוולאַנד, וועלכער איז געווען גלייך פּראָמינענט און פּאָפּולער אין דער סאָציאַליסטישער ווי אין דער טרעיד־יוניאָניסטישער באַוועגונג.

ביי דער געלעגענהייט האָב איך צום ערשטען מאָל באַגעגענט די צוויי הויפּט־פירער פון דער נייער פּאַרטיי, וועמען ס׳איז באַשערט געווען צו שפּילען אַזעלכע וויכטיגע ראָלען אין דער שפּעטערדיגער געשיכטע פון אַמעריקאַנער סאָציאַליזם — יודזשין וו. דעבס און וויקטאָר ל. בערגער.

די דאָזיגע צוויי מענער זיינען געווען דורכאויס פאַרשיידען איינער פון אנדערען. יעדער איז אויף זיין שטייגער געווען א מעכטיגע פיגור. און ביידע האָבען געמאַכט א טיפען איינדרוק אויף מיר.

דעבס איז געווען א מאַן פון איינדרוקספולען אויסזעהן. א הויכער און א ביינינער, מיט אַן אויסדרוק פון אומענדליכער גוטסקייט, וואָס האָט געשטראַלט פון זיינע לויטערע אויגען און פון זיין גאַנצען וועזען, האָט ער באַלד צוגעצויגען צו זיך און באַצויבערט.

ביכער, בראָשורען, אַרטיקלען און לידער זיינען געשריבען געוואָרען וועגען דעם דאָזיגען אויסערגעוועהנליכען מאַן און זיין אינטערעסאַנטער קאַריערע; וועגען זיין יוגענט אַלס גראָסערי קלוירק און אייזענבאַהן אַרבייטער; וועגען זיין שפּעטערדיגער שטעלע אַלס

גוט־באַצאָלטער יוניאָן באַאמטער; וועגען זיין פּריוווילִיגען פאַרלאָזען דעם אַמט, אום זיך אָפּצוגעבען מיט דער שווערער ניט־באַצאָלטער ארבייט פון אָרגאַניזירען די ניט־אָרגאַניזירטע אייזענבאהן־ארביי־טער; וועגן זיין מוטיגער אָנפירונג פון פּולמאַן סטרייק, דעם פאַר־בענרייכסטען סטרייק אין אמעריקע; וועגען זיין באקערונג צום סאָציאַליזם; וועגען זיין געגנערשאפט צו דער מלחמה און וועגען זיין אָפּטען זיצען אין טורמע פאר זיינע איבערצייגונגען.

כמעט אַלץ, וואָס איז געשריבען געוואָרען וועגען דעבס'ן, איז אויסגעדריקט אין געפּליגעלטע ווערטער. כמעט אלע, וואָס האָבען געשריבען וועגען זיין לעבענס־געשיכטע, זיינען ענטוזיאסטיש און ניט־קריטיש.

און ס'איז טאקע ניט געווען פיל צו קריטיקירען אין דעבס'ן. ער האָט זיך געקענט ניט זיין קיין אָריגינעלער דענקער און קיין פּראַקטישער אָרגאַניזאַטאָר. ער האָט זיך געקענט וועניג, אדער גאָרנישט, בייטראָגען צו דער ענטוויקלונג פון סאָציאַליסטישער טעאָריע אָדער צו דער איינפירונג פון פּראקטישע מעטאָדען פאר דער באוועגונג; דאָך איז ער אָהן צווייפעל געווען דער אָנגעזעהענס־טער פירער פון אמעריקאנעם סאָציאַליזם. זיין קראַפט און זיין איינפלוס האָבען ארויסגעשטראַלט דורכאויס פון זיין אייגענער פּערזענליכקייט און זייער קוואַל איז געווען זיין ענדלאָזע ליבשאפט צום מענשען. איך האָב קיינמאָל ניט געקענט נאָך א מענשען, וואָס זאָל האָבען געווען אזוי טיף, אזוי דורך־און־דורך, כמעט פיזיש אָנגעזאפּט מיט ליבע צו זיינע מיטמענשען, ווי דעבס איז געווען.

צווישען אלע שילדערונגען פון יודזשין דעבס'עס כאראקטער און די פאַרזוכען צו ערקלערען זיין באזונדערען פּערזענליכען מאַג־נעטיזם איז ווארשיינליך ניטאָ קיין שארפערע און אמת'ערע, ווי די כאַראַקטעריזאַציע פון דזשעימס וויקאָם ראַילי, דער פאָלקס־פּאָעט פון אינדיאַנא, דער סטייט פון וועלכען דעבס קומט. די כאַראַקטע־ריזירונג איז אין פיר שורות, וואָס ווערען אָפט פאַרגעלייענט. זיי זיינען ווי פאָלגט:

And there's Gene Debs—a man 'at stands
And jest holds out in his two hands
As warm a heart as ever beat
Betwixt here and the Judgment Seat.

(אין אידישער איבערזעצונג וואָלטען זיך די פיר שורות גע־ לייענט אַן ערך אַזוי:

אָט איז דזשין דעבס, אַהער געווענדט,
און ער שטרעקט אויס צו אונז מיט ביידע הענט
אַ וואָרים האַרץ, וואָס איינס איז אין דער וועלט,
סײַ דאָ און סײַ אין הימלישען געצעלט.)

ער האָט געהאַלטען זיין האַרץ אין זיינע ביידע הענט און האָט עס אויסגעשטרעקט צו אַלעמען — אָט אין דעם איז געלעגען דער סוד פון זיין פּאָפּולאַריטעט און דער קוואַל פון זיין קראַפט. דעבס איז אָבער דערביי געווען אַן איבערקלייבער אין זיין ליבע.

דערפאַר וואָס ער איז געווען אַזוי טיף און אַזוי פאָלקאָם דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט צו זיינע מיטמענשען, האָט ער אויך געקענט גוט האַסען.

ער האָט געהאַסט אַלע פאָרמען פון אונטערדריקונג מיט אַ ברענענדיגער שנאה און ער האָט מיט גרוים ליידענשאַפט פאַרדאַמט די אונטערדריקער.

ער איז געווען אַ קריגער און אַ קעמפער און קיין זאַך האָט איהם ניט פאַרשאַפט אַזויפיל פאַרגעניגען ווי אַ ריכטיגער שווערער קאַמף פאַר אַ גוטען צוועק.

אַ שפּאַסיגער פאַל, וואָס גיט אַ גוטען באַגריף פון דער דאָזי־ גער אייגענשאַפט פון זיין כאַראַקטער, קומט מיר איצט אויפ'ן זינען:

„דזשין" דעבס איז נאָר־וואָס געהאַט באַגנאַדיגט געוואָרען דורך פרעזידענט האַרדינג, נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעזעסען דריט־ האַלבען יאָהר פון אַ צעהן־יאָהריגען טערמין, צו וועלכען ער איז פאַר'משפט געוואָרען אונטער דעם שפּיאָנאַזש־געזעץ. די באַגנאַ־ דיגונג האָט ניט ענטהאַלטען קיין פאָרמעלען צוריקקער פון בירגער־ רעכט און דעבס איז געווען אונטער'ן איינדרוק, אַז ער האָט זיין בירגער־רעכט פאַרלוירען און איז אַ „מענש אָהן אַ לאַנד".

דאָס איז געווען אַ טייערע געלעגענהייט אָנצופאַנגען אַ ריכ־ טיגען קאַמף, ניט פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר די טויזענטער אומגליק־ ליכע קרבנות פון אַ האַרצלאָזער, ברוטאַלער „גערעכטיגקייט"; פאַר די אַלע, וואָס זיינען פאַראורטיילט צו בלייבען רעכטלאָז, אָהן שוץ

פון געזעץ, נאָכדעם ווי זיי האָבען שוין פאָלשטענדיג אָפּגעדינט די שטראָף פאר די פארברעכענס, אין וועלכע מען האָט זיי באשול־דיגט.

דעבס האָט זיך געגרייט צו א שטארקען קאמף געגען דעם דאָ־זיגען בארבארישען צושטאנד, און ער איז געקומען קיין ניו יאָרק זיך צו בעראטען מיט מיר וועגען זיינע פּלענער.

אין א שעהנעם פריהמאָרגען, ארייגקומענדיג אין מיין אָפיס, האָב איך געפונען זיין לאנגע פיגור איינגעהויקערט אין א שטול. ער האָט געוואַרט אויף מיר. דער זעלבער דזשין דעבס וואָס אמאָל. די יאָהרען אין די טורמעס פון מאונדסוויל און אטלאנטא האָבען נים צובראָכען דעם גייסט פון אַלטען קעמפּער. ער איז געווען רירעוודיג און קאמפּלוסטיג, און כמעט פון ערשטען מאָמענט אָן האָט ער זיך ארייגעלאָזט אין א דיסקוסיע איבער זיין געפּלאנטען קאמפּעין.

צו יענער צייט האָב איך שוין דערווייל געהאט נאָכגעפאָרשט דאָס געזעץ און איך האָב זיך איבערצייגט, אז דער פארשפּרייטער איינדרוק, אז א פאראורטיילונג פאר א פארברעכען נעמט צו די בירגער־רעכט, איז פאלש. א מענש, וואָס ווערט פאראורטיילט פאר א פארברעכען, פארבלייבט א בירגער אין אלע הינזיכטען, חוץ נאָר וואָס אָפּטמאָל זיינען זיינע רעכט צו שטימען און האלטען אָן עפענטליכען אַמט פארבאָטען דורך שטאאטס־געזעצען. די געזעצען פון אינדיאנא, דער שטאאט, וואו דעבס האָט געוואוינט, זיינען גאנץ ליבעראל אין דער הינזיכט.

איך האָב געפיהלט, אז מיין יוריסטישע ענטדעקונג וועט מיין קליענט ניט צופיל צופרידענשטעלען און איך האָב עס איהם בא־ריכטעט זעהר פאָרזיכטיג.

— די שוואכקייט פון אייער קעיס, — האָב איך געזאָגט,— באשטעהט אין דעם, וואָס איהר האָט גאָרנישט פארלוירען אייערע בירגער־רעכט. איהר זייט נאָך אלץ א בירגער פון די פאראייניגטע שטאאטען.

דעבס איז געוואָרען אויסער זיך.

— וואָס מיינט איהר, איך בין נאָך אלץ א בירגער,—האָט ער אויסגערופען מיט ענטריסטונג. — אלע צייטונגען באהויפּטען, אז איך האָב פארלאָרען מיין בירגערשאפט, און דער יונייטעד

סטיוםס אמוירני דזשענעראל, דער יוסטיץ־מיניסטער, באשטעטיגט עס.

איך האָב איהם דערלאַנגט א מעמאָראַנדום איבער דעם געזעץ, וואָס איך האָב געהאט צוגעגרייט. ער האָט איבערגעלייענט ד׳עם דאָקומענט מיט א זעהר־אומצופרידענער מינע. מיט אן אויסדרוק פון גרויס ענטוישונג אויף זיין פנים, האָט ער מיר אומגעקערט דאָס פאפיר, וואָס האָט איבערגעגעבען די מיינונגען פון באַריהמטע געזעץ־קענער וועגען דער פראגע.

איך האָב זיך געפיהלט שולדיג און איך האָב מיט ווענינ איבערצייגונג פאָרגעשלאָגן: „אויב איהר ווילט פארפיהרען א פראָבע־פראָצעס וועגען אייערע רעכט, דזשין, קענט איהר מאַכען א פארזוך זיך צו רעגיסטרירען און צו שטימען אין די קומענדיגע וואהלען. אויב די לאָקאלע עלעקשאָן־באארד וועט אייך שטערען, וועלען מיר דאן פאָרברענגען די גאנצע זאך אין געריכט״.

דעבס האָט אָבער מיין פּלאַן שנעל צוריקגעוויזען.

— אָה זיי וועלען ניט פּרובירען צונעמען מיין רעכט צו שטימען אין מיין שטאָדט טערא האָוט, — האָט ער געזאָגט מיט א טאָן פון פארדרוס.

אן אויסגעצייכענטער „פאיט״ (קאמף) האָט זיך איהם איינפאך ארויסגעגליטשט פון צווישען די פינגער.

יודזשין וו. דעבס און איך האָבען זיך ניט שנעל צוגעפאסט איינער צום צווייטען. אין די ערשטע יאָהרען פון אונזער באקאנטשאפט האָבען מיר געהאט עטליכע צוזאמענשטויסען איבער פראגען פון פּארטיי־פּאליסי. דעבס האָט געקענט זיין גאנץ פייערדיג אין קריגערייען מיט זיינע געגנאָסען סאָציאליסטען, נאָר ער האָט קיינמאָל ניט געטראָגען קיין קריוודע אין הארצען און קיינער האָט צו איהם לאנג ניט געקענט האָבען קיין קריוודע. אין די שפּעטערדיינע יאָהרען זיינען מיר געוואָרען נאָהענטע פריינט און מיר האָבען שוין ניט דערלאָזט, אז פארטיי־שטרייטיגקייטען זאָלען שטערען אונזערע פּערזענליכע באציהונגען.

וויקטאָר בערגער איז געווען נאָר אן אנדער טיפּ ווי דעבס, און ער האָט פארנומען נאָר אן אנדער פּלאַץ אין דער סאָציאליסטישער באוועגונג.

אין איינעם פון זיינע לעצטע ראָמאַנען האָט דער אמעריקאַנער שריפטשטעלער סינקלער לואיס פאַרגליכען בערגער'ן און דעבס'ן צו צוויי אַפּאָסטאָלען פון דער קריסטליכער רעליגיע. בערגער'ן האָט ער פאָרגעשטעלט אַלס פּאָול און דעבס'ן אַלס דזשאהן. דער אמעריקאַנער שריפטשטעלער האָט באַנוצט דערביי דעם אַנגענו־מענעם טראַדיציאָנעלען באַגריף פון אַפּאָסטאָל דזשאהן אַלס דעם געטליכען נביא, פּרעדיגער און פּאָעט פון א יונגער רעליגיע, און אַפּאָסטאָל פּאָול אַלס איהר פּראַקטישען פּראָפּאַגאַנדיסט און בויער — א זעהר געראָטענער פאַרגלייך.

וויקטאָר בערגער האָט ניט געהאַט ניט דעם גוואַלדיגען ברען, ניט דעם פייערדיגען אידעאַליזם, ניט די סענטימענטאַלע נאַטור און געפּיהלפולע מאַניערען, וואָס יודזשין דעבס האָט פאַרמאָגט. ער איז געקומען פון אַן אַנדער ערד און פון אַן אַנדער שטאַם און זיין טעמפּעראַמענט, אַזוי גוט ווי זיין אַרט דענקען, זיינען גאַנץ אַנ־דערש געווען.

געבאָרען אין עסטרייך אין יאָהר 1860 האָט ער געשטודירט אין די אוניווערסיטעטען פון וויען און בודאַפּעסט און איז געקו־מען קיין אמעריקע צו אַכטצעהן יאָהר. א שטיקעל צייט נאָך זיין קומען אַהער האָט ער זיך באַזעצט אין מילוואָקי, אין דער שטאָדט, וואָס אויף איהר פּאָליטישען שיקזאַל האָט ער שפּעטער געהאַט אַן אונגעהייערען איינפלוס.

אין יאָהר 1896 איז ער נאָך אַלץ געווען פאַרבונדען מיט דער פּאָפּוליסטישער באַוועגונג, כאָטש ער איז שוין זינט עטליכע יאָהר געווען אַן איבערצייגטער סאָציאַליסט. ווען די „סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע" פון אמעריקע איז געגרינדעט געוואָרען, האָט ער זיך באַלד אָנגעשלאָסען אָן דער אָרגאַניזאַציע. פון דאַן אָן ביז אין זיין טראַגישען טויט, דורך אַן עקסידענט, אין יאָהר 1929, איז ער גע־ווען איינער פון די לייטנדע גייסטער אין דער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג פון אַמעריקע.

דער הויפּט־געביט און דער דירעקטסטער געביט פון זיין טע־טיגקייט איז געווען די שטאָדט, וואו ער האָט געוואוינט און וואו ער האָט אויפגעבויט א מעכטיגע אָרגאַניזאַציע. אין יאָהר 1910 איז ער ערוועהלט געוואָרען אַלס קאָנגרעסמאַן, אַלס דער ערשטער סאָציאַליסטישער מיטגליד פון רעפּרעזענטאַנטען־הויז. ער איז א

צוווייטען מאָל ערוועהלט געוואָרען אין 1918, נאָר מ׳האָט איהם ניט געלאָזט פארנעמען זיין פּלאַץ איבער זיין געגנערשאפט צו דער מלחמה. כאָטש ער איז צוויי מאָל ווידערערוועהלט געווארען מיט אַלץ גרעסערע און גרעסערע מעהרהייטען שטימען האָט מען פאַר איהם געהאַלטען פארשלאָסען די טירען פון קאָנגרעס ביז דעם יאָהר 1922, ווען מען האָט איהם ענדליך אריינגעלאָזט. ער איז ווידערערוועהלט געוואָרען אין יאָהר 1924 און דאן ווידער אין יאָהר 1926.

און טאקע אין דער צייט, וואָס וויקטאָר בערגער איז געווען אין רעפּרעזענטאנטען־הויז אלס דער איינציגער סאָציאליסטישער קאָנגרעסמאן, האָט ער זיך געשאפען א נאָמען איבער׳ן גאנצען לאנד אלס אויסגעהאלטענער שטענדיגער פארטיידיגער פון סאָציאלע פארבעסערונגען, פון ארבייטער־געזעצען און אלס אן אויסגעצייכענטער פארטרעטער פון דער סאָציאליסטישער וועלט־אנשויאונג.

ער איז ניט געווען קיין אָראטאָר און האָט פיינט געהאט שעהנע פראַזען אין רעדען און שרייבען. ער איז אבער געווען א גרינדליכער קענער פון דער סאָציאליסטישער טעאָריע, און ער האָט פארמאָגט אן אוצר פון וויסען אויף די געביטען פון סאָציאלער וויסענשאפט און היסטאָריע.

ער האָט געהאט פעסטע איבערצייגונגען וועגען יעדער פראגע און א זעלטענע פעהיגקייט איבערצוגעבען זיין שטאנדפונקט קלאָר און איינפאך. אין פארטיי־בעראטונגען איז ער געווען געניגט צו זיין איינגעשפארט, שטארק ביי זיך און זעהר אונטאָלעראנט צו געגנערישע מיינונגען.

ער איז געווען עגאָאיסטיש אָהן א ברעג. דאָך האָט זיין עגאָ־איזם קיינמאָל ניט געשמעקט מיט גרויסהאלטעריי און האָט אויך ניט שאָקירט. עס איז געווען דער אויסדרוק פון א טיפען און נאַאיווען גלויבען אין זיך, און טאקע פון דעם דאָזיגען גלויבען האָט זיך אין א גרויסער מאָס גענומען זיין קראפט איבער מענשען.

בערגער און איך האָבען געהאט אָפטע צוזאמענשטויסען אי־בער פראגען פון סאָציאליסטישער טאקטיק, און אין די דאָזיגע צוזאמענשטויסען האָבען מיר זעלטען־ווען געשאנעוועט איינער דעם צווייטענס געפיהלען. מיר זיינען אָבער אימער געווען פריינט, און

די פריינטשאַפט צווישען אונז איז געוואָרען אַלץ נעהנטער און שטאַרקער, וואָס מעהר יאָהרען עס זיינען אוועק.

לאָמיר זיך אָבער אומקעהרען צום יאָהר 1900 און צו אונזער פאראייניגונגס־קאָנווענשאָן אין אינדיאנאַפּאָליס.

דער מעסעדזש פון פריינטשאַפט און קאָאָפּעראַציע, וועלכען מיר, אָפּגעשפּאָלטענע פון דער סאָשעליסט־לעיבאָר פּארטי, האָבען געבראַכט צו די פארזאמעלטע דעלעגאטען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּארטיי, איז פון זיי אויפגענומען געווארען מיט שטורמדיגע אפּלאָדיסמענטען און מיט גוואַלדיגען ענטוזיאזם. דער פּרינציפּ פון פאראייניגונג איז אָנגענומען געווארען גלייך אויפ׳ן פּלאַץ, און קאָמיטעס פוןביידע אָרגאַניזאַציעס זיינען באַשטימט געווארען אויסצואַרבייטען די טעכנישע איינצעלהייטען.

די קאָנווענשאָן האָט זיך געשלאָסען אין אַן אַטמאָספערע פון העכסטער באַגייסטערונג און פרייד. עס איז אָבער שנעל קלאָר געוואָרען, אַז מ׳האָט זיך צו־פריה געפרעהט.

עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז די פיהרער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּארטי, איינשליסענדיג דעבס׳ן און בערגער׳ן, זיינען שוין געווען אזוי באַגייסטערט פאַר א פאראייניגונג, ווי עס זיינען געווען זייערע נאָכפאָלגער. זיי האָבען געהאט עפּעס א חשד אויף דעם כאראַקטער און אויף די אבזיכטען פון דער רעוואָלטירטער גרופּע פון דער פאַרהאַסטער סאָשעליסט לעיבאָר פּארטי. אויף דער קאָנווענשאָן האָבען זיי זיך געבויגען פאַר דעם אומגעהייערען סענטימענט פון די דעלעגאטען. אבער ווען מ׳האָט איבערגעגעבען אין זייערע הענט דורכצופיהרען דעם שידוך, האָבען זיי פאַרקירעוועט אויף צוריק און האָבען באַשלאָסען אינגאַנצען זיך ניט צו פאראייניגען. דער באַלדיגער רעזולטאַט פון דעם באַשלוס איז געווען א צושפּאַלטונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּארטיי אויף צוויי באַזונדערע פראַקציעס — די „פאראייניגער" און די „אַנטי־פאראייניגער".

ס׳איז געווען א חורבן אין די רייהען פון דער אָרגאַניזירטער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. סאַי די סאָשעליסט לעיבאָר פּארטי, סאַי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּארטיי זיינען געווען צוריסען. די פראַקציעס, וואָס האָבען געשטיצט די אדמיניסטראַציעס פון ביידע פּאַרטייען, האָבען געהאַט הויפּט־קוואַרטירען אין ניו יאָרק און אין

שיקאגא. אין דערזעלבער צייט האָבען די פאראייניגטע רעוואָל־
טירטע פליגלען פוןביידע אויך אָנגענומען דעם נאָמען „סאָציאַל־
דעמאָקראַטישע פּארטיי" און האָבען געעפענט הויפּט־קוואַרטירען
אין ספּרינגפיעלד, מאַסאַטשוזעטס, און יעדער צד האָט אָנגעפיהרט
א ביטערע מלחמה געגען די אנדערע צדדים.

די סאָציאַליסטען האָבען דאַן, פּונקט ווי היינט, געהאַט די
טבע אויסצודריקען זייערע געפילען אין א פייערדיגער שפּראַך,
באַזונדערס ביי אינערליכע קריגערייען, און קיינמאָל האָבען זיי זיך
מיט דעם מיטעל ניט באַנוצט אזוי שטאַרק ווי אין יענער צורייצ־
טער צייט.

עס באַפאַלט מיך א שוידער, ווען איך דערמאָן זיך איצט ווי־
פיל פּעק פּאַפּיר און וויפיל טינט עס איז פאַרשוועדנדט געוואָרען
אויף די בראָשורען, צייטונגס־אַרטיקלען, מאַניפעסטען, אַפּילס,
קלאַגען און געגען־קלאַגען, וועלכע האָבען זיך ווי א מבול געגאָסען
פון אלע פּאַרטייען געגען אלע אנדערע פּאַרטייען און — מיט וואָס
פאַר א חנ'עוודיגע צונעמענישען זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט.
און לאָמיך אויך זיך מודה זיין: איך האָב בייגעטראָגען מיין גאַנ־
צען און עהרליכען טייל צו דער קריגערישער „אייניגקייטס־ליטעראַ־
טור".

אָבער איך זעה איצט איין, אז אונזערע קריגערייען, וואָס זע־
הען איצט אויס קינדיש, האָבען דאַן געהאַט א זין און א באַדייטונג.
זיי זיינען געווען אַן אָנזאָג, אז ס'האָט זיך געענדיגט יענע פאָרם
פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף
בלויזער פּראָפּאַגאַנדע און אז עס איז געקומען א צייט פאַר אקטי־
ווען געזעלשאַפטליכען און פּאָליטישען קאַמף.

אין דער מוטער־טראַכט פון דער עלטערער און שמאָלער סאָ־
ציאַליסטישער באַוועגונג איז רייף געוואָרען די ברייטערע באַוועגונג
פון מאָדערנעם סאָציאַליזם, און די „געווינערין" האָט ניט געוואָלט
אָפּטרעטען דעם פּלאַץ פאַר דעם שטורעמדיגען קינד.

די לאָגיק פון דער לאַגע האָט ענדליך געזיגט איבער דער צייט־
ווייליגער עקשנות און איבער די פּערזענליכע ליידענשאַפטען. אין
זומער פון יאָהר 1901 איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען א נייע אייניג־
קייטס־קאָנווענשאָן אין אינדיאַנאַפּאָליס. דאָ זיינען שוין ביידע
קריגערישע פליגלען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי גע־

ווען ריכטיג פארטראָטען און דאָס מאָל איז טאקע געקומען צו א
ווירקליכער און דויערנדער איינינגקייט.

די איצטיגע סאָציאליסטישע פארטיי איז געבוירען געוואָרען.

### קאפיטעל פיר

## די גאָלדענע צייט

באלד ווי די סאָציאליסטישע פארטיי איז אָרגאניזירט גע־וואָרען, איז געוואָרען קלאָר, אז סאָציאליזם הויבט אָן שלאָגען וואָרצלען אין אמעריקע. די ערשטע יאָהרען פון דער פארטיי׳ס עקזיסטענץ זיינען געווען יאָהרען פון אונאויפהערליכען וואקסען.

די סאָציאליסטישע פארטיי איז אנדערש פון אנדערע פאָלי־טישע פארטייען אין אמעריקע. זי באשטעהט פון מיטגלידער, וועלכע דארפען גוטגעהייסען ווערען איידער מ׳נעמט זיי אריין און דערנאָך צאָהלען זיי מאָנאטליכע „דיוס”. די פארטיי האָט אָנ־געהויבען איהר קאריערע מיט ארום פינף טויזענט פארשריבענע מיטגלידער, מעהרסטע פון זיי אימיגראנטען. אין פינף יאָהר צייט איז שוין זייער צאָהל געווען איבער דרייסיג טויזענט און די מערהייט איז באשטאנען פון געבאָרענע אמעריקאנער.

אין דערזעלבער צייט איז די צאָהל סאָציאליסטישע שטימען אויסגעוואקסען פון ארום הונדערט טויזענט ביז אן ערך א פער־טעל מיליאָן. די פארטיי האָט געהאט פופצעהן הונדערט אפטיי־לונגען, אָדער לאָקאלס, אין אלע טיילען פון לאנד און נישט וועני־גער ווי פופציג צייטשריפטען אין פארשיידענע שפראכען האָבען די פארטיי געשטיצט. אין די קומענדיגע צעהן יאָהר, האָט דער סאָ־ציאליזם אין אמעריקע דערגרייכט זיין העכסטען פונקט אין פאָפו־לאַריטעט.

אין די ערשטע יאָהרען איז די גרעסטע מעהרהייט פון אָרגאַ־ניזירטע סאָציאליסטען אין אמעריקע באשטאנען פון ארבייטער און בלויז די פירערשאפט איז געווען „באשפרינקעלט” מיט „אינ־טעליגענטען”. ארום דעם יאָהר 1905 האָט די באוועגונג אנגע־פאנגען צוציהען אלץ א גרעסערע צאָהל מענער און פרויען פון די ליטערארישע און געלעהרטע קרייזען. סאָציאליזם איז געווארען זעהר פאָפולער, כמעט ווי א מאָדע־זאַך.

דער באַדען פאַר דעם איז צוגעגרייט געוואָרען דורך א קאמפּס־באוועגונג פאַר פּאָליטישע און עקאָנאָמישע רעפאָרמען, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין די ערשטע יאָהרען פון אונזער יאָהרהונדערט און וואָס האָט געפונען איהר אויסדרוק איז דער „אויפדעקונג־ליטעראַטור".

לינקאָלן סטעפענס האָט אראָפּגעריסען די מאַסקע פון די פּאָליטישען־באַנדעס אין די אמעריקאנישע שטעט און האָט באַוויזען זייער שענדליכע און חוצפּה'דיגע פארברעכענס. איידא טאַרבעל האָט געדרוקט אן אויספירליכען צעטעל פון די אינדוסטריעלע זינד פון דזשאהן ד. ראקעפעלער און דער סטענדארד אויל קאָמפּאניע. טהאָמאס וו. לאוסאָן האָט אויפגעדעקט די געמיינע מאַכינאַציעס פון הויך־פינאנץ. טשארלז עדוואַרד ראָסעל האָט אַטאַקירט די אונעהרליכע מעטאָדען פון דעם פלייש־טראָסט. רעי סטענדארד בעיקער האָט זיך אָפּגעגעבען מיט דער סקאנדאַליעזער געשיכטע און די סקאנדאַליעזע מעטאָדען פון די אייזענבאַהן־געזעלשאַפטען און א גאַנצע ארמיי זשורנאַליסטען מיט ווייניגער באַוואוסטע נעמען האָבען אונטערזוכט און באַלויכטען די פארשיידענע געזעלשאַפטליכע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס פון לאנד און האָבען אין זיי ענטדעקט א מאַסע פעהלערען. יעדער פּאַרשפּרייטער זשורנאַל איז געווען באַשעפטיגט מיט אראָפּרייסען די מאַסקע פון עפּעס. טעאָדאָר רוזוועלט האָט מיט כעס אָנגערופען די „אויפדעקונגס־ליטעראַטור" מיט'ן ענגלישען וואָרט „מאָקרעיקינג" — זינד־זוכעניש ביי עפענטליכע פּערזאָנען—און „מאָקרעיקינג" איז געווען שטאַרק אין דער מאָדע.

אבער די מאָדע פון א באַוועגונג בלויז צו קריטיקירען און זוכען חסרונות האָט אייביג נישט געקענט אָנהאַלטען. א סך דענקענדע מענשען וואָס זיינען שוין געווען פּאָלשטענדיג איבערצייגט, אז שלעכטס און געמיינהייט עקזיסטירט, האָבען אָנגעהויבען זוכען א רפואה דערצו און דאָ האָבען זיי באַגעגענט דעם סאָציאַליזם, וואָס האָט אָנגעבאָטען א פארטיגען און קאָנסטרוקטיווען פּראָגראַם פאַר גרינטליכע ענדערונגען. אז די קריטיקער און די צווייפלער זאָלען זיך פאַראינטערעסירען מיט דער נייער לעהרע, — איז געווען אונפאַרמיידליך. סאָציאַליזם איז געווען א באַליבטע טעמע פאַר

דיסקוסיעס ביי דער ניו יאָרקער אינטעליגענץ און די אינטעליגענציע האָט אימער ליב געהאט א סך צו דיסקוטירען.

איך געדענק באזונדערס גוט איין גרויסע און אויספירליכע דיסקוסיע, וואָס איז געוועזן פון היסטאָרישער וויכטיגקייט פאר דער סאָציאליסטישער באוועגונג. אָרגאניזירט די דיסקוסיע האָט ראָבערט האָנטער און געדויערט האָט זי דריי טעג מיט דריי נעכט. ראָבערט האנטער איז דאן געווען א יונגערמאן פון אכט־און־צוואנציג יאָהר. ער איז געווען טעטיג אלס כלל טוער לטובת אָרימע און ער האָט דאן ערשט געהאט אָנגעשריבען א בוך מיט'ן נאָמען „אָרימקייט", וואָס האָט געמאכט א געוויסען רושם. דאָס בוך איז נעגאנגען ווייטער פון בלויז קריטיקירען און „אויפדעקען", אָבער צו א גאנצען געזעלשאפטליכען פראָגראם פון טעטיגקייט און ענדערונגען איז עס נישט דערגאנגען. דער יונגער כלל־טוער האָט נאָך אלץ געזוכט אן ענטפער אויף א סך פראגען. ער איז געווען פארהייראט פאר קעראלאין פעלפס סטאָוקס, טאָכטער פון דעם זעהר־רייכען אנסאָן פעלפס סטאָוקס.

ראָבערט האָנטער האָט איינגעלאדען ארום פינף־און־צוואנציג רעפאָרמערס פון פארשיידענע שאטירונגען צו א פרייער און אלגעמיינער דיסקוסיע אין דעם גרויסען און געראַמען הויז פון זיין שווער אין נאָראָטאָן, קאָנעטיקוט. אהין זיינען מיר אוועק זוכען דעם אמת אדער, וועניגסטענס, א דעבאטע וועגען דעם אמת. די קאָנפערענץ האָט זיך אָנגעפאנגען דעם דריטען מערץ, 1906.

ראָבערט האָנטער איז נישט געווען דער איינציגער וועמעס געסט מיר זיינען געווען. מיר זיינען אין דערזעלבער צייט אויך געווען די געסט פון דזשיי. דזשיי. פעלפס סטאָוקס, פון זיין פרוי ראָוז פעסטאָר סטאָוקס און פון זיין שוועסטער העלען סטאָוקס. דער מר. סטאָוקס איז געווען מיט א פאָר יאָהר עלטער פון האָנטער'ן. לויט זיין בילדונג איז ער געווען א דאָקטאָר מעדיצין, אָבער ער האָט זיך מיט מעדיצין נישט באשעפטיגט. ער האָט פיל געהאט געררייזט איבער דער וועלט, האָט פארבראכט יאָהרען אין כלל־טועריי און וואוילטעטיגער ארבייט און עס האָבען זיך ביי איהם ענטוויקעלט ראדיקאלע פּאָליטישע נויגונגען. אין יאָהר 1904 איז ער אויסגעקליבען געוואָרען אלס אן עלעקטאָר (וועהלער) פאר פּרעזידענט אויפ'ן טיקעט פון דער פּאָפּוליסטישער פּארטיי און

מיט א יאָהר שפּעטער איז ער געווען קאַנדידאַט פון דער „מיוני־סיפּאַל אונערשיפּ פּאַרטי״ פאַר דעם אַמט פון פּרעזידענט פון באַארד אָוו אָלדערמען אין ניו יאָרק. דער קאַנדידאַט פאַר מעיאָר פון ניו יאָרק פון יענער פּאַרטיי איז דאַן געווען וויליאַם רענדאָלף הוירסט. פּונקט ווי הוירסט, אַזוי איז וואַהרשיינליך אויך סטאָוקס דאַן ערוועהלט געוואָרען, אבער מ׳האָט זיי „דורכגעוואָרפען״ ביים צעהלען די שטימען. ער איז געווען אַסקעטיש לויט זיין אויסזעהן און לויט זיינע געוואוינהייטען און טיף־ערנסט אין זיינע איבער־צייגונגען, וואָס די איבערצייגונגען זיינען נישט געווען. מיט א האַלב יאָהר פריהער האָט ער חתונה געהאַט מיט ראָוז פּעסטאָר, א אידישע ארבייטער־מיידעל פון א ניו יאָרקער פאַבריק. דאָ, אין דער אריסטאָקראַטישער אומגעבונג פון דעם „געמויערטען הויז״ אין נאַראַטאָן האָט ראָוז סטאָוקס זיך געהאַלטען און אויסגעזעהן נאַ־טירליכער, ווי אַלע אנדערע, וואָס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען. העלען סטאָוקס איז דעמאָלט געווען נאָך ווייניג־וואָס באַקאַנט אין ראַדיקאַלע קרייזען. זי האָט אבער באַלד געפאַנגען די הערצער פון איהרע געסט מיט איהרע איידעלע מאַניערען, מיט איהר פאַר־שטענדניש און מיט איהר גייסט פון טאָלעראַנץ.

צווישען די געלאַדענע געדענק איך, אז עס זיינען געווען די פאָלגענדע: ארטור בריסבעין, א מענש א שאַרפזיניגער און א צינישער. מיך האָט ער באַזונדערס אינטערעסירט, ווייל ער איז געווען דער זוהן פון איינעם פון די ערשטע אמעריקאַנער סאָציאַ־ליסטען. זיין פאָטער איז געווען אַלבערט בריסבעין, א פּרעדיגער פון פוריע׳ס לעהרע פאַר סאָציאַליסטישע געמיינדעס פון אינדוס־טריען און לאַנדווירטשאַפט, און דער גרינדער פון דער בארימטער און ראָמאַנטישער „ברוק פאַרם קאָלאָניע״; טשאַרלז עדוואַרד ראָסעל, דער מאַסקען־אראָפּרייסער, וועמעס איידעל הארץ איז גע־ווען פאַרשטעלט דורך א גראָבליכען אויסזעהן און דער באַנעמונג פון א בער; דעיוויד גרעהעם פיליפּס, דער פּאָפּולערער ראָמאַנען־שרייבער, א מענש מיט די בעסטע מאַניערען; דזשאָהן בריסבען וואָקער, רעדאַקטאָר און אייגענטימער פון דעם „קאָסמאָפּאָליטאַן מעגעזין״; עווערעט קאָלבי, פּראָגרעסיווער פּאָליטיקער פון ניו דזשוירזי; דזשאָרדזש פרעד וויליאמס, ליבעראַלער דעמאָקראַט און געוועזענער קאָנגרעסמאַן פון מאַסאַטשוזעטס; פינלי פּיטער

דאַן, דער פרעהליכער פילאָזאָף, וועלכער איז געווען באַקאַנט צום לעזער־פּובליקום אַלס מר. דולי; טאָם וואַטסאָן, רעדאַקטאָר פון „וואַטסאָנ'ס מעזעגין", וועלכער איז צוויי מאָל געווען דער פּרע־זידענט־קאַנדידאַט פון דער „פּיפּעלס פּאַרטיי" (פּאָלקס פּאַרטיי) און שפּעטער סענאַטאָר פון דזשאָרדזשיא און אַלפרעד דזשעי. באָלטאָן, אַ פּראָמינענטער מענש פון דער אַרבייטער באַוועגונג און איינער פון הוירסט'ס „אינדעפּענדענס ליג", וועלכער איז אַגב געווען דער איינציגער פאָרשטעהער פון דעם פּראָלעטאַריאַט אויף דעם ראַדי־קאַלען צוזאַמענקונפט.

מ'האָט אויך ערוואַרט סענאַטאָר לאַפּאָלעט, דעם זשורנאַליסט לינקאָלן סטעפּענס, דעם פּאָעט עדווין מאַרקהעם און יודזשין דעבס, נאָר זיי זיינען נישט געקומען.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געהאַט אַלס איהרע פאַר־טרעטער וויקטאָר בערגער, דזשאָהן ספּאַרגאָ און איך.

די דעבאַטע איז געווען אַ לעבעדיגע און איז אָנגעגאַנגען אָהן אַן אויפהער. דאָס דעבאַטירן איז אונטערבראָכען געוואָרען בלויז דורך דריי מאָלצייטען אַ טאָג און דורך אייניגע שעה שלאָף פון צייט צו צייט. מיר האָבען באַרירט אַ גרויסע צאָהל געגענשטאַנדען און סאָציאַליזם איז די גאַנצע צייט געווען דער הינטערגרונד. אַלע פאַזען פון סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג און פון סאָציאַ־ליסטישע מעטאָדען זיינען געוואָרען ערקלערט, אַנאַליזירט, אַטאַ־קירט און פאַרטיידיגט. ביי דער געלעגענהייט האָב איך באַקומען אַ ווערטפולע לעקציע וועגען דער וויכטיגקייט פון מאַניערען אין פּראָפּאַגאַנדע.

ס'איז געווען שפּעט אין אָוועגט און דער עולם איז געווען אביסעל צוהיצט פון דיסקוטירען. וויקטאָר בערגער האָט געהאַט דאָס וואָרט. ער האָט מיט אַ הויכען קול און מיט שטאַרקע ווער־טער פאַרדאַמט די עקזיסטירענדע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, פּריי־וואַט אייגענטום און אונזער גאַנץ־סיסטעם. „דאָס זיינען אייערע געזעצען, — האָט ער אויסגערופען, ווענדענדיג זיך צו זיין גרופּע צוהערער. — מיר האַסען זיי. מיר פאָלגען זיי נאָך דערפאַר וואָס איהר האָט די מאַכט זיי אַרויפצוצווינגען אויף אונז. אָבער וואַרט ביז מיר וועלען קריגען די מאַכט. דאַן וועלען מיר אַליין מאַכען די געזעצען און מיר וועלען שוין מאַכען אַזוי, אַז איהר זאָלט זיי

מוזען פּאָלגען !" זיין פּנים איז געווען רויט. זיינע אויגען האָבען געגלאַנצט און צו פארשטארקען זיינע אויספירונגען האָט ער גע־קלאַפּט אין טיש אריין מיט א געבייללטער פויסט. אלע פארזאמעלטע האָבען אויס פארלעגענהייט געשוויגען. די דיסקוסיע איז מיט אמאָל איבערגעריסען געווארען.

אויף מאָרגען אין־דער־פריה האָט מיך איינער פון די אנטייל־גענומענע אוועקגענומען אויף א זייט. „וואָס דענקט איהר וועגען בערגער'ס רעדע ?" — האָט ער מיך מיט אנגסט געפרעגט. — „איהר זענט דאָך געווים מיט איהם נישט איינפארשטאַנען".

„ווי זאָל איך אייך זאָגען, — האָב איך איהם געענטפערט מיט אזויפיל ווארימקייט און איבערצייגונג ווי מעגליך, — מיר, סאָציאַליסטען, גלויבען אין דעמאָקראטיע. אונטער יעדער דעמאָ־קראַטישער סיסטעם האָט די מערהייט פון פאָלק דאָס רעכט צו מאַכען געזעצען און די מאכט זיי דורכצופירען. די מינדערהייט מוז זיך אונטערוואַרפען, אבער זי האָט דאָס רעכט צו אגיטירען פאר א פולשטענדיגער ענדערונג פון דעם געזעץ. ווען עס געלינגט איהר איבערצורעדען א גענוג־גרויסע צאָהל מענשען, ווערט די מינדערהייט די מערהייט מיט דער מאכט צו מאַכען נייע געזעצען, פאר וועלכע די נייע מינדערהייט מוז זיך שוין בויגען. איז דאָס דען נישט אויך אייער באַגריף וועגען דעמאָקראַטיע ?"

„אָה, יאָ, — האָט ער געענטפערט שוין מיט א לייכטערען געמיט. — קיינער קען גארנישט האָבען געגען דער טעאָריע, וואָס איהר האָט ערשט ערקלערט, אבער בערגער האָט גערעדט מעהר ווי אן אַנאַרכיסט איידער ווי א סאָציאַליסט".

„האָט ער דאן פּאַקטיש נישט געזאָגט דאָסזעלבע, וואָס איך ?" — האָב איך געפרעגט.

דער פריינט מיינער האָט א ווײלע געקלערט און דערנאָך האָט ער א לאַך געטאָן „דער טאָן מאכט די מוזיק".

פון די, וואָס זיינען געווען ביי דער קאָנפערענץ אין נאָראָמטאָן זיינען ראָבערט האָנטער, טשארלז עדוואַרד ראָסעל, העלען סטאָוקס, דזשע.י דזשי. פעלפּס סטאָוקס און ראָוז פּעסטאָר סטאָוקס באַלד נאָכדעם געוואָרען מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי און האָבען געשפּילט אן אנגעזעהענע ראָלע אין איהר אָנפירונג. האָנטער האָט זיך ענטוויקעלט און האָט באַקומען א קלאָרען באַ־

גריף וועגען דער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג אַזוי גוט ווי א געזונטען בליק אויף פּראַקטישער טעטיגקייט. ער האָט ליב גע־האַט צו לערנען און פאָרשען און ער האָט אָנגעשריבען אייניגע ווערטפולע ביכער איבער סאָציאַליזם. ער און מר. סטאָוקס זיינען עטליכע מאָל ערוועהלט געוואָרען פאַר מיטגלידער פון דער פּאַר־טיי'ס נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. ראָסעל האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין א גלענצענדער רעדנער און אלס פּראָפּאַגאַנדיסט איז צו איהם כמעט קיין גלייכען ניט געווען. די פּאַרטיי האָט איהם אָפט נאָמינירט פאַר הויכע אמטען.

נאָכדעם ווי אמעריקע איז אריין אין דער וועלט־מלחמה, האָבען זיך ראָסעל, האַנטער און סטאָוקס צוריקגעצויגען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איבער דער פּאַרטיי שטעלונג געגען מלחמה און זיי האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין דער אזוי־גערופענער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ליג פון אמעריקע, וועלכע איז אָרגאַני־זירט געוואָרען צו שטיצען די מלחמה און האָט לאַנג ניט עקזיסטירט. ראָוז פּעסטאָר סטאָוקס ווידער איז אריבער צו דער קאָמוניסטי־שער פּאַרטיי, ווען זי איז אָרגאַניזירט געוואָרען.

אין יענע ערשטער פּעריאָדע זיינען אויך אָרגאַניזירט געוואָ־רען צוויי וויכטיגע אינסטיטוציעס אָנצופירען די קולטורעלע טע־טיגקייט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי: עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען די „אינטערקאָלידזשעט סאָשעליסט סאָסייעטי", (אן אָר־גאַניזאַציע פון אַלערליי קאָלעדזש־מענשען, ווי סטודענטען און „גען־דינגטע" לערער און פּראָפּעסאָרען) און די רענד סקול פאַר סאָציאַלער וויסענשאַפט.

דער גרינדער פון דער „אינטערקאָלידזשעט סאָשעליסט סאָ־סייעטי" איז געווען אַפּטאָן סינקלעיר. ער איז דאַן געווען 27 יאָהר און אלס א יונגער שרייבער האָט ער זיך שטאַרק געמאַטערט. ס'האָט זיך איהם דעמאָלט אפילו נישט גע'חלומ'ט אז מיט א יאָהר שפּעטער וועט ער בארימט ווערען איבער דער גאַנצער וועלט מיט זיין ווערק „דהי דזשאָנגעל", א ראָמאַן וועגען דעם לעבען פון די ארבייטער אין די סטאָק־יאַרדס פון שיקאַגא.

צוזאַמען מיט איינעם א דזשאָרדזש סטראָבעל, א צירונג־מאַ־נופעקטשורער, וועלכער איז געווען אן ענטוזיאַסטישער סאָציאַ־ליסט, — האָט ער אויסגעארבייט אן אויפרוף פאַר דער גרינדונג

פון אַן אָרגאַניזאַציע מיט דעם צוועק אַרויסצורופען אַן אינטעלי־
גענטען אינטערעס צום סאָציאַליזם צווישען קאָלעדזש־מענער און
קאָלעדזש־פרויען, סאַי ביי „גענענדיגטע“ סאַי ביי סטודענטען. די
אָרגאַניזאַציע זאָל איינפיהרען אין די קאָלעדזשעס און אוניווער־
זיטעטען קלובען, מיט דער אויפגאַבע צו שטודירען סאָציאַלע פראַ־
גען און זאָל מאַכען יעדע אָנשטרענגונג אויפצואוועקען ביי די גע־
בילדעטע מענער און פרויען פון אַמעריקע אַן אינטערעס צום סאָ־
ציאַליזם“.

דער אויפרוף איז אונטערגעשריבען געוואָרען פון צעהן איני־
ציאַטאָרען. עטליכע פון זיי זיינען געווען באַרימטע מענשן. דעם
אויבען־אָן אויף דעם צעטעל האָט פאַרנומען טהאָמאַס ווינטוואורט
היגינסאָן, פיאָנעך פון אַמעריקאַנער סאָציאַליזם אין דער צייט ווען
מ׳האָט זיך דאָ אינטערעסירט מיט דער לעהרע פון דעם אוטאָ־
פיסטישען סאָציאַליסט פוריע. היגינסאָן איז אויך געווען אַ היי־
סער קעמפער פאַר דער אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי, האָט אַנטייל
גענומען אין בירגער־קריג און האָט געהאַט אַ נאָמען אַלס שריי־
בער, פילאָזאָף און הומאַניטאַריער. מ׳האָט איהם גערופען „דער
גרויסאַרטיגער אַלטער מאַן פון האַרוואַרד אוניווערזיטעט“. ער
איז דאַן געווען אין זיין 83טען יאָהר אָבער זיין קאָפּ איז
געווען וואַך און פריש און יוגענטליך. ווען די קאָנסערוואַטיווע
פרעסע האָט איהם גענומען זאָגען מוסר דערפאַר וואָס ער העלפט
דערצו, אַז אין די הייליגע טעמפּלען פון דער וויסענשאַפט זאָל
אַריינדרונגען די „צושטערענדע“ לעהרע פון סאָציאַליזם, האָט
ער זיי געענטפערט מיט אַן אָנווייז אויף דעם שטענדיגען וואוקס
פון סאָציאַליזאַציע אין דעם מאָדערנעם לעבען. ער האָט דער־
ביי אויך אָנגעוויזען אז די „אינטערקאָלידזשעט סאָשעליסט סאָ־
סייעטי“ איז געגרינדעט געוואָרן נישט דוקא איבער צו מאַכען
סאָציאַליסטען נאָר צו ערמוטיגען, אַז מ׳זאָל ערנסט שטודירען
דעם סאָציאַליזם. זיינע קריטיקער האָט ער פאַרגליכען צו דעם
מיטעלאַלטערישען לעהרער פון גראַמאַטיק, וועלכער האָט אויף די
טענות פון זיינעם אַ געגנער געענטפערט מיט דעם פאָלגענדען
פרומען וואונש: „גאָט זאָל דיך שטראָפען פאַר דיין טעאָריע ווע־
גען דעם אויסנאַהם פון דעם כלל“.

צווישען די אַנדערע, וועלכע האָבען דעם אויפרוף אונטער־

געשריבען, זיינען געווען: אָסקאר לאָוועל טריגס, וועלכער איז געווען רעדאַקטאָר פון „טומאָראָ׳ס מעגעזין״, פּרעזידענט פון „אינ־דוסטריעלען פּאָלקס־קאָלעדזש״ און פּראָפעסער פון א בוך „דהי טשעינדזשינג סאָשעל אָרדער״ (די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, וואָס ענדערט זיך); דזשעק לאָנדאָן, דאַן א יונגערמאַן פון 29 יאָהר און שוין באַרימט אַלס שריפטשטעלער; קלאַרענס דעראָו, א גע־זעצליכער בונטאַר, א קעמפּער אָהן באַשטימטע סאָציאַלע און פּאָליטישע איבערצייגונגען, אָבער א מוטיגער פּאַרטיידיגער פון „נישט־אַנערקענטע״ אידייען און שאַרלאָט פּוירקינס גילמאַן, א שרייבערין און א רעדנערין, וואָס איז געווען פּראָמינענט אַלס קעמפּערין פאַר פרויען־גלייכבאַרעכטיגונג.

דער אָרגאַניזאַציאָנס־מיטינג פון דער „אינטערקאָלידזשעט סאָשעליסט סאָסייעטי״, איז פּאָרגעקומען אין 140 פולטאָן סטריט, ניו יאָרק, אויפן העכסטען שטאָק פון פּעק׳ס רעסטאָראַן. עס איז געווען א באַגייסטערטער צוזאַמענקונפט און צווישען די פּאַרזאַ־מעלטע זיינען א סך מענשען, וואָס זיינען נישט געווען פּאַרבונ־דען מיט דער אָרגאַניזירטער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

דער פּאָרזיצענדער איז געווען וויליאם דזשעי. גהענט, וועמען די ראַדיקאַלע קרייזען האָבען אָקאָרשט קענען געלערענט דורך זיינע צוויי מערקווירדיגע ביכער: „אור בענעוואָלענט פיודאַליזם״ („אונ־זער וואוילטעטיגע פּריצים־הערשאַפט״) און „מעס ענד קלעס״ („מאַסע און קלאַס). דזשעק לאָנדאָן איז איינשטימיג ערוועהלט געוואָרען אַלס דער ערשטער פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי.

איך בין געקומען אהין, ווייל מ׳האָט מיך איינגעלאַדען, און איך האָב גענומען א טיכטיגען אנטייל אין די אינטערעסאנטע פּאַר־האַנדלונגען פון דעם מיטינג. איך בין ערוועהלט געוואָרען פאַר א מעמבער פון דער דירעקטאָרען־באָארד און בין געווען א מיטגליד פון דער באָארד צעהן יאָהר נאָכאַנאַנד. זיבען יאָהר פון די צעהן בין איך אויך געווען דער טרעזשורער פון דער סאָסייעטי, אַן אַמט, וואָס האָט, אגב, אין יענע יאָהרען ניט געפּאָדערט צופיל אנשטרענ־גונג. צוזאַמען מיט מיר זיינען אין דער ערשטער באָארד געווען אָפּטאָן סינקלעיר, דזשעי. דזשי. פיליפּס סטאָוקס, ראָבערט האָנטער, דזשאָרדזש ווילים קוק, א שרייבער און א לעקטשורער, קעטהרין מעסעראָל, דזשאָרדזש סטראָבעל און הערי וו. לעידלער. דער לעצ־

טער — **לעידלער — וועלכער איז נאָך דאן געווען א סטודענט** פון דעם וועסליען אוניווערזיטעט, האָט מיט יאָהרען שפּעטער גע־שפּילט א גרויסע ראָלע צווישען די פיהרער פון דער אָרגאַניזאַציע.

אין די ערשטע צוויי אָדער דריי יאָהר פון איהר עקזיסטענץ איז די „אינטערקאָלידזשעט סאָשעליסט סאָסייעטי" געווען מעהר אַן אידעע און א סימבאָל איידער אַן אקטיווער פאקטאָר אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג, אבער פון דעם יאָהר 1908 האָט די סאָסייעטי געמאכט שנעלען פּאָרטשריט. אין 1917, אין דעם יאָהר, ווען אמעריקע איז אריין אין דער וועלט־מלחמה, האָט די סאָסייעטי שוין געהאט סטודענטישע אפּטיילונגען אין זעכציג אדער זיבעציג פון די וויכטיגסטע קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטען איבער'ן לאנד און ארום א טוץ אָרגאַניזירטע גרופּעס פון אזעלכע, וואָס האָבען געענדיגט קאָלעדזשעס.

נאָך דער מלחמה האָט די אָרגאַניזאַציע געענדערט דעם נאָמען אויף „ליג פאָר אינדאָסטריעל דעמאָקראסי" און איז געוואקסען און זיך פארשפּרייט אונטער דעם געמיינשאפטליכער אָנפיהרונג פון הערי וו. לעידלער און נאָרמאַן טאָמאַס.

די רענד סקול האָט צו פּאַרדאנקען איהר עקזיסטענץ הויפּט־זעכליך דזשאָרדזש ד. הערראָן. דאָס איז געווען אַן אויסערגעוועהנ־ליכער מענש, וואָס האָט ווי א פליהענדער שטערען א גלאַנץ געטאָן אויפ'ן הימעל פון דעם אמעריקאנעם סאָציאַליזם אין אָנהויב פון איצטיגען יאָהרהונדערט.

דר. הערראָן איז געווען א גלח מיט אפּיקורסישע געדאנקען און ראַדיקאַלע נייגונגען. אין דער צייט, וואָס ער איז געווען א גלח אין מאַין, אייאָווא, האָט ער געוואונען די אויפמערקזאַמקייט און די פריינדשאַפט פון קערי רענד. מרס. רענד איז געווען א רייכע על־טערע אלמנה מיט א פאָרטגעשריטענער וועלט־אַנשויאונג און אַ שטארקען כאראַקטער, און זי האָט אוועקגעלעגט א פאָנד פאר דעם אייאָווא קאָלעדזש, אז דר. הערראָן זאָל דאָרט געבען קורסען וועגען אָנווענדען קריסטליכקייט אין לעבען.

אין יענער צייט האָט אין די פאראייניגטע שטאאטען מיט גרויס מאַטערניש עקזיסטירט אַן אָרגאַניזאַציע מיט'ן נאָמען „סאָ־סייעטי פון קריסטליכע סאָציאַליסטען". דער גלח וויליאם ד. פּ. בליס און פּראָפעסאָר ריטשארד ט. אילאַי זיינען דאָרט געווען די

לייטענדע גייסטער. די אָרגאַניזאַציע האָט געפּרעדיגט א צושוואוּ־מענע סאָציאַליסטישע לעהרע, וואָס איז געווען באגרינדעט אויף מאָראַלע און רעליגיעזע באגריפען. די לעהרע האָט פּראָקלאַמירט איהר וועלט־אנשויאונג מיט פאָלגענדער שפּראַך: „מיר האַלטען, אז גאָט איז דער קוואַל און דער וועגווייזער פון גאַנצען מענשליכען פּראָגרעס און מיר גלויבען, אז אלע סאָציאַלע, פּאָליטישע און אינ־דוסטריעלע באציהונגען דארפען זיך שטיצען אויף דער פאָטער־ליכקייט פון גאָט און אויף דער ברידערליכקייט פון מענשען אין דעם גייסט און לויט דער לעהרע פון יעזוס קריסטוס".

דזשאַרדזש ד. הערראָן האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער באוועגונג פון קריסטליכען סאָציאַליזם און ער איז באלד געוואָרען איינער פון איהרע פייערדיגע פּראָפּאַגאַנדיסטען. ער האָט געפּרעדיגט די נייע לעהרע אין א סך בראָשורען, אין עפענטליכע פאָרטראַגען און אין זיינע לעקציעס אין קאָלעדזש. די געגנערשאַפט צו זיין ראַדיקאַליזם האָט גענומען וואַקסען און ער איז ענדליך געווען געצוואונגען איבערצורייסען זיינע פארבינדונגען מיט דער קירכע און רעזיגנירען פון זיין פּראָפעסאָרשאַפט אין קאָלעדזש. א פּאָר יאָהר שפּעטער האָט ער אויפגעגעבען זיין ספּעציעלען סאָרט קריסט־ליכען סאָציאַליזם, האָט ערקלערט, אז ער נעמט פאָלשטענדיג אָן די וועלט־אָנשויאונג און פּראָגראַם פון ארבייטער־קלאַס און האָט זיך אָפיציעל אָנגעשלאָסען אָן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. זיין איינדרוקספולער אויסזעהן, זיינע סימפּאַטישע מאַנירען, זיין שעה־נער אַרט רעדען און זיין טיפער ערנסט האָבען פאר איהם שנעל געוואונען א פּראָמינענטען פּלאַץ אין סאָציאַליסטישע קרייזען. זיין פּאָליטישע קאַריערע איז אָבער אָפּגעהאַקט געוואָרען פאר דער צייט דורך א וויכטיגער פּאַסירונג אין זיין פּערזענליכען לעבען.

דזשאָרדזש ד. הערראָן, וועלכער איז געווען א פארהייראַטער מאַן, האָט זיך פארליבט אין דער אינגסטער טאָכטער פון זיין ברייט־הארציגער אונטערשטיצערין, וועלכע האָט אויך געהייסען קערי. און זי האָט זיך אין איהם אויך פארליבט. נאָך יאָהרען פון גייסטיגען קאַמף מיט זיך אליין, האָט פּראָפעסאָר הערראָן ארויס־באקומען א גט פון זיין ווייב און האָט חתונה געהאַט מיט קערי רענד.

דער צאָרן פון דער עפענטליכער מיינונג, ווי זי דריקט זיך

אויס אין דער סענסאַציאָנעלער פּרעסע, האָט דאָן אויסגעבראָכען ווי אַ שטורם איבער די קעפּ פון דעם פּאָר פאָלק.

די עלטערע מיסעס רענד האָט מעגליך געמאַכט, אַז איהר צוקונפטיגער איידעם זאָל מיט אַ ברייטער האַנט פאַרזאָרגען זיין ערשטע פרוי און די קינדער פון זיין ערשטער הייראַט. די צייטונגען זיינען דערפון געוואָהר געוואָרען. זיי האָבען שוין לאַנג געזוכט אַן אויסרייד פאַר אַן אַטאַקע געגען דעם גלח, וואָס איז געוואָרען אַן אַפּיקורס און אַ ראַדיקאַלער רעוואָלוציאָנער, און דאָס האָט זיי געגעבען אַ געלעגענהייט אָנצופאַנגען אַן אומבאַרעמדיגען קאַמפּעין פון פאַרפאָלגונג געגען איהם. „די רייכע מיסעס רענד האָט געקויפט דעם פּראָפעסאָר פון זיין ערשטער פרוי אַלס מאַן פון איהר טאָכטער", — דאָס איז געווען די הויפּט־באַשולדיגונג. און דאָס איז ווידערהאָלט געוואָרען אויף טויזענטער אופנים אין אַרטיקלען, עדיטאָריעלס און קאַרטונס. דאָס ערשטפאַרהייראַטע פּאָר־פאָלק איז אויף יעדען שריט און טריט נאָכגעפאָלגט געוואָרען פון גאַנצע כאָפּטעס רעפּאָרטערס און פאָטאָגראַפערס. זייער הייראַט איז עפענטליך פאַרדאַמט געוואָרען אין קירכע־רעדעס. באַקאַנטע און פריינט האָבען זיך פון זיי אָפּגעטרייסעלט.

זיי האָבען מוטיג איבערגעטראָגען די ליידען און באַליידיגונגען, האָפענדיג, אַז זייערע פאַרפאָלגערס וועלען ענדליך מיד ווערען פון דער שפּיל. ס'האָט אָבער דערצו קיין סוף נישט גענומען. יעדעס מאָל, וואָס דער נאָמען פון דזשאָרדזש ד. הערראָן איז דערמאָנט געוואָרען אין אַ צייטונג, אפילו ווען דער ענין האָט ניט געהאַט די מינדסטע שייכות מיט זיין פּערזענליכען לעבען, איז די געשיכטע פון דעם זאָגענאַנטען „מסחר מיט די ווייבער" איבערגעקייעט געוואָרען מיט אַלע „זאַפטיגע" איינצעלהייטען און באַפוצונגען.

דאָס האָט געמוזט זיין אַ צייט פון טיפע ליידען פאַר קערי רענד הערראָן, אַ צאַרט־און־טיף פילענדע נאַטור, טראָץ דעם, וואָס אויסערליך האָט זי שטענדיג אויסגעזעהן רוהיג און האָט אימער געהאַט אַ שמייכעל אויף די ליפּען.

מרס. הערראָן איז שנעל באַליבט געוואָרען ביי איהרע סאָציאַליסטישע גענאָסען. אַ באַשיידענע פרוי, אָהן דעם מינדסטען

אַנשטעל, שטענדיג מוטיג און פריינטליך, האָט זי אַרויסגעהאָלפען איהר מאַן אין די מאַסען אויפגאַבען און טעטיגקייטען, סאַי גרויסע, סאַי קליינע, סאַי אָנגעזעהענע, סאַי פאַרבאָרגענע, באַפרידיגענדע, אַזוי גוט ווי אומדאַנקבאַרע, פון וועלכע עס באַשטעהט דאָס לעבען פון יעדען סאָציאַליסטישען פּראָפּאַגאַנדיסט.

ענדליך האָבען זיי מעהר ניט געקענט איבערטראָגען די פאַרפאָלגונגען. זיי האָבען פאַרלאָזען זייער ברוטאַל פאָטערלאַנד און האָבען פאַרבראַכט די וויטערדיגע יאָהרען פון זייער לעבען אין פרייוויליגען גלות אין איטאַליע. קערי העראָן איז געשטאָרבען אין פלאָרענץ אין יאָהר 1913. איהר מאַן האָט נאָכדעם געלעבט 12 יאָהר.

כעמט די לעצטע טאָט פון די העראָנס אין אַמעריקע איז געווען צו שאַפען אַ פאָנד פאַר דער גרינדונג און אויפהאַלטונג פון דער אינסטיטוציע, וואָס איז באַוואוסט אַלס די רענד סקול פאַר סאָציאַלער וויסענשאַפט.

די סאָציאַליסטישע פיהרער האָבען שטאַרק געפיהלט די נויטיגקייט פון אַ שולע, וואו מען זאָל סיסטעמאַטיש שטודירען די סאָציאַליסטישע לעהרע און געגענשטאַנדען, וואָס האָבען אַ שייכות מיט סאָציאַליזם. די באַוועגונג, וואָס איז אַזוי שנעל געוואַקסען, האָט געדאַרפט געשולטע אָרגאַניזאַטאָרס, רעדנער און שרייבער. עס איז אויך ניט געוועזן קיין מאַנגעל אין גוטע לערער צווישען דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, אָבער די באַוועגונג איז געווען אָרעם, און אויף אַ ריכטיגער סקול, ווי שפּאָרעוודיג געפיהרט, האָט מען געמוזט האָבען אַ היבשע סומע סאַי פריהער אַזאַ סקול איינצואָרדענען, סאַי דערנאָך זי אָנצוהאַלטען.

די מיסעס רענד, וועלכע איז געשטאָרבען אין יאָהר 1905, האָט איבערגעלאָזט אַ פאָנד און אין איהר צוואה איז געווען אַ ניט־קלאָרער פונקט, וואָס האָט געזאָגט, אַז די איינקונפט זאָל געהן אויף „פאָרטצוזעצען און פאַרשטאַרקען די אַרבייט, צו וועלכער איך האָב געווידמעט די לעצטע יאָהרען פון מיין לעבען".

די איינקונפט פון דעם פאָנד איז געווען אַרום פינף־זעקס טויזענט דאָלאַר אַ יאָהר די ערשטע צייט, און האָט שטופּענוויז געזאָלט ווערען אַלץ קלענער און קלענער, ביז די אייניקלאַך פון דער פאַרשטאָרבענער וועלען דערגרייכען אַ געוויסען עלטער. פאַרביינעהענ־

דיג, ווײל איך דאָ אויפמערקזאַם מאַכען די ברייטהאַרציגע פריינט, וועלכע קענען העלפען דער רענד סקול, אַז יענער פאָנד איז שוין איננאַנצען אויסגעשעפּט.

פאַרוואַלטען מיט'ן פאָנד און באַשטימען אויף וואָס די איינקונפט זאָל געהן, האָט געדאַרפט אַ קאָמיטע פון צוויי טראָסטיס, און אויב איינער פון זיי שטאַרבט, האָט דער לעבען־געבליבענער טראָסטי אליין געדאַרפט באַשטימען אַ נייעם מיטגליד צו זיך. אין דער צייט ווען די מיסעס רענד איז געשטאָרבען, איז איהר טאָכטער, קערי העראָן, געוועזן די איינציגע מיטגליד פון דער קאָמיטע. זי האָט מיך באַשטימט אַלס דעם צווייטען מיטגליד. צוזאַמען האָבען מיר באַשלאָסען, אַז די אַרבייט, צו וועלכער די פאַרשטאָרבענע האָט געווידמעט די לעצטע יאָהרען פון איהר לעבען איז געוועזן, אָדער האָט געדאַרפט זיין, די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, און אַז די בעסטע זאַך, אויף וואָס מען קען באַנוצען דעם פאָנד, איז אויף צו גרינדען אַ סאָציאַליסטישע סקול. אָבער די אַנדערע קינדער פון קערי רענד האָבען נישט סימפּאַטיזירט מיט זייער מוטער'ס ראַדיקאַלע פאַרבינדונגען, און זיי האָבען געסטראַשעט, אַז זיי וועלען דעם ספּעציעלען פּונקט פון דער צוואה באַקעמפען אין געריכט.

ביי דער געלעגענהייט האָט מרס. העראָן אויף דעם פיינסטען שטייגער באַוויזען איהר אידעאַליזם און די נאָבעלקייט פון איהר כאַראַקטער. שטילערהייד, כמעט אין געהיים, האָט זי אויף איהר אייגענעם חשבון ערליידיגט דעם שטרייט מיט די אַנדערע יורשים. דער פאָנד איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרען. די רענד סקול פאַר סאָציאַלער וויסענשאַפט איז געקומען אויף דער וועלט.

די אָרגאַניזאַציע אָנצופיהרען די סקול איז אינקאָרפּאָרירט געוואָרען אונטער'ן נאָמען „אַמעריקען סאָשעליסט סאָסייעטי" (אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט). אין די אָפיציעלע אינקאָרפּאָראַציע־פּאַפּירען, וואו עס איז אָנגעגעבען די ערשטע דירעקטאָרען באָארד, געפינען זיך, אויסער די נעמען פון דזשאָרדזש ד. העראָן, פון מרס. העראָן און פון מיר, אויך די נעמען פון אַלדזשערנאָן ליע, דזשאַב הערימאַן, בענדזשאַמין הענפאָרד, וויליאַם מעילי, לעאָנאַרד ד. עבאָט און הענרי סלאָבאָדין.

נישט נאָר די הערצנס, נאָר נאָך דריי אַנדערע זיינען שוין ניט מעהר צווישען די לעבעדיגע. דזשאָב הערימאַן איז געשטאָרבען אין יאָהר 1925 אין עלטער פון 64 יאָהר. פון זיינע יונגע יאָהרען אָן האָט ער געליטען פון אַ שווערער שווינדזוכט און נאָר אַ דאַנק זיין אייזערנעם ווילען און זיין אומגעהייערען ענטוזיאַזם האָט ער דאָך געלעבט און באַוויזען צו זיין טעטיג די גאַנצע צייט. זיינע לעצטע יאָהרען האָט ער אָפּגעגעבען אויף צו בויען אַ סאָציאַליסטישע געמיינדע, וואָס איז באַקאַנט געוואָרען אַלס די „לאַנאָ סאָלאָניע”, פריהער אין קאַליפאָרניע און דערנאָך אין לואיזיאַנאַ.

בענדזשאַמין הענפאָרד'ן געדענקט דער איצטיגער דור סאָציאַליסטען זעהר ווייניג. ער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1910 נאָך אַ שווערער פיינליכער קראַנקהייט. אָבער אין זיין צייט איז ער געווען אַ שטאַרקער זייל אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער איז געווען אַ דרוקער און האָט פאַרנומען אַ זעהר פּראָמינענטען פּלאַץ אין דער שריפטזעצער יוניאָן. אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט ער זיך אַנגעשלאָסען אין דער צייט פון דער אַמאָליגער סאָשעליסט לעיבאָר פּאַרטיי, ווען אַמעריקאַנער־געבוירענע אַרבייטער זיינען געווען אַ זעלטענהייט אין די סאָציאַליסטישע רייהען. באַלד האָט ער געצויגען אויף זיך אויפמערקזאַמקייט מיט זיין טיפען ערנסט, מיט זיין כמעט־רעליגיעזער איבערגעגעבענקייט צו דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל און מיט זיין פּשוט'ער, פאָלקסטימליכער און זעהר באַדייטענדער רעדנער־קראַפט. צוויי מאָל איז ער געווען נאָמינירט אַלס קאַנדידאַט פאַר וויס־פּרעזידענט אויפ'ן טיקעט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און ביידע מאָל אין יאָהרען, ווען דער פּרעזידענט־קאַנדידאַט איז געווען יודזשין וויקטאָר דעבס. עטליכע מאָל איז ער אויך געווען דער קאַנדידאַט פון דער פּאַרטיי פאַר גאָווערנאָר פון שטאַאַט ניו יאָרק.

ער איז עס געווען דער, וואָס האָט באַשאַפען דעם אויסגעטראַכטען כאַראַקטער „דזשימי היגינס”, דעם באַשיידענעם טוער אין די רייהען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועלכער טראָגט די רעדנער־פּלאַטפאָרמע פאַר די סטריט־קאָרנערס מיטינגען, פאַרשפּרייט פּאַרטיי־ליטעראַטור, וואַכט ביי די שטים־פּלעצער אין דעם עלעקשאָן־טאָג און טוט אָהן אַ צאָהל וואָכעדיגע, אומדאַנקבאַרע סאָרטען אַרבייט פאַר דער באַוועגונג. אזעלכער טוט

די ארבייט וואָך־איין וואָך־אויס, יאָהר־איין יאָהר־אויס אונער־מידליך, ניט באמערקט; ער ווערט נישט געלויבט און ער ווערט נישט באלוינט. ער איז דער אומבאקאנטער סאָלדאט פון סאָציאַליזם. „דזשימי היגינס" איז נאָך אלץ א הארציגער צונאָמען אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג, אָבער דער מאַן, וועלכער האָט דעם נאָמען באשאפען, איז שוין כמעט אינגאנצען פארגעסען געוואָרען.

וויליאם מעילי איז יונג געשטאָרבען. ער איז בלויז איין־און־פערציג יאָהר אלט געוועזען, ווען דער טויט האָט געמאכט א סוף צו זיין לעבען, וואָס האָט פארשפּראָכען צו זיין פון אומגעהייערען נוצען פאר דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. אלס איינער פון די ערשטע נאציאָנאַלע (צענטראַלע) סעקרעטארען פון דער פארטיי האָט ער אויפגעטאָן וואונדער דורך צונויפשמעלצען די נייע און רויע סאָציאַליסטישע עלעמענטען אין איין גאנצער טיכטיגער אָרגאניזאציע.

זיין אָנציהענדע פערזענליכקייט, זיין כמעט־נאאיווער גלויבען און זיין יוגענטליכער ברען האָבען איהם געמאכט פאר איינעם פון די באליבטסטע געניאָסען אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. זיין פריהצייטיגער טויט איז געווען א שווערער קלאפּ פאר די פילע פריינט, וואָס ער האָט געהאט.

צוזאמען מיט דער דירעקטאָרען־באָארד האָבען מיר אויך באַשטימט א בעראטונגס־קאָמיטע, וואָס איז באשטאנען פון טשארלס א. בירד, דעם בארימטען היסטאָריקער, וועלכער איז דאַן געווען אינסטרוקטאָר אין קאָלאָמביא אוניווערזיטעט; דר. פּ. א. לעווין, אינסטרוקטאָר אין קאָלאָמביא אינסטיטוט פאר מעדיצינישע פאָר־שונגען, און הערמאַן שלעיטער, א וועטעראַן פון דער סאָציאַליס־טישער באוועגונג אין אייראָפּע און אין אמעריקע, און הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער ניו יאָרקער „פאָלקסצייטונג".

דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער סאָסייעטי, וועלכער האָט אויך ערפולט די פליכטען פון סקול־פּרינציפּאַל, איז געווען וו. דזשעי. גהענט. ווען ער האָט רעזיגנירט נאָך א יאָהר דריי־פיער ארבייט, האָט זיין פּלאַץ פארנומען אלגדזשערנאָן ליע, וועלכער איז זינט דאַן די גאַנצע צייט געווען דער לייטענדער גייסט פון דער סקול, פריהער אלס איהר בילדונגס־דירעקטאָר און דערנאָך אלס

איהר פרעזידענט. איהם און בערטא ה. מעילי, די אלמנה פון ווילאם מעילי, וועלכע איז יאהרען־לאנג געווען סעקרעטארין פון דער סאָסייעטי, האָט די רענד סקול אין דער ערשטער רייהע צו פארדאנקען איהר וואוקס און פאָרטשריט.

גלייך פון אָנהויב אָן האָבען זיך די גרינדער פון דער סקול געאייניגט אויף א ברייטען לערן־פראָגראם, וואָס זאָל ארייננעמען נישט נאָר די טעאָריע פון סאָציאליזם, נאָר אויך א גאנצע רייהע אלגעמיינע געגענשטאנדען. מיר האָבען ערווארט צו ציהען די מעהרהייט סטודענטען פון צווישען די ארבייטער, וואָס א סך פון זיי האָבען נישט געהאט די מעגליכקייט צו קריגען אפילו אן עלעמענטארע בילדונג און מיר האָבען איינגעזעהן, אז מ'קען זיי נישט צוגרייטען פאר וויכטיגער ארבייט אין דער סאָציאליסטישער און ארבייטער־באוועגונג דורך בלויז לערנען מיט זיי טרוקענע פאָליטישע עקאָנאָמיע.

אין דעם פראָגראם פון ערשטען יאָהר זיינען טאקע אריינגעגאנגען די געשיכטע, די פילאָזאָפיע, די פאָליטישע עקאָנאָמיע און די מעטאָדען פון סאָציאליזם און טרעיד יוניאָניזם, אָבער עס זיינען אויך אריינגעגאנגען אזעלכע געגענשטאנדען, וואָס האָבען געהאט צו טאָן מיט דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט, מיט ליטעראטור, קונסט און מיט גערעדטער און געשריבענער שפראך. שפעטער איז די פראָגראם גאָר אויסגעברייטערט געוואָרען און האָט שוין אריינגענומען אלע מעגליכע געגענשטאנדען פון אלגעמיינער בילדונג אָנהויבענדיג מיט אָנפאנגער, קלאסען פון ענגליש פאר אימגראנטען און אריינגעמענדיג אלץ מעהר און מעהר די לימודים פון וועלט־געשיכטע, פילאָזאָפיע, סאָציאלאָגיע, פסיכאָלאָגיע, פאָפולערע וויסענשאפט, מוזיק, דראמע און פרעמדע שפראכען. חוץ די אלע זאכען האָט מען נאָך נאטירליך געלערענט די מעהר פראקטישע און די מעהר־דירעקטע געגענשטאנדען צוליב וועלכע די שולע איז הויפטזעכליך אָרגאניזירט געוואָרען.

די קורסען ווערען געגעבען נאָך די ארבייטס־שטונדען, אין די אָוונטען און שבת נאָכמיטאָג, און הונדערטער ארבייטער, סאָמענער, סאָ פרויען, באנוצען זיך מיט זיי צו שטילען זייער דורשט נאָך וויסען און אויך אויסצובילדען זיך אויף צו קענען ווירקזאם דינען זייערע מיטמענשען. די באזוכער זיינען אָבער נישט דורכ־

אויס ארבייטער. עס געפינט זיך צווישען זיי אויך א היבשע צאָהל יונגע סטודענטען און גלאַט מענשען פון גוטער אַלגעמיינער ביל־דונג, וועלכע קומען זיך לערנען אויף אייניגע פון די ספּעציעלע קורסען, וואָס ווערען געגעבען אין דער סקול.

א צווייטע אינטערעסאַנטע סיטואַציע, וואָס איז אויפגעקומען און האָט זיך צובליהט אין יענע טעג פון געזעלשאַפטליכען פּי־בער, איז געווען דער „עקס־קלוב”. דאָס איז ניט געווען קיין דורך־און־דורך סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, אָבוואָהל מעהרסטע פון די מיטגלידער זיינען געווען אויסגעשפּראָכענע סאָציאַליסטען.

דער קלוב איז אָרגאַניזירט געוואָרען ארום ענדע יאָהר 1903, הויפּטזעכליך אויף דער איניציאַטיוו פון וו. דזשעי גהענט.

קיין פּראָגראַם און קיין באַשטימטע אויפגאַבע האָט דער קלוב נישט געהאַט. ער האָט נאָר געדאַרפט פאַראייניגען א גרופּע „אויס־דערוועהלטע גייסטער” צוליב דעם, אַז זיי זאָלען רעגעלמעסיג אָנ־פיהרען דיסקוסיעס צווישען זיך. ווען דער קלוב איז געעפענט געוואָרען האָט ער געהאַט 15 מיטגלידער און שטופענווייז איז די צאָהל מיטגלידער אויסגעוואַקסען ביז דרייסיג אָדער פערציג.

די „עקסערס”, אָדער מיטגלידער פון דעם „עקס־קלוב” האָבען זיך פאַרזאַמעלט יעדע צוויי אָדער דריי וואָכען אין א פּריוואַטען צימער פון א איטאַליעניישען רעסטאָראַן אין מיטען שטאָדט, האָ־בען אָפּגעגעסען צוזאַמען, שנעל און שפּאָרעוודיג, און דאַן האָבען זיי גערעדט. עס איז געווען די אויפגאַבע פון סעקרעטאַר, וועלכער איז געווען דער איינציגער בעאַמטער פון דער אָרגאַניזאַציע, אויס־צוקלייבען יעדעס מאָל א פרישע טעמע פאַר דער דיסקוסיע און אויך ווער עס זאָל די דיסקוסיע אָנפאַנגען. דאַן האָט יעדער פון די מיטגלידער געקראָגען דאָס וואָרט אין דער אָרדנונג, ווי זיי זיינען געזעסען ארום טיש און איעדער האָט אויסגעדריקט זיינע געדאַנקען און זיינע מיינונגען. קיינער איז נישט דורכגעלאָזט געוואָרען. קיינער האָט נישט געוואָלט דורכגעלאָזט ווערען.

די מיטגלידער פון דעם קלוב האָט מען געקענט איינטיילען אין פיער גרופּעס:

ליטעראַטען — שרייבער ווי לינקאָלן סטעפענס; נאָרמאַן העפּגוד, וועלכער איז דאַן געווען רעדאַקטאָר פון „קאָליער׳ס וויקלי”; יודזשין וואוד, דער פּאָפּולערער ערצעהלונג־שרייבער;

סעמיועל מאָפעט, איינער פון די מיט־רעדאַקטאָרען פון „סאַ־ליער'ס וויקלי"; העמילטאָן האָלט, מענעדזשינג עדיטאָר פון „אינדיפּענדענט", און איצט אַ קאָלעדזש־פּרעזידענט און אַ פּראָ־מינענטער קאָמפּעינער, אַז אַמעריקע זאָל אַריין אין דער פעלקער־ליג; עדווין י. סלאָסאָן, מיט־רעדאַקטאָר פון „אינדיפּענדענט"; טשאַרלס עדוואַרד ראַסעל און דער ראָמאַנען־שרייבער לעראָי סקאָט.

אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָרען ווי דזשאָהן דיואי, דער פּראָ־מינענטער פּסיכאָלאָג און פילאָזאָף; פרענקלין ה. גידינגס, איינער פון די אָנגעזעהענסטע סאָציאָלאָגען; דזשעימס מ. שאָטוועל, דער היסטאָריקער; וויליאַם פּ. מאָנטאַגיו, פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע, און טשאַרלז א. בירד.

כלל־טוער און רעפאָרמערס, ווי אָוען ר. לאָוודזשאָי, סעקרע־טאַר פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע וועגען קינדער־ארבייט; דזשאָהן ב. ענדריוס, סעקרעטאַר פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאיישאָן פאַר ארבייטער־געזעצגעבונג; רעימאָנד אינגערסאָל און דזשאָרדזש וו. אָלדזשער, וואָס ביידען שפּילען אַ וויכטיגע ראָלע אין דער אומ־רוהיגער קלאָוק־און־סוט אינדוסטריע אלס פּאַרמיטלער, בוררים און שלום־מאַכער, און נאָך אייניגע מענשען פון אַזאַ שטייגער.

די פּערטע גרופּע איז באַשטאַנען פון „גלאַט סאָציאַליסטען". אויסער מיר האָבען אין פאַרשידענע צייטען צו איהר באַלאַנגט לעאָנאַרד ד. עבאָט, ראָבערט וו. ברוער, וו. דזשעי. גהענט, עדמאָנד קעלי, אָלדזשערנאָן ליע, דאַרווין מעסעראָל, וויליאַם נאָיעס, דזשעי. דזשי. פעלפּס סטאָוקס, וויליאַם אינגליש וואָלינג און רופוס וויקס, אַ ווירדיגער אַלטער מאַן, וועלכער איז געוועזען אַ סטאַטיסטיקער און וויצע־פּרעזידענט פון דער מעטראָפּאָליטאַן לאַיף אינשורענס קאָמפּאַני.

קיין טעמע איז ניט געוועזען צו שווער אָדער צו לייכט פאַר אונז. פראַגען פון פּאָליטיק, וויסענשאַפט, רעליגיע, ליטעראַטור און קונסט זיינען באַהאַנדעלט געוואָרען איינס נאָך איינס. איבער די אַלע פראַגען האָבען מיר געהאַט אַן אויסגעשפּראָכענע מיינונג, כאָטש ווייט נישט אימער זיינען מיר געוועזען איינפאַרשטאַנען צווי־שען זיך.

ביי זעלטענע געלעגענהייטען האָבען מיר איינגעלאַדען דרוי־סענדיגע מענשען אלס געסט און „קרבנות". איך געדענק באַזונ־

דערם די באזוכען פון דעם שריפטשטעלער ה. דזש. וועלס, וועלכער האט דערנאך באצייכענט דעם עקס־קלוב אלס איינע פון די ווע־ניגע אינטערעסאנטע זאכען אין אמעריקע; דזשארדזש לענסבורי, וועלכער איז איצט דער פיהרער פון דער ענגלישער לעיבאר פארטיי און וועלכער האט אונז דאן איבערראשט מיט זיין מאדנעם געמיש פון רעליגיעזיטעט און רעוואלוציע; און עמיל וואנדערוועלדע, דער וועלט־באריהמטער סאציאליסטישער פיהרער פון בעלגיע, וועלכער איז געקומען אהער אין אנהויב פון דער וועלט־מלחמה.

די דיסקוסיעס זיינען שטענדיג געווען אינטערעסאנט און האבען געוועקט געדאנקען און געפיהלען, אויב אפילו זיי זיינען נישט אימער געווען באלערענד. זיי האבען יעדענפאלס געהאט די מעלה, וואס די אנטיילנעמער האבען זיי נישט גענומען צו ערנסט.

דער קלוב איז געווען טעטיג ביז צום יאהר 1917.

אמעריקע'ס אריינגעהן אין דער מלחמה האט צוטיילט די מיטגלידער אויף צוויי געגנערישע לאגערען. און דאס מאל איז עס שוין ניט געווען א גוטמוטיגע און טאלעראנטע צוטיילונג איבער אבסטראקטע געזעלשאפטליכע אדער פאליטישע מיינונגען.

אונזער קלוב איז שטארק געטראפען געווארען פון דער ביטערקייט, וואס האט זיך באלד געלאזט פיהלען צווישען די אנ־הענגער און די געגנער פון דער מלחמה. דאס איז געווען אזא מין פיינדשאפט, וואס האט געמאכט מענשען זאלען פערזענליך אויסמיידען איינער דעם צווייטען. דער קלוב האט, ווי פון זיך אליין, זיך אויפגעלייזט.

עטליכע יאהר נאך דער מלחמה, אין 1925, איז געמאכט גע־ווארען א פארזוך צוריק אויפצולעבען דעם עקס־קלוב און מר. גהענט האט גערופען א מיטינג פון מיטגלידער. אבער דער פארזוך איז דורכגעפאלען מיט א קראך. דער גייסט פון ביטערען האס האט זיך נאך אלץ געפיהלט צווישען די געגנערישע לאגערען. דער צויבער פון פערזענליכער פריינטליכקייט איז פארשוואונדען. די גאנצע אטמאספערע איז שוין געווען אן אנדערע.

עס זיינען אפגעהאלטען געווארען נאך א פאר מיטינגען צו וועלכע עס זיינען געקומען מענשען פון בלויז איין צד. די מיטינגען זיינען געווען קאלט און אומאינטערעסאנט. אין יאהר 1929 איז דער קלוב אפיציעל אויפגעלייזט געווארען.

אויב איך האָב ביז איצט געמאכט דעם איינדרוק, אז אין דעם ערשטען צעהנדליג יאָהר פון אונזער יאָהרהונדערט איז סאָ־ציאַליזם געווען הויפּטזעכליך אַ באַוועגונג פון אינטעליגענטען, איז דער איינדרוק נישט געווען קיין ריכטיגער. די סאָציאַליסטישע אינטעליגענציע איז געווען בלויז צווישען די פיהרער אין ניו יאָרק. דער ברייטער סאָציאַליסטישער עולם, ספּעציעל אין די שטאַאַטען פון דער וועסט און פון דער מיטעל־וועסט, איז אין דער גרעסטער מעהרהייט באַשטאַנען פון ארבייטער מיט אַ היבשען צומיש פון פאַרמערס, וואָס האָבען אין אַלץ אַ גרעסערער צאָהל גענומען אַריינקומען אין דער באַוועגונג.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט אָנגעפאַנגען האָבען פּראַק־טישע פּאָליטישע זיגען. ארום דעם יאָהר 1910, ווען וויקטאָר בערגער איז ערוועהלט געוואָרען אַלס דער ערשטער סאָציאַליסטישער מיטגליד פון קאָנגרעס, האָט שוין די פּארטיי געהאַט פאַרטרעטער אין עטליכע סטעיט לעדזשיסלייטשורס און האָט שוין געהאַט דעם קאָנטראָל איבער אַ רייהע שטאָדט־רעגירונגען.

אַרום דעם יאָהר 1912 האָבען די סאָציאַליסטען ערוועהלט מעיאָרס אין נישט־ווינציגער ווי 56 אמעריקאַנער שטעדט און שטעדטלאַך. דעם אויבען־אָן צווישען זיי פאַרנעמט די שטאָדט מילוואָקי, וואו די סאָציאַליסטען האָבען געזיגט מיט אַן אומגע־הייערער מעהרהייט אין יאָהר 1910. עמיל זיידעל, דער פּארטיי'ס קאַנדידאַט פאַר מעיאָר, האָט געוואונען די וואַהלען מיט אַן אַב־סאָלוטער מעהרהייט פון זיבען טויזענט שטימען איבער זיין דע־מאָקראַטישען געגנער און ער האָט באַזיגט זיין רעפּובליקאַנישען געגנער מיט איבער פופצעהן טויזענט שטימען. צוזאַמען מיט איהם זיינען אויך ערוועהלט געוואָרען די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען פאַר שטאָדט־לאָיער, קאָנטראָלער, צוויי ציווילע ריכטער און איין־און־צוואַנציג פון די 35 אָלדערמען (ראַטמענער), וואָס די שטאָדט האָט געוועהלט. מיט דער אויסנאַם פון בלויז איין טערמין זיינען דאָרט די סאָציאַליסטען זינט דאַן געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער שטאָדט רעגירונג. דעניעל וו. האָאַן, לאָיער און סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדיסט, איז מעיאָר פון מילוואָקי זינט 1916 אָהן אונ־טערברעכונג. כאָטש די סאָציאַליסטען האָבען נישט געהאַט דעם גאַנצען קאָנטראָל איבער דער שטאָדט רעגירונג אין פאַרלויף פון

די אַלע יאָהרען, האָבען זיי אָבער באַדייטענד באאיינפלוסט די אַלע פירונגען פון דער שטאָדט. זיי האָבען דורכגעפיהרט סאָציאַלע און פינאַנציעלע רעפאָרמען אויף וויפיל די באַגרעניצטע מאכט און די באַגרעניצטע פונקציעס פון א שטאָדט האָט נאָר ערלויבט.

די אַדמיניסטראַציע פון מילוואָקי איז געוואָרען א מוסטער פאַר אַמעריקאַנער שטעדט.

די פּאָליטישע איבערראַשונג פון יענער צייט איז פונדעסט־וועגען געווען דער סאָציאַליסטישער זיג אין דער שטאָדט סקע־נעקטעדי, וועלכע געפינט זיך אין סאַמע מיטען פון שטאַאַט ניו יאָרק.

סקענעקטעדי האָט צו יענער צייט געהאַט א באַפעלקערונג פון אַרום 75 טויזענט איינוואוינער. דאָרט האָט די דזשענעראַל עלעקטריק קאָמפּאַני געהאַט איהר הויפּט־אָפיס, איהרע לאַבאָראַטאָ־ריעס און איהר גרעסטע פאַבריק. א גרויסער טייל פון דער באַפעל־קערונג איז באַשטאַנען פון דער קאָמפּאַני׳ס אָנגעשטעלטע. זיי זיינען געווען גוטע באַלמעלאָכעס און גוט אָרגאַניזירט אַלס אַר־בייטער. א לענגערע צייט האָט די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע געהאַלטען אין איין מאַכען פאָרטשריט צווישען זיי. די באַוועגונג איז שטאַרק ערמוטיגט געוואָרען פון צוויי פּראָמינענטע, אָבוואָהל זעהר־פאַרשידענע, איינוואוינער פון סקענעקטעדי. איינער פון זיי איז געווען טשאַרלז פּ. שטיינמעץ און דער צווייטער איז געווען דזשאָרדזש ר. לאָן.

שטיינמעץ איז געווען באַראַטונגס־אינזשעניר פון דער דזשע־נעראַל עלעקטריק קאָמפּאַני און איינער פון די גרעסטע גאונים פון עלעקטריציטעט דאָ אין לאַנד.

א געבוירענער אין דייטשלאַנד, האָט ער שטודירט אין ברעס־לאַו, אין ציריך און אין בערלין. איבער זיין אַנטייל אין דער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג פון זיין געבורטסלאַנד, האָט ער געהאַט אָהן א שיעור צרות פון דער דייטשער רעגירונג און פון איהרע בעאַמטע אַזוי, אַז ער איז ענדליך געווען געצוואונגען צו עמיגרירען. קיין אַמעריקע איז ער געקומען אין יאָהר 1899. ער איז געווען א קריפּעל און איבער זיין פיזישען חסרון האָט ער זיך ניט געקענט פאַרנעמען מיט עפענטליכער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. ער איז אָבער זיין גאַנץ לעבען געבליבען ביי זיין הייסען גלויבען אין

סאָציאַליזם און האָט זיין סאָציאַליזם אָהן אויפהער פּראָקלאַמירט ווען און וואו ער האָט נאָר געקענט. זיין גרויסער נאָמען ביי דער באַפעלקערונג האָט אַ סך געהאָלפען צו פאַרשפּרייטען דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק. ער איז געשטאָרבען אין 1923, אין עלטער פון 58 יאָהר.

דזשאָרדזש ר. לאָן איז אַמאָל געווען אַ פּרעסביטיריאַנישער גלח. ער איז געקומען קיין סקענעקטעדי אין יאָהר 1904 און פינף יאָהר צייט האָט ער געדינט אַלס גייסטליכער אין איינער פון די לאָקאַלע קירכעס. ווען זיינע ראַדיקאַלע קלויסטער־דרשות און זיין ניט־גלח׳ישע באַנעמונג האָט איהם געבראַכט אין צוזאַמענשטויס מיט די גבאים פון קלויסטער, האָט ער רעזיגנירט און האָט געגרינדעט אַן אומאָפּהענגיגע געמיינדע אונטער׳ן נאָמען „יוניי־טער פּיפּעלס טשוירטש״ (פאַראייניגטע פאָלקס־קירכע). ער איז געווען אומגעהייער פּאָפּולער ביי די פּאָרטגעשריטענע טיילען פון דער באַפעלקערונג און ביי די אַרבייטער פאַר זיינע ליבעראַלע אידייען, פאַר רעדען אָפענע דיבורים און פאַר זיין דעמאָקראַטישער באַנעמונג. ער איז געווען דער אידעאַלער טיפּ פון אַ גלח אַ פּאָליטיקער.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז ער אין הערבסט פון יאָהר 1911 נאָמינרט געוואָרען פאַר מעיאָר און איז ערוועהלט געוואָרען מיט אַ גאַנץ היבשער מערהייט. צוזאַמען מיט איהם זיינען אויך ערוועהלט געוואָרען די אַנדערע שטאָדטישע הויפּט־קאַנדידאַטען אויפ׳ן סאָציאַליסטישען צעטעל און אויך אַ מעהרהייט פון דעם שטאָדט־ראַט.

אַ דאַנק דעם אומערוואַרטעטען זיג איז דאָ אויפגעשוואוּמען אַן ערנסטע און שווערע פּראָבלעם. אין מילוואָקי האָבען די סאָציאַליסטען פון פריהער געהאַט אַ באַדייטענדע צוגרייטונג אין די פראַגען פון רעגירען אַ שטאָדט, איידער עס איז זיי אויסגעקומען איבערנעמען די שטאָדט־פאַרוואַלטונג אין זייערע הענט. אייניגע פון זיי זיינען געהאַט געווען מיטגלידער פון דער באָארד אָוו אָלדערמען (שטאָדט־ראַט) און זיינען געווען גרינדליך באַקאַנט מיט די פּראַקטישע אויפגאַבען פון פיהרען אַ שטאָדט. אין סקענעקטעדי אָבער זיינען די ערוועהלטע סאָציאַליסטישע בעאַמטע געווען

איינגאַנצען נישט צוגעגרייט פאַר דער גרויסער אַרבייט, וואָס זיי האָבען געהאַט פאַר זיך.

עס איז געבליבען איינגאַנצען צוויי חדשים צייט צו אָרגאַ־ניזירען די שטאָדט־רעגירונג, אָננעמען אַ פּראָגראַם פון אַרבייט און זיך צוגרייטען צו ערפילען ריכטיג די פליכטען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט אַזאַ פאַראַנטוואָרטליכען ענין.

די סאָציאַליסטען פון סקענעקטעדי זיינען, נאַטירליך, געווען געוואַלדיג נייגעריג צו טאָן גוטע און ערפאָלגרייכע אַרבייט און זיי האָבען זיך דערפאַר געווענדעט נאָך הילף און אָנווייזונגען צו מאַנכע פון אונזערע גענאָסען אין אַנדערע שטעדט.

מיך האָט מען איינגעלאַדען אַלס אַ ספּעציעלען לאָיער און דרויסענדיגען ראַטגעבער פון דער אַדמיניסטראַציע, און איך האָב אָנגעהאַלטען דעם אַמט די גאַנצע 2 יאָהר פון מעיאָר לאָנ׳ס ערש־טער אַדמינסטראַציע. אַ יך האָב געמוזט האַלטען אין איין אַרומ־פאָהרען צווישען ניו יאָרק און סקענעקטעדי, אָבער די אַרבייט איז געווען אינטערעסאַנט און ביי מיר אין די אויגען איז זי אויך געווען וויכטיג. איך האָב געוואוסט, אַז די טעות׳ן פון אַזאַ שטאָדט־רעגירונג וועלען די שונאים צופּויקען, איבערטרייבען און אויס־נוצען פאַר זיך. איך האָב מורא געהאַט, אַז אַ דורכפאַל זאָל נישט זיין אַ טויט־קלאַפּ פאַר דעם אָנהויב פון סאָציאַליסטישען קאָנטראָל פון לאָקאַלע רעגירונגען.

מיר האָבען אָרגאַניזירט אַן אומאָפּיציעלען קאַבינעט, וואָס איז באַשטאַנען פון די וויכטיגסטע שטאָדט־בעאַמטע, ערוועהלטע אַזוי גוט ווי באַשטימטע, און פון אייניגע פאָרשטעהער פון דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. די אויפגאַבע פון דער גרופּע איז געווען צוזאַמען צו באַשליסען וועגען באַשטימען נאָך אַנדערע בעאַמטע און וועגען אַלע אַנדערע וויכטיגע אַדמינסטראַטיווע פראַגען. אָפט־מאָל האָבען מיר צו אונזערע בעאַמטע צוגעצויגען אַנדערע מענשען, וואָס האָבען געהאַט ערפאַהרונג אויף ספּעציעלע געביטען פון שטאָדט־רעגירונג — סאָציאַליסטען, ליבעראַלען, אָדער אומפּאַר־טייאישע עקספּערטען.

איינער פון די ערשטע פּרינציפּען, וואָס מיר האָבען אָנגע־נומען ,איז געווען, אַז אויף די אַמטען, פאַר וועלכע עס פאָדערט זיך אַ ספּעציעלער סאָרט ויסען, זאָלען באַשטימט ווערען בלויז

מענשען, וואָס קענען, ס'מאַכט נישט אויס צו וועלכער פּאַרטיי זיי באַלאַנגען אָדער אפילו אין וועלכער שטאָדט זיי וואוינען.

די קאָמישאָנערס פון וואוילטעטיגקייט און פון עפענטליכע אַרבייטען, אַזוי גוט ווי איינינע אַנדערע וויכטיגע שטאָדט־בעאַמטע, זיינען אימפּאָרטירט געוואָרען פון אַנדערע שטעדט, וואו זיי האָבען זיך פריהער געהאַט אויסגעצייכענט אויף זייערע געביטען.

דאָס טיילען אַמטען אַלס באַלוינונג פאַר פּאָליטישער שטיצע און דער מנהג פון טאָן פּאָליטישע טובות זיינען איינגאַנצען אָפּגעשאַפט געוואָרען. נוצליכקייט פאַר דער באַפעלקערונג איז געווען דער פּרוביר־שטיין און דאָס שלאָג־וואָרט פון דער נייער סאָציאַליסטישער אַדמיניסטראַציע.

אַלס זיין סעקרעטאַר האָט מעיאָר לאָן אויף מיין רעקאָמענדאַציע באַשטימט אַ יונגענמאַן, וועלכער האָט ערשט געהאַט געענדיגט דעם האַרוואַרד אוניווערזיטעט, וואו ער האָט אָרגאַניזירט דעם ערשטען סאָציאַליסטישען קלוב פון סטודענטען. זיין נאָמען איז געווען וואָלטער ליפּמאַן. ער איז דאַן אַלט געווען דריי־און־צוואַנציג יאָהר. דעם אַמט האָט ער אָנגעהאַלטען צוויי יאָהר צייט, און איך מוז צוגעבען, אַז ער האָט דאַן נישט ארויסגעצייגט קיינע סימנים פון זיינע גלענצענדע פעהיגקייטען אַלס דענקער און שרייבער, דורך וועלכע ער איז שפּעטער געוואָרען איינער פון אַמעריקע'ס אָנגעזעהענסטע פּובליציסטען.

וואָלטער ליפּמאַן איז נישט לאַנג פאַרבליבען אַ סאָציאַליסט. דזשאָרדזש ר. לאָן אויך נישט. אַ דורכגעפאַלענער אין די וואַהלען פאַר אַ צווייטען טערמין און אַן אומצופרידענער מיט די שטרענגע פּאָליטישע פיהרונגען, צו וועלכע די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פאַרפליכטעט איהרען אַ מיטגליד, איז ער אריבער צו דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. דאָרטען האָט מען איהם באַלד געמאַכט פאַר אַ פיהרער. אויף דעם דעמאָקראַטישען טיקעט איז ער ערוועהלט געוואָרען פאַר מעיאָר אויף נאָך דריי טערמינען, דערנאָך אויך פאַר קאָנגרעסמאַן און פאַר ליוטענאַנט־גאָווערנאָר פון סטעיט. איצטער האָט ער אַן אַמט אַלס איינער פון די פּאַבליק סערוויס קאָמישאָנערס פון ניו יאָרק.

טראָץ די איבערלויפער, וואָס האָבען זי פאַרלאָזען פון צייט צו צייט, איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דאָך געוואַקסען און זיך

אנטוויקעלט. אין יאָהר 1912 האָט די צאָהל גוט־שטעהענדע מיטגלידער דערגרייכט ביז 118 טויזענט. די פּארטיי האָט געהאַט טעטיגע און ווירקזאמע אָרגאניזאציעס אין יעדען פון די אכט־און־פערציג שטאאטען, איז געשטיצט געוואָרען פון א ארום 150 צייט־שריפטען, צייטונגען און זשורנאלען. דער סאָציאליסטישער וואוט איז געוואַקסען און געוואַקסען ביז דער פּרעזידענט־קאנדידאַט פון דער פּארטיי האָט באַקומען א מיליאָן שטימען — ארום זעקס פּראָצענט פון אלע שטימען, וואָס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען.

## קאַפּיטעל פינף

# רעדען און שרייבען

מיין ערשטע רעדע האָב איך געהאלטען אונערוואַרטעט און אָהן צוגרייטונג. מ'האָט מיך כמעט אריינגעגנאַרט צו האלטען די רעדע.

זוכענדיג אָרגאניזאציעס, וואָס זאָלען זיין בעלנים זיך אָנ־צושליסען אָן די פאראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, האָבען מיר ענטדעקט א פאראיין פון שניידער, וואָס איז באַשטאַנען פון דייטשע און עסטרייכישע אידען. דאָס איז געווען מעהר בענעפיט סאָסייעטי, ווי טרעיד־יוניאָן.

לעאָ באַנדעס און איך זיינען אויסגעקליבען געוואָרען צו באַ־זוכען דעם פאראיין און מאַכען א פארזוך צו געווינען איהם פאר די געווערקשאַפטען. מיר זיינען דערפאר „ערשינען" אויף איינעם פון די רעגולערע מיטינגען פון דער אָרגאניזאציע.

עס איז געווען א גאַנץ גרויסע פארזאמלונג און די מענשען, וואָס מיר האָבען דאָ געטראָפען זיינען סאַי לויט'ן אויסזעהן, סאַי לויט זייער בילדונג, געשטאַנען א היבש ביסעל העכער פון די רוסיש־אידישע ארבייטער, וועלכע איך האָב געקענט.

אויפגענומען האָט מען אונז פריינטליך און מ'האָט אונז פאר־זיכערט, אז אונזער פארלאַנג וועט ווי געהעריג פארהאַנדעלט ווע־רען. צופרידענע מיט דעם רעזולטאַט פון אונזער שליחות, האָבען מיר שוין געהאלטען ביים אוועקגעהן, אָבער דער פּאָרזיצער האָט

שטיל אנאָנסירט : „די הערדען פון דער קאָמיטעט זיינען געלאַדען צו אדרעסירען דעם מיטינג וועגען דער ארבייטער פראגע".

אָדי בין געבליבען געפּלעפּט. די שפּראַך פון דעם פּאַראיין איז געווען דייטש. דאָס האָט אינגאנצען באזייטיגט מיין עלטערען און מעהר ערפאהרענעם קאָלעגע פון דער קאָמיטע. איך בין געווען דער איינציגער פון די צוויי, וואָס האָב געקענט רעדען דייטש, אָבער איך בין אינגאנצען אלט געווען אכטצעהן יאָהר און איך בין נאָך קיינמאָל נישט געהאט ארויסגעטראָטען מיט א רעדע. ס'איז א היבשער שפּרונג פון אפּעלירען צו א גרופּע מענשען, אז זיי זאָלען זיך אָנשליסען אָן אן אָרגאניזאציע ביז האלטען א לעקציע אויף אזא גרויסער טעמע, ווי די ארבייטער־פראגע. ס'איז מיר געבליבען נישט מעהר ווי ארום צעהן סעקונדען צו אראנזשירען מיינע געדאנקען איידער איך האָב געדארפט אָנהויבען רעדען צו מיין פּובליקום.

איך האָב שנעל געפּאסט א באשלוס. איך האָב ערשט געהאט געענדיגט לייענען א בראָשורע פון פרידריך ענגעלס, „די ענטוויק־לונג פון סאָציאליזם פון אן אוטאָפּיע אין א וויסענשאפט". די קורץ־געפּאסטע און איינפאכע ערקלערונג פון דער מארקסיסטישער וועלט־אנשויאונג האָט געמאכט אויף מיר א געוואלדיגען איינדרוק.

דער געדאנק, אז די מאָדערנע מאשין מאכט אן איבערקערעניש אין די געזעלשאפטליכע, אינדוסטריעלע און פּאָליטישע באציהונגען פון מענשען ; דאָס אויפקומען פון דעם פּראָלעטאריאט אלס א קלאס פון ארבייטער, ביי וועלכע מ'האָט צוגענומען דאָס געצייג און פון די קאפּיטאליסטען אלס א קלאס, וואָס ארבייט נישט און פארמאָגט דאָס געצייג ; דער קאמף, וואָס מוז צוליב דעם פאָרקומען צווישען די צוויי קלאסען און דאָס אומפארמיידליכע פּראָגראם פון ארבייטער־קלאס צו סאָציאליזירען די מיטלען, מיט וועלכע דאָס רייכטום ווערט געשאפען, — די אלע זאכען זיינען פאר מיר געווען ניי און האָבען זיך איינגעקריצט ביי מיר אין קאָפּ. און איך האָב נישט געקארגט — כ'האָב איבערגעגעבען מיינע צוהערער די אלע זאכען, וואָס איך האָב אליין אָקאָרשט אויסגעפונען.

רעדענדיג בין איך אלץ מעהר און מעהר אליין באגייסטערט געוואָרען. איך האָב זיך שנעל באפרייט פון מיין לאָמפּען־פיבער.

מיט איינפאכע ווערטער האָב איך פּרובירט איבערדערצעהלען אַלץ, וואָס איך האָב ערשט געלערענט ביי ענגעלס׳ן.

ווי עס שיינט האָבען מיינע צוהערער ענגעלס׳ן נישט געהאַט געלייענט. די געזעלשאַפטליכע טעאָריעס, וואָס איך האָב דאָ פאַנאַנדערגעוויקעלט זיינען פאַר זיי געוועזן פּונקט אַזוי אַנגענעהם־ניי און אָריגינעל, ווי זיי זיינען עס געוועזן ביי מיר ערשט מיט אייניגע טעג פריהער. זיי זיינען געוועזן פאַראינטערעסירט און האָבען נאָכגעפאָלגט מיין רעדע מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. איך האָב גערעדט אַרום אַ האַלבע שטונדע, וואָס האָט מיר אויסגעזעהן אַן אייביגקייט און ווען איך האָב געענדיגט האָט מען מיר וואַרעם אַפּלאָדירט.

אַזוי האָט זיך אָנגעפאַנגען מיין קאַריערע אַלס רעדנער. זי האָט זיך קיינמאָל נישט געענדיגט.

וויפיל רעדעס איך האָב געהאַלטען אין מיין לעבען — דאָס איז אַ דעליקאַטע פראַגע, אויף וועלכער איך וואָלט בעסער נישט געוואָלט געבען קיין ענטפער. אָבער די לעבענסגעשיכטע איז מיין וידוי און ס׳וואָלט נישט געוועזן עהרליך פון מיר ניט אויסצוזאָגען ווי אָפט דער עולם האָט עס געמוזט אויסשטעהן מיינע רעדעס... איך האָב, פאַרשטעהט זיך, נישט פאַרשריבען ביי זיך יעדע רעדע, וואָס איך האָב געהאַלטען, נאָר אז מ׳זאָל אָננעמען אַ מינימום פון 50 רעדעס אַ יאָהר — אין דורכשניט נישט מעהר ווי איין רעדע אַ וואָך — בין איך פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַמווענינגסטענס צוויי טויזענט רעדעס. אין דער ווירקליכקייט אָבער איז די צאָהל דרשות, וואָס איך האָב אַרויפגעצוואונגען אויפ׳ן אַמעריקאַנער עולם, פיל, פיל גרעסער. די מעהרסטע רעדעס האָב איך געהאַלטען אויף פאַרזאַמלונגען, וואָס סאָציאַליסטען האָבען אַראַנזשירט. ס׳איז מיר אָבער אויך אויסגעקומען צו רעדען פאַר אַ נישט־סאָציאַליסטישען פּובליקום, אין קאַלעדזשעס און אין קירכעס, פאַר אַלערליי דיסקוסיאָנס גרופּעס און געזעלשאַפטליכע קלובען. אין די ערשטע יאָהרען, ווען סאָציאַליזם האָט אָנגעהויבען ווערען פּאָפּולער, האָבען די סאַמע־אונערוואַרטעסטע קרייזען גענומען פאָדערען סאָציאַליסטישע רעדנער.

עס ליגט איצט פאַר מיר אַן אויסשניט פון דער „ניו יאָרק טאַימז" פון דעם 2טען אַפּריל 1908, וואו עס ווערט באַשריבען

א מיטינג פון דעם עכסט־אריסטאָקראַטישען „עקאָנאָמישען קלוב".
אַט וואָס די באַשרייבונג דערצעהלט:

„דער איינפלוס פון דער סאָציאַליסטישער טעאָריע אויף דער אינדוסטריע און אויף דער געזעצגעבונג. — דאָס איז געווען די טעמע פון דער דיסקוסיע נעכטען אָווענט ביים יעהרליכען באַנקעט פון דעם „עקאָנאָמישען קלוב" אין האָטעל אַסטאָר. די גרויסע באַל־רום איז געווען איבערגעפּאַקט און מ'האָט נאָך דערצו געמוזט עפענען א דערבייאיגען זאַל פאַר נאָך מיטגלידער און געסט וואָס זיינען געקומען הערען די דיסקוסיע אויף דער אינטערעסאַנטער טעמע.

„מאָרים הילקוויט איז געווען דער דאָמינירענדער רעדנער פון אָווענט. עס זיינען געווען א סך רעדנער צו באַקעמפען זיינע געדאַנקען און צו ארגומענטירען געגען איהם. די מיטגלידער און געסט זיינען כמעט אַלע געווען געגנער פון סאָציאַליזם.

„דער פּרעזידענט פון „עקאָנאָמיק קלאָב" איז א. באַרטאָן העפּבורן, פּרעזידענט פון דער טשעים נעשאָנאַל באַנק. די וויס־פּרעזידענטען זיינען: פּרענסיס לינד סטעטסאָן און י. ר. א. זע־ליגמאַן. ביי די טישען צווישען די פּאַרזאַמעלטע זיינען געווען צעהנדליגע אָנפיהרער פון אינדוסטריען.

„מר. הילקוויט האָט געהאַט אַן אומגעהייערע געלעגענהייט צו פּרעדיגען סאָציאַליזם פאַר א פאַרזאַמלונג, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט רייכטום און פינאַנציעלע אינטערעסען".

אַזא מין אריינדרינגונג אין דעם שונא'ס לאַגער איז ניט גע־ווען קיין זעלטענהייט. ביי פילע געלעגענהייטען בין איך געלאַדען געוואָרען צו קומען פאַר די „זיילען" פון דער איצטיגער אָרדנונג צו ערקלערען די לעהרע פון סאָציאַליזם מיט איהר גאַנצער אָנ־קלאַגע געגען דערזעלבער געזעלשאַפטליכער און עקאָנאָמישער אָרד־נונג. אין רעגולערע לעקציעס און אין דעבאַטעס מיט רעדנער פון די געגנערישע לאַגערען האָב איך גערעדט וועגען סאָציאַליזם פאַר אַזא קאָנסערוואַטיווען עולם, ווי מיטגלידער פון רעפּובליקאַנישען קלוב, פון „טשעימבערס אָוו קאָמערס" און אפילו פאַר יונגע מייד־לאַך פון אַלטמאָדישע אריסטאָקראַטישע סקולס.

אַלס א ביישפּיל ווי ווייט די „הויכע קרייזען" האָבען זיך דאַן אינטערעסירט מיט סאָציאַליזם קען דינען די „סאָציאַליסטישע טיי־

פּארטי", וואָס איז געגעבען געוואָרען פון מרס. ריטאַ לאַידינג. זי איז געווען אַ שעהנע און באַוואוסטע סאָסייעטי־לעידי (דאַמע פון דער הויכער געזעלשאַפט) און זי האָט איינגעלאַדען אַ פאַרשידענ־אַרטיגען עולם פון פּראָמינענטע לייט — באַנקירען, בראָוקערס, הויכע בעאַמטע און סופרים קאָורט ריכטער — צו הערען מיינע ערקלערונגען איבער דער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג און איבער דעם סאָציאַליסטישען פּראָגראַם. ווי איך עראינער זיך איצט, האָב איך דאַן געהאַלטען אַ גאַנץ־אָנגעבלאָזענע רעדע פאַר יענע הויכגעשטעלטע פּערזאָנען און איך האָב אויף זיי גאָר קיין איינדרוק נישט געמאַכט.

אָבער די דרשות פאַר די הויכע פענסטער האָב איך אַליין נישט גענומען צו ערנסט. איך האָב נישט ערוואַרט צו באַקעהרען די רייכע צום סאָציאַליזם מאַסען־ווייז, כאָטש איך האָב אָפטמאָל געפונען איינצעלנע אידעאַליסטען, וואָס זיינען געווען אימשטאַנד צו דערהויבען זיך איבער די פּאַראורטיילען און די אינטערעסען פון זייער קלאַס.

מיינע רייד זיינען מעהרסטענס געווען אַדרעסירט צו די אָרימע. פּונקט צוויי וואָכען נאָך מיין רעדע אין דעם אַריסטאָקראַטישען עקאָנאָמיק קלוב האָב איך געהאַט די עהרע צו אַדרעסירען דעם אָפּפאַל פון דער אָרימסטער באַפעלקערונג אין ניו יאָרק, אין אַ הויז פאַר טרעמפּס אויף דער באַוערי, און איך מוז מודה זיין, אַז פון דעם מיטינג אויף דער באַוערי האָב איך אַ סך מעהר הנאה געהאַט, ווי פון דער דיסקוסיע פאַר דעם „עקאָנאָמיק קלאָב" אָדער אין מרס. לאַידינג'ס הויז.

דאָס הויז פאַר טרעמפּס איז דאַן געווען אין 55 באַוערי, אין דעם האַרץ פון דעם ערגסטען געגענט אין ניו יאָרק. דער אָנפיהרער פון דעם הויז איז געווען דזשעי. דזשעי. הילעמאַנד, אַ קלוגער, ברייט־האַרציגער מאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ סך מיטגעפיל און פאַרשטענדעניש פאַר די ערנידעריגטע און באַליידיגטע.

„יעדען אָוועגט — האָט ער געשריבען צו מיר אין דעם בריף, אין וועלכען ער האָט מיך איינגעלאַדען צו האַלטען אַ רעדע, — קומט אין אונזער הויז אַן עולם מענשען וואָס שטעלען מיט זיך פאַר איינע פון די אינטערעסאַנטסטע און פאַראינטע־רעסירטסטע פאַרזאַמלונגען אין דער וועלט. דאָס זיינען מעהר־

סטענס מענשען, וואָס זיינען רואינירט געוואָרען דורך אומגליקען. אייניגע ווידער, אָבער גאַנץ געווייס ניט די מעהרהייט, זיינען קרבנות פון צולאָזענקייט און פון אַ הפקר־לעבען. עס זיינען דאָך פאַראַן צווישען זיי אַ סך קלוגע קעפּ און פון אַ גרויסען טייל פון זיי קען מען נאָך מאַכען נוצליכע, פיינע מענשען".

ווען איך בין געקומען האַלטען מיין רעדע, האָב איך גע־טראָפען דעם גרויסען זאַל געפּאַקט מיט אַזאַ פאַרזאַמלונג פון מענ־שען, וואָס זייער גלייכען האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהאַט געזעהן. אָנגעטאָן אין שמאַטעס און אין טראַנטעס, אומריין און ניט־ראַ־זירט, האָבען זיי אויסגעזעהן ווי פאַרשווינען, וואָס מען מיידט אויס צו באַגעגענען אין דער פינסטער אויף אַ פוסטער גאַס. מעהרסטענס אויסגעמאָרעטע און מיט אַן אויסדרוק פון הונגער אויף זייערע געזיכטער האָבען זיי אָדער מיט טעמפּע אויגען גע־קוקט אין דער לופט, אָדער געוואָרפען גנב'ישע בליקען אויף דעם עולם ארום. דער זאַל איז געווען געפּאַקט מיט הונדערטער אַזעלכע מענשען. ס'איז געווען אַ בילד וואָס האָט דערמאָנט אָן וויקטאָר הוגאָ'ס פאַנטאַסטישע פאַרזאַמלונגען פון בעטלערס.

איך האָב זיך אין אָנפאַנג ווי געשעמט צו רעדען פאַר זיי. איך האָב געוואוסט, אַז די מעהרסטע פון זיי זיינען ניט געקומען הערען אַ לעקציע. זיי זיינען צוגעצויגען געוואָרען צו דעם גאַסט־פריינטליכען הויז דורך דער ליכטיגקייט, דורך דער וואַרימקייט און הויפּטזעכליך דורך דעם טעפּעלע קאַווע מיט'ן זעמעל, וואָס זיי האָבען באַקומען צום שלוס פון מיטינג.

איך האָב געפיהלט, אַז ס'איז אַן אומרעכט זיי צו צווינגען זיי זאָלען זיך איינהערען צו עפּעס אַזוינס, וואָס זיי האַלטען פאַר אַ פוסטער דרשה נאָר דערפאַר ווייל זיי קענען דאָ זיך עטוואָס אָפּרוהען און דערקוויקען זייערע מידע, אויסגעהונגערטע ביי־נער.

און דאָן ערשט — וואָס האָב איך זיי געהאַט צו זאָגען? סאָציאַליזם אַפּעלירט צום גייסט פון פערזענליכען מוט און שטיצט זיך אויף'ן קאַמף פון די טעטיגע אַרבייטער־מאַסען. דער עולם, וואָס איז דאָ געווען פאַר מיינע אויגען, איז, לויט אַלע סימנים, צושמעטערט געוואָרען דורך נידערלאַגעס אין לעבען. זייער מוט איז געווען געבראָכען. זיי האָבען ניט געהאַט קיין ווילענסקראַפט

און ניט קיין פארלאנגען ארויסצודראפען זיך פון זייער קלענלי־
כער עקזיסטענץ.

אָבער איך בין דאָך געבראכט געוואָרען צו האלטען א רעדע.
איך האָב זיך שטארק געהיט ניט צו מאכען קיין איינדרוק פון
א פּרעדיגער, אָדער פון איינעם וואָס האלט זיך העכער פון זיי. איך
האָב גערעדט צו זיי וועגען דער אומגערעכטיגקייט פון דעם קאפּי־
טאליסטישען סיסטעם, וועגען דעם קאמף פון די ארבייטער פאר א
בעסער לעבען און וועגען דעם סאָציאליסטישען אידעאל פון גלייכ־
הייט צווישען מענשען. איך האָב גערעדט מיט דער איינפאכסטער
שפּראך, מיט די פּשוט'סטע ווערטער.

יעדער ערפאהרענער רעדנער ווייסט כמעט באלד צי ס'איז
איהם ווירקליך געלונגען אָנצוקניפּען א פארבינדונג מיט זיין עולם,
אָדער צי ער לאָזט זיין עולם קאלט. ער פיהלט שוין אין דער אט־
מאָספערע צי ער רעדט צו זיין פּובליקום אָדער צו דער וואנט.

איך בין געווען עטוואָס איבערראשט גלייך פון אָנהויב אָן
— איך האָב באלד דערפיהלט, אז מיין באוערי־פּובליקום הערט
זיך איין מיט קאָפּ. מיין איבערראשונג איז נאָך גרעסער געוואָרען,
ווען די רעדע איז געווען געענדיגט און ס'האָט זיך אָנגעהויבען
די דיסקוסיע. אייניגע פראגע־שטעלער האָבען ווי געשטאמעלט
און קוים געקענט אויסדריקען זייערע געדאנקען. מ'האָט ממש
געפילט ווי זייערע מוחות האָרעווען און פּלאָגען זיך עפּעס צו
באגרייפען, עפּעס צו ערקלערען. עס זיינען אָבער אויך געווען
פראגען און מיינונגען פון עולם, וואָס זיינען געווען אויסגעדריקט
אין דעם פּליסינסטען און פיינסטען ענגליש. אייניגע האָבען גערעדט
שארף און שניידענדיג. ביי מעהרסטע האָט זיך געפיהלט א פאר־
ביטערטקייט און א בייזער חוזק. ס'איז געווען קלאָר ווי דער
טאָג, אז דאָ זיינען זיך צונויפגעקומען מענשען, וואָס זיינען גע
וואלדיג אנדערש איינער פון אנדערען לויט זייער בילדונג, לויט
זייער ערציהונג און לויט זייער אָפּשטאמונג. זיי אלע זיינען אריינ־
געוואָרפען געוואָרען אין דעם זעלבען טיפען אָפּגרונד פון נויט
און ערנידערונג דורך אומדערבארעמליכע אומגליקען און סאָציאלען
אומרעכט.

עפענטליכע דעבאטעס זיינען אין יענע יאָהרען געווען א באַ־
ליבטע פאָרם פון סאָציאליסטישער פּראָפּאגאנדע.

אין ניו ראשעל, א שטעדטעל נעבען ניו יאָרק, האָט מאַר־טין דזשעי. קיאָ, א באוואוסטער ריכטער פון סטעיט סופּרים קאָורט (העכסטער שטאאטס־געריכט), אָנגעפיהרט אַן עפּענטליכען פאָרום הויפּטזעכליך פאַר דער פּאָליטישער אויפקלערונג פון די שטעדטעלשע איינוואוינער. ער האָט באלד איינגעזעהן, אז דער קאַמף פון מיינונגען ציהט־צו אַן עולם און ער האָט אָפּט איינ־געאָרדענט דעבאַטען אין זיין פאָרום. מיר איז אויסגעקומען צו באטייליגען זיך אין עטליכע פון זיי, אָבער אַם בעסטען געדענק איך די ערשטע דעבאַטע פון דער סעריע.

פאָרגעקומען איז די דעבאַטע אין יאנואַר, 1907. די טעמע איז געווען „אינדיווידואליזם געגען סאָציאליזם”. מיין געגנער, וועל־כער האָט פאַרטיידיגט דעם פּרינציפּ פון פעסטען אינדיווידואליזם געגן די ביטערע אטאַקעס פון דער סאָציאליסטישער לעהרע איז געווען דזשעיקאָב דזשי. שורמאַן, דאַן פּרעזידענט פון קאָרנעל אוניווערזיטעט און דערנאָך אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין דייטש־לאַנד און אין אַנדערע לענדער.

ווי מיר שיינט, האָט מר. שורמאַן פאַרגעשלאָגען די דעבאַטע. דער אַלץ־גרעסערער אינטערעס צום סאָציאליזם האָט אָנגעוואָר־פען א שרעק אויף איהם און ער האָט באשלאָסען אוועקצו'הרג'ע־נען דעם „רויטען מאָנסטער” פאַר די אויגען פון א גרויסער מאַסע מענשען.

די דעבאַטע האָט ארויסגערופען א געוואַלדיגען אינטערעס. אָט־וואָס עס איז געווען באריכטעט וועגען דעם אין דער „ניו יאָרק טאַימז” אויף מאָרגען נאָך דער דעבאַטע:

„נעכטען, פון מיטאָג־אָן ביז אין דער שטונדע ווען די דע־באַטע האָט זיך געדאַרפט אָנפאַנגען, איז יעדע טרעין און יעדע סטריט־קאַר פון ניו יאָרק קיין ניו ראשעל געווען געפּאַקט מיט מענער און פרויען, וועלכע האָבען דיסקוטירט די רעגירונגס־סיס־טעמען און די פיהרונגען פון טראַסטס. זיי זיינען אַלע געווען לאַיאַלע אָנהענגער פון מאָרים הילקוויט. זיי זיינען געווען זיכער, אז ער וועט ארויס זיגרייך אין דעם ווערטער־קאַמף מיט'ן קאָלעדזש־פּרעזידענט. א סך, א סך פריהער איידער דער זייגער האָט גע־שלאָגען דריי — די שטונדע ווען די דעבאַטע האָט זיך אָנגעפאַנ־

גען — זיינען שוין די טירען געשלאָסען געוואָרען און קיינער איז שוין ניט אריינגעלאָזען געוואָרען אין זאל״.

מר. שורמאַן איז געקומען צוגעגרייט מיט א גרויסער ערע־פענונגס־רעדע, וואָס ער האָט געלייענט פון א פּאַפּיר. אלץ איז געגאַנגען ווי געשמירט אזוי לאַנג ווי ס׳איז געווען וואָס צו לייענען פון דעם פּאַפּיר. זיינע שוועריגקייטען האָבען זיך אָנגעפאַנגען ווען ער האָט באַקומען דאָס וואָרט צו ענטפערען אויף מיינע ארגומענטען פאר׳ן סאָציאליזם.

ווי עס שיינט, זיינען מיינע ארגומענטען געווען ניט דאָס וואָס מיין געגנער האָט ערוואַרט. אָנשטאָט צונישט צו מאַכען די מעלות פון אינדיווידואליזם, האָב איך זיי גערן אנערקענט, נאָר איך האָב ערקלערט, אז דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם מוז גאָר דערשטיקען יעדע אמת׳ע אינדיווידועלע ענטוויקלונג, ווי אמת׳ע פּערזענליכע פרייהייט און אמת׳ן פּערזענליכען אויפטו, וואָס קען נאָר בליהען אין דער גערעכטער עקאָנאָמישער אָרדנונג פון סאָציאליזם. איך האָב אויך אָנגעוויזען, אז היינטיגע אָרגאַניזירונג פון די אינדוסטריען האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין אינדי־ווידואליסטיש.

מר. שורמאַן איז ניט געווען גרייט צו דיסקוטירען אזא שטאַנדפּונקט. ער האָט געהאַט מיט זיך א גרויסען טאַש אָנגע־פּאַקט מיט אנטי־סאָציאליסטישער אמוניציע, וואָס איז וואַרשיינליך אָנגעזאַמעלט געוואָרען אין דעם עקאָנאָמישען דעפּאַרטמענט פון זיין אוניווערזיטעט. ער האָט אָבער ענטוועדער איינגאַנצען ניט געהאַט מיט זיך דעם נויטיגען מאַטעריאַל צו ענטפערען אויף מיינע ארגומענטען, אָדער דער מאַטעריאַל איז ניט געווען ריכטיג אראַנ־זשירט. מיין געגנער האָט דערפאַר מיט ענטריסטונג אוועקגעוואָר־פען זיין אָנגעפּאַקטען טאַש מיט ארגומענטען און האָט געהאַלטען א גלענצענדע, אָבער א דורכאויס אומפּאַסינגע פּאַטריאָטישע רעדע פון דעם שטייגער ווי מ׳האַלט דעם 4טען דזשולאַי. ער האָט אויס־געדריקט זיין ערנסטע איבערצייגונג, אז אמעריקע איז נאָך אלץ „דאָס בעסטע לאַנד אויף דעם גאַנצען ערד־קוגעל״ און פאַרענ־דיגט מיט א „הורא פאַר דער רעפּובליק״.

דאָס פּובליקום, איינשליסענדיג די סאָציאַליסטען, האָט איהם

געשמאַק אַפּלאָדירט. אַמעריקע האָט געזיגט, אָבער ניט דער קאַ־לערדזש־פּרעזידענט.

מיט יאָהרען שפּעטער האָט מיך ריכטער קיאַ געפּרעגט צי וואָלט איך ניט וועלען האָבען נאָך אַ דעבאַטע מיט מר. שורמאַן אויף דער זעלבער טעמע. מר. שורמאַן האָט עס פאַרגעשלאָגען. ער האָט צוגעגעבען, אַז ער איז נישט געווען גענוג צוגעגרייט ווען ער איז צום ערשטען מאָל אַרויס אין קאַמף געגען מיר. ער האָט אָבער פאַרזיכערט דעם ריכטער, אַז זינט דאַן האָט ער גרינטליך אויסגעשטודירט דעם סאָציאַליזם. איך האָב די איינלאַדונג ניט אָנגענומען.

דעבאַטעס האָבען די מעלה, וואָס זיי גיבען איבער ביידע צדדים פון דער דעבאַטירטער פראַגע און וואָס די געגנערישע טעאָ־ריעס ווערען אויפ׳ן שטעל קריטיקרט און זייערע שוואַכקייטען ווערען אַרויסגעבראַכט. אָבער מעהר ווי אַלץ ציהען דעבאַטעס צו אויף דעם זעלבען שטייגער, ווי ספּאָרט, ווי אַ „פאַיט", אין וועלכען מ׳שלאָגט זיך מיט געדאַנקען אָנשטאָט מיט פויסטען. איך בין נאָרניט זיכער, אַז זיי האָבען אַן אויפקלערונגס־ווערט.

עפענטליכע דעבאַטעס איבער געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע פראַגען ברענגען מיט זיך די געפאַהר פון צוטיילען דאָס פּובליקום אויף צוויי פיינדליכע לאַגערען. זיי קענען פאַרשאַרפען פאָראור־טיילען, וואָס די געגנערישע צדדים האָבען געהאַט פון פריהער. זיי קענען אָבער צוציהען מעהר אויפמערקזאַמקייט ווי אַ געוועהנ־ליכע לעקציע אָדער דיסקוסיע און ס׳איז דאָך פאַראַן אַ שטיקעל האָפנונג צו איבערצייגען איינעם, וועלכער וויל, אַז מען זאָל איהם איבערצייגען, אויב אַזעלכער עקזיסטירט נאָך איבערהויפּט.

איך האָב אַנטייל גענומען אין אַ סך אינטערעסאַנטע עפענט־ליכע דעבאַטעס איבער אַלע פראַגען פון סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג און פון סאָציאַליסטישען פּראָגראַם. איך האָב דעבאַ־טירט מיט אַ סך פּראָמינענטע געגנער — מיט אוניווערזיטעטס־פּראָפעסאָרען, גלחים, רעגירונגס־בעאַמטע, מיט קאָנסערוואַטיווע יוניאָן־פיהרער און אפילו מיט אייגענע פּאַרטיי־גענאָסען, וואָס האָ־בען געהאַט אַנדערע מיינונגען אין געוויסע פראַגען פון טאַקטיק. אָבער מיין מערקווירדיגסטע דעבאַטע איז פאָרגעקומען ניט אויף דער פּלאַטפאָרמע פון אַ פאַרזאַמלונגס־זאַל אונטער די אויסגע־

שרייען פון גוטהייסונג אדער געגנערשאפט פון אן אויפגעקאָכטען עולם. די מערקווירדיגסטע דעבאַטע איז אָנגעפיהרט געוואָרען שטילערהייט אויף די זייטען פון אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל.

אין יאָהר 1913 איז דער זשורנאַל „עווריבאַדי׳ס מעגעזין" (יעדענס זשורנאַל) געווען אויף דער העכסטער שטופע פון פּאָפּולאַריטעט און האָט געהאַט אַן אומגעהייערען איינפלוס. דער זשורנאַל האָט דאַן פאַרנומען אַ גאַר־באַזונדערען פּלאַץ צווישען די פּאָפּולערע צייטשריפטען אין אמעריקע דורך זיין פּאָליסי פון ברענגען דעם לעזער אַלץ נייע און נייע שטאָף און דורך דער לעבעדיגקייט פון זיין אינהאַלט.

אַלס אַ קלאָרער באַווייז פון דעם אינטערעס, וואָס אונזער באַוועגונג האָט דאַן געהאַט ארויסגערופען ביים פּובליקום, קען דינען דער פאַקט, וואָס אַזאַ לעבעדיגער און סענסאַציאָנעלער זשורנאַל האָט אויסגעקליבען סאָציאַליזם פאַר אַ טעמע צום דיסקוטירען ברייט און אויספיהרליך. די דיסקוסיע איז געווען אין דער פאָרם פון אַ דעבאַטע אין זעקס נומערען נאָכאַנאַנד און אַלע וויכטיגסטע פראַגען, וואָס האָבען אַ נאָהענטע שייכות צום סאָציאַליזם, זיינען ארומגערעדט געוואָרען.

איך בין איינגעלאַדען געוואָרען אין דער דעבאַטע צו פאַרטיידיגען דעם סאָציאַליסטישען שטאַנדפּונקט. מיין געגנער איז געווען דזשאָהן א. רייען, אַ קאַטוילישער גלח, וועלכער איז דאַן געווען פּראָפעסאָר פון מאָראַלישער רעליגיאָנס־לעהרע און פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין סעינט פּאָול׳ס סעמינאַר און שפּעטער איז ער געווען פּראָפעסאָר פון קאַטוילישען אוניווערזיטעט אין וואַשינגטאָן. ער איז דער פאַרפאַסער פון עטליכע אָנגעזעהענע ביכער איבער געזעלשאַפטליכע פראַגען.

דער רעדאַקטאָר פון „עווריבאַדי׳ס מעגעזין" האָט אין זיין אריינפיהר צו דער דעבאַטע געזאָגט, צווישען אַנדערעס, אויך דאָס פאָלגענדע:

„דאָ פאַנגט זיך אָן איינע פון די וויכטיגסטע סעריעס ארטיקלען, וואָס איז ווען־עס־איז געווען געדרוקט אין אַ זשורנאַל. אַ דעבאַטע וועגען דעם גוטס אָדער שלעכטס פון סאָציאַליזם.

„די געגנער פון דער דאָזיגער וועלט־באַוועגונג זיינען נישט נאָר אַזעלכע, וואָס ווייסען גענוי וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך;

עס זיינען דאָ א סך געגנער פון סאָציאַליזם, וואָס האָבען א קנאַפּען וויסען און פארמאָגען ניט קיינע ארגומענטען אָדער פאקטען צו באַרעכטיגען זייערע אטאַקעס. נאָך מעהר: אזוינע אטאַקעס ווערען געוועהנליך געמאַכט פאַר אַן עולם, וואָס איז שוין פון פריהער סאַי־ווי פיינדליך צום סאָציאַליזם.

„סאָציאַליזם, ווידער, האָט אויך האַלב־געבאַקענע פּארטיי־דיגער. און סאָציאַליסטישע גערדאַנקען ווערען מערסטענס אויס־געדריקט פאַר אַן עולם, וואָס איז שוין פארבונדען מיט דער באַ־וועגונג.

„די וויכטיגקייט פון דער סעריע איז א דאָפּעלטע: צום ערשטען מאָל ווערען די ארגומענטען פוןביידע צדדים ערקלערט פון די בעסטע אויטאָריטעטען און אין דער פאָרמע פון א דע־באַטע — אז מען זאָל אויפ'ן שטעל קענען פארגלייכען ביידע סאָר־טען ארגומענטען.

„אונזערע לעזער וועלען דערביי געוויס זיין פאראינטערעסירט צו וויסען ווער עס זיינען די אנטייל־נעמער אין דער דעבאַטע און וואָס עס זיינען געווען די אומשטענדען, וואָס האָבען זיי צו־זאמענגעבראַכט פאַר דעם גערדאַנקען־קאַמף.

„די מיינונג, אז די קאַטוילישע קירך איז די הויפּט־פעסטונג נעגען סאָציאַליזם, איז גוט באַקאַנט צו פילע, סאַי אין די קירכען־קרייזען און סאַי אויסער זיי. א לאַנגע צייט האָט די קאַטוילישע קירכע געפירט קריג געגען סאָציאַליזם; אָבער אין די לעצטע פאָר יאָהר איז דער קאַמפּעין געוואָרען אַן אַלגעמיינער און מעהר סיס־טעמאַטיש און שטעלט מיט זיך פאָר די בעסט־אָרגאַניזירטע אטאַ־קע אויף דער סאָציאַליסטישער לעהרע.

„דאָך איז נישט געווען קיין קליינינקייט אויסצואוּוירקען, אז די אָנפיהרער פון די קירכען־קרייזען זאָלען צושטימען צו אַן אָפּע־נער דיסקוסיע איבער דער פראַגע אין א נישט־רעליגיעזען זשור־נאַל. נאַטירליך, האָט קיין רייד נישט געקענט זיין וועגען בעטען ביי דער קירכע און ביי די סאָציאַליסטען, אז זיי זאָלען אָפיציעל אויסקלייבען אַנטייל־נעמער פאַר דער דעבאַטע. עס איז אָבער מערקווירדיג, וואָס מענשען, וועלכע זיינען פּראָמינענט אין ביי־דע לאַגערען, האָבען געהאָלפען אויסקלייבען די צוויי דעבאַטאַנטען

און האָבען באַגריסט די ווערטער־שלאַכט אלס אן ערשיינונג פון אומגעהייערער ווערט".

עס איז געווען די אבזיכט פון די רעדאַקטאָרען אזוי גוט ווי פון די דעבאַטאַנטען צו געבען די לעזער אן איבערלעגטע און גוט־דורכגעטראַכטע ערקלערונג פון ביידע צדדים און ניט דערלאָזען, אז איינער זאָל דורך עפּעס צוטומעלט ווערען, אָדער אז איינער זאָל נישט האָבען די מעגליכקייט קלאָר צו מאַכען זיינעם אן ארגומענט. עס איז דערפאר אראַנזשירט געווארען, אז די דעבאַטאַנטען זאָלען זיך ווייזען איינער דעם צווייטען זייערע מאַנוסקריפּטען איידער זיי געהען צום דרוק און אַז יעדער זאָל דערנאָך קענען מאַכען אזוינע ענדערונגען, וואָס ער וועט געפינען פאר נויטיג אין ליכט פון דעם געגנער'ס טענות. און ביידע האָבען געדאַרפט צווישען זיך דורכקומען וועגען די ענדערונגען.

דאָס איז אפשר געווען א גוטע זאך פאר די אינטערעסען פון דעם לעזער, נאָר די שרייבער־דעבאַטאַנטען האָט עס אָפטמאָל פארשאַפט א סך ערגערניש און פאַרדרוס.

צום ביישפּיל: ביי איין געוויסען פּונקט פון דער דעבאטע האָט דר. רייען געמאכט די באהויפּטונג, אז א סאָציאַליסטישע ארדנונג קען נישט געבען דער באפעלקערונג קיין גרעסערען מאַטעריעלען וואוילזיין, ווי אונטער דער איצטיגער סיסטעם. ער איז געקומען צו דעם שלוס אויף אן איינפאכען שטייגער: ער האָט גענומען דאָס גאַנצע רייכטום און די גאַנצע איינקונפט פון די פאראייניגטע שטאַטען און אויף פּאַפּיר האָט ער דאָס אלץ צוטיילט גלייך צווישען אלע איינוואוינער פון לאַנד. ער האָט דאן ארגומענטירט, אז אויף אַזאַ אופן זעהט מען, אז פון אזאַ גלייכער צוטיילונג קומט יעדען איינעם אלץ אָן א פארהעלטניסמעסיג קליינער חלק.

דאָס איז אין יענע יאָהרען געווען א באליבטער ארגומענט געגען סאָציאַליזם, באַזונדערס אין די אוניווערזיטעט־קרייזען און איך בין געווען העכסט צופרידען צו קענען געבען אן ענטפער אויף דעם אַרגומענט.

איך האָב אָנגעוויזען אז די סאָציאַליסטען האָבען נישט געפּלאַנעוועט אן אָרדנונג מיט אזא באַגרעניצטען פּאַרמעגען און אַזאַ באַגרעניצטען איינקונפט, ווי איצט; אז א סאָציאַליסטישע אָרדנונג וועט אומגעהייער פאַרגרעסערען די פּראָדוקטיוויטעט פון די אר־

בייטער, דאָס פאָלקס־רייכטום און דאָס איינקונפט פון לאַנד דורך אָפּשאַפען אומנוצליכע ארבייט און ארויסגעוואָרפענע מיה, וואָס איז א רעזולטאַט פון א סיסטעם, אין וועלכער אינדוסטריען קאָנ־קורירען צווישען זיך; אז דאָס רייכטום פון פאָלק וועט נאָך מעהר פארגרעסערט ווערן דורך דעם, וואָס פּראָדוצירען וועט מען דאַן מיט דער פולער האַנט, ווייל עס וועט מעהר נישט נויטיג זיין צו שניידען די פּראָדוקציע אין איינקלאַנג מיט די פאָדערונגען פון די קאַפּיטאַליסטישע מארקען.

איך האָב פארבראַכט גאַנצע טעג אין זאַמלען פאַקטען און ציפערען צו באַווייזען מיין באַהויפּטונג. איך האָב צוגעגרייט מיין ענטפער מיט ליבשאַפט און פלייס. איך בין געווען באַזונדערס צופרידען מיט דעם קאַפּיטעל פון מיין שרייבען. מיין ארגומענט האָט מיר געשיינט צו זיין איבערצייגענד. אָבער פּונקט אזוי איז עס אויך געווען איבערצייגענד פאר מיין אָפּענהערציגען דעבאַ־טאַנט. נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעלייענט מיין ענטפער, האָט ער זיך גאַנץ געלאַסען אויסגעשטראָכען דעם גאַנצען שטרייט־פּונקט פון זיין מאַנוסקריפּט. איך בין, צו מיין באַדויערען, געווען גע־צוואונגען צו טאָן דאָס זעלבע.

דר. רייען איז ווארשיינליך געווען דער שטאַרקסטער און אין דער זעלבער צייט דער אָנגענעהמסטער געגנער, וואָס מיר איז ווען־עס־איז אויסגעקומען צו באַגעגענען אין עפענטליכע דעבאַטעס. ער איז געווען גוט אינפאָרמירט, פלייסיג, אָרענטליך און גערעכט צו אַן אנדערען'ס מיינונג.

אונזער דעבאַטע איז דערנאָך ארויס אין א בוך אונטער דעם נאָמען: „סאָציאַליזם — האָפנונג אָדער געפאַהר?"

„עווריבאַדי'ס מעגעזין" איז נישט געווען די ערשטע וויכטיגע צייטשריפט צו אנערקענען דעם וואַקסענדען אינטערעס פאר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

מיט א יאָהר פריהער איידער עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרען מיין דעבאַטע מיט דזשאָהן א. רייען, האָט דער „מעטראָפּאָליטאַן מעגעזין" אָפּגעדרוקט מיינע א סעריע פון זעקס ארטיקלען אונטער'ן נאָמען „סאָשעליזם אָפּ־טו־דעיט" (סאָציאַליזם ביז אין דעם לעצטען מאָמענט). דער זשורנאַל איז דאַן נעהאַט אריבער אין נייע הענט און מען האָט מיר דאָרט געגעבען פאָלשטענדיגע פרייהייט צו שריי־

בען די סעריע ארטיקלען אָהן שום רעדאַקציאָנעלער צענזור אָדער שטערונג. צו די ארטיקלען האָט געדאַרפט קומען אן אויספיהר־ליכע דיסקוסיע פאר און געגען, אין וועלכער די לעזער זאָלען זיך באטייליגען. די סעריע איז גרויס אַנאָנסירט געוואָרען אין די צייטונגען, און גרויסע פּלאַקאַטען אויף סטריט־קאַרס, עלעוועיטערס און סאָבוועים און דורך אלע אנדערע מיטלען פון מאָדערנער רעקלאַמע.

די געשעפטס־אָנפיהרונג פון דעם זשורנאל האָבען זיך נישט אָפּגעגאַרט אין זייער אויסרעכענונג. אין די זעקס חדשים, וואָס מיינע ארטיקלען האָבען זיך געדרוקט, איז באריכטעט געווארען, אז די צירקולאציע פון דעם זשורנאל, וועלכע איז ביז דאַן געווען אומבאדייטענד, איז אויסגעוואַקסען ביז ארום 300 טויזענט. די ארטיקלען זיינען דערנאָך איבערגעדרוקט געוואָרען אין א ביכעל, וואָס די סאָציאַליסטישע פּארטיי האָט שטארק פארשפּרייט פאר פּראָפּאַגאַנדע־צוועקען.

דער „מעטראָפּאָליטאַן מעגעזין” איז אויף עטליכע יאָהר צייט פארבליבען פריינדליך צו דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. נאָך מיין סעריע ארטיקלען איז געקומען א סעריע פון דזשאָרדזש ד. היראָן און וויליאם א. מעילי איז א צייט געווען א מיטגליד פון דעם זשורנאַל׳ס רעדאַקציע־סטעף. נאָכדעם ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכען און איידער אמעריקע איז אריין אין קריג איז דער זשורנאל ארוים מיט געוואַלדיגע ליבשאַפט גאָר צו טעאָדאָר רוזוועלט, וועלכער איז געוואָרען אן אינוועניגסטער מיט־ארבייטער מיט זיין אָפיס אין דער רעדאַקציע.

מיין שרייבען אין יענער צייט איז נישט געווען באגרענעצט בלויז אויף ארטיקלען פאר זשורנאַלען. ווען די סאָציאַליסטישע באוועגונג האָט אָנגעפאַנגען צו מאַכען פּאָרטשריט אין די פאראייניגטע שטאַאטען, איז געווען א גרויסער מאנגעל אין פּאַסיגער ליטעראטור. אלץ וואָס מיר האָבען געהאַט איז געווען עטליכע בראָשורען, מעהרסטענס איבערזעצטע פון דייטש און אָפּט צו טרוקען און נישט־פארשטענדליך פאר די אמעריקאנער ארבייטער. אונזערע א גרופּע, איינשליסענדיג ראָבערט האָנטער, דזשאָהן ספּאַרגאַ, טשארלז ה. וועיל, וו. דזשעי. נהענט, וויליאם אינגליש וואָלינג און א. מ. סאַימאָנס האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט

מיט'ן צוועק צו באשאפען אן אמעריקאנער סאָציאַליסטישע לי־טעראַטור.

מיין ערשטער בייטראג צו דעם איז געווען א געשיכטע פון סאָציאַליזם אין די פאראייניגטע שטאאטען. דאָס איז ביז א גרוי־סען גראד געווען א שפּאָגעל־נייער סאָרט ארבייט און האָט מיר פארשאפט א סך פארגעניגען. עס האָט מיר ספּעציעל הנאה גע־טאָן וואָס איך בין געווען אימשטאַנד צו באווייזען די פאלשקייט פון דער טענה, אז סאָציאַליזם איז א פרעמדער פּראָדוקט. איך האָב דערצעהלט די צוויבערליכע געשיכטע פון די פילע הינע־געבוירענע סאָציאַליסטישע באוועגונגען און עקספּערימענטען אין די פאר־איינינטע שטאאטען אין דער ערשטער העלפט פון לעצטען יאָהר־הונדערט.

מיט א פּאָר יאָהר שפּעטער האָב איך פארעפענטליכט א בוך איבער דער פילאָזאָפיע און איבער דער טאַקטיק פון דער באַ־וועגונג אונטער'ן טיטול „סאָציאַליזם אין טעאָריע און פּראַקטיס".

פארשטעהט זיך, אז די דערמאָנטע ביכער זיינען ניט געווען אלץ, וואָס איך האָב געשריבען. איך האָב אויך, א חוץ פאר די זשורנאַלען, געשריבען אָהן א צאָהל אַרטיקלען פאר טעגליכע צייַ־טונגען, בראָשורען און פּראָפּאגאנדע־ליפלעטס.

דאָס לעבען פון א סאָציאַליסטישען פּראָפּאגאנדיסט איז איין גרויסער פעסט פון רעדען און שרייבען.

### קאַפּיטעל זעקס

## א צוזאַמענשטויס מיט סעמיועל גאָמפּערס

איינע פון מיינע אינטערעסאַנטע ערפאהרונגען איז געווען א דעבאַטע מיט סעמועל גאָמפּערס.

סעמיועל גאָמפּערס איז אָהן צווייפעל געווען די פארביגסטע און קרעפטיגסטע פיגור, וואָס די אַמעריקאַנער ארבייטער־באַוועַ־גונג האָט ארויסגעבראַכט. א געבוירענער אין לאָנדאָן, אין 1850, פון אידיש־האָלענדישע עלטערען, איז ער געקומען קיין אמעריקע אין עלטער פון דרייצעהן יאָהר און איז באַלד אוועק אין שאַפּ ארבייטען אלס סיגאַר־מאַכער. א יאָהר נאָך זיין קומען אהער

האָט ער זיך אָנגעשלאָסען אָן דער יוניאָן פון זיין טרעיד און ער איז געבליבען טעטיג אין דער ארבייטער באוועגונג ביז אין סוף פון זיין לעבען.

אין דער פעריאָדע פון אויפלעבונג און וואוקס פאר די יוניאָנס, וואָס האָט זיך אָנגעפאנגען נאָך דעם בירגער־קריג, האָט דער ענטוזיאסטישער און אונערמידליכער יונגער ציגאר־מאכער געוואונען פאר זיך א פּלאַץ אלס אנערקענטער פיהרער.

אין יאָהר 1881 איז געגרינדעט געוואָרען די „פעדעראציע פון אָרגאניזירטע טרעיד און לעיבאָר יוניאָנס אין די פאראייניגטע שטאאטען און אין קענעדע" און מיט פינף יאָהר שפּעטער איז זי רעאָרגאניזירט געוואָרען אלס די אמעריקאן פעדעריישאָן אָוו לעיבאָר. סעמועל גאָמפּערס איז ערוועהלט געווארען אלס דער ערשטער פּרעזידענט פון דער אָרגאניזאציע, און מיט דער אויסנאהם פון צוויי אונטערברעכונגען, צו איין יאָהר יעדע, האָט ער אָנגעהאלטען דעם אמט ביז איז יאָהר 1924, ווען ער איז געשטאָרבען.

אין פארלויף פון די פילע יאָהרען, וואָס ער איז געווען אין דעם אמט, איז ער ניט נאָר געווען דער אנערקענטער הויפּט־פיהרער פון דער פעדעריישאָן, איהר קאָפּ און איהר נשמה, נאָר אויך דער אנערקענטער פאָרשטעהער פון דער גאנצער אָרגאניזירטער ארבייטער באוועגונג אין אמעריקא. מ'קען מיט זיכערקייט זאָגען, אז ניט פאר איהם און ניט נאָך איהם, איז ניט געווען נאָך אן ארבייטער־פיהרער, וואָס זאָל האָבען אזא איינפלוס אויף זיינע חברים־ארבייטער, ווי ער האָט געהאט. זיין מיינונג איז ביי זיי געווען געזעץ, **זיין וואָרט איז ביי זיי געווען באפעהל.**

אויפ'ן אויסזעהן איז ער געווען כמעט קאָמיש. ער האָט געהאט קורצע פיס, א געפּאקטע פיגור, א היבשען קאָפּ, גרויסע און ריהרעוודיגע געזיכטס־ציגע, א ברייט מויל, דורכדרינגענדע שארפע אויגען און א ברייטען שטערען, וואָס האָט זיך פארענדיגט מיט א גרויסען שארבען, איינגאנצען פּליכעוואטע אויסער א פּאָר עלענדע, ווילדע קופּקעלאָך צושויבערטע האָר פון אן אומבאשטימטען קאָליר. דאָך, טראָץ זיין ניטגעראָטענעם אויסזעהן, האָט ער געמאכט דעם איינדרוק פון געוואלדיגער געצאמטער קראפט און

ער האָט ליכט באהערשט יעדען צוזאמענקונפט, אין וועלכען ער האָט זיך באטייליגט.

איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסען א כאראקטעריסטישע סצע־נע, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָהר 1922, אין סינסינעטי, ביי דער יעהרליכער קאָנווענשאָן פון דער אמעריקען פעדריישאָן אָוו לעיבאָר.

די אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג איז געווען אין א אומ־געהייער קריטישער לאגע אין באצוג צו געזעצען און צו געריכ־טען. אין פארלויף פון פארגאנגענעם יאָהר איז געווען אן אמת'ע מגפה פון אינדזשאָנקשאָנס געגען ארבייטער. אין פיר פראָצעסען נאָכאנאנד האָט דער סופרים־קאָורט פון די פאראייניגטע שטאטען שטארק באגרעניצט דאָס רעכט פון פיקעטען, האָט אויך פארבאָטען די סטעיט לעדזשיסלייטשורס צו ערלויבען פיקעטען אין די באזונ־דערע סטעיטס, האָט פארווערט צו אגיטירען געגען קויפען ביי פיר־מעס, ביי וועלכע מ'סטרייקט און האָט געמאכט די יוניאָנס פאראנט־וואָרטליך פאר אומגעזעצליכע טאטען און פארברעכענס פון איינ־צעלנע מיטגלידער. דעם 15טען פעברואר, 1922, האָט דערזעלבער סופרים קאָורט ערקלערט פאר אומקאָנסטיטוציאָנעל און האָט בטל געמאכט דעם געזעץ געגען קינדער־ארבייט, וועלכען דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען נאָך יאָהרען פון געוואלדיגער אגיטאציע. די פעדעראלע געריכטען און די שטאאטס־געריכטען האָבען אין דער זעלבער צייט געשיינט צו קאָנקורירען צווישען זיך אין ארויסגע־בען שטרענגע און פארביסענע אינדזשאָנקשאָנס אין ארבייטער פראצעסען.

די וויכטיגסטע אויפגאבע פון דער פעדערייש‍אָנס קאָנווענ־שאָן אין סינסינעטי איז געווען צו ספראווען זיך מיט די אלע גע־פערליכע ערשיינונגען. צוליב דעם צוועק האָט פרעזידענט גאָמ־פערס באשטימט א ספעציעלע קאָמיטע, וואָס איז — לויט זיין איי־גענער ערקלעהרונג — באשטאנען פון די בעסטע קעפ אויף דער קאָנווענשאָן. די קאָמיטע האָט ביי איהרע פארהאנדלונגען גע־האט די מיטהילף פון אכט לאָיערס, וועלכע זיינען געווען פון פאר־שידענע טיילען פון לאנד און זיינען געווען באוואוסט פאר זייער פריינדליכער באציהונג צום ארבייטער־צד. איך בין געווען איינ־געלאדען אלס איינער פון די לאָיערס.

אונזער בּאראַטונג האָט געדויערט פילע שטונדען נאָכאַנאַנד. מיר האָבען זיך געראַנגעלט מיט אַלע פראַגען פון דער פאַרפּלאָנטערטער לאַגע און מיר האָבען קיין גרויסען פאָרטשריט ניט געמאַכט. עס איז געוואָרען בּיינאַכט. די אַנטיילנעמער זיינען געווען אויסגעמאַטערט און די דיסקוסיע איז שוין געפיהרט געוואָרען אָהן אַ סיסטעם און אָהן אַ צוועק.

דאַן איז סעמיועל גאָמפּערס פּלוצלינג אַריין אין צימער. אין איין אויגענבּליק האָט זיך די גאַנצע אַטמאָספערע געענדערט. אַלע, וואָס זיינען געווען דאָ פון פריהער ,האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער און זיינען געשטאַנען אויף די פיס בּיז דער הויפּט־פיהרער האָט זיך אַוועקגעזעצט. גאָמפּערס האָט אינגאַנצען איבּערגענומען די אָנפיהרונג פון דעם מיטינג.

ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגען דעם פאָרטשריט פון די פאַרהאַנדלונגען און ער האָט אונטערגעצויגען אַ סך הכל פון דער לאַגע און פון די אויפגאַבען. ער האָט פאָרגעשלאָגען פּלענער, געגעבען עצות און האָט אָנגעפיהרט און בּאהערשט דעם צוזאַמענקונפט בּיז די בּאראַטונג האָט זיך געשלאָסען שפּעט בּיינאַכט.

און דאָך, ווען דער הויפּט־פיהרער איז אַוועק צוזאַמען מיט די „בּעסטע קעפּ” פון דער קאָנווענשאָן, און האָט אונז, לאָיערס, איבּערגעלאָזען אַליין צו ראַנגלען זיך מיט דעם פאַרפּלאָנטערטען פּראָבּלעם ,האָבען מיר זיך ארומגעזעהען, אַז מר. גאָמפּערס האָט ווייניג־וואָס אויפגעטאָן בּיים געבּען אונז אָנווייזונגען און אַז ער האָט ניט פאַרלייכטערט אונזער אויפגאַבּע. אַ פּאָר טרעפליכע, אָבער שוין גאַנץ־בּאַקאַנטע פראַזען און אַ מין גייסט פון קריגערישקייט, זיינען געווען אַלץ, וואָס ער האָט בּייגעטראָגען צו דער דיסקוסיע. דורך אַ מעטאָדע פון אויסקלייבען דעלעגאַטען און דעלעגאַטען פון דעלעגאַטען צו טאָן די אַרבּייט, איז די אויפגאַבּע פון אויסאַרבּייטען אַ רעפּאָרט און אַ פּראָגראַם געפאַלען אויף צוויי — אויף דאַנלאַנד ריטשבּערג, דאַן לאָיער פון די בּאהן־אַרבּייטער — היינט איז ער איינער פון רוזוועלט'ס וויכטיגסטע נ. ר. א.־אָנפירער — און איך. די גאַנצע זאַך איז געפאַלען אויף אונזערע פּלייצעס.

די קראַפט פון סעמיועל גאָמפּערס איז בּאַשטאַנען מעהר אין די איינענשאַפטען פון זיין כאַראַקטער אידער אין זיין אַרט דענ־

קען. ער האָט פאַרמאָגט א מאַסע ערפאַהרונג און א געזונטען גלייכען שכל. אין פאַרלויף פון יאָהרען האָט ער אָנגעזאַמעלט א סך אינפאָרמאַציע וועגען פילע געזעלשאַפטליכע פראַגען, וואָס זיינען דירעקט אָדער אינדירעקט פאַרבונדען מיט דער פּראַקטישער אַרבייט פון דער אַרבייטער־באַוועגונג. דאָס איז איהם געלונגען טראָץ דעם, וואָס ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין לערנער, און עס האָט איהם טאַקע אָפטמאָל אויסגעפעלט די בילדונג, וואָס ער האָט אין זיין פריהער יוגענט ניט באַקומען. אָבער וואָס איהם האָט געפעהלט אין קענען די שוואַרצע פּינטלאַך, איז פאַרגיטיגט געוואָרען מיט א ברייטער האַנט דורך זיין כאַראַקטער, זיין ער־ליכקייט, זיין ווילענסקראַפט און זיין פולשטענדיגע איבערגעבענ־קייט צו די אינטערעסען פון די אַרבייטער.

„איך בין אַן אַרבייטער —האָט ער מיט שטאָלץ ערקלערט — און מיט יעדען נערוו, מיט יעדען אָדער, מיט יעדען געדאַנק בין איך אויף דער זייט פון די, וואָס דינען די אינטערעסען פון מיינע ברידער־אַרבייטער. איך רעפּרעזענטיר מיין צד, דעם צד פון די האָרעפּאַשנע מאַסען לוין־אַרבייטער, מיט מיין יעדער טאַט און מיט יעדען וואָרט, וואָס איך רעד אַרויס”.

די דאָזיגע ערקלערונג וועגען זיין שטעלונג איז, אין אַלגעמיין גערעדט, געווען ריכטיג. דער זעלבער סעמיועל גאָמפּערס, וועלכער האָט זיך ענטשיידען אָפּגעזאָגט צו אַנערקענען די מאַרקסיסטישע לעהרע וועגען קלאַסען־קאַמף און דעם סאָציאַליסטישען באַגריף וועגען קלאַסען־באַוואוסטזיין, האָט טיף אין האַרצען געטראָגען א קלאַסען־באַוואוסטזיין, וואָס האָט געברענט אין איהם ווי א רעליגיעזער פייער.

צו די אַלע מעלות האָט ער נאָך פאַרמאָגט א טיפען, אייזענ־פעסטען גלויבען אין זיך אַליין, און א דראַמאַטישען טאַלאַנט פון באַדייטענדער קראַפט אויף דער רעדנער־פּלאַטפאָרמע.

טראָץ זיין הויכער מיינונג וועגען זיך אַליין און זיין געפיהל, אַז ער שטעהט העכער פון אַנדערע, איז ער דאָך געווען געוואַל־דיג מענשליך. זיינע באַציהונגען מיט יוניאָן־פיהרער פון א קלע־נערען ראַנג זיינען געווען אמת־חבר׳ישע, און ער האָט ליב גע־האַט צו רויכערען א ציגאַר און טרינקען א שנאַפּס מיט די „באָיס” (יאַטען) און פאַרברענגען מיט זיי און דערצעהלען מעשיות.

די פּאָליטישע איבערצייגונגען פון סעמיועל גאָמפּערס זיינען געווען עטוואָס פאַרנעבעלט. זיין פּאָליטישער גלויבען איז געווען אמנאָהענטסטען צו דעם אַלטמאָדישען אינדיווידואַליסטישען ליבעראַליזם, אויב ניט טאַקע אַנאַרכיזם. ער האָט געהאַט אַ טיף איינגעוואָרצעלטען אומצוטרוי צו יעדער אריינמישונג פון דער רעגירונג אין עקאָנאָמישע פראַגען, ספּעציעל ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען ארבייטער־אנגעלעגענהייטען און יוניאָנס.

פּראַקטישע פּאָליטיק האָט ער ניט געהאַלטען פאַר זעהר וויכטיג, סאַידען אַלס אַ צופעליגע און צייטווייליגע הילף אין טרעיד יוניאָן טעטיגקייט.

אין די שפּעטע זיבעציגער און אין די פריהע אַכציגער יאָהרען פון לעצטען יאָהרהונדערט איז סאָציאַליזם ביי אמעריקאַנער יוניאָן־פיהרער געווען כמעט אזוי פּאָפּולער, ווי ביי יוניאָן־פיהרער אין אייראָפּע. איינינגע אָרגאַנייזערס פון דער פעדערייישאָן פון טרעיד און לעיבאָר־יוניאָנס זיינען אויך געווען אָנגעזעהענע מיטגלידער פון דער דאַן־געגרינדעטער „סאָשעליסט לעיבאָר פּאַרטיי".

איך האָב אָפט געהערט, אַז גאָמפּערס איז אויך געווען אַ מיטגליד פון יענער פּאַרטיי, אָבער קיין באַווייז דערפאַר האָב איך ניט געקאָנט געפינען, כאָטש ער האָט מיר איינמאָל פּערזענליך צו געגעבען, אַז אין יענער צייט איז ער געווען שטאַרק באאיינפלוסט פון סאָציאַליסטישע געדאַנקען.

אין די שפּעטערדיגע יאָהרען האָט ער אין זיך ענטוויקעלט אַ שאַרפע געגנערשאַפט צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. עס זיינען געווען עטליכע אורזאַכען פאַר דער וואַקסענדער שנאה פון זיין זייט.

אין דער ערשטער צייט פון דער אמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר איז אין דער אָרגאַניזאַציע געווען אַ היבשע גרופּע סאָציאַליסטישע פיהרער. זיי האָבען מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם „פּראָגרעסיווען" פליגעל, וואָס איז געווען געגען די קאָנסערוואַטיווע קרעפטען מיט סעמיועל גאָמפּערס אָן דער שפּיץ. אויף די יעהרליכע קאָנווענשאָנס איז די סאָציאַליסטישע גרופּע שטענדיג געווען געגען זיין ווידערערוועהלונג.

די געגנערשאַפט האָט דערגרייכט איהר העכסטע שטופע, ווען עס איז אָרגאַניזירט געוואָרען די „סאָשעליסט טרעיד ענד לעיבאָר

על׳איענס״, געגרינדעט פון דער סאָשעליסט לעיבאָר פּארטי, אונטער דער אָנפיהרונג פון דעניעל דע ליאָן.

דאָס, וואָס די שפּעטער־אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע פּארטיי האָט אויפגעגעבען די געגנערשאַפט צו די יוניאָנס, האָט ניט באַפרידיגט סעמיועל גאָמפּערס׳ן. ער האָט ניט אויפגעהערט צו קוקען מיט פארדאכט אויף סאָציאַליסטישער יוניאָן־טעטיגקייט.

זיין פארדאכט איז באלד נאָך פארשטארקט געוואָרען דורך דעם וואָס עס איז געגרינדעט געוואָרען א נייע ארבייטער קערפּערשאַפט. אין יאָהר 1905 איז אין שיקאגא אָרגאַניזירט געוואָרען די „אי־דאָבעליו־דאָבעליו״ („אינדאָסטריעל וואָירקערס אָוו דהי וואָירלד״ — די אינדוסטריעלע ארבייטער פון דער וועלט). די באוועגונג איז געבוירען געוואָרען אין א רייהע אומצופרידענע יוניאָנס, סאַי נאַציאָנאַלע, סאַי לאָקאַלע. די סאָציאַליסטישע פּארטיי, אלס פּארטיי, האָט זיך גראַד באַצויגען קריטיש צו דער נייער אָרגאַניזאַציע. אָבער צווישען איהרע גרינדער און שטיצער זיינען געווען עטליכע פּראָמינענטע סאָציאַליסטישע פירער, איינשליסענדיג יודזשין וו. דעבס. גאָמפּערס האָט שטענדיג באצייכענט די „אי־דאָבעליו־דאָבעליו״ אלס סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע.

פּערזענליך האָב איך באַגעגענט גאָמפּערס׳ן א סך מאָל ביי אלערליי געלעגענהייטען, טיילמאָל אלס געגנער, אָבער אָפטער אלס פארבינדעטער אין איין־און־דעמזעלבען קאַמף. אונזערע באַציהונגען זיינען געווען א מאָדנער געמיש פון פּערזענליכער פריינדליכקייט און פּאָליטישער געגנערשאַפט. ביז אין סוף פון זיין לעבען זיינען מיר פארבליבען „פריינטליכע שונאים״.

דער צוזאַמענשטויס, וועלכען איך האָב דערמאָנט אין אָנהויב פון דעם קאַפּיטעל, איז געווען אין דער פאָרם פון א דריי־טאָגיגער דעבאַטע פאַר דער באַריהמטער קאָמיסיע פאַר אינדוסטריעלע באַציהונגען .

דער קאָנגרעס האָט אין יאָהר 1912 געשאַפען די קאָמיסיע מיט׳ן צוועק „צו פאָרשען די אַלגעמיינע ארבייטס־באַדינגונגען אין די וויכטיגסטע אינדוסטריען פון די פאַראייניגטע שטאַאטען, דער וואוקס פון אָרגאַניזאַציעס ביי ארבייטס־געבער און ארבייטער און די ווירקונג פון אזעלכע אָרגאַניזאַציעס אויף די באַציהונגען צווישען די ארבייטס־געבער און ארבייטער און — די מעטאָדען, וואָס

זיינען אָנגעווענדעט געוואָרען אין א וועלכען־עס־איז שטאַאט, אדער אין אויסלאַנד, אָנצוהאַלטען נעגענזייטיג־צופרידענשטעלענדע באַצי־הונגען צווישען ארבייטס־געבער און ארבייטער."

די קאָמיסיע האָט באַקומען די אויפגאַבע אויסצוגעפינען „די גרונט־אורזאַכען פון אומצופרידענהייט אין די אינדוסטריען", און האָט געדאַרפט צושטעלען א באַריכט איבער דער פראַגע.

ס'איז געווען איינער פון די מערקווירדיגסטע באַשלוסען, וואָס דער קאָנגרעס האָט ווען־עס־איז אָנגענומען, ווייל דערמיט איז אָפּי־ציעל אנערקענט געוואָרען, אז עס עקזיסטירט אַזאַ זאַך, ווי די אינדוסטריעלע אומרוהיגקייט. דער באַשלוס איז געווען דער ערש־טער פּאַרזוך אָפּצוגעבען זיך א חשבון וועגען דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד און די עקאָנאָמישע באַציהונג אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען.

דער באַשלוס פון קאָנגרעס האָט אויסדריקליך געזאָגט, אז די קאָמיסיע „זאָל באַשטעהן פון ניין פּערזאָן, וועלכע דער פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַאטען זאָל באַשטימען, מיט דער באַראַטונג און גוטהייסונג פון סענאַט; ניט ווייניגער ווי דריי זאָלען זיין אר־בייטסגעבער און ניט ווייניגער ווי דריי זאָלען זיין פאַרטרעטער פון די אָרגאַניזירטע ארבייטער".

דעם 26טען דזשון, 1913, האָט פּרעזידענט ווילסאָן באַשטימט די פאָלגענדע ניין פּערזאָן אלס מיטגלידער פון דער קאָמיסיע:

אלס פאָרשטעהער פון דעם אַלגעמיינעם פּובליקום—פּרענק ב. וואָלש, דער באַוואוסטער לאָיער, וועלכער האָט באַדאַרפט זיין טשערמאַן; פּראָפעסאָר דזשאָן ר. קאָמאָנס, דער באַקאַנטער עקאָנאָ־מיסט, און מיסעס דזשעי. באָרדאָן הערימען.

אלס פאָרשטעהער פון די ארבייטסגעבער — פּרעדריק א. דילעינאָ, אייזענבאַהן־פּרעזידענט פון שיקאַגאָ; העריס ווייַנסטאָון, א געשעפטסמאַן, וועלכער איז אויך געווען א שרייבער און כלל־טוער, פון סאַקראַמענטאָ, קאַליפאָרניע, און ס. טהראָסטאָן באַלארד, א קאַפּיטאַליסט, פון סעינט־לואיס, מיזורי.

אלס פאָרשטעהער פון די אָרגאַניזירטע ארבייטער: דזשאָהן ב. לענאָן און דזשעימס אָ'קאָנעל, ביידע בעאַמטע פון דער אמע־ריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר, און אוסטין ב. גַערעטסאָן, פּרע־זידענט פון דער יוניאָן פון אייזענבאַהן־קאָנדוקטאָרען.

די קאָמיסיע האָט באקומען די מאכט אָפּצוהאַלטען עפענטליכע פאַרהערען אין אַלע טיילען פון לאַנד און צו צווינגען עדות, אז זיי זאָלען פאַר דער קאָמיסיע ערשיינען.

א סך אינטערעסאַנטע פאַרהערען האָט די קאָמיסיע אָפּגע־האַלטען אין די וויכטיגסטע שטעדט פון לאַנד און האָט באַרירט יעדע מעגליכע ארבייטער פראַגע אזוי גוט ווי פילע אַלגעמיינערע פראַגען, וואָס זיינען מיט דער ארבייטס־פראַגע פארבונדען. די קאָמיסיע האָט אויסגעהערט זיבען הונדערט און פערציג עדות פון אַלע געביטען פון אינדוסטריעלען און געזעלשאַפטליכען לעבען און האָט ארויסגעגעבען א באריכט אין עלף דיקע ביכער, וועלכע האָ־בען צוזאמען געהאט עלף טויזענט מיט 250 גרויסע און געדיכט־געדרוקטע זייטען.

דער באריכט איז אן אוצר פון זעלטענעם מאטעריאַל, וואָס זעהר ווייניג מענשען האָבען געלייענט. איצט איז שוין א סך פון דעם אינטערעס אין דעם באריכט פאַרעלטערט און האָט נאָר א היסטאָרישען ווערט. דער קאָנגרעס האָט גאָרנישט געטאָן אין פאַר־בינדונג מיט דער אומגעהייער־וויכטיגער אויספאָרשונג און די „גרונט־אורזאכען פון אומצופרידענקייט אין די אינדוסטריען" זיי־נען געבליבען אומבאקאנט און ניט־באזייטיגט.

דעם 21טען מאי, 1914, האָט די קאָמיסיע אָנגעפאנגען א רייהע פאַרהערען אין ניו יאָרק מיט'ן צוועק ארויסצובריינגען די אויפגאבען און מעטאָדען אין די באַציהונגען צווישען די הויפּט־גרופּען פון די אָרגאַניזירטע ארבייטער אויפ'ן אינדוסטריעלען, אזוי גוט ווי אויפ'ן פּאָליטישען געביט.

די אמעריקען פעדערעישאָן אוו לעיבאָר, די אי־דאָבעליו־דאָבעליו און די סאָציאַליסטישע פּארטיי זיינען אַלע געלאַדען גע־וואָרען צו זיין פארטראטען. די אמעריקען פעדערעישאָן אוו לעיבאָר האָט געשיקט גאָמפּערס'ען; די אי־דאָבעליו־דאָבעליו האָבען געשיקט ווינסענט סט. דזשאהן, און די סאָציאַליסטישע פּארטיי האָט מיך געשיקט.

ווינסענט סעינט דזשאהן האָט געגעבען אן אָפיציעלע ערקלע־רונג וועגען דער אָרגאַניזאציע, וועגען איהרע אויפגאבען און וועגען די מעטאָדען פון די אי־דאָבעליו־דאָבעליו. דאָס אַלעס. אבער גאָמפּערס'עס „עדות־זאָגען" און מיינע ערקלערונגען זיינען פאַר־

וואַנדעלט געוואָרען אין א לאַנגער און זעהר טשיקאַווער ווערטער־שלאַכט.

מ׳האָט מיך גערופען אלס אן „עדות” צו דער פארמיטאַג־זיצונג דעם 21טען מאַי, און איך האָב גענוי ערקלערט די סאָציאַ־ליסטישע וועלט־אנשויאונג און פּראָגראַם אזוי גוט ווי דעם אופן פון אָרגאַניזאַציע, די טעטיגקייט און די מעטאָדען פון דער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי.

לויט דער פיהרונג פון דער קאָמיסיע, האָט איהר לאָיער ווי־ליאַם א. טהאָמפּסאָן געוועהנליך גענומען די „עדות” אויף א קרייץ־פאַרהער. מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבען מאַנכעסמאָל אליין אויך געשטעלט פראַגען.

סעמיועל גאָמפּערס האָט זיך צוגעהערט צו מיינע ערקלערונגען מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט און האָט זיך געמאַכט א מאַסע נאָטיצען.

ווען די זיצונג איז איבערגעריסען געוואָרען צוליב דער מיטאָג־שטונדע און איך האָב פאַרלאָזט דעם „עדות־שטוהל”, האָבען מיר, גאָמפּערס און איך, אויף א לייכטען שטייגער געשמועסט צווישען זיך וועגען דער קאָמיסיע און איהרע פאַרהערען.

„אייערע ערקלערונגען קלינגען גאַנץ גוט — האָט גאָמפּערס מיר געזאָגט — איך דענק, אז וואָס אנבאַלאַנגט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, האָט איהר אויף זיי געמאַכט דעם איינדרוק, וואָס איהר האָט געוואָלט מאַכען. איך אָבער וויים די לאַגע בעסער פון זיי. הלואי וואָלט איך אייך גענומען אויפ׳ן קרייץ־פאַרהער, אנ־שטאָט מר. טהאָמפּסאָן.”

די באַמערקונג זיינע האָט סעמיועל גאָמפּערס געמאַכט אין א גייסט פון חוזק, אָבער די געוואַלדיגע מעגליכקייטען פון אזא סאָרט קרייץ־פאַרהער האָבען ווי א בליץ געטאָן אין מיין געדאַנק.

„איהר מיינט עס טאַקע ערנסט?” — האָב איך געפרעגט מיט גרויס אינטערעס.

ווען ער האָט מיר פאַרזיכערט, אז יאָ, האָב איך פאָרגעשלאָ־גען, מיר זאָלען צוזאַמען פאַרלאַנגען פון דער קאָמיסיע, אז זי זאָל אויף א ווײַלע אויפגעבען די אָפיציעלע פיהרונגען און זאָל אונז ער־לויבען צו נעמען איינער דעם צווייטען אויף א קרייץ־פאַרהער.

די קאָמיסיע האָט באַלד איינגעזעהן, אז אזא קרייץ־פאַרהער

וועט פאַרשאַפען אַ סך שפּאַס, און נאָך אַ שנעלער באַראַטונג האָ־
בען זיי דעם פאָרשלאַג אָנגענומען. פון דאַן אָן האָט די שלאַכט
געפלאַקערט אָהן אַן אויפהער דריי זיצונגען נאָכאַנאַנד.

האַלטענדיג מיך אויפ׳ן קרייץ־פאַרהער, האָט גאָמפּערס באַ־
ריהרט אַ זעהר גרויסע צאָהל פראַגען. ער האָט אַרויסגעבראַכט די
גוט־באַקאַנטע טענות געגען דער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג,
ווי די מעשיות וועגען דעם פּראָגראַם צו קאָנפיסקירען אייגענטום,
וועגען אונטערדריקען פּערזענליכע פרייהייט, וועגען אַ בלוטיגער
שנעלער געזעלשאַפטליכער איבערקערעניש, און אַזוי ווייטער. מיט
דעם אַלעם איז די הויפּט־אויפגאַבע פון אַלע זיינע פראַגען געווען
צו צייגען, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געטאָן זעהר וועניג
צו העלפען אָרגאַניזירטע אַרבייטער אין זייער פּראַקטישען קאַמף
און איז געגנעריש צו דער אַמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר.

ער האָט באַזונדערס אָפט און שטאַרק אונטערגעשטראָכען דעם
פּונקט פון געגנערשאַפט צו דער פעדערעישאָן. ער האָט געבראַכט
אָהן אַ שיעור אויסצוגען פון אַרטיקלען און רעדעס, אין וועלכע
סאָציאַליסטישע שטיצער פון דער אַי־דאָבעליו־דאָבעליו האָבען מיט
די שאַרפסטע ווערטער באַשולדיגט די פיהרער פון דער פעדערעי־
שאָן און האָבען קריטיקירט איהר מעטאָדע פון אָרגאַניזירען יוני־
אָנס לויט די באַזונדערע פאַכען פון די אַרבייטער, און ניט לויט
גאַנצע אינדוסטריען. זיין באַליבטסטער ציל־פּונקט איז דערביי
געווען יודזשין וו. דעבס, וועלכער האָט שטענדיג שאַרף און שטאַרק
אַטאַקירט די פעדערעישאָן בכלל און גאָמפּערס׳ן בפרט.

יעדעס מאָל, ווען ער האָט ציטירט עפּעס אַ שאַרפע מיינונג
פון דעבס׳ן, האָט ער מיך געפרעגט, צי דאָס איז די שטעלונג פון
דער פּאַרטיי. אויף יעדער פראַגע פון דעם מין האָב איך איהם
שטענדיג געענטפערט, אַז ניין, און איך האָב זיך פאַררופען אויף
דער פּאַרטיי׳ס אָפיציעלע ערקלערונגען און רעזאָלוציעס וועגען
טרעיד יוניאָניזם, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען אויף פאַרשי־
דענע קאָנווענשאָנס.

דער לאַנגער קרייץ־פאַרהער האָט זיך געענדיגט מיט דער פאָל־
גענדער רייהע פון פראַגען און ענטפערס:

„ג אָ מ פּ ע ר ס: האַלט איהר עס פאַר בלויז אַ פּערזענליכער
מיינונג, ווען אַ מאַן, וועלכער איז דריי מאָל געווען דער פּרעזידענט־

קאנדידאט פון א פּאָליטישער פּארטיי, אגיטירט מ׳זאָל אָנפאנגען א באוועגונג אויפצולייזען די איינציגע אלגעמיינע פאראייניגונג פון אָרגאַניזירטע ארבייטער, ווי עס איז איצט די אמעריקען פעדערײ־שאָן אָוו לעיבאָר?

„הילקוויט: איך האלט דאָס איינפאַך פאר דער פּער־זענליכער מיינונג פון יענעם מאַן. די סאָציאַליסטישע פּארטיי גיט קיינמאָל ניט איבער איהר פּראָגראַם און איהר שטעלונג אין די הענט פון אן איינצעלנעם קאנדידאט. די פּארטיי נעמט אָן איהרע שטעלונגען אויף קאָנוועגשאָנס.

„גאָמפּערס: הייסט עס, אז דער פּרעזידענט־קאַנדידאַט פון אייער פּארטיי דריקט ניט אוים די סענטימענטען און די מיי־נונגען פון דער פּארטיי? מיינט עס, אז דאָס איז, וואָס איהר האָט געוואָלט זאָגען מיט אייער ענטפער?

„הילקוויט: אויב איהר ווילט, קענט איהר אזוי דרינגען, אז יעדעס מאָל, וואָס א פּרעזידענט־קאַנדידאַט, אדער אַן אַנדער קאנדידאט טרעט אָפּ פון די פּאַרעפּענטליכע פּרינציפּען־ערקלערונג פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי, רעדט ער דאַן ניט אין נאָמען פון דער פּארטיי, נאָר דורכאוים אויף זיין אייגענער פּערזענליכער פאראנטוואָרטליכקייט.

„גאָמפּערס: וואָלט איהר געזאָגט דאָס זעלבע וועגען מר. טאַפט, צום ביישפּיל, וועלכער איז געווען דער פּרעזידענט־קאנדידאט פון דער רעפּובליקאנישער פּארטיי?

„הילקוויט: אָה, ניין! די רעפּובליקאנישע פּארטיי האָט ניט קיין אלגעמיינע פּרינציפּען־ערקלערונג. זי האָט ניט קיין באשטימטע שטעלונג צו יוניאָנס, און קיין אלגעמיינע געזעלשאַפט־ליכע וועלט־אַנשויאונג. איהר קאנדידאט פאר פּרעזידענט רעדט דערפאר פאר דער פּארטיי. די סאָציאַליסטישע פּארטיי איז אינגאַנ־צען אנדערש אין דער הינזיכט.

„גאָמפּערס: דענקט איהר אויך, אז ווען דער פּרע־זידענט־קאַנדידאַט פון די פּראָהיבישאָניסטען וואָלט געמאכט אַן ערקלערונג, וואָס שטימט ניט מיט דער שטעלונג פון זיין פּארטיי, וואָלט איהר עס אויך באטראכט בלויז אלס א פּערזענליכע מיינונג?

„הילקוויט: אויב דער פּרעזידענט־קאַנדידאַט פון די

פּראָהיבּישאָניסטען זאָל מאכען א שנאַפּס, וואָלט איך ניט געזאָגט, אז די פּראָהיבּישאָן־פּארטיי שטיצט שכרות.

דאָ איז סעמיועל גאָמפּערס, וועלכער איז געווען באקאנט אלס איינער, וואָס האָט צייטענווייז ליב געהאט דעם ביטערען טראָפּען, ארוים מיט א בייזער ערקלערונג:

„איך האַלט ניט פון אריינברענגען די פּערזענליכע געוואוינ־הייטען פון ווען עס זאָל ניט זיין.”

ווען עס איז געקומען מיין רייה צו נעמען גאָמפּערס'ן אויפ'ן קרייץ־פאַרהער, האָט זיך געשאַפען א גאַנץ קאָמישע לאַגע דורך דעם, וואָס מיר האָבען ניט אקוראט פארשטאַנען איינער דעם אנ־דערען.

גאָמפּערס האָט ערווארט, אז איך זאָל קריטיקירען די מעטאָ־דען פון דער אמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבּאָר און אז איך זאָל אויסדריקען צווייפעל אין איהרע מעטאָדען. איך, ווידער, האָב ניט געהאט די מינדסטע אבזיכט דאָס צו טאָן.

איך האָב אבסאָלוט ניט געהאט בדעה צו אונטערשעצען די אויפטואונגען פון טרעיד יוניאָניזם אָדער צו באַהויפּטען, אז די סאָציאַליסטישע באוועגונג שטעהט העכער פון דער טרעיד־יוניאָ־ניסטישער. וואָס איך האָב זיך יאָ באמיהט צו באווייזען, איז גראַדע געווען דער היפּוך דערפון, נעמליך: אז טרעיד־יוניאָניזם און סאָציאַליזם שטאַמען פון די זעלבע עקאָנאָמישע אומשטענדען און נויטען, אז זיי האָבען א געמיינשאפטליכען ענד־ציעל צי זיי ווייסען עס, צי ניט; אז זיי דערגאַנצען זיך איינע די אנדערע און אז זיי וואָלטעןביידע געוואונען דורך א פארשטענדעניס און דורך פּראקטישער קאָאָפּעראַציע.

מיין פּלאַן איז געווען צו נעמען די הויפּט־פּונקטען פון סאָ־ציאַליסטישען פּראָגראַם און זיי פּאָרלייגען, נישט אויסזאָגענדיג דערביי פון וואַנען די פּונקטען שטאַמען, און קריגען פאר זיי גאָמ־פּערס'עס גוטהייסונג.

איך האָב דערפאר אָנגעפאנגען מיט פאָרלייענען די עקאָנאָ־מישע, פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע פּונקטען פון דעם סאָציאַ־ליסטישען פּראָגראַם, ווי עס איז אויסגעדריקט געוואָרען אין דער לעצטער פּלאַטפאָרמע פון דער פּארטיי. איך האָב דערצו יעדען

פונקט אָנגעפאַנגען מיט די ווערטער: „שטיצט דען ניט די אמע־ריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר?״

נאָך יעדען פונקט האָט גאָמפּערס מיט באשטימטקייט און מיט היציגקייט ערקלערט, אז געווים שטיצט די אמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר אזא שטעלונג. ס'איז געווען קלאָר, אז ער האָט ער־ווארט, אז איך זאָל פון די פונקטען נישט האַלטען.

דער טייל פון דער ווערטער־שלאַכט האָט זיך געענדיגט ווי פאָלגט:

„הילקוויט: פונקט נאָך פונקט האָב איך פאר אייך פאָרגעלייענט די טעטיגקייטס־פּראָגראם פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי. אייך פאָרגעלעגט די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מיטלען, וואָס מיר ווילען אָנווענדען. איהר האָט אלע גוטגעהייסען מיט בלויז איין אויסנאַם — אין דער פראגע פון מינימום וויידזשעס און א מאַקסימום ארבייטס־טאָג. אויך וועגען די פראגען האָבען מיר איינגעשטימט אין פּרינציפּ. דער אונטערשיד איז נאָר, וואָס איהר ווילט געווינען די פאָדערונגען פון די ארבייטער בלויז דורך עקאָנאָמישען קאמף און די סאָציאַליסטישע פּארטיי וויל, אז די געווינסען פון די ארבייטער זאָלען דורכגעפיהרט ווערען אלס געזע־צען. דאָס איז מיין סך הכל פון דער גאַנצער רייהע פראגען און ענטפערס. איך וויל, אז דאָס זאָל אריין אין רעקאָרד. איהר קענט ענטפערען דארויף, אָדער נישט — ווי איהר ווילט.

„גאָמפּערס: וואָס ווילט איהר זאָל איך ענטפערען?

„הילקוויט: איז עס אזוי, אָדער ניט?

„גאָמפּערס: איך זאָג, אז די אלע פאָדערונגען וואָס איהר האָט אויסגערעכענט, זיינען ארויסגעשטעלט געוואָרען, ער־קלערט געוואָרען, און אין א סך פאַלען דורך קאמף געוואונען געווארען דורך דער אמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר און דורך דער אָרגאַניזירטער ארבייטער־באַוועגונג איבער'ן לאַנד. לויט אייער פראגע קומט אויס, אז איהר באהויפּטעט דאָס די אמעריקאַנער ארבייטער באַוועגונג נעמט אָן די פונקטען, וואָס איהר האָט פאר זיי אויסגעארבייט. אין דער אמת'ן אָבער האָט איהר אריינגע־שטעלט די פונקטען אין אייער פּלאַטפאָרם אום צו געווינען שטימען ביי די וואַהלען״.

היסטאָריש איז גאָמפּערס געווען אומגערעכט. די וויכטיגסטע

פונקטען, וואָס איך האָב אויסגערעכענט אין מיינע פראַגען צו גאָמ־פּערס׳ן, זיינען אָנגענומען געווארען פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג אין די צייטען פון ערשטען אינטערנאַציאָנאַל, דאָס הייסט אין די זעכציגער יאָהרען פון לעצטען יאָהרהונדערט — א סך פריי־הער ווי די אמעריקען פעדערעישאָן אוו לעיבאר איז אָרגאַניזירט געווארען.

אָבער מיר האָט ניט אינטערעסירט די פראגע וועגען דעם, ווער עס איז געקומען פריהער. וואָס איך האָב געוואָלט איז געווען פעסטצושטעלען, אז די פּראַקטישע באַלדיגע אויפגאבען פוןביידע באוועגונגען זיינען איינע און די זעלבע.

איך האָב דערנאָך געשטעלט נאָך א רייהע פראַגען צו באַ־ווייזען, אז ביידע באוועגונגען פיהרען אויך צו א עהנליכען גע־זעלשאפטליכען ענדציל אדער אידעאל.

די פאָלגענדע ערקלערונגען האָב איך געגעבען ווען גאָמפּערס האָט מיך גענומען אויפ׳ן קרייץ־פאַרהער וועגען דער צוקונפטיגער סאָציאַליסטישער אָרדנונג:

„ג אָ מ פּ ע ר ס: אין פאַל די סאָציאַליסטישע אָרדנונג זאָל איינגעפיהרט ווערען — און נאָר צוליב דער פראַגע נעם איך אָן, אז אַזאַ זאַך איז מעגליך — וועט די אויפגאבע זיין אויפ׳ן שטעל איינצופיהרען די העכסטע מאַטעריעלע, געזעלשאפטליכע און גייסטיגע פארבעסערונגען אין די לעבענס־באַדינגונגען פון די אַר־בייטער. דאָס בעסטע, וואָס מ׳וועט נאָר קענען דערגרייכען צו יענער צייט, נישט אזוי?

„ה י ל ק ו ו י ט: איך דענק אזוי.

„ג אָ מ פּ ע ר ס: און ווען דאָס וועט דורכגעפיהרט ווערען, וועט דען זיין נאָך א העכערע אויפגאבע?

„ה י ל ק ו ו י ט: ס׳וועלען שוין זיין איבערגענוג נאָך ווייטערע אויפגאבען. עס וועלען יעדען טאָג צוקומען נייע אויפ־גאבען.

„ג אָ מ פּ ע ר ס: נאָך מעהר?

„ה י ל ק ו ו י ט: און נאָך ווייטער.

„ג אָ מ פּ ע ר ס: נאָך העכער?

„ה י ל ק ו ו י ט: נאָך העכער.

„ג אָ מ פּ ע ר ס: אויב דאָס איז דער פאַל, איז דען נישט

א פאקט, אז ס'איז נאָר אינגאנצן נישט קיין ענדציל, נאָר א פאר־געהענדער אידעאַל?

„הילקוויט: היינט איז עס אונזער ענדציל. מאָרגען וועט אויף קומען א באוועגונג פאר נאָך א העכערען ענדציל".

גאָמפּערס האָט געשיינט צו זיין העכסט צופרידען פון מיינע ענטפערס. ער האָט געגלויבט, אז זיי האָבען פעסטגעשטעלט דעם טרוימערישען און אומבאשטימטען כאראקטער פון דער סאָציאַ־ליסטישער באוועגונג אין געגענזאץ צו די פראקטישע און באַשטימ־טע צוועקען פון טרעיד יוניאָניזם.

אין די פראגען, וואָס איך האָב געשטעלט גאָמפּערס'ן, האָב איך פּרובירט ארויסברענגען געוויסע פאקטען און ציהען פון זיי שלוסען. וואָס דער רעזולטאט איז געווען, קען מען זעהן פון די פאָלגענדע פראגען און ענטפערס:

„הילקוויט: איצט, מר. גאָמפּערס, לאָמיר בארירען אן אנדער פראגע: דענקט איהר, אז היינט־צו־טאָג באקומען די ארבייטער אין אמעריקע אלצדינג, וואָס זיי פּראָדוצירען?

„גאָמפּערס: אין דעם אָנגענומענעם זין פון דעם וואָרט, באקומען זיי עס ניט.

„הילקוויט: און אין א וועלכען־עס־איז אַנדערען זין — יאָ?

„גאָמפּערס: ניין.

„הילקוויט: אויב אזוי, איז דאָך איינע פון די אויפ־גאבען פון דער אָרגאַניזירטער ארבייטער באוועגונג צו פארגרע־סערען דעם טייל, וועלכען זיי באקומען פון די אלע זאכען, וואָס זיי פּראָדוצירען. האָב איך רעכט?

„גאָמפּערס: יאָ, מיין הער. די אָרגאַניזירטע ארביי־טער־באוועגונג שטעלט אלץ גרעסערע און גרעסערע פאָדערונגען צו דער געזעלשאפט, אז מ'זאָל אלץ בעסער באלוינען די ארבייטער פאר דער דינסט וואָס זיי לייסטען דער געזעלשאפט און אָהן וועל־כער קיין ציוויליזירט לעבען וואָלט ניט מעגליך געווען.

„הילקוויט: און די אלע פאָדערונגען פאר א גרע־סערען חלק פון די פּראָדוקטען פון די ארבייטער פאר די ארבייטער ווערען שטופּענווייז אלץ מעהר און מעהר פארגרעסערט.

„גאָמפּערס: איך בין נישט אזוי זיכער, אז עס איז

שטופּענווייז. מאנכעסמאָל איז די פאַרגרעסערונג פון פאָדערונגען ניט קיין שטופּענווייזע. אָבער אז די פאָדערונגען ווערען אַלץ גרע־סער און גרעסער, דאָס איז גאָר קיין פראַגע ניט.

„ה י ל ק ו ו י ט: אָהן אָן אויפהער?

„ג אָ מ פּ ע ר ס: יאָ, מיין הער. דער צוועק איז צו באַ־קומען די בעסטע באדינגונגען פאַר די ארבייטער.

„ה י ל ק ו ו י ט: נו, יאָ, און וואָס איז ווען די באדינגונ־גען זיינען שוין געוואונען געווארען?

„ג אָ מ פּ ע ר ס (פאַלט אריין אין די רייד): דאן וועלען מיר וועלען נאָך בעסערע.

„ה י ל ק ו ו י ט: וועט איהר, הייסט עס, שטרעבען נאָך בעסערע באדינגונגען?

„ג אָ מ פּ ע ר ס: יאָ.

„ה י ל ק ו ו י ט: אויב אזוי, פרעג איך אייך, וועט אמאָל נעמען א סוף צו די פאָדערונגען פון דער אָרגאַניזירטער ארבייטער־באוועגונג אזוי לאַנג ווי די ארבייטער באַקומען נישט דעם פולען לוין פאר זייער ארבייט?

„ג אָ מ פּ ע ר ס: די אָרגאַניזירטע ארבייטער־באוועגונג וועט זיך ניט אָפּשטעלען ביי קיין פונקט, צי דאָס איז דער פונקט, וועגען וועלכען איהר האָט ערשט גערעדט, צי אן אנדערער. די ארבייטער וועלען קיינמאָל נישט אויפגעבען זייערע באַמיהונגען צו קריגען א בעסערען לעבען פאר זיך אליין, פאר זייערע פרויען און קינדער און פאר דער גאנצער מענשהייט.

„ה י ל ק ו ו י ט: קומט אויס, אז די אויפגאבע פון די אָרגאַניזירטע ארבייטער איז צו געווינען פולע עקאָנאָמישע און געזעלשאפטליכע גערעכטיגקייט פאר זיי אליין און פאר זייערע פרויען און קינדער?

„ג אָ מ פּ ע ר ס: ס'איז דער קאַמף צו געווינען א בעסער לעבען יעדען טאָג.

„ה י ל ק ו ו י ט: יעדען טאָג און אימער —

„ג אָ מ פּ ע ר ס (פאַלט אריין אין די רייד): יעדען טאָג. דאָס שאפט ניט קיין גרעניץ. דאָס מיינט אימער.

„ה י ל ק ו ו י ט: אזוי לאַנג ביז אין דער צייט—

„ג אָ מ פּ ע ר ס (פאַלט אריין אין די רייד): קיין „ביז" דערביי, אָהן אַן אויפהער.

„ה י ל ק ו ו י ט: מיט איינעם וואָרט —

„ג אָ מ פּ ע ר ס (פאַלט ווידער אריין אין די רייד): מיט איינעם וואָרט, מיר געהען ווייטער פון אייך. איהר האָט א לעצטען ציל, מיר האָבען דאָס ניט.

אָבער פריהער האָט דאָך גאָמפּערס אליין געזוכט צו באווייזען, אז מיר זיינען עס די, וואָס האָבען ניט קיין פעסטען ציל. די נאָ־הענטע פאַרוואַנדשאַפט אין אויפגאַבען און אין די אינטערעסען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פון דער טרעיד יוניאָן באַוועגונג איז דאָ ווידער טעאָרעטיש פעסטגעשטעלט געוואָרען אויף אַן איינדרוקספולען שטייגער.

דאָס איז נישט געווען קיין געוואַלדיגע ענטדעקונג. דאָס איז נישט געווען קיין נייער געדאַנק. כמעט אין אַלע אינדוסטריעלע לענדער פון דער וועלט גהען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און די יוניאָנס האַנט־אין־האַנט, ווי צוויי אָפּטיילונגען פון דער זעלבער באַוועגונג. די פּאָליטישע טעטיגקייט פון די סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען און דער עקאָנאָמישער קאַמף פון די יוניאָנס ווערען פון די ארבייטער אין יענע לענדער באַטראַכט ווי א פּראַקטישע צעטיילונג פון אויפגאַבען אין די רייהען פון דער אָרגאַניזירטער ארבייטער באַוועגונג.

## קאַפּיטעל זיבען

# איך „לויף" פאַר אַמטען

יאָהר־איין, יאָהר־אויס שטעלען די סאָציאַליסטען ארויס קאַנ־דידאַטען פאַר פאַרשידענע אַמטען. פון שטאַנדפּונקט פון באַלדי־גע רעזולטאַטען זיינען זייערע קאַמפּעינס אָפט איינגאַנצען האָפנונגס־לאָז. סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען „לויפען" פאַר אַמטען הויפּט־זעכליך דערפאַר, וואָס דער וואַהל־קאַמף גיט גלענצענדע געלעגענ־הייטען אָנצופירען פּראָפּאַגאַנדע. דורך די קעמפּעינס האָפען זיי צו שאַפען פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אַ גוטען פּאָליטישען נאָמען ביים פאָלק. זיי ווערען נישט אַנטוישט פון פאַמעליכען

וואוקס אַלס פּאָליטישע קראַפט, זיי ווערען נישט פארצווייפעלט אפילו ווען זיי פארלירען געוואונענע פּאָזיציעס פון צייט צו צייט.

ליופען פאר אמטען איז כמעט אן אומפארמיידליכער טייל פון דער ארבייט פון אן אקטיווען סאָציאַליסטישען פּראָפּאַגאַנדיסט, און איך בין מיין טייל געטריי „אָפּגעלאָפען".

אויסער דעם וואָס איך בין אין די ערשטע יאָהרען ארויס־געשטעלט געוואָרען אַלס אַ קאַנדידאַט פאר איניגע קלענערע אמטען, האָט מיך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי צוויי מאָל נאָמינירט אָנצופירען דעם מעיאָר קאַמפּעין אין ניו יאָרק — דאָס הייסט אז צוויי מאָל בין איך געווען דער סאָציאַליסטישער מעיאָר־קאַנדידאַט אין דער גרעסטער שטאָט פון אמעריקע, און פינף מאָל בין איך געלאָפען אַלס קאָנגרעססמאַן.

מיינע קאָנגרעס־קאַמפּעינס זיינען נישט געווען פון די גע־וועהנליכע סקאָרבאָווע קאַמפּעינס פאר אַזא אמט. זיי זיינען געווען ערנסטע וואהל־קאַמפּעינס, וואָס זיינען אָנגעפיהרט געוואָרען מיט קראַפט און מיט האָפענונג, אָבער מיר איז קיינמאָל נישט באַשערט געווען אריבערצוטרעטען די געהויבענע שוועל פון קאָנ־גרעס אַלס ערוועהלטער פארטרעטער.

צוויי מאָל בין איך שיער־שיער ניט ערוועהלט געוואָרען. איינמאָל בין איך אָן צווייפעל געווען ערוועהלט, נאָר ביים ציי־לען די שטימען האָט מען מיך באַ'גנב'עט און איך געבליבען פון דרויסען. צוויי מאָל בין איך באַזיגט געוואָרען דורך דעם, וואָס די רעפּובליקאנער און די דעמאָקראַטען האָבען זיך פאר־איינִיגט און ארויסגעשטעלט איין קאַנדידאַט נעגען מיר.

צום ערשטען מאָל איז מיין קאַנדידאַטור פאר'ן קאָנגרעס ארויסגעשטעלט געוואָרען אין דעם ניינטען דיסטריקט אין ניו יאָרק אין דעם יאָהר 1906. אין דעם דיסטריקט איז געווען דער געדיכטסטער געגענט פון דער איסט סאַיד. די באַפעלקערונג איז כמעט דורכאויס באַשטאַנען פון רוסיש־אידישע אימיגראַנ־טען. די גרעסטע מערהייט פון דער באַפעלקערונג איז געווען ארבייטער. די „קליין־בורזשואַזיע" איז דאָ געווען פארטראָטען דורך די פושקארט־פעדלערס. דער „העכערער" קלאַס איז באַ־שטאַנען פון קליינע קרעמערס און פּראָפעסיאָנאַלען, ווי דאָקטוי־רים, דענטיסטען און לאָיערס.

פון זינט טעמעני האָל איז אויפגעקומען האָט זי אומגע־שטערט און פאַלשטענדיג געהערשט אויף דער איסט סאיד. דער ניינטער קאָנגרעס־דיסטריקט איז געווען א מין פּאָליטיש אייגענטום פון די טרויעריג־באַרימטע טעמעני־פירער קריסטי און טימאָטי סאַליוואַן, וועלכע מ'האָט צוליב קורצקייט גערופען „די סאָליוואַנס". די פּאָליטיק אין דעם דיסטריקט איז געווען קאָרופּט. די פּאָלי־טישענס האָבען עס ניט געלייקענט. פאַרקערט — זיי האָבען זיך נאָך באַרימט דערמיט. אין וואַל־טאָג האָט מען געקויפט שטימען פראַנק און פריי, פאַר אַלעמען אין די אויגען, ביי די שטים־פּלעצער און מ'האָט געצאָלט איין באַשטימטען פּרייז — צוויי דאָלאַר פאַר א שטימע. די חברה־לייט, וואָס האָבען זיך ספּעצי־אַליזירט אין שטימען אין עטליכע דיסטריקטען אָדער אין דעמ־זעלבען דיסטריקט צו עטליכע מאָל האָבען געמאַכט דערביי גלענ־צענדע געשעפטען. די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציע פון רעפּובליקאַנער האָט אויפ'ן פּרעכסטען שטייגער געאַרבייט האַנט־אין־האַנט מיט דער טעמעני־חברה. ערשט ווען די סאָציאַליסטען האָבען גענו־מען אַרויסווייזען אַזוי פיל פּאָליטישע קראַפט ,אז מ'האָט געמוזט זיך אָנהויבען רעכענען מיט זיי, זיינען די שענדליכע פיהרונגען עטוואָס געמילדערט געוואָרען.

אָט אין דעם דיסטריקט האָט עס די לאָקאַלע סאָציאַליסטי־שע אָרגאַניזאַציע מיך נאָמינירט פאַר'ן קאָנגרעס. אין מיין בריף, אין וועלכען איך האָב אָנגענומען די נאָמינאַציע, האָב איך דאַן דעם דיסטריקט אָפּגעשילדערט אויף דעם פאָלגענדען שטייגער:

„אונזער דיסטריקט פאַרנעמט א שטרעקע פון כמעט א סקווער מייל און האָט באַפעלקערונג פון איבער צוויי הונדערט טויזענט. די איינוואוינער פון דעם געגענט פיהרען א לעבען וואָס האָט נישט אין זיך קיין ווארימקייט און קיין פרייד. אין זייער עקזיס־טענץ איז פאַראַן זעהר ווייניג ליכט און זונשיין ,קיין לוסטיג־קייט און געלעכטער, קיין פאַרגעניגען אָדער פאַרוויילונג. די מע־נער זיינען שטענדיג פאַר'צרה'ט, מיד און אָנגעכמורעט; די פרויען זיינען אָפּגעריסען, אָפּגעשליסען, פאַרזוויערט און זייערע נערוואן זיינען צורייצט; די קינדער זיינען בלוט־אָרעם, קרענק־ליך און אומעטיג. אַלע זיינען זיי איבערגעהאָרעוועט, נישט־דער־עסען, שלעכט געקליידעט און אומגליקליך.

„דער ניינטער קאָנגרעס־דיסטריקט איז די היים פון די טענע־מענט־הייזער, פון פושקארטס, בעטלערס און פון שווינדזוכט. ס'איז א לאַבאָראַטאָריע, וואו די סענטימענטאַלע היינט־וועלטיגע גבאי'־טעם מאַכען עקספּערימענטען אויסצובעסערען די מענשהייט; ס'איז א געגענט וועלכען די פרומע מאַראַליסטען שטעלען ארויס אלס א שרעקליכען ביישפּיל און וואו די זעלבסט־צופרידענע פי־לאַנטראָפּען האָבען פאַרגעניגען פון טאָן דאָס ביסעלע צדקה. געאָ־גראַפיש געפינט זיך דער דיסטריקט אין די „סלאָמס", אין דעם אומריינעם געדיכטען טייל פון שטאָט; אינדוסטריעל באַלאַנגט דער דיסטריקט צו דעם סוועט־שאָפּ סיסטעם און פּאָליטיש איז ער א טעריטאָריע אונטערן קנאַפּעל פון טעמעני האָל."

דער קאַמפּעין האָט אָנגעצונדען א געוואַלדיגען פייער פון ענטוזיאַזם אויף דער איסט סאַיד. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט שוין געהאַט געשאַפען פאַר זיך א געוויסען פּאָליטישען באָ־דען אין דעם דיסטריקט. אין דעם פריהערדיגען קמפעין איז יוסף באַראָנדעס, וועלכער איז דאַן געווען פּאָפּולער אלס פיהרער ביי די קלאָוקמאַכער, געלאָפען אויף דעם סאָציאַליסטישען טיקעט און האָט געצויגען איבער דריי טויזענט שטימען, ארום צוואַנציג פּראָצענט פון גאַנצען וואוט.

אין 1906 האָבען די אויסזיכטען געשיינט צו זיין באַזונדערס גוט, ווייל עס איז צוגעקומען א פערטער קאַנדידאַט. א חוץ די דריי פּאַרטייען וואָס האָבען געוועהנליך ארויסגעשטעלט קאַנדידאַ־טען צו די קאָנגרעס־וואַהלען, איז אין יאָהר 1906 אויך געווען וויליאַם רענדאָלף הוירסט'ס אינדעפּענדענט ליג, וואָס האָט ארויס־געשטעלט א פולען צעטעל קאַנדידאַטען. הוירסט האָט באַוויזען מיט זיין לויפען פאַר מעיאָר א יאָהר פריהער, אז ער איז זעהר פּאָפּולער אויף דער איסט סאַיד און מ'איז געווען זיכער ,אז זיין קאַנדידאַט וועט אָפּציהען א סך שטימען פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

מיינע אויסזיכטען ערוועהלט צו ווערען האָט מען געהאַלטען פאַר גלענצענד. דער גאַנצער ארבייטער עולם פון דער איסט סאַיד האָט זיך אריינגעוואָרפען אין דעם קאַמפּעין מיט א כמעט רעלי־גיעזען ברען. די יוניאָנס האָבען אָרגאַניזירט א דעמאָנסטראַציע אין דער פאָרם פון א פּאַראַד איבער די גאַסען, וועלכען די צייטו־

גען האָבען באַשריבען אַלס „די גרעסטע דעמאָנסטראַציע, וואָס סאָציאַליסטען ,האָבען ווען עס איז דורכגעפיהרט אין ניו יאָרק, אויב נישט טאָקע אין גאַנצען לאַנד". די פרויען, וועלכע האָבען נאָך דאַן ניט געהאַט קיין שטימרעכט, האָבען אָרגאַניזירט אַ קאָמיטע פון דריי הונדערט צו העלפען אין דעם קאַמפּעין. יונגע אינגלאַך און מיידלאַך אין עלטער פון דרייצען ביז זיבעצען יאָהר, האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ יוגענטליכע ארבייטער־ליג. דאָק־טוירים, דענטיסטען און לאָיערס האָבען געשאַפען אַ פּראָפעסיאָ־נעלע ליג צו שטיצען דעם סאָציאַליסטישען טיקעט. דער הויפּט־אויפטו פון דער גרופּע פאַר'ן קאַמפּעין איז געווען אַן עפענטליכער באַנקעט צו וועלכען עס זיינען געקומען באַוואוסטע מענער און פרויען פון געגענטען אויסער דעם דיסטריקט. אייניגע פון די באַרימטע געסט האָבען אויך גערעדט אויפ'ן באַנקעט אונטערשטי־צענדיג מיין קאַנדידאַטור.

## מאַקסים גאָרקי נעמט אנטייל אין ניו יאָרקער קאַמפּעין

אַ ספּעציעלען אינטערעס האָט ארויסגערופען מאַקסים גאָר־קי'ס אַנטייל נעמען אין דעם סאָציאַליסטישען קאַמפּעין. ער איז אַרויסגעטראָטען אַלס איינער פון אונזערע קאַמפּעין־רעדנער. ער האָט געהאַלטען צוויי רעדעס פאַר מיין קאַנדידאַטור אויף פאַר־זאַמלונגען אין צוויי טעאַטערס אויף דער באָוערי. דאָס איז גע־ווען אָנפאַנג אָקטאָבער, אין סאַמע מיטען פון דעם היציגען קאַמ־פּעין און אַ פּאָר טעג איידער ס'האָט זיך געענדיגט דער טראַגי־שער וויזיט פון דעם באַרימטען רוסישען שריפטשטעלער אין אַמע־ריקע.

אונטער דעם צארישען רעזשים איז ליטעראַטור, ספּעציעל בע־לעטריסטיק, פאַקטיש געווען דאָס איינציגע מיטעל דורך וועלכען פרייהייטליכע און רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען און געפיהלען האָ־בען געפונען פאַר זיך אַן אויסדרוק. שריפטשטעלער ווי טשער־נישעווסקי, טאָלסטאָי, טורגענעוו, גאָנטשאַראָוו, און שפּעטער טשעכאָוו און גאָרקי, זיינען געווען די גייסטיגע פיהרער פון דער

רוסישער יוגענט און פון דעם בעסערען טייל פון דער רוסישער אינטעליגענץ. קיינער פון די אנדערע שריפטשטעלער האָט נישט דערגרייכט אזא גרויסע פּאָפּולאַריטעט ווי מאַקסים גאָרקי. אין דער ליטעראַטור איז גאָרקי ערשינען פּלוצים; ער האָט אויפגעליכטען ווי א העלער שטערן. אין זיין שרייבען איז ער געווען קרעפטיג, טיף, אמת'דיג. חוץ דעם — און דאָס איז געווען די הויפּט־זאַך — איז ער געווען דורכאויס פּראָלעטאַריש לויט זיין אָפּשטאַמונג און לויט זיינע אינטערעסען.

מאַקסים גאָרקי איז געווען דער ערשטער צווישען די גרויסע רוסישע שרייבער אָפּצואווענדען די אויפמערקזאַמקייט פון די לעזער פון די פאַנאַנדערפאַלענדע מיטעל־קלאַסען און פון דעם קאַמף פון די יונגע אינטעליגענטען פאַר א נייער אָרדנונג און זיי פאַראינטערעסירען מיט די „פינסטערע" פאָלקס־מאַסען, מיט די שלעפּערס און באָסיאַקעס — מיט די טיפע אָפּגרונטען פון דער געזעלשאַפט.

ער האָט געשריבען אויף א מוטיגען רעאַליסטישען שטייגער און דאָך האָט ער פאַרהערליכט זיינע דערנידערטע טיפּען. אין זיין שרייבען האָט דערצו געשלאָגען א באַהאַלטענער שטראָם פון געזעלשאַפטליכען בונט און פון מוטיגען קאַמף. איבערנאַכט כמעט איז ער געוואָרען דער באַליבטסטער און פאַרגעטערטער שרייבער ביי דעם רעוואָלוציאָנערען רוסלאַנד.

אין סאַמע אָנפאַנג פון זיין שרייבערישער קאַריערע האָט ער זיך אָנגעשלאָסען אָן דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ארבייטער־פּאַרטיי. ער האָט גענומען א טיכטיגען אָנטייל אין דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905.

מאַקסים גאָרקי איז געקומען קיין אַמעריקע אין אַפּריל, 1906. דער אמת'ער צוועק פון זיין קומען אהער, וועלכער איז אגב עפענטליך נישט אָנגעגעבען געוואָרען, איז געווען צו זאַמלען געלט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון זיין פאָטערלאַנד. זעלטען־ווען, אז א מענש האָט געהאַט אזעלכע אומגעהויערע געלעגענהייטען צו מאַכען פּראָפּאַגאַנדע פאַר זיין אידעאַל, ווי גאָרקי האָט דאָ געהאַט און זעלטען־ווען, אז אזוינע געלעגענהייטען זאָלען אזוי פאָלשטענדיג איבערגעפיהרט און צושטערט ווערען.

**גאָרקי איז אויפגענומען געוואָרען אין ניו יאָרק מיט אזא**

באגייסטערטען קבלת - פנים, וואָס האָט ווארשיינליך נישט קיין גלייכען צווישען די אויפנאַמעס, וואָס וועלכער עס איז אנדע־רער האָט דאָ ביז דאַן געהאַט באַקומען. טויזענטער פון זיינע לאַנדסלייט, אימיגראַנטען פון רוסלאַנד, האָבען זיך פארזאַמעלט איהם צו באַגריסען. דער עולם, וואָס האָט געשטורעמט מיט ווילקאָמען פאר איהם, האָט אָנגעפאַקט גאַנצע קווארטאַלען ארום.

א גאַנצער עולם צייטונגס רעפּאָרטערס און פאָטאָגראַפערס און דעלעגאַציעס פון אַלע מינים ליבעראַלע און ראַדיקאַלע באַווע־גונגען האָבען איהם באַגעגענט אין קאַראַנטין. פּראָמינענטע פער־זאָנען פון אַלע שיכטען פון דער באַפעלקערונג זיינען געקומען אויסדריקען איהם אנערקענונג. א קאָמיטע פון באַריהמטע שריי־בער, מיט מארק טוועין אָן דער שפּיץ, איז אָרגאַניזירט געוואָרען צו אראַנזשירען א באַנקעט פון זיין כבוד וועגען.

אָבער פּלוצים, אין איין שעהנעם טאָג, איז אַלעס פארענדערט געוואָרען. דער באַרימטער גאַסט איז פּלוצים געוואָרען א ציל־ברעט פאַר אַטאַקעס און פארפאָלגונגען.

די צייטונגען האָבען אויסגעפונען, אַז מאַדאַם גאָרקי, וועל־כע האָט באַגלייט דעם גרויסען רוסישען שריפטשטעלער אויף זיין רייזע, איז נישט געווען געזעצליך פארהייראַט מיט איהם. די אויפדעקונג איז מיט שרייענדיגע און „ענטריסטעטע" נייעס־קעפּ אָפּ־געדרוקט געוואָרען אויף די ערשטע זייטען פון די צייטונגען און האָט ארויסגערופען א שטורם פון פּראָטעסטען צווישען די פּרו־מאַקעס פון ניו יאָרק. דער האָטעל אין וועלכען די גאָרקיס האָ־בען געוואוינט האָט זיי ארויסגעשטעלט אָהן שום צערעמאָניעס. אנדערע האָטעלען האָבען פארהאַקט די טירען פאַר זיי. זיי זיינען גע־בליבען היימלאָז, מענשען אויסער'ן געזעץ און די צייטונגען האָ־בען מיט גרויס צופרידענקייט געשריבען וועגען די צרות, וואָס זיי האָבען געהאַט אויסצושטעהן. די פּראָמינענטע שרייבער האָ־בען צוריקגערופען דעם געפּלאַנטען באַנקעט. די זאָגענאַנטע „עהרענהאַפטע" געזעלשאַפט האָט זיך אָפּגעטרייסעלט פון דעם „נישט־כשר'ן" פּאָר פאָלק און האָט אויסגעמידען זיך מיט זיי צו באַגעגנען.

אָט ווי אַזוי דער ענגלישער שריפטשטעלער ה. דזשי. וועלס,

וועלכער איז גראדע דאן געווען אין ניו יארק, באשרייבט יענע שענדליכע געשעהניש אין זיין בוך „די צוקונפט פון אמעריקע":

„גארקי איז אנגעקומען און דער טומעל פון זיין אויפנאמע איז געווען אומגעהויער. מיר האבען לכבוד איהם איינגעארדענט באנקעטען און מיר האבען זיך פאטאגראפירט צוזאמען מיט איהם ביים שיין פון בליץ־ליכט. איך האב זיך זעהר גערן באטייליגט אין דעם אלעמען, ווייל גארקי איז נישט נאר א גרויסער מייסטער פון דער קונסט מיט וועלכער איך באשעפטיג זיך — פון שרייבעריי, הייסט עס — נאר ער איז נאך דערצו א גלענצענדע פערזענליכקייט. ער איז איינער פון יענע מענשען, צו וועלכע דער פאטאגראפישער אפאראט איז שטענדיג אומגערעכט; וועמעס ווערק אין ענגלישער איבערזעצונג, ווי שטארק און גוט זיי זיינען נישט, קענען זיי דאך נישט איבערגעבען זייערע אייגענארטיגע מעלות. ער איז א גרויסוואוקסיגער שטילער מאן מיט א מאדנע־אנציהענדען פנים, מיט גרויס איינפאכקייט אין זיין שטימע און אין זיינע זשעסטען. ער האט אויף מיר געמאכט דעם איינדרוק פון א פויער און מיט דער אויסנאם פון א פאר פאפולערע באגריסונגסווערטער אין ענגליש רעדט ער נישט קיין שום אנדער שפראך, ווי רוסיש. ס'איז דערפאר פאר איהם נויטיג געווען צו ברענגען מיט זיך עמיצען, וועמען ער זאל קענען אנפארטרויען די ארבייט פון פארטייטשען זיינע ווערטער צו דער וועלט. און אויך דערפאר וואס דער געניאלער מענש פון זיין שניט איז זעהר אומבאהאלפען אין די פראקטישע זאכען פון לעבען, האט ער נישט געקאנט קומען אהער אהן דער פרוי, וועלכע איז געווען זיין רעכטע האנט — אהן דער מוטיגער און ווירדיגער מאדאם אנדרעיעווא, וועלכע איז שוין זינט יאהרען געווען זיין ווייב אין אלע הינזיכטען אויסער נאר אין דער הינזיכט פון דער פארביסענער געזעצליכקייט.

„טראץ דעם, וואס זיין פריהערדיגע פרוי האט שוין געהאט געפונען אן אנדער לעבענס־באגלייטער, איז דאך די ארטאדאקסישע רוסישע קירכע אזא, אז זי קען נישט געבען קיין גט'ען צו אזעלכע, וואס געפינען זיך אין רעוואלוציאנערען לאגער. איך שטעל מיר פאר, אזביידע, סיי גארקי, סיי זיין פרוי, האבען נאר געהאט אינגאנצען פארגעסען אין דער טעכנישער אומגעזעצליכ־

קיים ביז איבער זייערע קעפּ און איבער׳ן אַמעריקאַנעם עולם איז נישט אויסגעבראָכען די ווילדע וואַקכאַנאַליע פון אויפדעקונגען.

„איך ווייס נישט וואָס פאַר אַן אַבזיכט ס׳האָט געהאַט אַ גע־וויסער טייל פון דער אַמעריקאַנער פּרעסע אָנצוהויבען פאַרפאָל־גען מאַקסים גאָרקי׳ן. עס קען אפילו זיין, אַז געטריבען דערצו האָט אַ ליידענשאַפט פאַר מאָראַלישער ריינקייט, אָבער קיין לייַ־דענשאַפט פאַר מאָראַלישער ריינקייט האָט דאָך נישט געקענט טרייבען די געוויסע ציימונגען צו רעגענען מיט אַזוי פיל פּרעכע ליגענס. די גאָרקים זיינען מיט באַליידיגונגען פאַרפאָלגט גע־וואָרען פון האָטעל צו האָטעל. זיי זיינען ענדליך, נאָך מיטען נאַכט, געבליבען אויף דער גאַס אין דער ריזיגער שטאָט ניו יאָרק מיט אַלע טירען פאַרהאַקט פאַר זיי. אין אַ שטאָט, וואָס איז אין טויט־שרעק איבער אַ מגפה, באַהאַנדעלט מען נישט אַזוי העסליך אפילו מענשען, וואָס זיינען אָנגעשטעקט מיט דער קרענק.”

די ענדערונג איז פאָרגעקומען אין פאַרלויף פון 24 שטונדען. איין טאָג איז גאָרקי געווען אויף דער סאַמע העכסטער שטופע און דעם צווייטען טאָג האָט מען איהם אַראָפּגעשליידערט אין אָפּ־גרונט. מיר האָט דאָס דערלאַנגט ווי מיט אַן אייזען איבער׳ן קאָפּ.

די אורזאַכע פון דער פּלוצימדיגער און געהיימניספולער ענ־דערונג אין דער באַציהונג צו גאָרקי׳ן, וואָס האָט אַזוי פאַר־וואונדערט וועלס׳ן איז פאַר מיר באַלד קלאָהר געוואָרען. גאָרקי איז געווען אַ קרבן פון שלעכטע עצות, וואָס גוט־מיינענדיגע פריינט האָבען איהם געגעבען.

ער איז געווען אַרומגערינגעלט פון עטליכע רוסען, וואָס זיי־נען געקומען מיט איהם און האָבען נישט געהאַט קיין אהנונג וועגען דעם אַמעריקאַנעם אַרט דענקען און די אַמעריקאַנער אומשטענ־דען, און פון אייניגע נישט־דערבאַקענע אַמעריקאַנער ראַדיקאַלען, וואָס האָבען געהאַט אַ מאָגערען באַגריף וועגען דער סאָציאַליסטי־שער באַוועגונג. די אַלע ראַטגעבער האָבען געווירקט אויף דעם אָפענהערציגען און נאַאיווען „פויער”, אַז ער זאָל זיך נעמען פיהרען „דיפּלאָמאַטיש” און דאָס איז געווען זיין אומגליק.

צו יענער צייט בין איך געווען דער אינטערנאַציאָנאַלער סעקרעטער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און גאָרקי האָט גע־

בראכט צוויי בריף פאר מיר — אן אָפיציעלען רעקאָמענדאציע בריף פון דער עקזעקוטיווע פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ארבייטער־פארטיי און א פערזענליכען בריף פון ניקאָלאַי לענין. אָבוואָל איך האָב איהם באגעגענט ביי דער שיף, ווען ער איז אָנגעקומען, האָט ער דאָך נישט דערמאָנט די בריף. ווען איך האָב איהם צווישען פיר אויגען געפרעגט וועגען דעם צוועק פון זיין באזוך און וועגען זיינע פלענער פון טעטיגקייט דאָ אין אמעריקע, האָט ער מיר געענטפערט מיט א האלב מויל און האָט זיך ארויסגעדרעהט פון געבען מיר א קלאָהרען ענטפער. מיר האָט זיך ניט געוואָלט ארויפצווינגען מיין גאסט־פריינדשאפט אויף איהם און איך האָב איהם איבערגעלאָזט אין די הענט פון זיינע פריינט.

שפעטער, ווען ער איז געבליבען א פארלאָזענער און א באַלײדיגקטער, האָב איך איהם אָפגעזוכט. ער און זיין באגלייטערין האָבען געקראָגען א פרײנטליכע היים אין סטעטען איילענד, אין דעם הויז פון דעם כלל־טוער און רעפאָרמער דזשאהן מארטין, וועלכער איז געהאט געווען פארבונדען מיט דער סאָציאַליסטישער פאביאן סאָסייעטי אין ענגלאַנד.

ערשט דאַן האָט מיר דער אנטווישטער קרבן פון הויכער „דיפלאָמאַטיע" איבערגעגעבען די צוויי בריף און האָט אויפגעעפענט זיין הארץ פאר מיר. צווישען אנדערע זאכען האָב איך דאַן אויסגעפונען, אז מ'האָט דעם אומשולדיגען שריפטשטעלער איינגערעדט צו שליסען א קאָנטראַקט מיט א העכסט־סענסאציאָנעלער און עטוואָס אומפאראנטוואָרטליכער ניו יאָרקער צייטונג לויט וועלכען די צייטונג האָט באקומען דאָס אויסשליסליכע רעכט צו דרוקען אלץ, וואָס גאָרקי וועט שרייבען אין אמעריקע. דערביי האָט די צייטונג פון איהר זייט גאָרנישט גאַראַנטירט. זי האָט זיך אפילו ניט פארפליכטעט צו דרוקען א געוויסע צאָהל ארטיקלען און באצאָהלען פאר זיי.

באלד ווי דער קאָנטראַקט איז געשלאָסען געוואָרען האָבען זיך די קאָנקורענטען פון יענער צייטונג דערמאָנט אָן דעם שרעקליכען פאקט, אז דער בארימטער שרייבער לעבט מיט א פרוי אומגעזעצליך אין זייער פרומער מדינה. דעם פאקט, אז מאקסים גאָרקי און די נאָבעלע, העכסט־געבילדעטע און איידעלע שוישפילערין

אנדרעיעווא זיינען נישט געווען אָפיציעל פאַרהייראַט, האָט מען געוואוסט נאָך אַ סך פריהער איידער זיי זיינען געקומען אַהער. די רעפּאָרטערס אויף דעם קבלת פּנים שיפעל, וואָס זיינען גע־פאָרען באַגעגענען גאָרקי׳ן ביי זיין אָנקומען אַהער, האָבען אָפען געשמועסט וועגען דעם. אָבער ערשט די קאָנקורענץ האָט דאָס אַרויסגעבראַכט אין דער עפענטליכקייט מיט אַזאַ שטורם.

אין דער לעצטער צייט פון גאָרקי׳ס וויזיט אין ניו יאָרק האָבען מיר זיך אָפט געזעהן און מיר זיינען געוואָרען נאָהענטע פריינט.

די „אויפדעקונג״ וועגען זיין נישט־פאַרהייראַטקייט האָט דאָך נישט פאַרמינערט גאָרקי׳ס פּאָפּולאַריטעט אין דעם ניינטען קאָנגרעס־דיסטריקט, וואָס איז געווען באַוואוינט מערסטענס פון רוסישע אימיגראַנטען. פּונקט פאַרקערט — דאָס, וואָס מ׳האָט איהם אַזוי „געלינטשט״ — ווי דער באַוואוסטער פּראָפעסאָר גי־דינגס האָט אָנגערופען די סענסאַציאָנעלע אַטאַקעס אויף איהם, — האָבען נאָך פאַרגרעסערט די ליבשאַפט צו איהם ווי צו אַ העלד און אַ מאַרטירער.

די טעאַטערס, וואו ער האָט גערעדט, זיינען געווען איבער־געפּאַקט מיט אַן עולם, וואָס האָט געברענט מיט באַגייסטערונג.

גאָרקי׳ס אויפטריט איז אָבער געווען בלויז איין פּאַסירונג אין יענעם שטורעמדיגען און קאָכיגען קאַמפּעין אויף דער איסט סאַיד.

יעדען אָווענט זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען צענדליגע מי־טינגען אויף די סטריט־קאָרנערס. הונדערטער וואָלונטירען האָ־בען פאַרשפּרייט קאַמפּעין־ליטעראַטור. אונזער הויפּט־קוואַרטיר האָט געקאָכט מיט טעטיגקייט. אַפילו אומפּאַרטייאישע צייטונגען האָבען צוגעגעבען, אַז די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע איז געווען „דער לעבעדיגסטער טייל״ פון קאַמפּעין אין יאָהר 1906.

אַלע האָבען שוין געהאַט צוגעגעבען, אַז מיין ערוועהלונג איז געזיכערט און דער פאַקט איז, אַז איך האָב טאַקע געצויגען מעהר שטימען פון יעדען אַנדערען קאַנדידאַט אויף אַ פּאַרטיי טיקעט, אָבער איך בין דאָך באַזיגט געוואָרען דורך אַ קאָמבינאַ־ציע, וואָס איז געמאַכט געוואָרען אין דער סאַמע לעצטער מינוט.

דער דאַמאָלסדיגער קאָנגרעסמאַן און מיין דעמאָקראַטישער

געגען־קאַנדידאַט איז געווען איינער אַ העברי מ. גאָלדפאָגעל. דאָס איז געווען אַ טיפּישער טעמעני־פּאָליטישען פון דעם נידריגסטען סאָרט. אין הוירסט׳ס לאַגער האָט מען קיין ליבע צו איהם ניט געהאַט.ביי די פריהערדיגע וואַהלען האָבען איהם די הוירסט־ציימונגען באַקעמפט און דער ניו יאָרקער „איווינינג דזשורנאַל״ האָט אין אַ לייט־אַרטיקעל געשריבען וועגען איהם דאָס פאָלגענדע:

„וואָס פאַר אַן איינדרוק קאָן אַזאַ מענש, ווי גאָלדפאָגעל, מאַכען אויף זיינע מיט־בירגער אין קאָנגרעס? ווי קען אַ קאָנ־גרעסמאַן, וועלכער איז הינטערשטעליג אי גייסטיג אי פיזיש זיין נוצליך אין אַ קאַמף, וואָס פאָדערט קאָפּ, כאַראַקטער־פעסטקייט און די אַכטונג פון אַנדערע מענשען?״

אין יאָהר 1906 איז אָבער גאָלדפאָגעל׳ן דורך עפּעס אַ געהיימען מיטעל געלונגען נאָמינירט צו ווערען אויך אויפ׳ן טיקעט פון דער אינדעפּענדענס ליג אין דעם ניינטען קאָנגרעס־דיסטריקט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבען אַ לאָדעניש און דער געריכט האָט בטל געמאַכט זיין קאַנדידאַטור אויף דעם צעטעל פון הוירסט׳ס „ליג״. די ענטשיידונג האָט געזאָגט, אַז לויט דעם געזעץ, וואָס איז דאַן געווען אין קראַפט איז נישט ערלויבט, אַז איינער זאָל נאָמינירט ווערען פון צוויי פּאַרטייען.

דער וועג האָט שוין געשיינט צו זיין ריין, אָבער דער קאָורט אָוו אַפּילס, דער העכסטער געריכט פון שטאַאַט האָט אין דער לעצטער מינוט בטל געמאַכט די פריהערדיגע ענטשיידונג און האָט יאָ ערלויבט גאָלדפאָגעל׳ן צו בלייבען קאָנגרעס־קאַנדידאַט אויף ביידע טיקעטס. לויט די שטימצעטלאַך, וואָס זיינען דאַן גע־ברויכט געוואָרען האָט דאָס געמיינט אַז יעדער באַלאָט, וואָס איז געשטימט געוואָרען פאַר דער אינדעפּענדענס ליג מיט הוירסט׳ן אַלס קאַנדידאַט פאַר גאָווערנאָר איז אויך געווען אַ שטימע פאַר גאָלדפאָגעל׳ן.

הוירסט איז עפענטליך אויפגעפאָדערט געוואָרען, אַז ער זאָל זיך אָפיציעל אָפּטרייסלען פון גאָלדפאָגעל׳ן, וועמען ער האָט ערשט ניט לאַנג אַזוי ביטער אַטאַקירט אין איינער פון זיינע ציימונגען און וועלכער האָט פאַרטראָטען די ערגסטע פּאָליטישע עלעמענטען וואָס הוירסט האָט פּרעטענדירט צו באַקעמפען, אָבער דער קעמ־פער פאַר פּאָליטישער ריינקייט האָט זיך פון אָרט נישט געריהרט.

ער איז געלאָפען פאַר אַן אמת און פּראַקטישע אויסרעכענונגען האָבען דאָ ליכט אַריבערגעוואויגען די אידעלע פּרינציפּען.

די צאָהל שטימען, וואָס הענרי מ. גאָלדפאָגעל האָט באַקומען אויףביידע טיקעטס — פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און פון דער אינדעפּענדענס ליג איז געווען גרעסער פון מיינער.

אַן אַנטוישטער און אַן ענטמוטיגטער האָב איך זיך דאָך אומגעקערט אויף דעמזעלבען קאַמפּס־פעלד מיט צוויי יאָהר שפּעטער, ווען די לאַגע און די אויסזיכטען האָבען געשיינט צו זיין נאָך גינסטיגער. דער קאַמף איז געווען צווישען פיער פּאַרטייען. הוירסט׳ס אינדעפּענדענס ליג איז ווידער געווען טעטיג און הענרי מ. גאָלדפאָגעל איז, חוץ זיין נאָמינאַציע אויפ׳ן דעמאָקראַטישען טיקעט, ווידער אינדאָרסירט געוואָרען פון דער ליג.

פון דער צווייטער זייט ווידער איז די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין דעם דיסטריקט געוואָרען גרעסער און שטאַרקער זינט דעם לעצטען קאַמפּיין. די אַמעריקאַנער אינטעליגענטען ראָבערט האָנטער און דזשעי. פעלפּס סטאָוקס, וועלכע זיינען דאַן שוין געווען מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, זיינען נאָמינירט געוואָרען פאַר אַסעמבלילייט אין צוויי אַסעמבלי דיסטריקטען, וואָס זיינען געווען אַ טייל פון דעם ניינטען קאָנגרעס־דיסטריקט.

דער נייער קאַמפּיין האָט אַרויסגערופען אַ גרעסערען אינטערעס, ווי דער פריהערדיגער צווישען סאָציאַליסטען און זייערע סימפּאַטייזערס אויך אויסער דעם דיסטריקט. גאַנצע מחנות יונגע אינטעליגענטען זיינען יעדען טאָג געקומען האַלטען רעדעס ביי מיטינגען אויף סטריט קאָרנערס, צעטיילען קאַמפּעין־ליטעראַטור, אַגיטירן וועהלער און זיך נוצליך מאַכען אויף אַלערליי אַנדערע אופנים.

די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען אין דעם דיסטריקט האָבען באַקומען די שטיצע פון פּערזאָנען, וואָס זיינען געווען פּראָמינענט אין דער ליטעראַטור און אין דער וויסענשאַפט. מיר זיינען געווען באַזונדערס שטאָלץ וואָס אונז האָט געשטיצט וויליאַם ד. האועלס, דער בארימטער און באַליבטער אַמעריקאַנער שריפטשטעלער, וועלכער איז שוין דאַן געווען אין זיין 79טען יאָהר.

ער האָט אונז צוגעשיקט א ווארימען בריף פון ערמוטיגונג צו־זאמען מיט א ביישטייערונג פאר׳ן קאמפעין.

דער „רויטער טאָג" פון קאמפעין איז געווען ווען יודזשין וו. דעבס איז געקומען אין דעם דיסטריקט. די גאנצע איסט סאיד איז ארויס אויף די גאסען, ווען דעבס, דער קאנדידאט פאר פרעזידענט, איז אין אן אפענעם אָטאָמאָביל געפאָהרען פון איין פארזאמלונגס־פּלאץ צום צווייטען דורך א געדיכטען, אפּלאָ־דירענדען און באגייסטערטען עולם.

ווידער האָט מען מיט זיכערקייט פאָראויסגעזאָגט, אז איך וועל ערוועהלט ווערען. ווידעראמאָל איז עס מיר נישט געראָטען.

אין די לעצטע טעג פון דעם קאמפעין איז אויף דעם דעמאָ־קראטישען לאגער געפאלען א שרעק. אן אָפּמאך איז שנעל גע־שלאָסען געוואָרען מיט דער לאָקאלער רעפּובליקאנישער פּארטיי־קליקע, וועלכע האָט אָפּען גענומען אגיטירען, אז מ׳זאָל שטימען פאר הענרי מ. גאָלדפאָגעל. טראָץ דעם, וואָס עס איז געווען א יאָהר פון פּרעזידענט־וואהלען מיט וויליאם האוארד טעפט אלס רעפּובליקאנער קאנדידאט געגען דעם דעמאָקראטישען קאנדידאט וויליאם זשענינגס בריען, האָבען דאך די רעפּובליקאנער באקו־מען א נישטיגע צאָהל שטימען אין דעם דיסטריקט. דער מר. גאָלדפאָגעל האָט חוץ אלע שטימען פון דער דעמאָקראטישער פּארטיי און פון דער אינדעפּענדענס ליג באקומען אויך די מעהר־סטע שטימען פון די רעפּובליקאנער.

דאָס איז געווען מיין לעצטער וואהל־קאמפעין אויף דער דאַון טאונער איסט סאיד.

שפּעטער זיינען די וואהל־דיסטריקטען פון ניו יאָרק אנ־דערש איינגעטיילט געוואָרען און דער גרעסטער טייל פון דעם ניינטען דיסטריקט איז אריין אין דעם 12טען. דעם קאמף אין דעם געגענט האָט איבערגענומען מאיר לאָנדאָן, א יונגער סאָציאַ־ליסטישער לאָיער, און איינער פון די באליבטסטע פּערזאָנען אויף דער איסט סאיד. ער איז געלאָפען פאר׳ן קאָנגרעס דריי מאָל נאָכאנאנד און אין יאָהר 1914 איז ערוועהלט געוואָרען — דער ערשטער סאָציאליסטישער קאָנגרעסמאן פון דער איסט.

מאיר לאָנדאָן איז געווען אן אידעאליסט און א טרוימער. ער איז געווען באגאבט מיט א מאָדנער פאלקסטימליכער רעדנער־

קראפט און זיין געוואלדיגער ערנסט און טיפע אויפריכטיגקייט האט פאר איהם געוואונען אויפמערקזאמקייט און דעם רעספעקט פון זיינע קאלעגען־קאנגרעסלייט אין רעפרעזענטאנטען־הויז.

די גאנצע איסט סאיד איז געווען אין טרויער, ווען ער איז געשטארבען אין יאהר 1926. ער איז אגב אומגעקומען דורך אן אטמאביל־עקסידענט, וואס איז געווען עהנליך צו דעם אומגליקס־פאל וואס האט אויך געמאכט א סוף צו דעם לעבען פון דעם צוויי־טען סאציאליסטישען קאנגרעסמאן וויקטאר בערגער. נישט ווייני־גער פון 50 טויזענד מענשען האבען געמארשירט אין דער לויה־פראצעסיע און הונדערטער טויזענטער אנדערע, מיט טרערען אין די אויגען האבען אנגעפאקט ביידע זייטען פון די גאסען איבער וועלכע דער ארון איז געפיהרט געווארען.

צוועלף יאהר נאך מיין לעצטער קאנדידאטור אויף דער איסט סאיד, האב איך אנגענומען די נאמינאציע פאר'ן קאנגרעס אין דעם צוואנציגסטען דיסטריקט אין דער „אפטאונער" איסט סאיד.

דאס איז געווען א פארהעלטניסמעסיג־נייער, אבער א טי־פישער ארבייטער־קלאס דיסטריקט. אין דער שטענדיגער איבער־וואנדערונג פון דער ניו יארקער באפעלקערונג, ספעציעל אין די יאהרען פון דער גרויסער אימיגראציע איז דער שטראם געגאנגען ארויף, וואס ווייטער צו נארד, צו אפטאון, הייסט עס. די ערשט־געקומענע פלעגען זיך באזעצען אויף דער דאון טאונער (נידרי־גער טייל שטאט) איסט סאיד און אזוי גיך ווי זיי האבען זיך „אמעריקאניזירט" און בעסער איינגעארדענט, האבען זיי זיך אי־בערגעצויגען אין די וועניגער־געדיכטע געגענדען — „אפטאון".

אין יאהר 1916 איז דער צוואנציגסטער קאנגרעס־דיסטריקט לויט זיין באפעלקערונג און לויט די אלגעמיינע אינטערעסען פון זיינע איינוואוינער געווען זעהר עהנליך צו מיין אלטען נייטען דיסטריקט מיט צעהן יאהר פריהער. די איינציגע אויסנאהם איז באשטאנען אין דעם, וואס אין דעם צוואנציגסטען דיסטריקט האט מען פארמאגט א גרעסערען עלעמענט פון איירישע, איטאל־יענישע און דייטשע ארבייטער, און דער עולם איז דא געווען אין אן עטוואס־בעסערער עקאנאמישער לאגע.

אין יענעם יאהר איז מאיר לאנדאן געווען א קאנדידאט אויף

ווידערערוועהלונג און די סאָציאַליסטען פון ניו יאָרק האָבען קאָנ־צענטרירט זייער טעטיגקייט אויף די צוויי דיסטריקטען האָפענדיג צו ערוועהלען אונז ביידע.

ס'איז געווען אַ לעבעדיגער קאַמפּעין און איז אָנגעפיהרט געוואָרען אין דעמזעלביגען גייסט פון ענטוזיאַזם און האָפנונג, ווי מיינע פריהערדיגע קאַמפּעינס פאַרן קאָנגרעס.

אין דער נאַכט פון עלעקשאָן זיינען די פּאַרטיי־העדקוואַרטערס און די סאַידוואָקס (טראָטואַרען) אין דרויסען געווען געפּאַקט מיט אַ נייגעריגען עולם. ווען אונזערע וואַטשערס זיינען צוריקגעקו־מען פון די שטים־פּלעצער מיט באַריכטען פון די איבערגעצעהל־טע שטימען, האָט די לופט געדונערט מיט אַפּלאָדיסמענטען און בראַוואָ־געשרייען. די פרייד איז געווען אומגעהייער. אומעטום זיינען די שטימען פאַר מיר אַלס דעם סאָציאַליסטישען קאַנדידאַט געווען היבשלאָך מעהר פון די שטימען פאַר די אַנדערע קאַנדי־דאַטען. ארום האַלבער נאַכט האָבען מיר שוין געהאַט די באַריכ־טען פון אַלע וואַהל־דיסטריקטען מיט דער אויסנאַהם פון צוויי. די איבערגעצעהלטע דיסטריקטען האָבען מיר געגעבען אַ מעהרהייט פון ארום 500 שטימען איבער מיין שטאַרקסטען געגנער, וועל־כער איז געווען דער רעפּובליקאַנער קאַנדידאַט אייזיק סיגעל.

די צוויי דיסטריקטען, וואָס האָבען נאָך געפעהלט זיינען גע־ווען באַקאַנט אַלס גינסטיגע פאַר אונז. דער זיג האָט געשיינט צו זיין זיכער, אָבער שעה נאָך שעה איז אַוועק און קיין רעזולטאַטען פון יענע צוויי דיסטריקטען האָט מען אַלץ ניט באַקומען. ס'האָט אָנגעהויבען ווערען קלאָר, אז מ'פאַרהאַלט דאָרט אומיסטען דאָס צעהלען, ווייל מ'האָט אַן אַבזיכט דערביי.

אין דער צייט, וואָס די צוויי וואַהל־דיסטריקטען האָבען זיך גענומען צייט, האָבען די לאָקאַלע רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַ־טישע „באָסעס" געהאַלטען אין מאַכען אַ „דיעל" צווישען זיך. מיר זיינען געוואָהר געוואָרען וועגען זייער באַראַטונג און מיר האָבען באַלד דערשמעקט די געפאַהר. מיר האָבען געשטורעמט די וואַל־באַאַמטע, וועלכע זיינען געזעסען מיט פאַרלייגטע הענט און מיר האָבען געפאָדערט, אז זיי זאָלען איבערצעהלען די שטימען און אַנאָנסירען דעם רעזולטאַט. ס'איז געווען ארויסגעוואָרפענע אַר־בייט. זיי זיינען זיך געזעסען רוהיג און האָבען אויף אונז געקוקט

מיט חוזק. זיי האָבען געקייט, גערויכערט, געשפּיגען, געטאָן אַלץ אין דער וועלט, נאָר נישט געצעהלט די שטימען.

אַז מיר האָבען אפּעלירט צו די פּאָליסלייט, וועלכע זיינען אוועקגעשטעלט אין די שטימפּלעצער, האָבען זיי בלויז געצויגען מיט די אַקסלען. זיי האָבען נישט געהאַט קיין מאַכט עפּעס צו טאָן. קלאַגען, וואָס מיר האָבען געבראַכט פאַר אַ שטאַטישען ריכ־טער האָבען אויך נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטען.

די קליינע פּאָליטישענדלאַך פון דער „צוויי־פּאַרטייענדיגער עלעקשאַן־באָארד" — רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַטען — האָבען קאַלטבלוטיג געוואַרט אויף באַפעהלען פון זייערע פּאָליטישע באָ־סעס. ס'איז אויסגעקומען, אַז אין ניו יאָרק איז נישטאָ קיינער, וואָס האָט די מאַכט אָדער דעם באַגעהר עפּעס צו טאָן געגען דער פּרעכער פאַרלעצונג פון געזעץ. קיין פאַרברעכען ווערט אין אונזער רעפּובליק נישט באַהאַנדעלט מיט אַזוי פיל מילדקייט און אפילו מיט הומאָר, ווי די פאַרברעכענס, וואָס ווערען באַגאַנגען געגען די רעכט פון בירגער ביים שטימקאַסטען.

עס איז שוין געווען אויף מאָרגען, שפּעט נאָכמיטאַג, ווען דער אָפּמאַך צווישען די פּאָליטישענס איז ענדליך געשלאָסען געוואָרען, די שטימצעטלען צורעכט געמאַכט און דאָס צעהלען „פאַרענדיגט". לויט זייער לעצטען חשבון האָב איך באַקומען 4,192 שטימען, מיין רעפּובליקאַנער געגנער 4,542 און מיין דעמאָקראַטישער געגנער 3,907. די מעהרהייט פון 500 שטימען איבער דעם רעפּובליקאַנער קאַנדידאַט איז פאַרשוואונדען און מיר האָבען נאָך אויסגעפעהלט 350 שטימען אויסצוגלייכען זיך מיט איהם.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסען דעם טרויער און די ענט־ריסטונג, וואָס האָבען יענעם טאָג געהערשט אין אונזער הויפּט־קוואַרטיר. צעהנדליגע מענשען זיינען געווען אויף אַ גאַנצע נאַכט. אָט האָט מען געהאָפט, אָט האָט מען פאַרצווייפעלט און האָט מען ווידער געהאָפט. ווען איך האָב ענדליך אַנאָנסירט פאַר זיי דעם רעזולטאַט, האָבען זיך אין פילע אויגען באַוויזען טרערען.

עטליכע טעג נאָכאַנאַנד איז דער גאַנצער דיסטריקט געווען ווי איינגעהילט אין טרויער. דאַן האָבען זיך די אונערמידליכע סאָ־ציאַליסטען ווידער אמאָל גענומען אונטערגאַרטלען פאַר דער נעקסטער שלאַכט. דעמאָלט זיינען זיי שוין געווען ענטשלאָסען

צו קריגען אזא ריזיגע מאַיאָריטעט אין די נעקסטע וואהלען, וואָס קיין קאָרופּטע קאָמבינאַציע פון די אלטע פּארטייען זאָל נישט קע־נען צו׳גנב׳ענען.

די צוויי אלטע פּארטייען ווידער האָבען שוין געהאַט זייער פּאָרציע שרעק און האָבען דערפון געצווינגען זייערע אייגענע שלו־סען. אין די ווייטערדיגע צוויי קאָנגרעס־קאַמפּיינס אין דעם דיסט־ריקט האָבען זיי שטילערהייט אוועקגעלייגט אָן א זייט יעדען אָנ־שטעל פון פּארטיי־אונטערשייד צווישען זיך און האָבען ארויסגע־שטעלט איין בשותפות׳דיגען קאַנדידאַט. אין דעם פאל איז עס גע־ווען דער רעפּובליקאנער. די דעמאָקראַטען זיינען דערפאר באלוינט געוואָרען מיט קלענערע אַמטען אין דעם דיסטריקט.

נאָך מיין לויפען פאר מעיאָר אין יאָהר 1917, וואָס איך בא־שרייב אין א שפּעטערדיגען קאַפּיטעל, בין איך אין יאָהר 1918 ווידער געלאָפען פאר׳ן קאָנגרעס אין דעם צוואנציגסטען דיסטריקט, וואו קיין אקטיווען קאמפּיין האָב איך ניט אָנגעפיהרט. מיין געזונט־צושטאנד האָט מיך געצוואונגען צו זיין אויסער׳ן שטאָט אין דער צייט פון קאמפּיין. אין יאָהר 1920 האָב איך אנגעפיהרט די לעצטע שלאכט אלס קאָנגרעס־קאַנדידאַט פון יענעם דיסטריקט. אין יעדען פון די וואהלען האָב איך געצויגען מעהר ווי פערציג פּראָצענט פון דער אלגעמיינער צאָל שטימען.

דערנאָך איז אין דעם דיסטריקט פארגעקומען א גרינטליכע שנעלע ענדערונג. די באפעלקערונג איז דאָרט געוואָרען אינגאנצען אַן אַנדערע. די מעהרסטע סאָציאליסטישע ארבייטער האָבען זיך אריבערגעצויגען ווייטער ארויף, מעהרסטענס אין די בראנקס (א געגענט אין ניו יאָרק) און זייער פּלאַץ האָבען פארנומען אימיגראַנ־טען פון פּאָרטאָ־ריקאָ.

איך בין מעהר נישט געלאָפען פאר קיין אַמט ביז אין דעם יאָהר 1932. ווען מ׳האָט מיך נאָמינירט פאר מעיאָר פון ניו יאָרק צו פארענדיגען איין יאָהר פון דעם מעיאָר־טערמין, וואָס איז אָפּ־געבראָכען געוואָרען דורך דער געצוואונגענער רעזיגנאציע פון דזשעימס דזשעי. וואָקער. אין יענע וואהלען האָב איך באַקומען א פערטעל מיליאָן שטימען.

## קאַפּיטעל אַכט

# דער פּראָצעס געגען יאָהאַן מאָסט

מיין ערשטען „באריהמטען” גרויסען פּראָצעס אלס לאָיער האָב איך געהאַט אלס פאַרטיידיגער פון יאָהאַן מאָסט, ווען ער איז אָנגעקלאָגט געוואָרען אין קרימינעלען געריכט פאַר זיין פּאָליטישער טעטיגקייט. די מאָדערנע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט ארויס־געגעבען זעהר ווייניג פיגורען, וואָס זאָלען זיין אזוי פאַרביג און אינטערעסאַנט, ווי עס איז געווען יאָהאַן מאָסט, דער גרינדער און פיהרער פון „קאָמוניסטישען אנארכיזם”.

זיין גאַנצער אַרט דענקען, זיין טעמפּעראַמענט, זיין פיזישער חסרון, זיינע ביטערע ערפאַהרונגען אין לעבען און אפילו דער אופן ווי ער איז געבאָרען געוואָרען, האָבען פאַר איהם ווי פאָראויס באַ־שטימט א קאַריערע פון עקשנות'דיגען קריג געגען דער עקזיסטי־רענדער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג און געגען די עקזיסטירענדע געזעלשאַפטליכע פאַרהעלטענישען. ווענען זיין געבאָרען ווערען האָט ער אליין ליב געהאַט צו זאָגען, אז דאָס האָט פּאַסירט „טראָץ די פּאָליציי־געזעצען”, ווייל ער איז געקומען אויף דער וועלט אלס אַן אומגעזעצליך קינד.

יאָהאַן מאָסט איז געבאָרען געוואָרען אין אויגסבורג, דייטש־לאַנד, אין יאָהר 1846. צו זיבען יאָהר האָט ער געקראָגען א בראַנ־דיגע קראנקהייט פון פנים, און מען האָט איהם געמוזט מאַכען אַן אָפּעראַציע, אלס רעזולטאַט דערפון איז זיין קין געבליבען אַרויס־געזעצט פון זיין נאָרמאַלען פּלאַץ. איבער זיין מיאוס'ען אויס־זעהן האָבען זיינע חברים פון די קינדער־יאָהרען חוזק געמאַכט פון איהם. זיין קינדהייט, אין וועלכער ס'איז ניט געווען קיין טראָפּען פרייד האָט איהם זעהר פריה אין לעבען פאַרביטערט געגען דער וועלט.

צו פערצעהן יאָהר איז ער אָנגעקומען אלס לערן־אינגעל צו אַן איינבינדער, און ווען ער איז ארויס פון דער לערע האָט ער פאַר־בראַכט עטליכע יאָהר אין פארשידענע טיילען פון דייטשלאַנד, שווייץ, איטאַליע, עסטרייך און אונגאַרן אלס רייזענדער בעל־מלאכה, ווי ס'איז געווען דער שטייגער אין יענע יאָהרען.

אין פארלויף פון דער צייט, ווען ער האָט אזוי געארבייט און געוואנדערט, איז ער באקאנט געוואָרען מיט דער סאָציאליסטישער ליטעראטור, און אין יאָהר 1868 איז ער אָפיציעל ארייגגעטראָטען אין דער באוועגונג. ער איז געוואָרען א מיטגליד אין דער שווייצארישער סעקציע פון סאָציאליסטישען אינטערנאציאָנאל, וואָס האָט געהאט די הויפּט־קווארטיר אין צירין. כמעט באלד האָט דער יונגער איינבינדער אָנגעהויבען שפּילען א פיהרענדע ראָלע.

ער איז געווען א געבוירענער רעדנער. ער האָט פארמאָגט א זעלטענע קראַפט מיטצורייסען די מאסען מיט זיין שטורעמדינער פילזייטיגער רעדנער־קראַפט. אָט איז ער געווען בייסענד, אָט הומאָריסטיש, אָט געפּילפּולט און אָט פול מיט פייער.

אין זיינע גאָר יונגע יאָהרען האָט ער געטרוימט צו ווערען אַן אַקטיאָר. זיין פיזישער חסרון איז איהם געשטאַנען אין וועג צו דער ביהנע־קאריערע, וואָס ער האָט אזוי געוואָלט, אבער די רעדנער־פּלאַטפאָרמע האָט איהם פארגיטיגט און באלוינט פאר זיין ענטוישונג. א מענש, א טעאטראלישער, אַן עגאָאיסטישער און א הערשערישער, האָט מען איהם גלייך באמערקט אין יעדער נרופּע מיט וועלכער ער האָט זיך פארבונדען. זיין פעדער איז געווען פּונקט אזוי שניידענדיג ווי זיין צונג.

אין 1869 געפינען מיר איהם אין עסטרייך אלס אַן אָנפיהרער פון א רעוואָלוציאָנערער דעמאָנסטראציע ביי דעם פּארלאמענט. פאר דעם „פארברעכען" האָט מען איהם פארמשפּט צו 5 יאָהר געפענגניס, און מעהר ווי א יאָר צייט איז ער טאקע אָפּגעזעסען.

דאָס איז געווען די ערשטע פון א סעריע ארעסטען און טורמע־זיצענישען, וואָס זיינען דערנאָך געוואָרען א רעגעלמעסיגער טייל פון זיין לעבענסשטייגער. פּונקט ווי ער האָט שטודירט די לעבענס־באדינגונגען פון פארשיידענע לענדער אין זיינע פריערדיגע יאָהרען אלס רייזענדער בעל־מלאכה, אזוי האָט ער שפּעטער אויסגעפּאָרשט זייערע טורמעס אלס רייזענדער אגיטאטאָר.

אַן ארויסגעטריבענער פון עסטרייך איז ער אוועק צוריק קיין דייטשלאנד, וואו ער איז געוואָרען דער רעדאקטאָר פון א סאָציאליסטישער טאָג־צייטונג. אין 1874 איז ער ערוועהלט געווארען צום רייכסטאג, און אין דעמזעלבען יאָהר האָט מען איהם גע'משפט

פאר א רעדע „פון פאַראַט צום פאַטערלאַנד", און מען האָט איהם פאַראורטיילט צו 18 חדשים טורמע.

ווען עס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען די אנטי־סאָציאַליס־טישע געזעצען, איז יאָהאַן מאָסט, ווי א סך אנדערע סאָציאַל־דעמאָקראַטען געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזען דייטשלאַנד. ער האָט זיך באַזעצט אין לאָנדאָן, וואָס איז דאַן געווען איינע פון די לעצטע פעסטונגען פון פרייער רעדע און פרעסע אין אייראָפּע. דאָ האָט ער געגרינדעט א וועכענטליכע סאָציאַליסטישע צייטונג אונטער דעם נאָמען „פרייהייט".

די אונטערדריקונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַ־ניזאַציע אין דייטשלאַנד און די אונמעגליכקייט אָפען און סיסטע־מאַטיש אָנצופיהרען די טעטיגקייט פון דער באַוועגונג, האָבען גע־שאַפען א רייהע נייע שווערע פּראָבלעמען וועגען מעטאָדען און טאַקטיק. די מעטאָדען, וואָס די פיהרער פון די דייטשע סאָציאַ־ליסטען האָבען אָנגענומען איז געווען צו אָרגאַניזירען אַן אונטער־ערדישע פּראָפּאַגאַנדע אויף א גרויסען מאַסשטאַב. אין דער זעלבער צייט האָבען זיי אבער אויך באַשלאָסען צו זיין זעהר פאָרזיכטיג אום נישט אריינצוואַרפען די באַוועגונג און איהרע אָנהענגער אין די הענט פון ביסמארק'ס שפּיאָנען, וואָס זיינען שטענדיג געווען אויף דער וואַך.

יאָהאַן מאָסט, וועלכער איז שטענדיג געווען אין קריגערישע באַציהונגען מיט די אנדערע פּאַרטיי־פיהרער, האָט אטאַקירט זייער „שרעקינקייט" און האָט געפאָדערט, אז מען זאָל אָנווענדען א שטאַרקערען ווידערשטאַנד און טעראָריזם. דער שטרייט איז גע־וואָרען פאַרביטערט און פּערזענליך. דער רעזולטאַט איז געווען, אז יאָהאַן מאָסט איז אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער סאָציאַל־דע־מאָקראַטישער פּאַרטיי. דאַן איז ער געוואָרען אַן אַנאַרכיסט.

זיין אַנאַרכיזם איז נישט געווען דער פילאָזאָפישער אַנאַרכיזם פון פּעטער קראָפּאָטקין און עליזע רעקליו, נאָר א לעהרע פון גע־וואַלד־טאַטען און שטענדיקען קריג. זיינע אטאַקעס זיינען געווען געצילט נישט נאָר געגען דער עקזיסטירענדער געזעלשאַפטליכער, עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אָרדנונג. נאָר אויך געגען די פּער־זענליכע פאַרטרעטער פון דער אָרדנונג — געגען די אָנפיהרער פון די רעגירונגען און געגען די קאַפּיטאַליסטען.

גוואַלדטאַטען האָבען געשפּילט אַ דרייפאַכע ראָלע אין דער מאַסטישער וועלט־אַנשויאונג. זיי האָבען געדאַרפט דורכבּרעכען אַ וועג צו פרייהייט, ערשטענס, דורך אומבּרענגען דעספּאָטען; צווייטענס, צו וואַרפען אַ טויט־שרעק אויף די הערשענדע קלאַסען און אַריינבּרענגען אַ דעמאָראַליזאַציע אין זייערע רייהען, און דריטענס, פאַנאַנדערצובלאָזען דעם גליהענדען פייער פון אויפשטאַנד צווישען די מאַסען, און איהם פאַרוואַנדלען אין אַ מעכטיגען רעוואָלוציאָנערען פלאַקער.

ווען די רעוואָלוציאָנערען אין רוסלאַנד האָבען אין מאַרטש 1881 דער׳הרג׳עט דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, האָט יאָהאַן מאָסט אין זיין „פרייהייט״ שטאַרק געלויבּט די פּאַסירונג און ער האָט אויסגעדריקט די האָפנונג, אז „אַלע טיראַנען זאָלען שנעל האָבען דעמזעלבען סוף״.

דערפאַר איז ער באַלוינט געוואָרען מיט 16 חדשים טורמע אין לאָנדאָן. ווען ער איז ווידער אַרו׳יס פריי, איז ער אַוועק קיין אַמעריקע, און איז אָנגעקומען קיין ניו יאָרק אין דעצעמבּער 1882.

אין אַמעריקע האָט מאָסט באַלד איבּערגענומען די פיהרערשאַפט פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, וואָס האָט געמאַכט גרויס פאָרטשריט אונטער דעם איינפלוס פון זיינע אַרטיקלען און לעקציעס, וואָס ער האָט געהאַלטען איבּער׳ן גאַנצען לאַנד.

אין יאָהר 1883 איז אין פּיטסבּורג פאָרגעקומען אַ גוט־באַזוכטע נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן פון אַנאַרכיסטען, און דאָרטען איז אַרויסגעלאָזט געוואָרען די באַריהמטע פּיטסבּורגער „פּראָקלאַמאַציע״, וואָס האָט ענטהאַלטען די פּאָליטישע תורה פון דעם קאָמוניסטישען אַנאַרכיזם. די פּראָקלאַמאַציע איז געשריבּען געוואָרען פון יאָהאַן מאָסט.

פינף יאָהר צייט איז דעם דאָזיגען אַנאַרכיסטישען פיהרער געלונגען אָנצופיהרען אַן אַקטיווע פּראָפּאַגאַנדע אין אַמעריקע און אויסמיידען די טורמעס, אָבּער אין יאָהר 1886, ווען די שיקאַגאָ׳ער אַנאַרכיסטען זיינען הינגעריכטעט געוואָרען, האָט ער אין ניו יאָרק געהאַלטען אַ פייערדיגע רעדע, פאַר וועלכער מ׳האָט איהם

ארעסטירט, גע׳משפט, געפונען שולדיג און פאראורטיילט אויף א יאָהר אין טורמע אויף בלעקוועלס איילאנד.

ווען ער איז ווידער ארויס פריי, האָט מאָסט פאָרטגעזעצט זיין פּראָפּאַגאנדיסטישע טעטיגקייט. ער האָט אויך ווידער ארויסגעגעבען די „פרייהייט". ער איז געווען א פּראָדוקטיווער און פלייסיגער שרייבער, און די קאָלומנס פון זיין צייטונג האָט ער כמעט אינגאנצען אויסגעפילט מיט זיינע אייגענע ארטיקלען. פון צייט צו צייט אָבער, ווען ער איז געווען אוועק אויף א פּראָפּאַגאנדע־טור, אָדער ווען ער האָט לאנג פארבראכט ביי טרינקען ביר, וואָס ער האָט זעהר ליב געהאט, האָט מען געמוזט צוזאמענשטעלען די צייטונג אין גרוים איילעניש. פאר אזוינע נויט־פאלען האָט מאָסט געהאט א פארטיגען זאפאס פון אלטע ארטיקלען, סאי זיינע אייגענע, סאי פון אנדערע רעוואָלוציאָנערע שרייבער.

איינע פון די זאכען, וואָס ער האָט באזונדערס גערן איבערגעדרוקט, ווען ס׳האָט אויסגעפעהלט שטאָף, איז געווען אן ארטיקעל געשריבען פון קארל הײנצען, אונטער דעם אינטערעסאנטען נאָמען „מאָרד געגען מאָרד".

היינצען איז געווען א פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער פון אלטען חדר. זיין קאריערע איז געווען עהנליך צו דער קאריערע פון יאָהאן מאָסט. א געבוירענער אין דייטשלאנד און אן אקטיווער אנטיילנעמער אין דער רעוואָלוציע פון 1848, איז ער אנטלאָפען פון זיין פאָטערלאנד. ער האָט צייטווייליג געפונען פאר זיך א היים אין פארשיידענע אייראָפּעאישע לענדער, פון וועלכע ער איז סוף כל סוף ארויסגעשיקט געוואָרען, ביז ער איז אָנגעקומען קיין אמעריקע. דאָ האָט ער פאָרטגעזעצט זיין רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאנדע אין פארשיידענע צייטען אין ניו יאָרק, סעינט לואיס, סינסינעטי און באָסטאָן.

דער ארטיקעל „מאָרד געגען מאָרד" איז געשריבען געוואָרען אין יאָהר 1850, און האָט זיך אויסגעצייכענט מיט דער פייערדיגער אָנגעבלאָזענער שפּראך, וואָס איז אין יענער צייט געווען אָנגענומען. דער אלגעמיינער געדאנק איז דאָרט געווען, אז יעדע מאכט שטיצט זיך אויף געוואלד־טאטען און מאָרד, און אז ס׳איז מעהר גערעכט, אז מ׳זאָל מאָרד און געוואלד־טאטען באנוצען צו באַ־

פרייען דאָס פאָלק פון דעספּאָטען איידער דאָס פאָלק צו אונטער־
יאָכען.

אום קלאָר צו מאַכען זיין געדאַנק האָט היינצען דערביי גע־
בראַכט דעם פאָלגענדען ביישפּיל:

„אַ באַנדיט מיט עטליכע ארויסהעלפער בושעווען אין אַ
געוויסען געגענט, אז מ'איז דאָרט מיט'ן לעבען נישט זיכער.
מאכט ווערט אָנגעווענדעט נאָכצויאָגען איהם און זיכער צו מאַ־
כען, אז דאָס געזעץ זאָל רעספּעקטירט ווערען. ער ווערט גע־
כאַפּט און מען הענגט איהם אלס שטראָף פאר דער פארגאַנגענהייט
און אלס ווארנונג פאר דער צוקונפט. אָבער לאָמיר זיך פאָר־
שטעלען, אז איהם געלינגט בייצוקומען די באוואפענטע מאכט,
אומצואווארפען דאָס געזעץ, צו פארכאַפּען דאָס לאַנד און צו ווע־
רען דער אויבער־הערשער. זיין באַנדע רויבער ווערט דאַן אַן
„ארמיי", דער אָנפירער פון די באַנדיטען ווערט אַ גענעראַל, דער
גרעסטער באַנדיט ווערט אַ קעניג, און די בארויבטע באַפעלקערונג
ווערט פארוואַנדעלט אין לאָיאַלע אונטערטאַנען, וואָס שרייען מיט
באַגייסטערונג „לאַנג לעבען זאָל אונזער העכסט־ערהאָבענער
קעניג".

„צו באַזיגען און פארניכטען דעם שונא — דאָס איז דער
איינציגער ציל. נאָר לויט דעם וועט די געשיכטע איבער אונז
אורטיילען".

און ווייטער:

„די דעספּאָטען שטעהען אויסער'ן געזעץ. זיי זיינען אין
דער מענשליכער געזעלשאַפט דאָס, וואָס דער טיגער איז צווישען
חיות. צו לאָזען איהם לעבען איז אַ פארברעכען. פּונקט ווי דעס־
פּאָטען ערלויבען זיך אַלץ — פארראַט, גיפט, מאָרד און אזוי ווייַ־
טער, — אזוי דאַרף דאָס אַלץ אָנגעווענדעט ווערען געגען זיי.

„זאָל מאָרד זיין אונזער שטודיום. מאָרד אין יעדער פאָרם, —
האָט אויסגערופען דער רעוואָלוציאָנער פון יאָהר 1848. — אין
דעם איינעם וואָרט ליגט מעהר מענשליכקייט ווי אין אַלע אונזערע
טעאָריעם".

און ער האָט פארענדיגט:

„מיר זאָגען — מאָרדעט די מערדער, לייזט אויס די מענש־
הייט דורך בלוט, גיפט און אייזען".

אויף דעם בלוט־און־דונער טאָן פון דעם ארטיקעל האָט זיך יאָהאָן מאָסט׳ס הארץ ווארים אָפּגערופען, און ער האָט דעם אר־טיקעל איבערגעדרוקט אין זיין ציימונג עטליכע מאָל.

ער האָט דאָס אָפּגעדרוקט איין מאָל צופיל.

דעם פינפטען סעפּטעמבער, 1901, איז ערשינען די „פרייהייט" מיט היינצענ׳ס „מאָרד געגען מאָרד" פּראָמינענט אָפּגעדרוקט אויף דער ערשטער זייט. אויף מאָרגען איז פּרעזידענט מעקינלי געשאָ־סען געוואָרען אין באָפאַלאָ פון איינעם לעאָן טשאָלגאָש, פון פּוילישער אָפּשטאַמונג, וועלכע האָט אָפּען געזאָגט ,אַז ער איז אַן אַנאַרכיסט. פּרעזידענט מעקינלי איז דאַן פון איהם שווער פאר־וואונדעט געוואָרען און איז מיט אַ וואָך שפּעטער געשטאָרבען.

מ׳האָט נישט געקאָנט געפינען קיין פאַרבינדונג צווישען יאָהאַן מאָסט און דעם לעאָן טשאָלגאָש, וועלכער האָט ווארשיינ־ליך גאָר קיינמאָל נישט געלייענט די „פרייהייט"; אָבער דאָס ער־שיינען פון דעם פייערדיגען ארטיקעל און דער אַנאַרכיסטישער אָנפאַל אויף דעם לעבען פון דעם אַמעריקאַנער פּרעזידענט זיינען געקומען אַזוי שנעל איינס נאָכ׳ן צווייטען, אַז די צוזאַמענטרע־פונג איז — מילד גערעדט — געווען נישט פון די גאָר אָנגע־נעהמע זאַכען. אפילו מאָסט האָט באַלד באַגריפען, אַז עס קענען דערפון ארויסקומען צרות, און ער האָט באַפוילען מ׳זאָל צוריק־נעמען די קאָפּיעס פון דעם נומער. צום אומגליק — פאַר איהם — זיינען שוין אַ פּאָר עקזעמפּליארען געווען פארקויפט, און איין קאָפּיע האָט געהאַט געקויפט אַ מיטגליד פון דער ניו יאָרקער גע־היים פּאָליציי. אויף דער איינציגער קאָפּיע פון דער „פרייהייט" האָט די אָנקלאַגע באַגרינדעט איהר באַשולדיגונג געגען דעם שלימ־מזל׳דיגען רעדאַקטאָר.

צו יענער צייט איז נישט געווען קיין אַנטי־אַנאַרכיסטישער געזעץ אין ניו יאָרק. די קלאַגע געגען יאָהאַן מאָסט איז צוזאַ־מענגעשטעלט געוואָרען אויפ׳ן גרונד פון אַן אומקלאָרען פּונקט אין דעם קרימינעלען געזעץ־בוך. לויט יענעם פּונקט איז עס באַ־טראַכט געוואָרען אלס אַן איבערטרעטונג פון געזעץ אויב איינער האָט געטאָן עפּעס, וואָס האָט אויף אַן ערנסט צושטערט אָדער געשטעלט אין געפאַהר די עפענטליכע אָרדנונג, אָדער האָט פאַר־בראָכען געגען דער עפענטליכער אַנשטענדיגקייט.

אין דעם פּאָליציי־געריכט איז מאָסט ערשינען אלס לאָיער פאר זיך אליין. דער ריכטער, וואָס האָט אויסגעהערט די ערשטע קלאָגע האָט, ווי עס שיינט, די גאַנצע זאך נישט באטראכט פאר זעהר וויכטיג. כמעט ווי נאָר פון יוצא וועגען האָט ער איהם פאר־האַלטען פאר א פּראָצעס ,וואָס זאָל פאָרקומען אין „קאָורט אָוו ספּעשעל סעשאָנס", א קרימינעלער קאָורט, וואָס האָט צו טאָן מיט מינדער־וויכטיגע פארברעכענס, און ער האָט איהם ארויסגעלאָזט אויף א באשיידענער סומע־בעיל — פינף הונדערט דאָלאר.

די דריי ריכטער פון ספּעשעל סעשאָנס קאָורט האָבען אבער גענומען די קעיס א סך ערענסטער. ווען דער אָנגעקלאָגטער איז ערשינען פאר זיך אליין אָהן דער הילף פון א לאָיער, האָבען זיי איהם קורץ און שארף ערקלערט, אז זיי באטראכטען די קלאָגע געגען איהם פאר זעהר א שווערע באשולדיגונג, און אז ער מוז דערפאר קריגען א לאָיער.

ערשט דאן האָט יאָהאן מאָסט צוזאמען מיט צוויי פון זיינע פריינט מיר אָפּגעשטאטעט א וויזיט. איך בין איבערראשט געוואָ־רען, ווען איך האָב דערזעהן פאר זיך אזוינע אומגעריכטע געסט. אין דעם „אנארכיסטישען הארצען" איז ניט געווען קיין טראָפּען ליבע צו די „רעאַקציאָנערע" סאָציאַל־דעמאָקראטען. גראדע פאר־קערט — דער פּראקטישער טאָג־טעגליכער קאמף פון די אמעריקא־נער אנארכיסטען איז מיט אומגעהויער־פיל מעהר פייער און פלאם געווען געצילט געגען זייערע סאָציאליסטישע שטיפברידער ווי געגען די „פּאָליטישע דעספּאָטען". בלויז די ביטערע נויטווענדיגקייט האָט געקענט באוועגען די אנארכיסטישע פיהרער, אז זיי זאָלען זיך ווענדען צו א סאָציאליסט נאָך הילף.

אונזער געשפּרעך האָט דערפאר געמוזט קלינגען ווי עפּעס א מאָדנער מין שפּאס. יאָהאַן מאָסט האָט גערעדט מיט מיר אלס דער פאָרשטעהער פון א גאנצער קאָמיטע. פון זיינע ערשטע ווערטער איז מיר געוואָרען קלאָר ווי דער טאָג, אז דער באגייסטערטער מאַן, וואָס איז געקומען צו ווערען מיין קליענט, וואָלט פון קיין זאך נישט געווען אזוי צופרידען, ווי ווען איך זאָג זיך אָפּ אָנצונעמען זיין קעיס. ווען איך האָב איהם ערקלערט, אז איך בין גרייט צו זיין זיין פארטיידיגער, האָט ער געמאכט א קנאַפּען פארזוך צו פאר־

דעקען זיין אומצופרידענקייט, און ער האָט פּרובירט מיך אָפּצו־שרעקען, כדי איך זאָל ענדערען מיין באַשלוס.

„איך האַלט עס פאַר מיין פליכט אייך צו וואָרענען, — האָט ער מיר געלאָזט וויסען, — אַז איך בין שוין געווען ביי עטליכע לאָיערס, און אַז קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט מיך פאַרטיי־דיגען".

איך האָב איהם פאַרזיכערט, אַז איך האָב זיך קיינמאָל נישט געשמייכעלט מיט דעם געדאַנק, אַז איך בין דער ערשטער צו וועמען זיי זיינען געקומען, נאָר אַז איך בין גרייט סאַי־ווי־סאַי אָנצו־נעמען די פאַרטיידיגונג.

„באַגרייפט איהר דען נישט, — האָט אַלץ גע'טענה'ט מיין מאָדנער קליענט, —אַז אַזאַ פּראָצעס ווי מיינער קען רואינירען די קאַריערע פון אַ יונגען לאָיער ?"

איך האָב דאַרויף געענטפערט מיט דער באַמערקונג, אַז איך וועל שוין אליין זאָרגען וועגען מיין קאַריערע און איך האָב ווי־דערהאָלט מיין גרייטקייט איבערצונעמען די פאַרטיידיגונג.

מאָסט איז געווען איינפאַך ענטריסטעט. ער האָט אבער גע־האַט נאָך איין קאָרט צו שפּילען.

„איהר זענט גרייט אָנצונעמען די קעיס, — האָט ער געזאָגט, — דאָס איז זעהר גוט און וואויל, אבער וואָס איז וועגען געלט ? אונזער אָרגאַניזאַציע איז זעהר אָרים."

„איך בין נישט פאַראינטערעסירט אין קריגען באַצאָלט, — האָב איך טרוקען געענטפערט. — איך בין גרייט אָנצונעמען אייער קעיס, ווייל איך האַלט, אַז עס האַנדעלט זיך דאָ וועגען דעם וויכ־טיגען פּרינציפּ פון פּרעסע און רעדע פרייהייט".

אַז אַלע זיינע הארבע קשיות האָבען ניט געהאָלפען, האָט דער אנאַרכיסטישער פיהרער זיך אונטערגעגעבען, אבער נאָך אַלץ היבשליך אומצופרידען. איך האָב באַמערקט ווי אין זיינע אויגען האָט אַ שפּיל געטאָן אַ חוזק־פייערל, ווען ער האָט ענדליך איבער־געגעבען זיין שיקזאַל אין מיינע הענט מיט דער פאָלגענדער ערמו־טיגונג :

„נו, גוט, נעמט אָן און פּרובירט מיך פאַרטיידיגען".

איך האָב פּרובירט. איך האָב זעהר שטאַרק פּרובירט, אבער אָהן ערפאָלג.

איך האָב געטענה'ט, אַז די פּלאַקעדיגע רייד פון דעם פאַר־ברענטען דייטשען קעמפער פאַר א רעפּובליק זיינען געווען געצילט נאָר געגען די גערוינטע קעפּ פון די אייראָפּעאישע מאָנאַרכיעס, אז ס'איז קיינמאָל נישט געווען די אבזיכט זיי אָנצואווענדען געגען די ערוועהלטע בעאמטע אין א דעמאָקראַטישען לאַנד. איך האָב אָנגעוויזען, אז דער שרייבער פון דעם ארטיקעל איז שוין לאַנג געשטאָרבען, און אז דער פּאָליטישער קאַמף וואָס האָט אזא אר־טיקעל ארויסגעבראַכט, איז שוין לאַנג נישט מעהר ווי א טייל פון דער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט. איך האָב געצייגט, אז מ'האָט דאָ אין אמעריקע ערלויבט איבערצודרוקען דעמזעלבען ארטיקעל אָהן א שיעור מאָל סײַ אין צייטשריפטען, סײַ אין הײַנצען'ס געזאַמעלטע ווערק, און אז עס ענטהאַלט נישט קיין דירעקטע באַ־שולדיגונג געגען קיין לעבעדיגען מענש. איך האָב געפאָדערט, אַז עס זאָל דאָ אָנגעווענדעט ווערען די קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיע פון פרייע פּרעסע, און איך האָב באַהויפּטעט, אז דער געזעץ־פּונקט לויט וועלכען מאָסט איז אָנגעקלאָגט געוואָרען, איז אַזוי אַלגעמיין און אומקלאָר, אז ער האָט נישט דעם מינדעסטען זין.

איך האָב מיט מיין גאַנצער קראַפט געלייקענט, אַז די געריכ־טען האָבען א רעכט צו באַשטראָפען פאַר פאַרברעכענס, וואָס זיי־נען נישט קלאָר און אויסדריקליך באַצייכענט אין דעם געזעץ אָדער אנערקענט אין דער אָנגענומענע געריכטס־פּיהרונגען.

איך האָב געפאָרשט די געזעץ־ביכער צו געפינען שטיצע פאַר מיינע באַהויפּטונגען, און איך האָב פאַרשטאַרקט מיינע ארגומענ־טען מיט אויסצוגען פון א סך באַריהמטע עקספּערטען.

איך בין געווען איבערצייגט, און איך בין עס אויך איצט, אז וואָס אנבאַלאַנגט דעם געזעץ האָבען מיר געהאַט א פולשטענדיגע פאַרטיידיגונג. עס איז אָבער נישט געווען א פראַגע פון בלויז דעם געזעץ. פּרעזידענט מעקינלי איז געפאַלען פון אן אנאַרכיסטישער האַנט. דאָס לאַנד איז געווען אויפגעבראַכט געגען אַלע אנארכיס־טישע אגיטאַטאָרס, און די געריכטען זיינען געווען אונטער'ן איינ־פלוס פון דער אַלגעמיינער אויפרעגונג.

דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין „קאָורט אָוו ספּעשעל סעשאָנס", און אפילו האָבען געבראַכט די קעים אין צוויי הויכע

געריכטען איינשליסענדיג דעם „קאָורט און אפּילס", וואָס איז דער העכסטער געריכט אין ניו יאָרק סטעיט.

אין די שפּעטערדיגע יאָהרען איז מיר אויסגעקומען אויפצוטרעטען אלס פּארטיידיגער אויף פּראָצעסען איבער נישט־פּאָפּולערע אידעען, אבער קיין מאָל האָב איך נישט באגעגענט אזא שווערע אַטמאָספערע פון קאַלטער פיינטשאַפט, ווי עס האָט געהערשט אין דעם געריכטס־זאַל יעדעס מאָל, ווען די קעיס פון פּאָלק געגען יאָהאן מאָסט איז ארויסגערופען געוואָרען.

מאָסט איז געפונען געוואָרען שולדיג ניט אזוי פיל פאר איבערדרוקען דעם פאַרעלטערטען ארטיקעל פון היינצען, ווי פאר זיין אַלגעמיינער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאנדע.

אין „קאָורט און ספּעשעל סעשאָנס" האָבען די ריכטער געגעבען דעם פּארטיידיגער די העכסטע לויב „פאר דער פעהיגקייט מיט וועלכער ער האָט אָנגעפיהרט די פּארטיידיגונג און פאר זיין גערעכטענער פּארטיידיגונגס־שריפט, וואָס ער האָט צוגעשטעלט". צו דער זעלבער צייט האָבען זיי דעם אָנגעקלאָגטען געגעבען די העכסטע שטראָף וואָס זיי האָבען נאָר געקענט לויט'ן געזעץ — א יאָהר פּריזאָן אויף בלעקוועלס איילאַנד. די צוויי העכערע געריכטען — די „אפּעלעט דיוויזשאן" פון סטעיט סופּרים קאָורט און דער קאָורט אָוו אפּילס האָבען באשטעטיגט דעם אורטייל אין לאַנגע און אויספיהרליכע ענטשיידונגען.

ס'איז געווען בלויז איין שטראהל פון אויפקלערונג און מוט, וואָס איז געקומען פון צווישען די ריכטער אין דעם גאנצען פּראָצעס. דער סטעיט סופּרים קאָורט ריכטער, טשארלז פ. מעקליען, האָט אין א באַזונדערער, עטוואָס־סאַרקאַסטישער ערקלערונג געמאכט אש־און־בלאָטע פון דער אָנקלאַגע. ער האָט עס געגעבען דעם אָנגעקלאָגטען א „סערטיפיקעיט" פון צווייפעל אין זיין שולדיגקייט צוליב וועלכען מ'האָט איהם ארויסגעלאָזט אויף בעיל ביז נאָכ'ן אפּיל.

„דער איינציגער באווייז אויף וועלכען עס שטיצט זיך דער אורטייל, — האָט דער ריכטער געשריבען אין זיין ערקלערונג—באַשטעהט אין דעם, וואָס דער אָנגעקלאָגטער האָט געלאָטכענט אן ארטיקעל, וואָס אן אנדערער האָט אָנגעשריבען מיט א האלבען יאָהר־הונדערט צוריק, און האָט עס אָפּגעדרוקט אין א צייט־

שריפט אויף וועלכער מ׳זאָגט אז זי האָט א געוויסע צירקולאציע, אָבער מ׳ווייסט נאָר וועגען איין קאָפּיע וואָס איז געקויפט געוואָרען פון א פּאָליסמאַן, און וואַרשיינליך טאַקע צוליב דער אָנקלאַגע. עס ווערט נישט באוויזען, אז דאָס, וואָס דער אָנגעקלאָגטער האָט אויסגעדריקט געבאָרגטע געדאַנקען זאָל האָבען געבראַכט עמיצען שאָדען, אָדער אז ער זאָל האָבען געפעלשט עפּעס פאַקטען און גע־שטערט און געשטעלט אין געפאַהר די עפענטליכע אָרדנונג״.

דער ריכטער האָט אנערקענט די טענה פון דעם אָנגעקלאָגטען, אז דאָס רעכט צו דרוקען דעם ארטיקעל איז געשטיצט דורך דער קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיע פון פרייע פּרעסע.

מאָסט איז אַלט געווען פינף און פופציג יאָהר ווען ער איז פאַראורטיילט געוואָרען. אויסגעזעהן האָט ער א סך עלטער. די שוועריגקייטען פון זיין נישט־געזעצטען און אָנגעשטרענגטען לעבען און זיינע ארימע יאָהרען האָבען אונטערגעגראָבען זיין שטאַרקען קערפּער. זיין לעצטער יאָהר אויף בלעקוועלס איילאנד האָט זיך שטאַרק אָפּגעשטעמפּעלט אויף זיין געזונט און אויף זיין גייסט. ער איז ארויס פון דעם געפענגעניס א צובראָכענער מענש — אָפּ־געלאָזען, ציניש און גלייכגילטיג. אין די פיר יאָהר, וואָס ער האָט נאָכדעם געלעבט האָט ער פאָרטגעזעצט אַלע טעטיגקייטען פון אַן אַנאַרכיסטישען שרייבער און פּראָפּאַגאַנדיסט, אָבער ס׳איז שוין נישט געווען דער שטורמדיגער, אָנגרייפענדער יאָהאַן מאָסט פון פריהער.

אין פאַרלויף פון דעם פּראָצעס, און אין דער צייט פון אונ־זערע אָפטע באַראַטונגען האָט זיך ביי דעם אַנאַרכיסטישען פיהרער אנטוויקעלט אַן אמת׳ע ליבשאַפט צו מיר. ביז אין סוף פון זיין לעבען זיינען מיר שוין געווען פערזענליך גוטע פריינד.

איינער פון די דירעקטע רעזולטאַטען פון דעם מאָסט־פּראָצעס איז געווען דאָס, וואָס די ניו יאָרקער סטעיט לעדזשיסלעיטשור האָט דורכגעפיהרט א שטרענגען געזעץ וועגען „קרימינעלער אנאַר־כיע״. לויט׳ן געזעץ, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין יאָהר 1902 ווערט יעדע פּראָפּאַגאַנדע פאַר ארונטערוואַרפען די רעגירונג מיט געוואַלד, אָדער פאַר ערמאָרדען א פּרעזידענט, אהער אַן אַנ־דער בעאַמטען, אָדער דאָס באַרעכטיגען אזא מאָרד דאָ אין לאַנד,

באטראכט פאר א שווערען פארברעכען פאר וועלכען די שטראף איז ביז צעהן יאָהר טורמע.

דאָס איז געווען דער אָנהויב פון די אנטי־אַנאַרכיסטישע געזעצען, וועלכע זיינען זינט דאַן איינגעפירט געווארען אין מעהרס־טע שטאאטען פון לאַנד.

## קאַפּיטעל נייַן

# א מאָרד פּראָצעס מיט א געזעלשאַפטליכען הינטערגרונד

דאָס יאָהר 1910 פאַרנעמט א פּראָמינענטען פּלאַץ אין דער געשיכטע פון די ניו יאָרקער קלאָוקמאכער. ביז דאַן זיינען זיי גע־ווען צווישען די עקספּלואטירטסטע ארבייטער אין לאַנד. זיי זיינען געווען ארום פופציג טויזענט אין צאָהל און האָבען, צום גרעסטען טייל, באוואוינט די געדיכט־באפעלקערטע און ערגסטע געגענד פון דער איסט סאַיד. כמעט אַלע זיינען זיי געווען אימיגראַנטען, הויפּט־זעכליך פון רוסלאַנד, עסטרייך און רומעניע, באשפּרינקעלט מיט אביסעל איטאַליענער און אנדערע נאַציאָנאַליטעטען. זייערע וועי־דזשעס זיינען געווען קלעגליכע, זייערע ארבייטס־שטונדען לאַנג און זייערע אלגעמיינע באדינגונגען פון לעבען און ארבייט כמעט אינגאנצען נישט צו פאַרטראָגען.

ווי מעהרסטע אידישע ארבייטער האָבען זיי געליטען לאַנג, שטיל און זיינען געווען אונטערטעניג. בלויז פון צייט צו צייט האָט צווישען זיי אויפגעפלאַקערט א פייער פון פארצווייפלונג און ווידערשטאַנד און זיי זיינען ארויס אין סטרייק. די סטרייקס זיינען געקומען ווי פון זיך אליין, אָהן צוגרייטונג און אָהן אָרגאַ־ניזירטקייט. שטענדיג האָבען אזעלכע סטרייקס אויסגעבראכען ערב דעם ארבייטס־סעזאָן און כמעט אין יעדען פאַל האָבען זיי גע־צוואונגען, אז מען זאָל אביסעל העכערען זייערע ווערדזשעס. אזוי שנעל אָבער ווי דער סעזאָן האָט זיך געענדיגט און עס זיינען ווידער געווען מעהר ארבייטער ווי דזשאָבס, האָבען זיך שוין די קאָנט־ראקטאָרס אָפּגערעכענט מיט זיי דורך דעם וואָס זיי האָבען ווידער אָהן רחמנות געשניטען די ווערדזשעס.

ארבייטס־סעזאָן, סטרייק, געהעכערטע ווערדזשעס, סלעק, גע־שניטענע ווערדזשעס, א נייער סעזאן, א נייער סטרייק — דאָס איז געווען דער שטענדיגער קריג, אין וועלכען עס איז אָנגעגאנגען דאָס לעבען אין דער אומרוהיגער אינדוסטריע. דורך יעדען סטרייק זיינען די ארבייטער אָרגאַניזירט געווארען אין א יוניאָן, נאָך יעדען „זיג" איז די יוניאָן אויפגעלייזט געווארען און יעדער נייער סטרייק האָט געפיהרט צו א נייער אָרגאַניזאציע.

די אלע, וואָס האָבען זיך פארנומען מיט אָרגאַניזירען יוניאָנס סאַי די ביי ווען דאָס איז שוין געוואָרען א פּראָפעסיע, סאַי די וואָס זיינען געווען טהעטיג דורכאויס צוליב'ן אידעאל, האָ־בען שוין כמעט געהאט אויפגעגעבען די האָפנונג ריכטיג צו אָרגאַ־ניזירען די קלאָוקמאכער. מיין קרייז פון יונגע סאָציאליסטישע פּראָפּאגאנדיסטען איז שוין אויך פון זיי געווען פארצווייפעלט. עס האָט אויסגעזעהן, אז די קלאָוקמאכער וועט מען קיינמאָל נישט קענען פאראייניגען אין א שטענדיגער אָרגאַניזאציע.

די ענדערונג איז געקומען אין יאָהר 1910.

אין יענעם יאָהר, זומער־צייט, האָבען פופציג טויזענט קלאָוק־מאכער ווי איין מאַן אוועקגעלעגט שער־און־אייזען און זיינען ארויס אין א סטרייק, וואָס איז אין איין אויגענבליק געוואָרען אומגעהויער פיל־מעהר וויכטיג ווי אלע סטרייקס פון פריהער.

עס קען זיין, אז זיי האָבען טאקע מעהר נישט געקענט אויס־האַלטען, אָדער אז די פינף־און־צוואנציג יאָהר פון קאמף ערב יעדען סעזאָן האָבען אין זיי ענטוויקעלט א שטאַרקערען געפיהל פון גלויבען אין זיך און א גרעסערע ווידערשטאַנדס־קראַפט. זיי האָבען זיך יעדענפאַלס דאָס מאָל געהאַלטען פעסט צוזאמען. דער סטרייק האָט געדויערט כמעט צעהן וואָכען צייט און די גאנצקייט פון די ארבייטער־רייהען איז נישט געמינערט געוואָרען אויף א האָר. דער סטרייק איז געווען גוט אָרגאַניזירט און טיכטיג אנגע־פירט. אלס א קאמף געגען דעם טרויעריג־באַרימטען „סוועט־שאַפּ סיסטעם" האָט דער סטרייק געקראָגען א סך גינסטיגע פּובליסיטי, און איז געשטיצט געוואָרען פון דער אלגעמיינער עפענטליכער מיי־נונג.

שוין אין דער ערשטער צייט פון דעם קאמף האָבען זיך איי־ניגע זעהר־פּראָמינענטע מענשען פאראינטערעסירט מיט דעם

שטרייט און האָבען געמאכט ענערגישע פארזוכען צו מאכען שלום צווישען די דירעקטע מאנופעקטשורערס, וועלכע האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט די ראַיעלסטע גרופע צווישען די באָסעס, און די ארבייטער. דער רעזולטאַט פון דעם סטרייק און פון די פרידענס־קאָנפערענצען איז געווען זעהר א מאָדנער. די אָפּגעשטאַנענסטע און דיזאָרגאַניזירטסטע אינדוסטריע אין אמעריקע האָט אנגענומען א העכסט־פאָרטגעשריטענעם אָפּמאַך וועגען ארבייטער־באַציהונגען אין דער פאָרם פון א קאָלעקטיווען אָפּמאַך, וועלכען מען האָט אָנגערופען מיט'ן נאָמען „דער שטענדיגער פּראָטאָקאָל פון פריי־דען".

דער „פּראָטאָקאָל" איז געוואָרען באַריהמט אין דער אַמעריקאַ־נער ארבייטער געשיכטע. זיינע פּונקטען זיינען אָפּט אַנאַליזירט גע־וואָרען און זייער פּראַקטישע אָנווענדונג איז געשטודירט און באַ־שריבען געוואָרען פון די לעיבאָר־דעפּאַרטמענטס אין וואַשינגטאָן און אין פילע שטאַאַטען. א סך ערנסטע פאָרשער פון ארבייטער פּראָ־בלעמען האָבען געשטודירט דעם „פּראָטאָקאָל" און זיין אלגעמיינער פּלאַן איז ענטוועדער איינגאַנצען אָדער טיילווייז אָנגענומען געוואָ־רען פון אנדערע אינדוסטריען.

עס איז ווירקליך געווען א מערקווירדיגער אָפּמאַך, וואָס איז געגאַנגען פיל ווייטער ווי די געוויינליכע קאָלעקטיווע יוניאָן־אָפּמאַ־כען פעסטצושטעלען וועידזשעס, שטונדען און אנדערע ארבייטס־באַדינגונגען.

אום אויסצוראָטען סוועט־שעפּער איז געשאַפען געוואָרען א „דזשאָינט באָרד אָוו סאַניטאַרי קאָנטראָל", אין וועלכער עס זיינען געווען פאָרטראָטען די באָסעס, די ארבייטער און דאָס פּובליקום. די „דזשאָינט באָארד" האָט געהאַט א גאַנצע סיסטעם פון רעגעל־מעסיגע אינספּעקציעס אויף גוטצוהייסען די ארבייטס־פּלעצער און אויף אָפּצושאַפען די אומגעזונטע באַדינגונגען אין שעפּער. מען האָט זיך אויך געאייניגט אויף א סיסטעם, וואָס זאָל נישט דער־לאָזען, אז ארבייטער זאָלען אונטערדריקט ווערען אָדער אז מ'זאָל אָפּזאָגען פון די דזשאַבס אָהן א געניגענדען גרונד. אלע קריוודעס און קלאַגעס צווישען באַלעבאָס און ארבייטער האָבען געדאַרפט געאורטיילט ווערען גערעכט און אומפּארטייאיש פון א פרייוויליגען

אינדוסטריעלען געריכט, געגרינדעט ספעציעל פאר דעם צוועק. סטרייקס און לאקאוטס זיינען פארבאָטען געוואָרען.

דער אָפּמאַך איז נישט געווען אויף א באשטימטער צייט און האָט געדארפט דינען אויף שטענדיג. יעדע ענדערונג אדער אויס־בעסערונג אין די באדינגונגען פון דעם אָפּמאַך, וואָס אומשטענדען וועלען מאכען נויטיג אין דער צוקונפט האָבען געזאָלט געמאכט ווערען אין די ראמען פון דעם פּראָטאָקאָל.

די גרונט־פּרינציפּען און איינפיהרונגען וואָס דער פּראָטאָקאָל האָט פעסטגעשטעלט האָבען פון דאַן אָן געהערשט אין דער אינ־דוסטריע, אבער דער אָפּמאַך וועגען אייביגען פרידען האָט זיך ארויסגעוויזען פאר היבשלאך אונפּראקטיש.

אין די יאָהרען נאָכדעם ווי דער פּראָטאָקאָל איז אָנגענומען געוואָרען, זיינען פאָרגעקומען גרינטליכע ענדערונגען אין די מע־טאָדען און אין דעם געבוי פון דער אינדוסטריע. עס זיינען געשאַ־פען געוואָרען נייע פּראָבלעמען וואָס האָבען געפאָדערט א נייע פאַרשטענדיגונג. מאנכעסמאָל איז אַזאַ פאַרשטענדיגונג דערגרייכט געוואָרען דורך קאָנפערענצען צווישען באַלעבאַטים און ארבייטער, אָבער אין א רייהע פאַלען האָבען ביידע צדדים בשום אופן נישט געקענט דורכקומען צווישען זיך און עס זיינען פאָרגעקומען סטרייקס און לאַק־אוטס. אלס רעזולטאט פון די קאמפען זיינען געוועהנליך געמאכט געוואָרען ענדערונגען אין דעם פּראָטאָקאָל, אויף וועלכע מ׳האָט זיך געוועהנליך געאייניגט דורך דער פאַר־מיטלונג פון א הויכען רעגירונגס־בעאמטען.

דער ערשטער ריס איז פאָרגעקומען אין יאָהר 1915. נאָכדעם, ווי דער אָפּמאַך איז געווען אין רקאפּט פינף יאָהר נאָכאַנאַנד אָהן אונטערברעכונג, האָבען די באַלעבאַטים באַשלאָסען, אז איי־ניגע פון זיינע באדינגונגען טויגען נישט פאר זיי און זיי האָבען געפאָדערט גרינטליכע ענדערונגען. די ארבייטער, וועלכע האָבען שוין דערווייל געהאַט אויפגעבויט א שטאַרקע און שטענדיגע אָר־גאַניזאציע מיט ערפאהרענע פיהרער, האָבען זיך דורכאויס אָפּגע־זאָגט נאָכצוגעבען די באַלעבאַטים. אַן אָפענער קאמף האָט געשיינט צו זיין אומפארמיידליך און ביידע צדדים האָבען זיך געגרייט דערצו. דער שטרייט איז דערווייל אָנגעפירט געוואָרען הויפּטזעכ־

ליך אין דער פּרעסע און יעדער צד האָט זיך געפּלייסט צו געווינען די שטיצע פון דער עפענטליכער מיינונג פאַר זיך.

פּונקט אין יענער קריטישער צייט, אין דעם חודש מאַי 1915, האָט די גרענד דזשורי פון ניו יאָרק קאונטי אַריינגעטראָגען א קלאַגע אין מאָרד ערשטען גראַד געגען אכט מיטגלידער און פיהרער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן.

די יוניאָן האָט מיך צוגענומען אלס דעם הויפּט־לאָיער און קיין אנדער פּראָצעס, וואָס איך האָב ווען עס איז געפירט, האָט מיר נישט פאַרשאַפט אזוי פיל יסורים און זאָרג.

איינער פון די אָנגעקלאָגטע איז געווען מאָרים זיגמאַן, דאַן דער סעקרעטער־טרעזשורער פון דער אינטערנעשאָנאל לײדים גאַר־מענט וואָרקערס יוניאָן, פון וועלכער די קלאָוקמאַכער יוניאָן איז געווען א טייל. זיגמאַן איז געווען איינער פון די באַגלויבטסטע און פּאָפּולערסטע פיהרער פון דער אָרגאַניזאַציע. צוויי אנדערע אָנגעקלאָגטע האָבען אויך פאַרנומען וויכטיגע פּלעצער, און די איבריגע זיינען געווען אומבאַוואוסטע מיטגלידער פון דער יוניאָן.

דער פּראָצעס איז געווען געפעהרליך ביז גאָר. פון דעם אויס־גאַנג איז אָפּגעהאַנגען נישט נאָר דער לעבען פון 8 מענשען, נאָר די גאַנצע עקזיסטענץ פון דער יוניאָן. א פאַראורטיילונג וואָלט גע־שטעמפּעלט די יוניאָן אלס א קרימינעלע אָרגאַניזאַציע און וואָלט אומבאַדינגט געפיהרט צו דעמאָראַליזאַציע און אונטערגאַנג.

די אויפגאַבע פון דער פאַרטיידיגונג איז געווען אומגעהייער שווער און פיינליך. אלץ, וואָס מ'האָט געקענט אויסגעפינען פון דער קנאָפּער שפּראַך אין דער אָנקלאַגע, איז געווען, אז דער מאָרד איז באַגאַנגען געוואָרען דעם 1טען אויגוסט 1910, און אז דער קרבן איז געווען הערמאַן ליבאָוויץ.

דער נאָמען איז נישט געווען פרעמד ביי די יוניאָן־לייט. ער איז געווען פאַרבונדען מיט דער איין־און־איינציגער פּאַסירונג, וואָס האָט געמאַכט א פלעק אויף דעם מוסטערהאַפטען און פרידליכען סטרייק פון יאָהר 1910.

ליבאָוויץ איז געווען איינער פון א גרופּע אַרבייטער, וואָס מ'האָט געפונען אַרבייטענדיג אלס סטרייקברעכער אין א שאַפּ אוי־סער ניו יאָרק. מ'האָט זיי איבערגערעדט אויפצוגעבען זייערע דזשאַבס און אָנצושליסען זיך אין די רייהען פון די סטרייקער.

זיי זיינען צוליב דעם געקומען אין איינעם פון דער יוניאָנ׳ס מי־טינג־האָלס, און ווען זיי זיינען ארוים פון דעם האָל זיינען זיי גלייך ארייננעפאלען אין א צוזאמענשטויס מיט אן עולם סטרייקער אויפ׳ן טראָטואר. ס׳האָט אויסגעבראָכען א געשלעג. קלעפּ זיינען גע־פלויגען אויף ביידע זייטען. ליבאָוויץ האָט געכאפּט א קלאפּ און איז געפאלען אויף די שטיינער פון גאס. א פּאָליסמאַן האָט איהם אויפגעהויבען מיט א צושפּאָלטענעם שארבען און האָט איהם אָפּ־געפיהרט אין א שפּיטאל, וואו ער איז אויף מאָרגען פריה געשטאָר־בען. די פּאָליציי האָט אויסגעפאָרשט דעם געשלעג און נישט גע־קאָנט געפינען דעם, וואָס האָט דערלאנגט ליבאָוויץ׳ן דעם קלאפּ. נאָכדעם ווי א קאָראָנער האָט געמאכט אן אונטערזוכונג, האָט א דזשורי ארויסגעטראָגען א באשלוס, אז ליבאָוויץ איז געשטאָרבען פון א צובראָכענעם שארבען, וואָס ער האָט געקראָגען אויף אן אונבאקאנטען שטיינער. די קלאָגע איז אויפגעגעבען געווארען און די גאנצע זאך איז פארגעסען געווארען.

וואָס אזוינס האָט פּאסירט, וואָס מ׳האָט דאָס צוריק אויס־געגראָבען נאָך פינף יאָהר צייט? וואָס זיינען עס די באווייזע, דורך וועלכע מ׳וויל איצט אָנהענגען דעם פארברעכען אויף די אכט מענשען?

מיר האָבען געטאפּט אין דער פינסטער, זוכענדיג אן ענטפער אויף אָט די גוואלדיג־וויכטיגע פראגען, פון וועלכע די גאנצע פאר־טיידיגונג איז אָפּגעהאנגען. מיר האָבען געהאט בלויז א שוואכע אָנצוהערעניש, וואָס האָט אין זיך ענטהאלטען די נעמען פון צוויי עדות, וועלכע זיינען ערשינען פאר דער גרענד דזשורי און וועלכע זיינען געווען דערמאָנט אין דער אָנקלאגע. מ׳האָט געוואוסט, אז ביידע זיינען זיי געווען פארבונדען מיט א גוט־באקאנטער סטרייק־ברעכערישער חברה.

מען מוז געדענקען, אז אפילו אין די בעסטע צייטען פון די הארמאָנישסטע באציהונגען צווישען דער יוניאָן און די אָרגאני־זאציעס פון די באלעבאטים, האָבען זיך געפונען גרופּעס פון אונפאראנטוואָרטליכע באלעבאטים און אייניגע נישט דיסציפּלי־נירטע ארבייטער, וועלכע זיינען איינפאך געווען אונפעהיג נאָכצו־קומען די איינגעאָרדענטע און אנשטענדיגע באציהונגען. אזעלכע

פארשווינגען אין דער אינדוסטריע זיינען שטענדיג געווען ווי א דאָרן אין אויג ביי די באַלעבאַטים אַזוי גוט ווי ביי די ארבייטער.

ארום דעם יאָהר 1915 האָט פאר אַזעלכע באַלעבאַטים געאַר־בייט אַן אונטערוועלט גענג (באַנדע), וואָס האָט זיך פארנומען מיט צושטעלען ביליגע נישט־יוניאָן ארבייטער און מיט „באַשי־צען" נישט־יוניאָן שעפער. אום אָנצופיהרען זייערע געמיינע טע־טיגקייט מיט מעהר ערפאָלג, האָבען זיי געמאַכט דעם אַנשטעל, ווי זיי וואָלטען אויך געווען א יוניאָן. זיי האָבען זיך געגעבען א נאָמען וואָס איז געווען זעהר עהנליך צו א נאָמען פון אן אמת'ער יוניאָן, ביז א באַפעהל פון געריכט האָט זיי פארבאָטען דעם נאָמען צו באַנוצען.

פון דאַנען, אַלזאָ, האָט זיך גענומען די גאַנצע אָנקלאַגע. אָבער דאָך ווי אַזוי האָט זיך די אָנקלאַגע פאָרגעשטעלט דעם לי־באָוויץ־מאָרד ?

צוזאַמען מיט מיר האָבען זיך אין דער פארטיידיגונג באַטיי־ליגט וויליאַם מ. ק. אַלקאָט, א פעהיגער באַוואוסטער לאָיער און א געוועזענער דיסטריקט אַטוירני פון ניו יאָרק; אייבערעהעם ליוואַי און הענרי וו. אונגער, צוויי פּראָמינענטע קרימינעלע לאָיערס. מאַקס ס. לעווין, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען א ריכטער פון דזשענעראַל סעשאַנס און וועלכער איז דאַן געווען נאָך גאָר א יונגערמאַן האָט אויך ארויסגעהאָלפען אין דער פארטיידיגונג.

מיר האָבען געטאַפּט אין דער פינסטער ביז ס'איז אונז ענד־ליך געלונגען ארויסצובאַקומען א קאָפּיע פון פּראָטאָקאָל פון אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען פאר דער גרענד דזשורי. אָבער ערשט דאַן איז די לאַגע פאר אונז געוואָרען נאָך מעהר פארצווייפעלט און נאָך א הארבערע רעטעניש ווי פריהער.

פון די פערצעהן עדות, וואָס זיינען אויסגעפרעגט געוואָרען פאָר דער גרענד דזשורי האָבען גאַנצע אכט באַהויפּטעט, אז זיי האָבען צוגעזעהן דעם מאָרד מיט זייערע אייגענע אויגען. דער תוך פון זייער עדות־זאָגען איז באַשטאַנען אין דעם, אז מען האָט גע־בראַכט ליבאָוויץ'ן און נאָך עטליכע סטרייק־ברעכער פון א „סקעב־שאַפּ" אין האָנטער, קעטסקיל בערג, קיין ניו יאָרק אין דער יוניאָן הויפּט־קוואַרטיר. ווען מען האָט זיי גענומען אויפ'ן צימבעל פאר זייער אויפפיהרונג האָבען זיי געזאָגט, אז די ביטערע נויט האָט

זיי געצוואונגען דערצו און זיי האָבען געבעטען, אז מ'זאָל זיי אָפּלאָזען. זיי האָבען דערביי הייליג פארזיכערט, אז ווייטער װעלען זיי שוין געהן האַנט אין האַנט מיט די סטרייקער. מ'האָט זיי אבער פארהאַלטען ביז צוועלף ביינאכט און דאַן האָט מאָריס זיגמאַן, וועלכער איז געווען פּאָרזיצער, געהייסען אלע, אויסער די מיטגלי־דער פון דער „פּיקעט קאָמיטע", צו פארלאָזען דעם זאַל. די קאָ־מיטע, וואָס איז געבליבען מיט דער ליבאָוויץ־גרופּע, זיינען געווען די אכט אָנגעקלאָגטע. אייניגע מינוט שפּעטער האָבען די סטרייק־ברעכער פארלאָזט דעם זאַל און נאָך זיי איז געגאַנגען די קאָמיטע. ווען זיי זיינען ארויסגעקומען אויפ'ן טראָטואר, זאָל מאָרים זיגמאַן האָבען דערלאַנגט ליבאָוויץ'ן איבער'ן קאָפּ מיט א שטיק אייזען אָדער מיט אן אנדער שטיקעל קאַלטע געצייג. ווען ער איז געפאַלען צו דער ערד האָבען ערשט די אנדערע אָנגעקלאָגטע געשלאָגען און געטראָטען מיט די פיס דעם מאכטלאָזען קערפּער ביז זיי האָבען זיך איבערצייגט, אז זיי האָבען ריכטיג פארענדיגט זייער מערדער־ליכע שטיקעל ארבייט. דאַן זיינען זיי זיך צולאָפען אין פארשיידענע זייטען. די געשיכטע איז דערצעהלט געוואָרען מיט די אויספיר־ליכסטע און ברוטאלסטע איינצעלהייטען.

די געשיכטע איז געווען א היבש ביסעל פארדעכטיג. יעדער פון די זאָגענאנטע אכט עדות איז געקומען צו דעם מיטינג־האָל צוליב אן אנדער צוועק און יעדער פון זיי האָט זיך פארבאָרגען אין א באהעלטעניש אויף דער צווייטער זייט גאַס פון וואַנען ער האָט געקענט פריי זעהן די גאנצע מאָרד סצענע. אלע אכט האָבען זיי געטראָגען א שלאָס אויף די מיילער פינף יאָהר צייט און איצט זיינען זיי אלע געקומען פון זיך אליין עדות זאָגען. חוץ דעם זיי־נען געווען אָהן א צאָהל קליינע ווידערשפּרעכונגען אין די געשיכ־טעם פון די אכט פארשיידענע עדות.

פון דער אנדערער זייט אָבער זיינען מעהרסטע פון די עדות געווען אמאָל יוניאָן־לייט און אייניגע האָבען באהויפּטעט, אז זיי האָבען געהאלטען וויכטיגע אמטען אין דעם סטרייק פון 1910, זייערע באשולדיגונגען זיינען געווען איינפאך, דירעקט און האָבען זיך איינער דעם אנדערען באשטעטיגט. גאנצע אכט זיינען זיי געווען. געגען אָט־דער איינדרוקספולער גרופּע באשטימטע עדות

האָבען מיר געהאט נישט מעהר, ווי דאָס בלויזע לייקענען פון די אַנגעקלאַגטע.

וואָס פאר א מעטאָדע פון פארטיידיגונג האָבען מיר געקאָנט אַנגעמען צו צוברעכען די קעיס פון דער אַנקלאַגע, וואָס האָט אויסגעזעהן צו זיין אזוי אייזען־שטארק? נאָכאמאָל און ווידעראמאָל האָט אונזער לאָיערשע סטראטעגיק־באָארד אויפגענומען דיזעלבע פראגע, און זי ארומגערעדט פון אלע זייטען. עס זיינען נישט געווען קיין עדות פון אונזער צד, וואָס זאָלען קענען זאָגען, אז זיי זיינען געווען ווען די גאנצע זאך האָט פאסירט און צושלאָגען די עדות פון דער אַנקלאגע. דערצו זיינען נאָך מעהרסטע פון די אכט עדות פון דער אַנקלאגע געווען אינגאנצען אומוויכטיגע און אומבאקאנטע פארשוינען, אז מ'האָט זיי אפילו נישט געקענט דיסקרעדיטירען אויפ'ן גרונט פון כאראקטער און רעפוטאציע — דאָס לעצטע מיטעל אין א קרימינעלער פארטיידיגונג — אן אליבאי, האָט דאָ אפילו נישט געקאָנט קומען אין באטראכט. ווי אזוי קען מען ערווארטען פון עמיצען, אז ער זאָל געדענקען וואו ער איז געווען און וואָס ער האָט געטאָן אין א געוויסער שטונדע פון א געוויסען טאָג מיט פינף יאָהר צוריק, ווען אין די אלע יאָהרען האָט קיין זאך נישט פאסירט, וואָס זאָל ווענדען זיין אויפמערקזאמקייט אויף יענעם ספּעציעלען טאָג?

דערווייל אָבער איז געקומען אלץ נעהענטער צום פּראָצעס. אויפ'ן פאָרשלאָג פונ'ם דיסטריקט אטוירני האָט דאָס געריכט באפוילען, אז עס זאָל אויסגעקליבען ווערען א ספּעציעלע מין דזשורי, וואָס זאָל באשטעהן פון פאָרזיכטיג־געקליבענע „בעסערע עלעמענטען". אויף אזא שטייגער האָט עס אויסגעזעהן, אז מיר וועלען געווים האָבען א דזשורי פון קאָנסערוואטיווע ביזנעסלייט. ווי אזוי האָבען מיר געקאָנט דערוועקען אין פערזאָנען פון אזא טיפּ מיטגעפיהל און פארשטענדניש פאר דעם סאָרט מענשען, וועלכע זיי האָבען געדארפט משפּט'ען, מענשען פון גאָר אן אנדער וועלט ווי, ארבייטער, טרעיד־יוניאָניסטען און אימיגראנטען?

אין פארשיידענע פאָרמען און נוסחאות איז מיר די פראגע טאָג ווי נאָכט פון זינען ניט ארויס. זי האָט מיך פארפאָלגט און איז געוואָרען אן אמת־פּייניגער פּלאָג. נאָך א לענגערער צייט,

כמעט ערב דעם פּראָצעס, איז פאר מיר ערשינען דער ענטפער, ווי א בליץ־ליכט.

נאָך אלעמען, פארוואָס בין איך עס געווען אלץ פולשטענדיג איבערצייגט, אז מיינע קליענטען זיינען אומשולדיג? איך האָב זעהר ווייניג פון זיי געקענט פּערזענליך, אי דאָס אויך נישט זעהר נאָהענט. און דאָך איז מיר אפילו נישט איינגעפאלען צו וועגען און מעסטען די ממשות׳דיגע און אויספיהרליכע באשולדיגונגען פון זייערע אָנקלעגער געגען זייערע טרוקענע און איינפאכע אָפּליי־קענונגען. איך האָב איינפאך געהאלטען, אז די מעשה פון די אכט באשולדיגונגס־עדות איז, טראָץ דער אויסערליכער וואַרשיינליכקייט געווען א בינטעל ליגענס און אז קיינער פון די אָנגעקלאָגטע האָט נית געהאט קיין שום פארבינדונג מיט די ערמאָרדונג פון ליבאָ־וויצ׳ען. פארוואָס? ווייל איך האָב געפיהלט, אז די טעאָריע פון דער אָנקלאגע האָט זיך געקלעפּט ווי אן ארבעס צו דער וואנט, ווען מען האָט גענומען אין באטראכט דעם גאנצען הינטערגרונט פונ׳ם קאמף פון די ארבייטער, זייערע שטרעבונגען, דער גייסט פון זייער יוניאָן און דער כאראקטער אזוי גוט ווי די מעטאָדען פון זייערע פיהרער.

איך בין געווען באקאנט מיט די טיפע ליידען און מיט דער שרעקליכער דערנידערונג וואָס האָט ענדליך געצוואונגען די קלאָוק־מאכער צו מאכען דעם אָפענעם אויפשטאנד — ארויסצוגעהן אין סטרייק. דער סטרייק פון 1910 איז נישט געווען א הפקר׳דיגער ראַיאָט פון אן אויפגערייצטען ווילדען המון. עס איז געווען אן ערנסטער קאמף פאר עלעמענטארע מענשליכע רעכט און פאר א מעגליכקייט צו עקזיסטירען ווי מענשען. עס איז געווען א שטרייט, וואָס האָט ארויסגעבראכט דאָס בעסטע און דאָס נאָבעלסטע אין דער מאסע פון פופציג טויזענט אונטערדריקטע און באליידיגטע ארבייטער. עס איז געווען א קאמף, וואָס האָט זיי אלע פאראייניגט אין א גייסט פון גלויבען, האָפנונג און סאָלידאריטעט און האָט דערמאָהנט אָן די גרויסע פרייהייטס־באוועגונגען פון אלע צייטען. איך האָב געקענט דעם טיפ מענשען, צו וועלכען עס האָבען געהערט זייערע פיהרער און איך האָב געוואוסט זייער פסיכאָלאָגיע. איך האָב געארבייט מיט זיי צוזאמען און געלעבט מיט זיי צוזאמען. זיי האָבען געעפענט פאר מיר זייערע הערצער און זייערע נשמות.

זיי זיינען נישט געווען קיין פארברעכער, זיי זיינען נישט געווען קיין מערדער.

זייער שטרעבונג און זייער העכסטער אידעאל איז געווען, אז אלע ארבייטער זאלען באלאנגען צו דער יוניאן. זיי האבען מיט אפענע ארעמס אויפגענומען יעדען נישט־יוניאן ארבייטער אדער סטרייק־ברעכער, וועלכער האט חרטה געהאט און איז געקומען צו זיי. עס איז אן אונזין צו דענקען, אז זיי האבען אטאקירט און ערמארדעט א זינדיגען, וואס האט תשובה געטאן.

פון דער צווייטער זייט ווידער האב איך געקענט דעם נידע־ריגען כאראקטער, די פארברעכערישע מעשים פון יענע ארגאני־זירטע קרעפטען, אויף וועלכע די אנקלאגע האט זיך געשטיצט. איך בין געווען זיכער, אז פאלש שווערען איז ביי זיי א שפילכעל און אז זיי וועלען גערן לאזען אומברענגען די אכט יוניאן־לייט אין זייער ביטערען קריג געגען דער יוניאן.

מיין גלויבען אין דער אומשולדיגקייט פון די אנגעקלאגטע איז נישט געווען באגרינדעט אויף וועלכע עס איז באשטימטע פאקטען, נאר אויף מיין נאהענטער באקאנטשאפט מיט דער גאנצער אומגע־בונג. אונזער בעסטע אויסזיכט צו געווינען דעם פראצעס איז געווען באקאנט צו מאכען דעם געריכט און די דזשורי מיט די אלע זאכען, וועלכע איך וויים און ווירקען אויף זיי, אז זיי זאלען זעהן דעם פאל, ווי איך זעה איהם.

מיט דעם געדאנק אין זינען, האב איך שנעל אויפגעגעבען כמעט אלע אנדערע פלענער פון פארטיידיגונג, וואס איך האב פריהער געהאט אויסגעארבייט. איך האב ביי זיך באשלאסען, אז מיין טייל פון דער פארטיידיגונג וועט באשטעהן פון א קורס לעקציעס וועגען די ארבייטער־פראבלעמען. איך האב דערביי אויך באשלאסען, אז איך מוז זיך ספעציעל אפשטעלען אויף די ארבייטס־באדינגונגען אין דער קלאוק־אינדוסטריע און אויף די שטרעבונגען און מעטאדען פון זייערע ארגאניזירטע קאמפען פאר א בעסערען לעבען.

דער פראצעס האט זיך געעפענט דעם 23טען סעפטעמבער, 1915, און האט זיך געענדיגט דעם 28טען אקטאבער.

די אנקלאגע האט פארענדיגט פארלעגען איהרע באווייזע. אונ־טער דער געשיקטער לייטונג פון אסיסטענט דיסטריקט אטוירני

דזשעימס א. דילעהענטי האָט די אָנקלאגע אויפגעבויט א קעיס, וועלכע האָט זיך גאנץ גוט געלעגט אויפ׳ן שכל און אויף אזא אופן וואָס מען האָט געקענט פאראויסזעהן פון דעם גרענד דזשורי׳ס פּראָטאָקאָל.

עס איז געקומען אונזער רייהע פארצולעגען אונזער פארטיי־דיגונג פאר דער דזשורי. דאָס איז געווען דער ענטשיידענדער מאָ־מענט. דער דיסטריקט אטוירני האָט די גאנצע צייט גע׳טענה׳עט, אז דאָס איז א געוועהנליכער קרימינעלער פּראָצעס, וואָס האָט גאר־נישט צו טאָן מיט דער ארבייטער־פראגע און מיט יוניאָניזם. אויב ער זאָל פּראָטעסטירען געגען מיינע אויפקלערונגס־לעקציעס און דער ריכטער זאָל זיין פּראָטעסט אנערקענען און מיך נישט לאָזען צואווענדען דעם פּראָצעס אין דער ריכטונג, דאן וועט מיין גאנצע סטראטעגיק דורכפאלען און דער הויפט פונדאמענט פון אונזער געפלאנטער פארטיידיגונג וועט צוזאמענברעכען. די ערשטע פאָר זאצען פון מיין ערעפענונגס־רעדע וועלען ענטשידען די דאָזיגע העכסט וויכטיגע פראגע.

איך האָב אָנגעפאנגען פאָרזיכטיג און האָב זיך שטארק געהיט מיט יעדען וואָרט, וואָס איך האָב ארויסגערעדט.

„אין דער זעהר גוראָטענער ערעפענונגס־רעדע פון זיין צד", האָב איך אָנגעהויבען, „האָט מר. דעלעהענטי באהויפּטעט, אז אין דעם פּראָצעס זיינען ניט פארוויקעלט קיין פראגען פון קאפּיטאל און ארבייט. מיר נעמען גערן אָן זיין ערקלעהרונג וואָס אנבאלאנגט דער דירעקטער קלאגע און די אבזיכטען פון דעם דיסטריקט אטוירני. אבער, הערען פון דער דזשורי, דאָס וואָס די עדות האָ־בען אייך שוין ביז איצט געזאָגט האָט קלאָר באוויזען, אז אויב עס איז וועט עס איז פאָרגעקומען א יוניאָן־קעיס אין קאָורט, איז דאָס אזא קעיס.

„די אָנקלאגע באהויפּטעט גאָרנישט, אז די אָנגעקלאָגטע זיינען באגאנגען דאָס פארברעכען, וועלכעס מען וויל אויף זיי אָנהענגען, צוליב פּערזענליכע מאָטיוועז, ווי, צום ביישפּיל, עפּעס פּערזענליך צו פּראָפיטירען, אדער זיך נוקם צו זיין. עס ווערט פאָרזיכערט, אז די באשולדיגטע האָבען, אלס יוניאָן־לייט און סטרייקער, געהאל־פען טויטען ליבאָוויץ׳ן אלס א פאסירונג אין דעם גענעראל סטרייק

פון קלאָוקמאַכער אין יאָהר 1910. דעם דיסטריקט אַטוירני פאַלט אפילו נישט איין צו באַטראַכטען די פּאַסירונג פאַר אַן עקסידענט.

„לויט זיין ערקלערונג איז דאָס געווען אַ געשעהעניש, וואָס מ'קען לאָגיש ערקלערען מיט דעם צושטאַנד און מיט די אומשטענדען פון יענעם סטרייק. דערפאַר האָפען מיר, אַז אום איהר, מיינע הערען, זאָלט קענען אורטיילען צי די אָנגעקלאָגטע זיינען שולדיג אדער נישט, איז נישט גענוג מ'זאָל פאַר אייך איבערגעבען די טרוקענע פאַקטען פון דער פּאַסירונג אין יענער אומגליקליכער נאַכט פון דעם 31טען יולי, 1910.

„איהר זייט באַרעכטיגט צו וויסען ווער עס זיינען די מענשען, וואָס איהר דאַרפט משפּט'ן, און וואָס אַזוינס זיי פאַרטרעטען; וואָס עס זיינען געווען די אייגענשאַפטען און דער כאַראַקטער פון יענעם געמיינשאַפטליכען אַרויסטריט, וואָס האָט זיי פאַראייניגט אין יאָהר 1910 און איבער וועלכען מען זאָגט איצט, אַז יענער אומגליקליכער שניידער האָט זיין לעבען פאַרלאָרען.

„איהר זייט באַרעכטיגט צו וויסען וואָס אַזוינס עס איז געווען די אומגעבונג פון יענער פּאַסירונג — דער גענעראַל סטרייק, מיט זיין גאַנצער באַדייטונג און מיט אַלץ צו וואָס ער האָט געפיהרט. צוליב דעם צוועק האָב איך בדעה צו שילדערען פאַר אייך קורץ און שאַרף און אין אַזאַ לאָגישער אָרדנונג, ווי איך בין נאָר אימשטאַנד, אַלע פאַקטען פון דער קעיס, וואָס קענען וואַרפען אַ ליכט אויף דער מעגליכער שולדיגקייט אדער אומשולדיגקייט פון די אָנגעקלאָגטע".

מ'האָט מיר נישט איבערגעשלאָגען. דער אריינפיהר צום קאַמף איז געוואונען געוואָרען. אין פאַרלויף פון די נעקסטע דריי שטונדען צייט האָב איך צום ערשטען מאָל אָנגעפיהרט מיט דער דזשורי מיין קלאַס איבער די געזעלשאַפטליכע, עקאָנאָמישע און פּסיכאָלאָגישע זייטען פון דער ארבייטער־באַוועגונג.

איך האָב פאַר זיי אָפּגעשילדערט די קלעגליכע היימען און שעפּער פון די קלאָוקמאַכער פאַר 1910, אום צו ערקלערען די אורזאַכען און אומשטענדען, וואָס האָבען געפיהרט צו דעם גענעראַל סטרייק אין יענעם יאָהר. איך האָב געגעבען אַן אַלגעמיינעם איבערבליק איבער די הויפּט־פאָדערונגען פון די סטרייקערס און איך האָב אָנגעצייגט וואָס דאָס האָט געמיינט פאַר זיי אין באַצוג

צו שפייז און וואוינונגען, אין באצוג צום געזונט און צו מענש־ליכער ווירדע, אין באצוג צו דער ערציהונג און צו דער בילדונג פון זייערע קינדער.

איך האָב אויפגעוויקעלט פאר זיי א פאָלשטענדיג בילד פון דעם סטרייק גופא, ווי ער האָט אויסגעזעהן „פון אינעווייניג". איך האָב זיי געגעבען א באגריף וועגען דעם, ווי אזוי דער סטרייק איז אָרגאַניזירט געוואָרען, וואָס פאר א מעטאָדען עס זיינען אָנגע־ווענדעט געוואָרען, וואָס פאר א גייסט עס האָט געהערשט און וואָס עס איז דערגרייכט געוואָרען.

ערשט ווען דער דאָזיגער פונדאמענט פון עקאָנאָמישע פאקטען און פון מענשליכע ליידען איז אוועקגעלעגט געוואָרען — בין איך אריבערגעגאנגען צו די פאקטען וועגען דעם שאָפּ אין האָנטער, וועגען זיין געשיכטע און זיינע אייגענשאפטען און וועגען דער סטרייקברעכערישער אגענטור, וועמעס אייגענטימער זיינען עס גע־ווען צווישען די הויפּט־עדות פאר דער אָנקלאגע.

ביי יעדען וויכטיגען פּראָצעס, באזונדערס ביי א קרימינעלער קעיס, איז שטענדיג צו באמערקען אין געריכט־זאַל אן אַטמאָספערע אָדער פון מיטגעפיהל אָדער פון פיינטשאפט צו די אָנגעקלאָגטע. די אַטמאָספערע קען געשאפען ווערען דורך אן אפיל פון לאָיער, אָדער דעם מאַניער פון אן עדות אדער דורך עפּעס אן אנדער זאך ביים פּראָצעס. אמאָל דריקט זיך דאָס אויס אין דעם טאָן, מיט וועלכען דער ריכטער רעדט אָדער אין דעם אויסדרוק אויף די געזיכטער פון די דזשורי־לייט און אמאָל איז עס בלויז „אין דער לופט". מ'קען אויף דעם נישט אָנדייטען מיט'ן פינגער און דאָך וועט אן ערפאהרענער לאָיער דאָס באלד דערפיהלען און ער וועט באמערקען יעדע ענדערונג אין דער שטימונג. נאָך מיין ערעפע־נונגס־רעדע האָבען מיר צום ערשטען מאָל, זינט דעם אָנהויב פון פּראָצעס, דערפיהלט א פריינטליכע קאָורט אטמאָספערע.

דאן איז יעדער פון די אָנגעקלאָגטע אויפגעטראָטען אלס עדות פאר זיין אייגענער פארטיידיגונג. זיי זיינען כמעט אלע, אָהן אויס־נאַהם געוועזען פון אנגענעמען אויסזעהן, אָפענהערציג און אינטע־ליגענט און זיי האָבען געמאכט אן אויסגעצייכנעטען איינדרוק אויף דער דזשורי מיט זייער אויפריכטיגקייט און מיט זייער ערנסט. יעדער איינער פון זיי האָט דערצעהלט וועגען זיין ראָלע אין דעם

סטרייק און האָט דערביי נאָך קלאָרער געמאכט די שטרעבונגען און די מעטאָדען פון דער יוניאָן. די עקאָנאָמישע און געזעלשאַפט־ליכע אויסבילדונג פון דער דזשורי האָט אויף אזא אופן אָנגעהאַל־טען נאָך א וואָך צייט.

דאַן זיינען געקומען די שלום־רעדעס. די רעדע פון ריכטער און די פארהאנדלונגען פון דער דזשורי.

איינער פון די אָנגעקלאָגטע איז שוין געהאט באפרייט גע־וואָרען פאר דעם טרייעל, ווייל עס זיינען נאָך פאר דער גרענד דזשורי נישט געבראכט געווארען גענוג באווייזע געגען איהם. צוויי אנדערע אָנגעקלאָגטע זיינען באפרייט געווארען צום שלום פון דעם פראָצעס, אויף א פאָרשלאג פון דעם דיסטריקט אטוירני. די קלאגע פון די אנדערע פינף איז איבערגעגאנגען אין די הענט פון דער דזשורי.

די דזשורי איז געווען אוועק בלויז צוויי שטונדען צייט, אבער דאָס זיינען געווען די צוויי שטונדען פון סאַמע גרעסטען אנגסט אין דעם לעבען פון די אָנגעקלאָגטע, פון זייערע לאָיערס, פון זייערע יוניאָן פיהרער און פון די טויזענטער קלאָוקמאכער, וואָס האָבען אָנגעפאקט די קאָרידאָרען פון געריכט און האָבען מיט זייער געדיכטער מאסע שווארץ געמאכט די גאסען ארום. דער זייגער האָט אויסגעטיקט מינוט נאָך מינוט אין דער דריקענדיגער שטיל־קייט פון דעם ווארטענדיגען געריכט־זאַל און עס האָט זיך אויס־געדוכט, אז דאָס טיקט דער זייגער אויס דעם גאנג פון יאָהרען און יאָהרען.

פּלוצים איז דער געריכט געווארען איין גרויס שטיק לעבען, באוועגונג און ערווארטונג. דער ריכטער איז מיט א פייערליכען אויסדרוק אויף זיין פּנים ארויף אויף זיין שטול. די דזשורי לייט זיינען אריין איינס נאָך איינס און האָבען פארנומען זייערע פּלע־צער. דאַן די געוואלדיגע פראגע: „הערען פון דער דזשורי, האָט איהר זיך געאייניגט אויף אן אורטייל?" דאַן די געשפּאנטע אָהן־אָטעמדיגע פּאָר סעקונדען, ווען דער פאָרמאַן פון דער דזשורי איז אויפגעשטאנען ארויסצוזאָגען קלאָר די הייס ערווארטעטע און באַ־פרייענדע ווערטער „ניט שולדיג", נאָך וועלכע עס האָט אויסגע־בראָכען א שטורעם פון פרייד און ליבשאפט, פון טרערען און היסטערישען געלעכטער.

# די יאָהרען פון דער וועלט-מלחמה

אַריינפיהר צום צווייטען בוך

די וועלט־מלחמה האָט געדויערט עטוואָס מעהר פון פיר יאָהר. אַמעריקע׳ס אַנטייל אין קריג האָט געדויערט ארום אכצעהן חדשים. פּערזענליך האָב איך אין קיין הינזיכט נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט דער מלחמה. דאָך האָט דער קריג געהאַט אַ ווירקונג אויף דעם גאַנג פון מיין לעבען און האָט טיפער געענדערט מיין גאַנצען בליק אויף דער וועלט ווי וועלכע עס איז אַנדער פּאַסירונג.

צוגלייך מיט מאַסען אַנדערע בין איך געפּלעפּט געוואָרען דורך דעם פּלוצימדיגען צוזאַמענברוך פון מענשליכען פאַרשטאַנד און דורך דעם עקעלהאַפטען בילד פון אַ וועלט, פון וועלכע ס׳איז אַראָפּגעפאַלען דער דינער צודעק, וואָס האָט זיך גערופען ציווי־ליזאַציע. דאָס געפיהל איז נאָך אָבער באַזונדערס פאַרשאַרפט געוואָרען דורך דעם, וואָס איך האָב באַגריפען דעם באַנקראָט פון סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל אין דער העכסטער שטונ־דע פון קריזיס און דורך דעם, וואָס עס זיינען צושמעטערט גע־וואָרען די חלומות וועגען דעם כאַראַקטער און וועגען דער מאַכט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און דורך דעם אַנטלויפען פון אַזוי פיל געטרויטע פירער.

פאַר דעם ערשטען אויגוסט 1914 האָט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט געשיינט צו זיין פאָלשטענדיג הארמאָניש אין איהר כאַראַקטער און אין איהרע שטרעבונגען. די סאָציאַליסטען פון אַלע לענדער זיינען אומעטום געווען פאַר־איינינגט אין אַ געמיינשאַפטליכען קאַמף געגען דער קאַפּיטאַליס־טישער סיסטעם. זיי האָבען פאַרזיכערט, אַז זיי האָבען מעהר בשותפות׳דיגע אינטערעסען מיט זייערע ברידער־ארבייטער פון אַנדערע לענדער, ווי מיט די הערשענדע קלאַסען אין זייערע איי־

גענע לענדער. זיי זיינען געווען פארפליכטעט געגען אלע קאפי־טאליסטישע מלחמות. איצט זיינען די סאָציאַליסטען פון ביידע פיינטליכע לאַגערען אין זייער גרעסטער מעהרהייט אריבער צו זייערע קאפיטאַליסטישע רעגירונגען, און פיר יאָהר צייט האָבען מענשען, וועלכע האָבען זיך אַמאָל גערופען גענאָסען, געמאָרדעט איינע די אַנדערע.

וואָס איז אַזוינס געווען דער פינסטערער מיקראָב, וואָס האָט קראַנק געמאַכט די באַוועגונג און האָט זי געענדערט איינס און צוויי?

טראָצדעם וואָס אַ סך יאָהרען זיינען שוין אַוועק זינט די אומגליקליכע טעג פון חודש אויגוסט 1914, פיהל איך דאָך, אַז עס איז נאָך ניט געקומען די צייט פאַר אַ רוהיגער אָפּשאַצונג פון יענער ערשטוינענדער ערשיינונג. דאָס וועט זיין די אויפגאַ־בע פון היסטאָריקער פון די צוקונפטיגע און רוהיגערע צייטען, מיט דורות שפּעטער נאָך דער וועלט־מלחמה.

דאָ וויל איך נאָר פאַרצייכענען איניגע צופעליגע געדאַנקען און דערצעהלען אַ פּאָר כאַראַקטעריסטישע פּאַסירונגען אין וועל־כע מיר איז אויסגעקומען צו שפּילען אַ ראָלע אין די איבער־ראַשענדע ענטוויקלונגען פון יענע טראַגישע יאָהרען.

## קאַפּיטעל איינס

# דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל

סאָציאַליזם איז לויט זיין תוך נישט קיין פּאַסיפיסטישע לעהרע. די וועלט־אַנשויאונג פון קאַרל מאַרקס פּאָדערט קאַמף. מאַרקס'עס פילאָזאָפיע איז ביז אַ גרויסען גראַד באַאיינפלוסט גע־וואָרען דורך די נאַטור־וויסענשאַפטליכע ענטדעקונגען פון זיין גרויסען צייט־גענאָסע טשאַרלס דאַרווין און דורך דעם באַגריף פון קאַמף פאַר עקזיסטענץ אַלס די טרייב־קראַפט פון פּראָגרעס. די גרינדער פון דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָ־בען אָפּגעשאַצט יעדע מלחמה לויט איהר מעגליכער פּראַקטישער ווירקונג אויף דער לאַגע פון דעם אַרבייטער קלאַס און אויף דעם פּאָרטשריט פון דעמאָקראַטיע. זיי האָבען אָפען געשטיצט די גינסטיגע זייט און האָבען נישט באַקעמפט מלחמה אַלס מלחמה.

אין לויף פון דער צייט איז אָבער די סאָציאַליסטישע שטע־לונג פאַרוואַנדעלט געוואָרען צו אַ שטעלונג פון געגנערשאַפט צו מלחמה אין אַלגעמיין. די נייע שטעלונג איז געקומען נישט אַזוי פיל צוליב געענדערטע געפיהלען, ווי צוליב דעם, וואָס די סאָצי־אַליסטען האָבען דערזעהן אַן ענדערונג אין דעם כאַראַקטער פון מאָדערנע מלחמות.

די אייראָפּעאישע מלחמות פאַר באַפרייאונג און פאַר נאַצי־אָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט האָבען זיך געענדיגט מיט די זיבע־ציגער יאָהרען פון לעצטען יאָהרהונדערט. צוזאַמען דערמיט זיי־נען אויפגעקומען די אינדוסטריען פון גרויסען פאַרנעהם און די נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

פון דאַן זיינען שוין מלחמות, אַלס אַ כּלל, געווען קאַפּיטאַ־ליסטישע קאַמפען פאַר וועלט־מערק, אימפּעריאַליסטישער קריג מיט׳ן צוועק צו פאַרגרעסערען דאָס רייכטום און די מאַכט פון די רייכע קלאַסען און אַרויפוואַרפען אויף׳ן אַרבייטער קלאַס די גאַנצע לאַסט פון ליידען, אַזוי גוט ווי דאָס צושטעלען קאַנאָנען־פלייש. היינטיגע מלחמות, סאַי ווירקליכע, סאַי געפּלאַנטע, פיה־רען נאָך דערצו, אַז די באַוואַפנונג זאָל האַלטען אין איין וואַקסען און אַז דערפון זאָל אויך וואַקסען די מיליטערישע מאַכט פון די הערשענדע קלאַסען. און נאָך עפּעס: היינטיגע מלחמות — סאַי ווירקליכע סאַי געפּלאַנטע, — העלפען אויך צורייצען די נאַ־ציאָנאַלע ליידענשאַפטען און פאַראורטיילען, ציהען אָפּ די אויפ־מערקזאַמקייט פון די אַרבייטער פון זייערע קלאַס־אינטערעסען און ברעכען זייער בונד פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט.

די מיינונגען זיינען אויף׳ן פּאָלקאָמענסטען שטייגער אויס־נעדריקט געוואָרען אין דער באַרימטער אַנטי־מלחמה רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען ביים אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַ־ליסטישען קאָנגרעס אין שטוטגאַרט אין יאָהר 1907.

די רעזאָלוציע האָט ענטהאַלטען אַן אַפּיעל צו די אַרבייטער פון אַלע לענדער און צו זייערע פּאַרלאַמענטאַרישע פאַרטרעטער, אַז זיי זאָלען זיך באַנוצען מיט אַלע מעגליכע מיטלען, נישט צו דערלאָזען צו מלחמות, ווען זיי האַלטען ביים אויסברעכען; צו אַרבייטען פאַר אַ שנעלען פרידען, אויב מלחמה וועט ערקלעהרט ווערען טראָץ זייערע באַמיהונגען. די רעזאָלוציע האָט נאָך דער־

צו געזאָגט, אז די ארבייטער „זאָלען אויסנוצען די געלעגענהייטען וואָס עס גיבען די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קריזיסען, וועלכע ווערען פאראורזאכט פון קריג, אויפצושטורעמען דאָס פאָלק כדי וואָס שנעלער אראָפּצוזעצען די קאפּיטאליסטישע הערשאַפט".

ס'איז דערביי מערקווירדיג, וואָס דער לעצטער זאַץ איז צו־געשטעלט געוואָרען אויפ'ן פאָרשלאַג פון ניקאָלאַי לענין, וועל־כער איז געווען א דעלעגאַט צו דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס.

פון דאַן אָן איז דאָס אָנהאַלטען פרידען געוואָרען א שטענ־דיגע און וויכטיגע טייל פון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע.

אין נאָוועמבער 1912, ווען ס'האָט געהאַלטען ביי א וועלט־קריג צוליב דער דאמאָלסדיגער באַלקאַנישער מלחמה, האָט די אינ־טערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ שנעל צונויפגערופען א ספּעציעלען אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס אין באַזעל. אין יע־נעם ספּעציעלען קאָנגרעס האָבען זיך באַטייליגט 555 דעלעגאַטען וועלכע האָבען פארטראָטען כמעט אַלע לענדער פון אייראָפּע און זיי האָבען אָנגענומען א שטאַרקע רעזאָלוציע אויפפאָדערענ־דיג דעם ארבייטער־קלאַס ארויסצוטרעטען מיט זייער גאַנצער מאַכט נעגען די אימפּעריאַליסטישע פּאָליסים פון זייערע רעגירונ־גען.

עס איז געווען א פייערליכע און איינדרוקספולע דעמאָנסטראַ־ציע. מען האָט צוגעגעבען, אז יענער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס האָט באַדייטענד געווירקט, אז יענע מלחמה זאָל זיך נישט פאַר־שפּרייטען פון די באַלקאַנען איבער גאַנץ אייראָפּע און אז זי זאָל ענדליך אָפּגעשטעלט ווערען.

דעם 28טען יוני 1914, ווען דער עסטרייכישער גרויספירשט פראַנץ פערדינאַנד איז ערמאָרדעט געוואָרען, ביז אין די ערשטע טעג פון אויגוסט, האָבען די סאָציאַליסטען פון אַלע לענדער גע־מאַכט פאַרצווייפעלטע פּאַרזוכען צו פאַרמיידען דעם קריג און האָ־בען אָרגאַניזירט אָהן א צאָהל פרידענס־דעמאָנסטראַציעס אין די וויכטיגסטע שטעדט פון אייראָפּע.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון פראַנקרייך האָט אָפּגעהאַלטען א לאַנד־קאָנפערענץ אין מיטען יולי און האָט זיך אין שטאַרקע ווערטער ארויסגעזאָגט נעגען מלחמה. די קאָנפערענץ איז געגאַנ־גען אזוי ווייט, אז זי האָט זיך ארויסגעזאָגט פאַר א גענעראַל סטרייק,

וואָס זאָל ווערן ״אָרגאַניזירט גלייכצייטיק און אויף אַן אינטער־נאַציאָנאַלען מאַסשטאַב״ אַלס דעם שטאַרקסטען מיטעל אָפּצוהאַל־טען דעם קריג, וואָס האַלט אין קומען. אַ ראַדיקאַלע רעזאָלוציע מיט אַ רוף צו גענעראַל סטרייקס אין יעדען לאַנד, נישט קוקענ־דיג אויף דעם, וואָס עס וועלען טאָן די אַרבייטער פון אַנדערע לענדער, איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען פון דעם אַלטען קאָמונאַר עדוארד וועלאַן און אונטערשטיצט געוואָרען פון דעם פייערדיגען אַנטי־מיליטאַריסט גוסטאַוו הערווע. געגען דעם איז אַרויסגעטראָטען דזשול געד, פיהרער פון דעם מאַרקסיסטישען פליגעל פון די פראַנ־צויזישע סאָציאַליסטען, אויפ'ן גרונט וואָס דאָס וואָלט איבערגע־געבען די לענדער מיט די פאָרטגעשריטענסטע סאָציאַליסטישע באַ־וועגונגען אין די הענט פון די אָפּגעשטאַנענסטע לענדער.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכען זיינען עדוארד וועלאַן און גוסטאַוו הערווע געוואָרען שאָוויניסטישע פּאַטריאָטען און קאָכעדיגע קריגס־ענטוזיאַסטען און זשול געד איז געווען אַ מיט־גליד פון פראַנקרייכ'ס ערשטען מיניסטאָרען־קאַבינעט.

די לעצטע גרויסע אָנשטרענגונג פון אינטערנאַציאָנאַלען סאָ־ציאַליזם אָפּצוהאַלטען דעם קריג, איז געמאַכט געוואָרען ביי אַן אויסעראָרדענטליכער זיצונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַ־ליסטישער ביוראָ, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין בריסעל, דעם 27טען און 28טען יולי.

דאָס איז געווען אַ טרויעריגע און דערדריקענדע פאַרזאַמלונג.

מוטיגע ווערטער זיינען דאָרט גערעדט געוואָרען און אָנגריי־פערישע רעזאָלוציעס זיינען אָנגענומען געוואָרען, נאָר דער שוואַר־צער שאָטען פון דער וועלט־מלחמה איז שוין געהאַנגען איבער דעם צוזאַמענקונפט.

נאָך אין דער צייט ווען די פאַרהאַנדלונגען זיינען דאָ אָנ־געגאַנגען האָט שוין עסטרייך ערקלערט קריג געגען סערביע. פון די אַלע וואָס האָבען געגלויבט אין דעם גענעראַל סטרייק אַלס אַ מיטעל וואָס מען קען אָנווענדען מיט ערפאָלג, איז געבליבען נאָר איינער, דער אייזען־פעסטער סקאָטישער ענטוזיאַסט קיער האַרדי. וויקטאָר אַדלער, ווידער, דער ניכטערער אַלטער פיהרער פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָט מיט אַ שווער האַרץ צוגעגעבען, אַז עס איז אַ פוסטער חלום צו ערוואַרטען אַ אינטער־

נאַציאָנאַלען פּראָלעטאַרישען ארויסטריט געגען מלחמה נאָכדעם ווי די מלחמה האָט שוין אויסגעבראָכען.

דער מיטינג איז פאַרענדיגט געוואָרען מיט אַ ריזיגער פרידענס־דעמאָנסטראַציע, וועלכע האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכענט דער־מיט, וואָס זשאַן זשאָרעס האָט דאָרט פאַרדאַמט מלחמה אין אַ ליידענשאַפטליכער רעדע, וואָס האָט געקענט רירען אַ שטיין. דאָס איז געווען די לעצטע רעדע פון דער וועלט'ס גלענצענדסטען קעמ־פער פאַר פרידען. אויף מאָרגען, ווען ער איז געקומען צוריק קיין פאַריז אָן אנטוישטער אָבער נאָך אַלץ ניט קיין פאַרצווייפעלטער, איז ער ערמאָרדעט געוואָרען פון אַ וואַהנזיניגען מלחמה־פאַנאַ־טיקער.

דעם ערשטען אויגוסט האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד ארויסגעגעבען אַ שטאַרקען אויפרוף געגען דער מלחמה אַפּעלירענדיג צו די ארבייטער, אַז זיי זאָלען שטעהן פעסט ביים סאָציאַליזם, וואָס דאַרף פאַראייניגען אַלע פעלקער. דעם צוויי־טען אויגוסט האָט די לעיבאָר פּאַרטיי אין ענגלאַנד אָרגאַניזירט אַ וויכטיגע פרידענס־דעמאָנסטראַציע אין לאָנדאָן. דעם 4טען אויגוסט איז שוין די מלחמה געווען אין פולען גאַנג און סאָציאַ־ליסטען פון די קריגס־פיהרענדע לענדער האָבען אין איהר אַנטייל גענומען, מעהרסטענס ניט פּראָטעסטירענדיג און אָפטמאָל אפילו מיט באַגייסטערונג.

מיט וואָס ערקלערט זיך די פּלוצימדיגע ענדערונג פון די איי־ראָפּעאישע סאָציאַליסטען?

איינער פון די שוואַכסטע פּונקטען אין דער אנטי־מלחמה שטעלונג פון די סאָציאַליסטען פאַר דעם יאָהר 1914 איז געווען דאָס וואָס ס'איז געמאַכט געוואָרען אַ אונטערשייד צווישען אָנגריי־פענדען קריג און פאַרטיידיגונגס־קריג. די געגנערשאַפט איז דאָ גע־ווען געווענדעט הויפּטזעכליך געגען דעם אָנגרייפענדען קריג. וואָס אנבאַלאַנגט פאַרטיידיגונגס־קריג האָט אפילו אזא פּאָלשטענדיגער אינטערנאַציאָנאַליסט ווי אויגוסט בעבעל ערקלערט ביי יעדער גע־לעגענהייט, אַז עס איז די פּליכט פון סאָציאַליסטען צו פאַרטיידיגען זייער לאַנד ווען עס ווערט אַטאַקירט.

ווי ווייניג האָפט עס איז פאַראַן אין דעם אונטערשייד איז קלאָר באַוויזען געוואָרען, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען. יע־

דעם לאַנד, וואָס האָט געפירט קריג, האָט גע'טענה'ט — און ווארשיינליך אויך געגלויבט, — אַז עס איז אַטאַקירט געוואָרען און פאַרטיידיגט זיך בלויז.

וואָס אַנבאַלאַנגט פראַנקרייך און בעלגיע, האָט דער פאַר־טיידיגונגס־כאַראַקטער פון זייער קריגס־פירונג געשיינט צו זיין קלאָר ווי דער טאָג, אין דערזעלבער צייט, וואָס דעם עולם אין דייטש־לאַנד און עסטרייך האָט מען געמאַכט צו פיהלען, אַז זייערע לענדער זיינען אין באַלדיגער געפאַהר פאַרפּלייצט צו ווערען פון די „האָר־דעס רוסישע באַרבאַרען".

די מורא פאַר אַן אַריינדרינגונג פון שונא איז דורך כיטרע פּראָפּאַגאַנדע אַזוי צובלאָזען געוואָרען, אַז זי איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ היסטערישער פאַניק און האָט פון פרידענס־ליבענדע פעלקער געמאַכט מאַבס, וואָס געוואַלדעווען און ליאַרמען פון קריגס־משוגעת.

דעם ערשטען אויגוסט האָט הערמאַן מילער, אַ פּראָמינענטער סאָציאַליסטישער פיהרער און שפּעטער קאַנצלער פון דער דייטשער רעפּובליק, אָפּגעהאַלטען אַ קאָנפערענץ מיט דער פּאַרלאַמענטאַ־רישער גרופּע פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטען אין פּאַריז. ער האָט געלאָזט וויסען זיינע פראַנצויזישע גענאָסען, אַז די איינציגע פראַגע, וואָס די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רייכסטאַג־דעפּו־טאַטען דאַרפען באַשליסען איז צי זיי זאָלען זיך אָפּהאַלטען פון שטימען איבער די מלחמה־קרעדיטען, אָדער שטימען געגען. מיט דריי טעג שפּעטער האָט הוגאָ האאַזע, פּאָרזיצער פון דער פּאַרטיי אָפּגעגעבען די שטימע פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאַר די מלחמה־קרעדיטען, וואָס די רעגירונג האָט געפאָדערט.

„אום ניט צו דערלאָזען צו אַ טריאומף פון רוסישען דעספּאָ־טיזם, — האָט ער ערקלערט, — האַנדלען מיר איצט ווי מיר האָבען אימער פאַרשפּראָכען. אין דער שטונדע פון געפאַהר, וואַרפען מיר זיך אַריין אין דער פאַרטיידיגונג פון דייטשלאַנד".

ס'איז אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבייט צו אַמפּערען זיך איצט, ווי עס וואָלטען געוועזען געהאַנדעלט די סאָציאַליסטען אין יאָהר 1914, ווען זיי זאָלען ניט געווען האָבען טעאָרעטיש אַנערקענט דעם אונ־טערשייד צווישען אַנגרייפענדיגען קריג און פאַרטיידיגונגס קריג. ס'ליגט זיך אויפ'ן שכל, אַז זיי וואָלטען אין אַלגעמיין געווען געהאַנ־

דעלט אויף דעמזעלבען שטייגער. די נאַציאָנאַליסטישע שרעק און לײדענשאַפטען, וואָס די וועלט־מלחמה האָט אַרויסגערופען, וואָלטען סאַי־ווי געווען שטאַרקער ווי דער פאַרנינפטיגער אידעאַל פון פּראַקטישען אינטערנאַציאָנאַליזם.

גרויסע געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע געשעהענישען האָבען אַ פאַרדריסליכע טבע צו איגנאָרירען אַבסטראַקטע פּרינציפּען־ערקלעהרונגען. דאָך וואָלט עס פאַר די סאָציאַליסטען וואָס זיינען אַראָפּ פון גלייכען וועג אין באַצוג צו דער מלחמה, געווען שווערער צו האַנדלען ווי זיי האָבען געהאַנדעלט, ווען עס וואָלט ניט געווען עקזיסטירט קיין אָנגענומענע גוטהייסונג פון פאַרטיידיגונגס־קריג. זייערע באַמיהונגען פאַר שלום וואָלט דאַן אויך געווען פיל שטאַרקער און געווען געקומען פריהער.

זינט דער מלחמה האָט די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פּאַקטיש אויפגעהערט צו אַנערקענען דעם אונטערשייד צווישען אָנגרייפענדען קריג און פאַרטיידיגונגס־קריג און האָט אַנטוויקעלט אַ באַדייטענדע נייגונג אין דער ריכטונג פון פּאָלשטענדיגען פּאַסיפיזם.

די באַקאַנטע באַהויפּטונג ווידער, אַז די סאָציאַליסטען פון אײראָפּע האָבען „געשטיצט די מלחמה", כאַפּט איבערהויפּט איבער די מאָס. איינגאַנצען ריכטיג איז עס נאָר אין באַצוג צו די סאָציאַליסטען פון בעלגיע און פראַנקרייך.

כאָטש די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אין רייכסטאַג געשטימט אַלס גאַנצע פאַר די מלחמה־קרעדיטען, איז דער באַשלוס פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער גרופּע, ווי מ'האָט שפּעטער אויסגעפונען, שוין גאָרנישט געווען קיין איינשטימיגער. פערצעהן סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטען האָבען אויף דעם קאָקוס־מיטינג געשטימט נעגען שטיצען די מלחמה און זיי האָבען זיך דערנאָך אונטערוואָרפען דער מעהרהייט נאָר צוליב פּאַרטיי־דיסציפּלין. דערביי איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז הוגאָ האַזע, וועלכער האָט דערנאָך פאָרגעלייענט די אָפיציעלע לאָיאַליטעטס־ערקלערונג אין רייכסטאַג, איז געווען איינער פון די, וואָס האָבען דאָס אַמשאַרפסטען באַקעמפּט. אין ענגלאַנד איז אַ באַדייטענדער טייל סאָציאַליסטען, אָנגעפיהרט פון קיער האַרדי, רעמזי מאַקדאָנאַלד און פיליפּ סנאָודען

געבליבען טריי זייער פּאַסיפיסטישען גלויבען און זיינען פאַרבליבען אויסגעהאַלטען אין באַקעמפען דעם קריג.

אין רוסלאַנד האָט בלויז אַ טייל פון די מענשעוויקעס, וועל־כע זיינען געווען דער רעכטער פליגעל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פאַרטיי, אָנגעפיהרט פון באַריהמטסטען רוסישען מאַרקסיסט געאָרגי פּלעכאַנאָוו, געשטיצט די מלחמה. די פערצעהן סאָציאַליס־טישע דעפּוטאַטען אין דער דומע האָבען איינשטימיג געשטימט געגען די מלחמה־קרעדיטען און האָבען דערביי ארויסגעלאָזט אַ שטאַרקע ערקלערונג געגען דעם „אימפּעריאַליסטישען קריג".

די סאָציאַליסטען פון איטאַליע זיינען געווען געגען דעם ,אַז זייער לאַנד זאָל אריין אין קריג אויף וועלכער־עס־ איז זייט און זיינען געבליבען אויסגעהאַלטענע מלחמה־געגנער אויך נאָכדעם, ווי זייער ניט־ענטשלאָסענע רעגירונג, וואָס האָט זיך געהאַלטען אין איין דינגען, האָט מיט קאַלטער אויסרעכענונג איבערגעקערט דעם פּעלץ און האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן די עלאַים געגען דעם דייטשען צד, מיט וועלכער איטאַליע איז געווען פאַרבונדען דורך אַן אָפּמאַך. ס'איז געווען בלויז איין באַדייטענדער פאַל אין זיי־ערע רייהען. דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער סאָציאַליסטישער צייטונג „אוואַנטי", וועלכער האָט זיך גערעכענט פאַר'ן פיהרער פון דער פאַרטיי, האָט אין דער פאַרטיי־צייטונג אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקעל, אין וועלכען ער איז אַרויסגעטראָטען פאַר אריינטרע־טען אין דער מלחמה אויף דער זייט פון די עלאַים. ער איז באַלד אַראָפּגעזעצט געוואָרען פון זיין אַמט און אויסגעשלאָסען גע־וואָרען פון דער פאַרטיי. שפּעטער האָט ער זיך מיט ברוטאַלער רציחה נוקם געווען אָן זיינע געוועזענע גענאָסען. זיין נאָמען איז בעניטאָ מוסאָליני.

אַז די מלחמה איז שוין אָנגעגאַנגען אַ לענגערע צייט און די ערשטע קריגס־שכרות איז פאָריבער, זיינען די סאָציאַליסטען צו־ביסלאַך ניכטערער געוואָרען. די צאָהל מלחמה־געגנער אין זייערע רייהען איז געוואַקסען און זייערע באַמיהונגען פאַר פרידען און פאַר דער ווידער אויפלעבונג פון דער געבראָכענער אינטערנאַציאָ־נאַלער סאָציאַליסטישער סאָלידאַריטעט זיינען געוואָרען שטאַרקער.

אין פראַנקרייך איז אין מיטען יאָהר 1915 אָרגאַניזירט גע־וואָרען אַ מינדערהייטס־גרופּע פון אַנטי־שאָוויניסטישע סאָציאַליס־

טען אונטער דער אָנפיהרונג פון זשאַן לאָנגעי און פּאָול פּאָר, און די גרופּע איז וואָס ווייטער געוואָרען אַלץ שטאַרקער. אין אָנהויב פון יאָהר 1917 איז די „מינאָריטעט גרופּע" פון פרידענס־פּרעדי־גער געוואָרען די מערהייט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אַ טייל סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטען אין פראַנצויזישען פּאַר־לאַמענט האָבען געשטימט געגען נייע מלחמה־קרעדיטען און סאָציאַ־ליסטען זיינען שוין מעהר ניט געווען אין מיניסטאָרען קאַבינעט.

אין דער זעלבער צייט איז אויפגעקומען אַן אַנטי־מלחמה פּראַקציע צווישען די סאָציאַליסטען אין דייטשלאַנד. קאַרל ליב־קנעכט און ראָזא לוקסענבורג האָבען אָנגעפאַנגען אַן אונטערער־דישע אַגיטאַציע פאַר אַ גענעראַל סטרייק אָפּצושטעלען דעם קריג. אַלץ מעהר און מעהר סאָציאַליסטישע רייכסטאַג־דעפּוטאַטען זיינען געווען פאַר שטימען געגען נייע מלחמה־קרעדיטען אום ד'ערמיט צו צווינגען די רעגירונג, אַז זי זאָל אָנפאַנגען פרידענס־פּארהאַנדלונ־גען. אין ד'עצעמבער 1915 האָבען נײַנצעהן סאָציאַליסטישע דעפּו־טאַטען, צווישען וועלכע עס זיינען אויך געווען הוגאָ האַאַזע און דער אַלטער סאָציאַליסטישער פירער עדואַרד בערנשטיין, אָפען געשטימט געגען ווייטערדיגע מלחמה־קרעדיטען. דער שטרייט צווישען די מלחמה־סאָציאַליסטען און די אַנטי־מלחמה סאָציאַ־ליסטען איז געוואָרען אַזוי שאַרף, אַז עס איז געקומען צו אַן אָפענער שפּאַלטונג. די אַנטי־מלחמה סאָציאַליסטען האָבען פאַר־לאָזען די פּאַרטיי און האָבען געגרינדעט די אונאָפּהענגיגע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי, וועלכע איז אָהן אויפהער געוואַקסען סײַ אין דער צאָהל מיטגלידער, סײַ אין איינפלוס אויף די דייטשע מאַסען.

צוגלייך מיט די ענטוויקלונגען זיינען געמאַכט געוואָרען ענערגישע פּאַרזוכען צו אָרגאַניזירען אַן אינטערנאַציאָנאַלע באַ־וועגונג פאַר פרידען צווישען די סאָציאַליסטען פון אַלע לענדער, סײַ נייטראַלע און סײַ די, וואָס זיינען געווען אין קריג.

אונטער די דאַמאָלסדיגע מלחמה־אומשטענדען איז די אויפ־גאַבע געווען כמעט אונמעגליך דורכצופיהרען. די מערסטע פאַר־זוכען זיינען דורכגעפאַלען. צווישען אַזעלכע ניט־געלונגענע פאַר־זוכען איז אויך געווען אַ באַוועגונג, וואָס די אַמעריקאַנער סאָציאַ־ליסטען האָבען אָנגעפאַנגען פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַ־ליסטישען קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן.

ערשט אין סעפּטעמבער 1915 איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָהר, וואָס האָט געהאַט דעם אויסזעהן פון אַן אַלגעמייגער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ. דאָס איז געווען דער ראָמאַנטישער און איצט שוין היסטאָרישער צימערוואַלדער קאָנגרעס.

די איניציאַטיווו פאַר דעם צוזאַמעפאָהר איז געקומען פון די איטאַליענישע און שווייצארישע סאָציאַליסטען. די אָרגאַניזירונג פון צוזאמענפאָהר און אַלע צוגרייטונגען זיינען געהאַלטען געוואָרען אין געהיים. די דעלעגאַטען, איין־און־דרייסיק אין צאָהל, האָבען געקראָגען אינסטרוקציעס צו קומען אין דער סאָציאַליסטישער הויפּט־קוואַרטיר אין בערן און פון דאָרטען זיינען זיי אין דער שטיל אָפּגעפיהרט געוואָרען אין דעם קליינעם שווייצארישען שטעטעל צימערוואַלד, וואו די פאַרהאַנדלונגען זיינען פאָרגעקומען אָהן רעקלאַמע אין אַן ענגען צימער פון אַ קליין־שטעטעלדיגען האָטעל.

די אַנטיילנעמער זיינען געקומען פון צעהן פאַרשיידענע לענדער, צווישען וועלכע עס זיינען אויך געווען דייטשלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע און רוסלאַנד. זיי האָבען פאַרדאַמט די מלחמה אַלס אימפּעריאַליסטישע לויט איהר אָפּשטאַמונג און לויט איהר כאַראַקטער, און זיינען אַרויסגעטראָטען פאַר אַ באַלדיגען דעמאָקראַטישען פרידען. זיי האָבען דערביי באַשטימט אַ פּערמאַנענטען קאָמיטעט מיט דער אויפגאַבע ווידער צו פאַראייניגען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דער וועלט אַרום דער אָנגענומענער צימערוואַלדער פּלאַטפאָרמע.

דער צוזאַמענפאָהר איז געווען דער אָנהויב פון אַן ענערגישער סאָציאַליסטישער אַנטי־מלחמה באַוועגונג. ניט ווייניגער ווי דריי־און־דרייסיג סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אָדער אָרגאַניזירטע גרופּעס פון צוואַנציג פאַרשידענע לענדער, נייטראַלע און ניט־נייטראַלע, האָבען אָנגענומען דאָס צימערוואַלדער פּראָגראַם און האָבען פאַרשפּראָכען אַנטייל צו נעמען אין דער פרידענס־באַוועגונג. צווישען זיי איז אויך געווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון אַמעריקע.

אין אַפּריל 1916 איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ צווייטע און גרעסערע קאָנפערענץ פון דעמזעלבען כאַראַקטער אין קיענטאַל, אויך אַ קליין שווייצאַריש שטעטעל אין דעם געגענט פון בערן.

אָבער די ענטשיידענע ענדערונג אין דער סאָציאַליסטישער שטעלונג צו דער מלחמה איז פאָרגעקומען א דאַנק דער רוסישער רעוואָלוציע פון מערץ 1917.

יענע רעוואָלוציע איז געווען א וועלט פּאַסירונג, וועלכע האָט אויף א שטיקעל צייט אָפּגערוקט אין הינטערגרונד אפילו די מלחמה. די רוסישע זעלבסטהערשאַפט וואָס איז אין פאַרלויף פון פילע דורות געווען דער צענטער פון אייראָפּייאישער רעאַקציע, איז פּלוצים אַראָפּגעזעצט געוואָרען און איז פאַרביטען געוואָרען אויף אַ ליבעראַלען דעמאָקראַטישען רעזשים, וועלכער איז געוואָרען געשטיצט און אויסגעהאַלטען פון דעם ארבייטער קלאַס אונטער סאָציאַליסטישער פיהרערשאַפט.

די רוסישע רעוואָלוציע איז ביז א געוויסען גראַד געווען אויך אַן אויפשטאַנד געגען דער מלחמה. דער מעכטיגער סאָוועט פון ארבייטער און סאָלדאַטען האָט ארויסגעלאָזט א שטאַרקען אפּיל צו דער וועלט פאַר באַלדיגען פרידען „אָהן אַנעקסיעס, אָדער קאָנטריבוציעס און מיט רעכט פאַר אַלע פעלקער פריי צו האַנדלען לויט זייער אייגענעם אויסוואַהל".

דאָס האָט באַשאַפען א שפּאָגעל־נייע לאַגע פאַר די סאָציאַליסטען פוןביידע מלחמה־לאַגערען. די סאָציאַליסטען פון די „צענטראַל מעכטע" האָבען מעהר ניט געקענט באַרעכטיגען זייער שטיצען די מלחמה מיט דער מורא פאַר א זיגרייכען רוסישען דעספּאָטיזם. די סאָציאַליסטען ווידער פון די עלאַים־לענדער האָבען ניט געהאַט קיין שום גרונד צוריקצואווייזען דאָס פרידענס־פּראָגראַם פון זייערע רוסישע גענאָסען.

פאַר די סאָציאַליסטען פון דער גאַנצער וועלט איז פרידען געוואָרען א דרינגענדע נויטווענדיגקייט ניט נאָר צוליב דעם פרידען אַליין, נאָר אויך צוליב פאַרזיכערען די עקזיסטענץ פון דעמאָקראַטיע און דעם ערפאָלג פון דער שנעל־וואַקסענדער סאָציאַליסטישער און ארבייטער באַוועגונג פון רוסלאַנד.

אונטער אָט־אזעלכע אומשטענדען האָט דער אפיציעלער אפּאַראַט פון סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל, צום ערשטען מאָל זינט דעם אויסבּרוך פון דער מלחמה, ווידער אָנגעהויבען צו אַרבייטען מיט'ן צוועק צונויפצורופען א וועלט־קאָנגרעס פון סאָציאַליסטען פאַר פרידען. די איניציאַטיווע איז געקומען פון די

האָלענדישע סאָציאַליסטען. ווען דאָס איז אָפיציעל גוט־געהייסען געוואָרען דורך די פאַרבליבענע רעשטלאַך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ביוראָ, וואָס איז געווען די אָנפיהרענדע קערפּערשאַפט פון סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל, איז געשאַפען געוואָרען אַ קאָמיטע פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון האָלאַנד און פון די סקאַנדינאַווישע לענדער. די קאָמיטע האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף פאַר אַן אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ, וואָס זאָל פאָרקומען אין סטאָקהאָלם דעם 15טען מאַי, 1917. ווענען דער טאַגעס־אָרדנונג איז געזאָגט געוואָרען, אַז מ'וועט „אונטערזוכען די אינטערנאַציאָנאַלע סיטואַציע". איינלאַדונגען זיינען צושיקט געוואָרען צו אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס האָבען געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל סאַי אין די לענדער, וואָס האָבען געפיהרט מלחמה און סאַי אין די נייטראַלע לענדער. שפּעטער איז די אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע פאַרשטאַרקט געוואָרען דורך דעם, וואָס צו איהר האָבען זיך אָנגעשלאָסען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון רוסלאַנד.

די באַוועגונג איז ענטוזיאַסטיש באַגריסט געוואָרען פון די סאָציאַליסטען איבער דער גאַנצער וועלט. כמעט אַלע פּאַרטייען, וואָס האָבען געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט'ן אינטערנאַציאָנאַל האָבען אָנגענומען די איינלאַדונג און האָבען אויסגעקליבען דעלעגאַטען צו דער סטאָקהאָלמער קאָנפערענץ. די קאָנפערענץ איז אָבער קיינמאָל ניט אָפּגעהאַלטען געוואָרען, זי איז צושטערט געוואָרען דורך דער האַנדלונג פון אַמעריקע, נאָך איידער זי איז צושטאַנד געקומען.

איך בין אויסגעקליבען געוואָרען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אַלס אַ דעלעגאַט צו דער סטאָקהאָלמער קאָנפערענץ צוזאַמען מיט וויקטאָר ל. בערגער און אַלגערנאָן ליע. און איך האָב זיך גלייך געווענדעט נאָך אַ פּאַספּאָרט. דאָס גאַנצע ווענדען זיך נאָך אַ פּאַספּאָרט האָב איך באַטראַכט פאַר נישט־מעהר ווי אַ פאָרמאַליטעט, ווייל אַמעריקאַנער בירגער זיינען אין פאַרלויף פון קריג אומגעשטערט געפאָהרען קיין אייראָפּאַ צוליב זייערע געשעפטען. דער דאַמאָלדיגער סעקרעטערי אָוו סטעיט לענסינג האָט אָבער מיין ביטע שנעל צוריקגעוויזען און ער האָט נאָך זיין

האנדלונג פּרובירט צו בארעכטיגען אין אַן אויספיהרליכער ער־קלערונג.

דער מר. לענסינג האָט כאראקטעריזירט די געפּלאַנטע סטאָק־האָלמער קאָנפערענץ אַלס „אַ קלוג־אָנגעפירטע דייטשע קריגס־מאַנעווערע". די באַשולדיגונג איז געווען לעכערליך דערפאר וואָס דער גאנצער פּלאַן איז געבאָרען געוואָרען אין נייטראלע לענדער און די סאָציאַליסטען פון צענטראל־מעכטע האָבען געמוזט זיין ניט מעהר ווי אַ מינדערהייט אויף דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַצי־אָנאַלען קאָנגרעס. נאָך מעהר: דאָס אָנגענומענע סאָציאַליסטישע פרידענס־פּראָגראַם פון „פריילאָזען יעדע פארכאַפּטע פרעמדע טע־ריטאָריע, פרידען אָהן אַנעקסיעס און אָהן קאָנטריבוציעס און מיט רעכט פאר אַלע פעלקער צו טאָן מיט זיך וואָס זיי ווילען" איז דאַן אין מאַי, 1917, זיכער נישט געווען די דייטשען צום הארצען. פּונקט פארקעהרט — עס איז גאָר געווען אין פאָלשטענדיגען איינקלאַנג מיט די אַמעריקאַנער מלחמה־אויפגאַבען ווי פּרעזידענט ווילסאָן האָט זיי פאָרמולירט מיט 24 שטונדען פאר מר. לענסינג'ס ערקלערונג. ס'וואָלט געווען געקלונגען אַ סך מעהר וואהרשיינליך, ווען די סטאָקהאָלמער קאָנפערענץ זאָל געווען באַצייכענט ווערען אַלס אַ פרידענס־שריט פון די עלאַיס איידער אַלס אַ מלחמה־מאַנעווערע פון די דייטשען.

די געזעצליכע בארעכטיגונג פאַר דער האַנדלונג פון סטעיט דעפּאַרטמענט איז געווען נאָך מאָדנער פון דער דיפּלאָמאַטישער ערקלערונג.

עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז מיט דורות צוריק, נאָך אין דער צייט פון דזשאָרדזש וואשינגטאָן, אין יאָהר 1799, האָט איינער אַ מענש מיט'ן נאָמען לאָגאַן, אַ פיהרער פון דער רעליגיעזער „סאָסייעטי אָוו פרענדס" (קוועיקערס) און אַ פּראָמינענטער פּאָ־ליטישען אין פּענסילווייניא סטעיט, געמאכט אַ רייזע איבער פראנק־רייך אַלס אַ זעלבסט־באַשטימטער פרידענס־פּאַרמיטלער צווישען די רעגירונגען פון די צוויי לענדער, ווען דעם דיפּלאָמאַטישע באַ־ציהונגען זיינען דאַן געווען איבערגעריסען.

צו פאַרמיידען נאָך אַזאַ מין נישט באַפּולמעכטיגער אריינ־מישונג פון אַ פּריוואַטען בירגער אין די אויסלענדישע אַנגעלעגענ־הייטען פון לאַנד, האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אַ ספּעציעלען

געזעץ. לויט יענעם געזעץ איז אזא האנדלונג פון אן אמעריקאנעם בירגער א פארברעכען פאר וועלכען מען לעגט ארויף פינף טויזענט דאלאר שטראף און א פריזאן טערמין פון ניט ווענינער ווי 6 חדשים, ווייל דאס הייסט פארהאנדלען מיט א פרעמדען לאנד „אין באצוג צו א סכסוך אדער שטרייטיגקייטען מיט די פאראייניגטע שטאטען", וואס ווערט פארבאטען צו טאן אהן דער ערלויבעניש און באפולמעכטיגונג פון דער רעגירונג.

דאס דאזיגע געזעץ — לאגאן געזעץ רופט מען עס — איז זיך רוהיג געשלאפען אין די געזעץ־ביכער 118 יאהר נאכאנאנד, און קיינער האט עס נישט געטשעפעט ביז עס איז צום ערשטען מאל אנגעווענדעט געווארען אין אונזער פאל.

דער מר. לענסינג האט ספעציעל אונטערגעשטראכען ,אז זיין האנדלונג „ווארפט נישט קיין חשד אויף דער אויפריכטיגקייט פון די אמעריקאנער סאציאליסטען", אבער אז געזעץ איז געזעץ.

איך בין געווען שרעקליך ענטוישט דערפון, וואס מ'האט זיך אנטזאגט אונז צו געבען פאספארטען, און איך בין געפאהרען קיין וואשינגטאן צו פרובירען ווירקען אויף דעם סטעיט דעפארטמענט, אז מ'זאל בטל מאכען די גזרה. איך האב ארגומענטירט, אז די סאציאליסטישע פארטייען פון אייראפע זיינען נישט קיין רעגירונגען, און אז זיי האבען ניט קיין סכסוכים אדער שטרייטונגען מיט אמעריקע. איך האב ארויסגעבראכט, אז ס'איז דערפאר נישטא קיין שום אורזאך פארוואס מ'זאל נישט לאזען אמעריקאנער סאציאליסטען רעדען און אפעלירען צו די ארבייטער פון דער וועלט, אז זיי זאלען אננעמען דעם פרידענס־פראגראם, וואס דער פרעזידענט פון אמעריקע שלאגט פאר.

מיינע טענות זיינען געווען ארויסגעווארפען. העפליך, אבער פעסט האט מען מיר געזאגט, אז דער באשלוס וועט נישט געענדערט ווערען.

די רעגירונגען פון פראנקרייך און איטאליע האבען נאכגעטאן דעם ביישפיל פון אונזער סטעיט־דעפארטמענט כאטש זיי האבען אפילו נישט געהאט קיין לאגאן־געזעץ פאר אן אויסרייד.

די ענגלישע רעגירונג האט געהאט צוגעשטימט צו געבען פאספארטען צו די דעלעגאטען פון דער לעיבאר פארטיי, אבער שפעטער האט זי חרטה געהאט אונטערן דרוק פון די „אליאירטע

און פאַרבינדעטע מעכטע". די ענדערונג אין דער שטעלונג צו סטאָקהאָלמער קאָנפערענץ האָט ארויסגערופען א הייסען שטרייט אין דער ענגלישער פּאָליטיק און האָט געפירט דערצו, אז אַרטור הענדערסאָן האָט רעזיגנירט פון דעם „קאָנצענטרירטען" מלחמה־קאַבינעט פון לאָיד דזשאָרדזש.

אַן אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פרידענס־קאָנפערענץ אָהן דער באַטייליגונג פון די פּאַרטייען פון די עלאַים־לענדער האָט נאַטירליך נישט געהאַט קיין זינן, אָבער די „סטאָקהאָלם־אידעע" איז נישט אויפגעגעבען געוואָרען. די אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שטענדיגער קערפערשאַפט מיט דער אויפגאַבע פעסטצושטעלען און אויסגלייכען די שטאַנדפּונקטען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון אַלע לענדער אין באַצוג צו אַ פרידענס פּראָגראַם און צו וועגען און מיטלען פאַר דער אויפלעבונג פון דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל.

צוליב דעם צוועק איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ פראַגע־בויגען, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרען צו אַלע אָנגעשלאָסענע פּאַרטייען. אויספיהרליכע געשריבענע ענטפערס זיינען אָנגעקומען פון 23 פּאַרטייען און 16 לענדער, צווישען וועלכע עס זיינען געווען אַלע באַדייטענדע לענדער, וואָס זיינען געווען אין קריג. עס זיינען אויך צוגעשטעלט געוואָרען אַ סך מינדליכע באַריכטען דורך דעלעגאַציעס, וועלכע ס'איז געלונגען צו קומען קיין סטאָקהאָלם צו דער קאָמיטע.

סטאָקהאָלם איז געוואָרען די הייליגע שטאָדט פון די מלחמה־מידע און מלחמה־געגנערישע סאָציאַליסטען. אַלץ, וואָס דאָרט איז פּאָרגעקומען, איז אויספיהרליך, כּאָטש אָפטמאָל אויך פאַרקריפּעלט, באַריכטעט געוואָרען אין דער פּרעסע פון דער גאַנצער וועלט.

אַלס אַ מיטעל צו פּראָפּאַגאַנדירען פרידען האָט דאָס געהאַט אַ פיל־גרעסערע ווירקונג, ווי אַ רעגולערע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענץ האָט געקענט האָבען. די גרויסע באַדייטונג פון דער גאַנצער זאַך פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט איז באַשטאַנען אין דעם פאַקט, וואָס צוזאַמען מיט דעם אויפקומען פון דער פרידענס פּראָפּאַגאַנדע איז אַלץ שוואַכער און שוואַכער געוואָרען דער מלחמה ענטוזיאַזם

אויף ביידע זייטען פון די שלאַכטפעלדער. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען אַן אַלגעמיינע פאַרשטענדניש איבער די וויכטיגסטע פונקטען פון פרידענס־פּראָגראַם, און עס איז געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט פאַר דער באַנייאונג פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער איינינקייט.

## קאַפּיטעל צוויי

# די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען

ביז אַמעריקע איז אַריין אין דער מלחמה זיינען די סאָציאַליסטען פון די פאַראייניגטען שטאַאַטען פאַקטיש געווען איינינ אין זייער פאַרדאַמונג פון דעם אייראָפּעאישען קריג.

אָפּגעזונדערט פון די שלאַכטפעלדער דורך די אומגעהויערע שטרעקעס פון אַטלאַנטישען אָקעאַן זיינען זיי ניט געווען באַאיינ־פלוסט פון דעם, וואָס די קעמפענדיגע מלוכות האָבען געוואָלט פון קריג. די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען האָבען איינפאַך נישט געקענט זעהן אין דער מלחמה קיין שום זאַך אויסער אַ באַרבאַ־רישע שחיטה, אַ צוזאַמענברוך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג און אַ געפאַהר פאַר דער מענשליכער ציוויליזאַציע.

אין דער צייט פון אַמעריקע׳ס נייטראַליטעט האָבען זיי מיט גרויס פלייס אָנגעווענדעט זייער ענערגי אויף דריי הויפּט־אויפגאַ־בען: אויף אויפצולעבען די האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבייט צווי־שען די סאָציאַליסטען פון אַלע לענדער, אויף אַגיטאַציע פאַר אַ שנעלען און דויערענדען פרידען און אויף אַרבייטען געגען אַמערי־קע׳ס אַריינטריט אין דער מלחמה.

נאָך אין סעפּטעמבער, 1914, האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען איינגעלאַדען די סאָציאַליסטען פון אַלע לענדער צו שיקען דעלעגאַטען צו אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ, וואָס זאָל פאָרקומען אין וואַשינגטאָן מיט׳ן צוועק צו דיסקוטירען וועגען און מיטלען ווי אַמשנעלסטען אָפּצו־שטעלען דעם קריג". די איינלאַדונג איז אָפּגעשיקט געוואָרען דורך קעיבעל צו די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון פראַנקרייך, בעל־

גיע, ענגלאַנד, דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע, האָלאַנד, שוועדען און דענמאַרק, אַזוי גוט ווי צו דער ביוראָ פון סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל.

צוליב דער שווערער פינאַנציעלער לאַגע אין אייראָפּאַ, האָט די אַמעריקאַנער פּאַרטיי אָנגעבאָטען צו באַצאָהלען די רייזע־הוצאות פון אַלע דעלעגאַטען. ס'איז אויסגערעכענט געוואָרען, אַז די אויסגאַבען וועלען באַטרעפען אַרום צוויי הונדערט טויזענט דאָלער, און די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען זיינען געווען זיכער, אַז זיי וועלען זיין אימשטאַנד צו שאַפען דאָס געלט פאַר אַזאַ אויסערגעוועהנליכען צוועק דורך פריוויליגע ביישטייערונגען. דער בריטהאַרציגער אָנבאָט האָט אָבער נישט געבראַכט קיין פּראַקטישע רעזולטאַטען. די סאָציאַליסטען פון די מלחמה־לענדער האָבען נישט געהאַט נישט די מעגליכקייט און נישט דעם פאַרלאַנג צו קומען אויף אַן אַלגעמיינער פרידענס־באַראַטונג איין חודש נאָך דעם אויסברוך פון דער מלחמה.

אַלע ווייטערדיגע פאַרזוכען, וואָס אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבען געמאַכט מיט'ן צוועק גאַנץ צו מאַכען דעם אינטערנאַציאָנאַל אין פאַרלויף פון קריג, זיינען טיכטיג אונטערשטיצט געוואָרען פון די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען.

אין יאַנואַר 1917 האָט די פּאַרטיי ווידער פּרובירט נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו און רופען אַ פּאָלשטענדיגען אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס, דאָס מאָל אין האַאַג, מיט'ן צוועק אָנצופאַנגען אַן „איינהייטליכע באַוועגונג פון דעם אַרבייטער־קלאַס פאַר אַ באַלדיגען, גערעכטען און דויערענדען פרידען". די געפּלאַנטע קאָנפערענץ איז באַשטימט געוואָרען אויף דעם דריטען יוני, איידער יענער טאָג איז געקומען האָט שוין אָבער אַמעריקע אַליין טיף געשטעקט אין דעם קריג.

די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי קען מיט רעכט פאַרלאַנגען פאַר זיך די אַנערקענונג פאַר דעם ערשטען קלאָר־אויסגעאַרבייטען און אויספיהרליכען פּראָגראַם פון דעם, וואָס איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרען אַלס „אַ דעמאָקראַטישער פרידען".

אין מאַי 1915 האָט די נאַציאָנאַלע קאָמיטע פון דער פּאַרטיי אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט, וואָס איך האָב אָנגעשריבען אויפ'ן אויפטראַג פון דער קאָמיטע און וואָס האָט ענטהאַלטען אַן אַנאַליז

פון די היסטאָרישע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סיבות, וואָס האָבען פאַראורזאַכט דעם קריג. דער מאַניפעסט האָט אויך ענט־האַלטען אַן ערקלערונג איבער די הויפּט־אורזאַכען פאַרוואָס סאָציאַליסטען זיינען געגען מלחמה און געגען מיליטאַריזם.

אין דער פרידענס־פּראָגראַם, וואָס דער מאַניפעסט האָט אויסגעגעבען, זיינען געווען די פאָלגענדע באַדינגונגען :

1. קיין שאַדענערזאַץ.

2. קיין טעריטאָריעס זאָלען נישט איבערגעהן פון איין לאַנד צו אַ צווייטען סאַידען מיט דער צושטימונג און דורך אַן אָפּשטימונג פון איהר באַפעלקערונג.

3. אַלע לענדער, וואָס זיינען אונטערוואָרפען אַ פרעמדער מאַכט, זאָלען קריגען פּאָליטישע אונאָפּהענגיקייט, אויב זייערע איינוואוינער פאָדערען עס.

4. אַן אינטערנאַציאָנאַלער פּאַרלאַמענט, מיט געזעצגעבענדער און אַדמיניסטראַטיווער מאַכט, איבער אינטערנאַציאָנאַלע אַנגעלעגעהייטען און מיט שטענדיגע קאָמיטעס, אַנשטאָט דער איצטיגער געהיימער דיפּלאָמאַטיע.

5. אַלגעמיינע ענטוואָפנונג אַזוי שנעל ווי מעגליך.

6. פּאָליטישע און אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיע.

די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז אויף אַזאַ שטייגער געקומען מיט איהר פרידענס־פּראָגראַם צוויי יאָהר פריהער פון דעם קורץ־געפּאַסטען סלאָגאַן פון דעם „רוסישען סאָוועט פון אַרבייטער און סאָלדאַטען", וואָס האָט געלויטעט „קיין אַנעקסיעס אָדער קאָנטריבוציעס און פעלקער זאָלען האָבען דאָס רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג". דאָס פרידענס־פּראָגראַם פון די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען איז געקומען מיט גאַנצע דריי יאָהר פאַר פּרעזידענט ווילסאָן'ס פערצעהן פּונקטען.

אַלס אַ מעטאָדע דורכצוזעצען דאָס פרידענס־פּראָגראַם האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פאָרגעשלאָגען, אַז דער פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַאטען זאָל צונויפרופען אַ קאָנגרעס פון די נייטראַלע פעלקער, וואָס זאָל אָנבאָטען פאַרמיטלונג צו די מלחמה־לענדער און זאָל זיין טעטיג אָהן אונטערברעכונג ביז עס וועט נעמען אַ סוף צו דער מלחמה.

א רעזאָלוציע מיט אזא אינהאלט איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען אין רעפּרעזענטאנטען־הויז דורך דעם איינציגען סאָציאַליסטישען קאָנגרעסמאן מאיר לאָנדאָן און די פּארטיי האָט באשטימט א קאָמיסיע, וואָס זאָל זיך זעהן מיט'ן פּרעזידענט און רעדען מיט איהם פאר דעם פּלאַן.

די קאָמיטע איז באשטאנען פון מאיר לאָנדאָן, דעם באוואוס־טען סאָציאַליסטישען און טרעיד־יוניאָניסטישען פיהרער דזשיימס מאורער פון רעדינג, פּענסילווייניא און איך.

אונזער געשפּרעך מיט פּרעזידענט ווילסאָן איז געווען אונגע־הייער אינטערעסאנט.

דער פּרעזידענט האָט אונז אויפגענומען אין ווייסען הויז אין דער באשטימטער שטונדע, אלס איינע פון פילע דעלעגאציעס, וואָס זיינען געקומען איהם זעהן וועגען אלערליי ענינים. ער האָט אויס־געזעהן שטארק פארנומען און מיד. צוערשט האָט עס אויסגעזעהן, אז ער וויל אונז אָפּ'פּטר'ען מיט א קורצען שנעלען פארהער, בלויז פון יוצא וועגען. ווען מיר האָבען אבער אָנגעהויבען צוריידען מיט איהם איז ער ווארים פאראינטערעסירט געווארען און אונזער אינטערוויו איז פארוואנדעלט געווארען אין אן ערנסטען פארטרוי־ליכען געשפּרעך.

נאָך אן אלגעמיינער דיסקוסיע איבער דער אינטערנאציאָנאלער לאגע און איבער די פּונקטען פון אונזער פרידענס־פּראָגראם, האָט אונז פּרעזידענט ווילסאָן ערקלערט, אז ער אליין האָט אן עהנליכען פּלאַן, נאָר אז ער קען נאָך נישט פּועל'ן ביי זיך צו שטעלען אזא פּלאַן צו דער פּראָבע, ווייל ער איז נישט זיכער ווי די אנדערע נייטראַלע פעלקער וועלען איהם אויפנעמען.

„ס'איז א פאקט, — האָט ער ערקלערט, — אז די פאראיי־ניגטע שטאאטען איז דאָס איינציגע לאנד אין דער וועלט, וועגען וועלכען מ'קען זאָגען, אז עס איז ווירקליך נייטראל און אומפּאר־טייאיש.

„אלע אנדערע נייטראַלע לענדער זיינען אויף אזא אָדער אן אנדער שטייגער פארבונדען אדער אָפּהענגיג פון איינער פון די מלחמה־לענדער".

ער האָט געלאָזט פאלען א וואָרט, אז ס'איז מעגליך דאָס די אמעריקאנער רעגירונג זאָל מאכען א דירעקטען אָנבאָט צו פאר־

מיטלען וועגען פרידען, און ער האָט אונז פארזיכערט, אז ער וועט נישט־אויפהערען שטודירען די פראגע מיט טיפען און ערנסטען אינטערעס.

אין פארלויף פון דעם גאנצען אינטערוויו האָב איך געזעהן פאר דער קאָמיטע. אָבער ווען מיר זיינען שוין געשטאַנען גרייט אוועקצוגעהן האָט דזשיימס מאורער, אָפּמעסטענדיג דעם פּרעזי־דענט מיט די אויגען, געזאָגט דאָס פאָלגענדע מיט א פאַמעליכען און קלאָרען טאָן: „אייערע פארשפּרעכענס קלינגען גוט, מר. פּרע־זידענט. די צרה מיט אייך איז אָבער דאָס, וואָס איהר זייט ארומ־געריגעלט מיט קאפּיטאַליסטישע און מיליטאַריסטישע אינטערע־סען, וועלכע ווילען אז די מלחמה זאָל נישט אויפהערען. איך האָב מורא, אז איהר וועט ארונטערפאלען אונטער זייער איינפלוס".

די פּשוט׳ע אָפענהערציגקייט פון מיין דיפּלאָמאַטישען קאָ־לעגע האָט ארויסגערופען א שמייכעל אויף דעם בלייכען פאר־טראכטען פנים פון וואודראָו ווילסאָן.

„אויב מ׳זאָל שוין זאָגען דעם אמת, — האָט ער באמערקט, — ווער איך אָפטער באשולדיגט אין שטעהן אונטער׳ן איינפלוס פון ראדיקאלע און פאַסיפיסטישע עלעמענטען איידער פון קאפּי־טאַליסטישע אָדער מיליטאַריסטישע קרייזען".

דערמיט האָט זיך געענדיגט אונזער אינטערוויו. איך האָב זיך אָפּט דערמאָנט אין דעם געשפּרעך, און איך האָב געטראכט, אז שפּעטערדיגע פּאַסירונגען זיינען גיכער געווען א באשטעטיגונג פון דזשעימס מאורער׳ס זאָרג ווי פון וואודראָו ווילסאָנ׳ס פאר־זיכערונג.

די דריטע אויפגאבע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — צו זעהן ווירקען אז אמעריקע זאָל נישט אריין אין דער מלחמה — האָט צוערשט נישט באַגעגענט קיין ערנסטען ווידערשטאנד. גראדע פאַרקערט — דאָס האָט געשיינט צו זיין אין פולשטענדיגען איינ־קלאנג מיט דער שטעלונג פון דער רעגירונג און מיט דער שטימונג פון פאָלק.

דער פּרעזידענט האָט געהאַט אפּעלירט צו דער באפעלקערונג פון די פאראייניגטע שטאַטען צו פארבלייבען נייטראל „אין גע־דאנק אזוי גוט ווי אין די האנדלונגען". אונזערע שטאַטס־מענער, צייטונגען און די קירכע פון אמעריקע האָבען אלע צוזאמען געלאָזט

הערען זייערע שטימען מיט פאַרדאַמונג געגען דער מלחמה און מיט ענטריסטונג געגען די קריגס־באַרבאַרייען.

פּאַסיפיזם איז געווען אין דער מאָדע, און די סאָציאַליסטישע אַנטי־מלחמה פּראָפּאַגאַנדע איז אין אַלגעמיין זעהר גינסטיג אויפ־גענומען געוואָרען.

אָבער וואָס לענגער די מלחמה האָט געדויערט, אַלץ ווענינער איז אין געוויסע קרייזען געבליבען פון דער „נייטראַליטעט אין געדאַנק", און עס האָבען זיך אָנגעהויבען הערען שטימען וועגען אַ מעגליכקייט, אַז אַמעריקע זאָל זיך אויך באַטייליגען. ס'איז גאָר קיין צווייפעל נישט, אַז די ענדערונג אין דער שטימונג האָט מען אַ סך צו פאַרדאַנקען די אַמעריקאַנער ביזנעסלייט, וועלכע זיינען אַלץ מעהר און מעהר אריינגעפּלאָנטערט און פאַרבונדען געוואָרען מיט דעם שיקזאַל פון די עלאַים און זייער אַמוניציע. מ'קען אָבער ניט לייקענען, אַז עס זיינען אויך געווען אַ סך אַמעריקאַנער, וואָס האָבען אויפריכטיג מיטגעפיהלט מיט די עלאַים, באַזונדערס צוליב די ברוטאַלע מעטאָדען פון דער דייטשער קריגס־פיהרונג.

דאָס, וואָס די דייטשען האָבען אומבאַגרעניצט געברויכט סאָבמארינס, האָט געוואַלדיג־שווער געמאַכט די אַרבייט פון די אַמעריקאַנער פּאַסיפיסטען.

דאָס זינקען פון דער „לוזיטאַניאַ" מיט דער קאַלטער און גרויליכער פאַרניכטונג פון אַמעריקאַנער לעבענס, וועלכע זיינען אומגעקומען מיט דער שיף, האָט געגעבען די מיליטאַריסטען און דער מאָרד־פּאַטריאָטישער פּרעסע דעם ערשטען אויסרייד פאַר אַן אָפענער און שטאַרקער מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט באַלד אַרויסגעלאָזט אַ פייער־ליכע וואָרנונג צו דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג געגען דער גע־פעהרליכער אַגיטאַציע.

„קיין קאַטאַסטראָפע, ווי שוידערהאַפט זי זאָל ניט זיין, קיין פאַרברעכען, ווי עקעלדיג עס זאָל נישט זיין, באַרעכטיגט נישט די אויסשלאַכטונג פון נאַציאָנען און די פאַרוויסטונג פון לענדער", — האָט די וואָרנונג געזאָגט. — „די פאַרניכטונג פון דער „לוסי־טאַניאַ" און די ערמאָרדונג פון הונדערט פרידליכע מענשען — מענער, פרויען און קינדער, — וועלכע האָבען זיך אויף דער שיף געפונען, מאַכען נאָך קלאָרער פאַר אונז די וואַהנזיניגע באַרבאַריי

פון מלחמה און איצט, מעהר ווי אימער, דאַרף נאָך שטאַרקער זיין אונזער ענטשלאָסענהייט אָנצוהאַלטען דעם פרידען און די ציוויליזאַציע אום יעדען פּרייז".

דער סאָבמאַרין שטרייט איז געלעגען איינגעשטילט איבער א יאָהר. אין פאַרלויף פון דער צייט זיינען פאָרגעקומען וואַהלען פאַר פּרעזידענט, און וואודראָו ווילסאָן איז ווידערערוועהלט געוואָרען הויפּטזעכליך צוליב דעם, וואָס זיינע אָנהענגער האָבען געהאַלטען אין איין דערמאָנען דעם עולם, אז „ער האָט אונז אויסגעהיט פון דער מלחמה".

דאָן איז דער שטרייט איבער דער סאָמבמאַרין־פּראַגע אויפגעלעבט געוואָרען. איבער דעם האָט אמעריקע אָפּגעבראָכען די דיפּלאָמאַטישע באַציהונגען מיט דייטשלאַנד, וואָס דאָס איז געווען א פאָרשפּיל צו דער מלחמה־ערקלערונג.

אויף מיין פאָרשלאַג האָט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי ארויסגעלאָזט א פּראָטעסט־פּראָקלאַמאַציע, וואָס האָט זיך געלייענט ווי פאָלגט:

„אייראָפּע איז א שרעק־הויז פון שווערען טרויער. די פאַרצווייפעלטע זיפצען פון אלמנות און יתומים אין דער היים מישען זיך צוזאמען מיט די אנגסטליכע קרעכצען פון די פאַרוואונדעטע און פון די שטאַרבענדיגע אויף דעם שלאַכטפעלד.

„אין דער באַרבאַרישער וואַקכאַנאַליע פון מאַסען־מאָרד איז געווען בלויז איין מיטגליד פון דער פאַמיליע פון פעלקער וועלכער איז נאָך פאַרהעלטעניסמעסיג געווען ביים זינען. דאָס איז געווען די פאַראייניגטע שטאַאטען פון אמעריקע.

„אָפּגעטיילט פון דעם אונמענשליכען מלחמה־פּלאַץ דורך די אומגעהייערע שטרעקעס פון אַטלאַנטישען ים, פעסט ביי זיך א דאַנק אונזער עקאָנאָמישער אונאָפּהענגיקייט און שטאָלץ מיט אונזערע פאָרטגעשריטענע און דעמאָקראַטישע פיהרונגען, — האָבען מיר מיט בלוטענדע הערצער צוגעזעהן די זעלבסט־פאַרניכטונג פון אונזערע אייראָפּעאישע ברידער. מיר האָבען מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף דער געלעגענהייט צו ברענגען זיי צוריק צום זינען, אז זיי זאָלען שליסען פרידען און ווידער געניסען פון לעבען און פון גליק.

„און פּלוצים, מיט זעהר ווענינ ווארנונג, אָהן דער גוטהייסונג פון פאָלק און אָהן באראטונג מיט דעם פאָלק'ס ערוועהלטע פאר־טרעטער אין קאָנגרעס, האָט מען אונז פאקטיש געגעבען א באַ־פעהל זיך אָנצושליסען אָן דעם וואהנזיניגען טאנץ פון טויט און פארניכטונג און נאָך גרעסער מאכען די טייכען בלוט אין אייראָפּע מיט דעם בלוט פון טויזענטער אַמעריקאנער ארבייטער.

„די פּאָליסי פון אומבאגרענעצטען און נישט־איבערקלייבערי־שען סאָבמארין־קריג, וואָס די דייטשע רעגירונג האָט ערשט אנאָנ־סירט, איז ברוטאל און אונמענשליך, אָבער פּונקט אזוי ברוטאל און אונמענשליך איז מלחמה אין אלגעמיין און יעדע קריגס־מע־טאָדע וואָס ביידע צדדים ווענדען אָן.

„מלחמה איז מאָרד !

„מלחמה איז דער העכסטער פּונקט פון הפקרות און געזעצ־לאָזיגקייט און עס איז לעכערליך צו פּלאפּלען וועגען געזעצליכע און אומגעזעצליכע מעטאָדען פון קריג.

„די דייטשע סאָבמארין־אטאקעס שטעלען ניט אין געפאהר אונזער נאציאָנאלע גאנצקייט אָדער אומאָפּהענגיגקייט, נישט אפילו אונזער שטאָלץ און ווירדע. די דאָזיגע מעטאָדען פון דייטשער קריגס־פיהרונג איז נישט געצילט געוואָרען הויפּטזעכליך געגען די פאראייניגטע שטאאטען און וועט נישט שעדיגען דאָס אמעריקאַ־נער פאָלק. עס וועט נאָר טרעפען יענע פּאראזיטישע קלאסען, וואָס מאכען ריזיגע פּראָפיטען דורך פאבריצירען מאָרד־אינסטרומענטען און דורך צונעמען ביי אונז אונזער שפּייז און עס פארקויפען פאַר הויט־שינדערישע פּרייזען צו די קעמפענדע ארמייען אין אייראָפּע.

„די ארבייטער אין אמעריקע האָבען נישט קיין אורזאך און קיין פארלאנג צו פארגיסען זייער בלוט אום צו פארטיידיגען און פארגרעסערען די פּראָפיטען פון זייערע באָסעס. זיי וועלען נישט לאָזען, אז א ליגנערישע פארקויפטע פּרעסע זאָל זיי אָנרייצען צו נעמען געוועהר אין די הענט און געהן מאָרדען זייערע ברידער אין אייראָפּע.

„די זעקס מיליאָנען מענשען, וועמעס קערפּערס פוילען איצט אויף די שלאכטפעלדער פון אייראָפּע, זיינען מעהרסטענס געווען ארבייטער. אויב אמעריקע זאָל אריינגעצויגען ווערען אין קריג, וועלען די לעבענס פון אמעריקאנער ארבייטער געבראכט ווערען

אלס קרבן — א זינלאָזער קרבן — אויפ'ן מזבח פון קאַפּיטאַליס־טישער געלט־גייציגקייט".

פון יענעם מאָמענט אָן זיינען די געשעהעניש פאָרגעקומען מיט א קאָפּ־שווינדעלדיגער און שרעקליכער שנעלקייט.

דער פּרעזידענט האָט גערופען א ספּעציעלע זיצונג פון קאָנגרעס אויף דעם 16טען אפּריל מיט'ן צוועק צו ערקלערען קריג געגען דייטשלאַנד. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט גערופען א ספּעציעלע „דרינגענדע" קאָנווענשאָן אויף דעם 14טען אפּריל, צו פּראָטעס־טירען געגען דער געפּלאַנטער מלחמה־ערקלערונג.

שפּעטער איז דער טאָג פון דער ספּעציעלער זיצונג געביטען געוואָרען אויף דעם צווייטען אפּריל, און די סאָציאַליסטישע פּאַר־טיי האָט שנעל געביטען דעם טאָג פון דער קאָנווענשאָן אויף דעם 7טען אפּריל.

מלחמה איז ערקלערט געוואָרען דעם 6טען אפּריל און די דרינגענדע קאָנווענשאָן פון דער פּאַרטיי איז מיט א טאָג שפּעטער נעעפענט געוואָרען אין סעינט לואיס.

ס'איז געווען א געשפּאַנטער און נערוועזער צוזאַמענפּאָהר פון ארום צוויי הונדערט דעלעגאַטען פון אַלע טיילען פון לאַנד. די איינציגע אויפגאַבע פון דער קאָנווענשאָן איז געווען, צו נעמען א שטעלונג צו דער מלחמה, וואָס איז יערשט ערקלערט געוואָרען, און קיינמאָל האָב איך נישט בייגעוואוינט אזא פייערליכען און דראַ־מאַטישען צוזאַמענקונפט.

אַלזשערנאָן ליע, פון ניו יאָרק; טשאַרלז י. רוטענבערג, פון קליוולאַנד, און איך, זיינען ערוועהלט געוואָרען אין א סאָב־קאָ־מיטע צוצוגרייטען א פּראָקלאַמאַציע און א מלחמה־פּראָגראַם. פאַר־מאַכט אין א קליינעם האָטעל־צימער האָבען מיר פילע שטונדען נאָכאַנאַנד געאַרבייט אויף אַן ערקלערונג און א פּראָגראַם, וואָס מיר זאָלען קענען פאָרברענגען פאַר דער קאָנווענשאָן. מיר האָבען געאַרבייט ערנסט און אָנגעשטרענגט. מיר האָבען פאָרזיכטיג גע־וואוינען יעדע פראַזע און יעדעס וואָרט. דאָס זיינען מיר געווען ענטשלאָסען צו ערקלערען אונזער שטעלונג קלאָר און אָהן שום צוויי־זייטיגע רייד און צו זאָגען אַלץ, וואָס דאַרף געזאָגט ווערען.

אונזער גאַנצע נשמה האָבען מיר אריינגעלעגט אין דער ער־קלערונג, אָדער פּראָקלאַמאַציע, ווי מיר האָבען עס דאַן גערופען;

די געפֿייניגטע סאָציאַליסטישע נשמה, פֿון וועלכער עס רייסט זיך ארויס אַן אַנגסטליך געשריי געגען די באַרבאַרישקייטען פֿון קריג, געגען אומזיסט־און־אומנישט מקריב זיין אַמעריקאַנער לעבענס צוליב די קריגערייען פֿון די קאָנקורירענדע קאַפּיטאַליסטישע קליקעס אין אייראָפּע און געגען דער אַטמאָספּערע פֿון לײַדענשאַפֿט, האַס און טערער, וואָס אַ מלחמה ברענגט אימער.

די פּראָקלאַמאַציע, ווי מיר האָבען זי אויסגעאַרבייט, איז אָנגענומען געוואָרען מיט אַן אומגעהייערער מאַיאָריטעט פֿון די קאָנווענשאָן־דעלעגאַטען.

דאָס איז געוועזן אַ מעכטיגער דאָקומענט פֿול מיט שטאַרקע אויסדרוקען. דער פּריעמבעל, אָדער דער אַריינפֿיהר צו דער פּראָקלאַמאַציע, האָט ענטהאַלטען אַ גרינטליכען אַנאַליז פֿון די אורזאַכען און רעזולטאַטען פֿון מאָדערנע מלחמות און האָט אַרויסגעבראַכט אַן אורטייל געגען דעם אָקאָרשט־ערקלערטען קריג אין דער פֿאָלגענדער שאַרפֿער שפּראַך:

„מיר שטעמפּלען די קריגס־ערקלערונג פֿון אונזער רעגירונג אַלס אַ פֿאַרברעכען פֿון אונזער קאַפּיטאַליסטישען קלאַס געוועזן דער באַפֿעלקערונג פֿון די פֿאַראייניגטע שטאַאַטען און געגען די פֿעלקער פֿון דער וועלט.

„אין דער גאַנצער מאָדערנער געשיכטע איז נישטאָ קיין איין מלחמה, וואָס זאָל זיין ווייניגער־באַרעכטיגט, ווי עס איז די מלחמה, אין וועלכער מיר האַלטען איצט אין אַריינטרעטען".

די פּראַקטישע ליניע פֿון טעטיגקייט, וואָס מיר האָבען רעקאָמענדירט, האָט ענטהאַלטען דאָס פֿאָלגענדע:

„1. אונאויפֿהערליכע, טיכטיגע און עפֿענטליכע געגנערשאַפֿט צו אַלע קאַפּיטאַליסטישע מלחמות וואָס זאָל זיך אויסדריקען אין דעמאָנסטראַציעס, מאַסען־פּעטיציעס און אין אַלע אַנדערע ווירדיגע און ווירקזאַמע מיטלען, וואָס מיר זיינען נאָר אימשטאַנד אָנצונעמען.

"2. פֿעסטע געגנערשאַפֿט צו יעדער געפּלאַנטער געזעצגעבונג פֿאַר מיליטערישער אָדער אינדוסטריעלער מאָביליזאַציע.

„3. ענערגישער ווידערשטאַנד געגען אַלע רעאַקציאָנערע איינפֿיהרונגען, ווי, צום ביישפּיל, צענזור איבער דער פּרעסע און דער פּאָסט, באַגרעניצונג פֿון פֿרייער רעדע, פֿון פֿאַרזאַמלונגען און

אָרגאַניזאַציע, אָדער געצוואונגענע אַרביטריישאָן און באַשרענקונג פון רעכט צו סטרייקען".

וויפיל מאָל מיר איז עס איז אין די וויטערדיגע צוויי־דריי יאָהר אויסגעקומען צו לייענען די באַקאַנטע שטעלען פון דער סעינט לואיס'ער פּראָקלאַמאַציע אין גיפטיגע צייטונגס־עדיטאָריעלס און אין רעפּאָרטס פון אָהן אַ צאָהל פון קאָמיטעס פון געזעצגעבער, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרען אויף צו אונטערזוכען די „ראַדיקאַלע און פאַררעטערישע טעטיגקייטען"! וויפיל מאָל מיר איז עס אויסגעקומען צו הערען די אויסצוגען פון דער פּראָקלאַמאַציע דעקלאַמירט פון דיסטריקט אַטוירנים אין די געריכט־זאַלען!

מ'שאַצט, אַז אין פאַרלויף פון קריג זיינען אַרום צוויי טויזענט פּערזאָן פאַראורטיילט געוואָרען אונטער דעם שפּיאָנאַזש־געזעץ און זיי האָבען געקראָגען פּריזאָן־טערמינען, וואָס באַטרעפען צוזאַמען פינף און צוואַנציג טויזענד יאָהר. ביי פילע פון די דאָזיגע אורטיילען, אויב נישט ביי מעהרסטע פון זיי, האָט די סעינט לואיס'ער פּראָקלאַמאַציע געשפּילט אַ גרויסע און ענטשיידענע ראָלע.

ווען איך האָב געלייענט דעמאָזיגען דאָקומענט נאָכדעם ווי עס זיינען שוין אַריבער זעכצעהן יאָהר, און אין אַ רוהיגער אַטמאָספערע, וואָס איז פאַרהעלטענמעסיג פרידליך און ניכטער, — קען איך אין דעם אַריינפיהר צו דער פּראָקלאַמאַציע נישט געפינען קיין זאַך אויסער אַ ווידערהאָלונג און ווידער־באַשטעטיגונג פון דער אָפט־אויסגעדריקטער און גוט־באַקאַנטער סאָציאַליסטישער שטעלונג צו מלחמה, און אין דעם פּראָגראַם פון דער פּראָקלאַמאַציע קען איך נישט געפינען קיין זאַך, וואָס זאָל האָבען געווען אַ פאַרלעצונג פון געזעץ.

עס מוז אָבער צוגעגעבען ווערען, אַז דער טאָן פון דער פּראָקלאַמאַציע איז געווען אויסערגעוועהנליך אָנגרייפעריש, קריגעריש און אַרויסרופענד. וואָלט דאָס אַלץ געווען געשריבען געוואָרען אונטער נאָרמאַלע אומשטענדען, וואָלט עס אָהן צווייפעל געווען אויסגעדריקט געוואָרען אין אַ מעסיגער און וועניגער־אויפרייצענדער שפּראַך. די פּראָקלאַמאַציע איז אָבער נישט געשריבען געוואָרען אונטער נאָרמאַלע אומשטענדען.

די פּראָפעסער פון דעם דאָקומענט און די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן זיינען געווען אין אַ שטימונג פון געשפּאַנטער באַגייס־טערונג.

דריי יאָהר נאָכאַנאַנד האָבען זיי בייגעוואוינט דעם שרעקליכען חורבן, וואָס די מלחמה האָט אָהן אויפהער געבראַכט, און די גאַנצע צייט האָבען זיי אָנגעפיהרט אַן אונדערמידליכען קאַמפּיין געגען אַלע באַוועגונגען אַריינצוציהען אַמעריקע אין דער שחיטה אַריין. דריי יאָהר צייט זיינען זיי געווען אויסער זיך פון דעם דורכפאַל פון זייערע אייראָפּעאישע גענאָסען, און זיי האָבען זיך אַ נדר געטאָן, אַז אונטער אַלע אומשטענדען וועלען זיי בלייבען טריי דעם אינ־טערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם און דעם וועלט־פרידען. און איצט איז געקומען די פּראָבע און מיט אַזאַ פּלוצימדיגקייט, אַז זיי האָבען קיין צייט נישט געהאַט אויף רוהיגער איבערלעבונג. זייער ביטערע אַנטוישונג און זייער אַנטריסטונג האָט געפונען פאַר זיך אַן אויס־דרוק אין שטאַרקע ערקלערונגען.

מען מוז דערצו געדענקען, אַז אין דער צייט, ווען די סעינט לואיס׳ער רעזאָלוציעס זיינען אָנגענומען געוואָרען, איז די פּאָלי־טישע און אינטעלעקטועלע אַטמאָספערע פון לאַנד נאָך געווען פריי פון דעם דערשטיקענדען טעראָר, וועלכען די פינסטערע מלחמה פּסיכאָלאָגיע האָט שפּעטער באַשאַפען. אַמעריקאַנער בירגער זיינען געווען געוואָהנט פריי און אונגעצאַמט אויסצודריקען זייערע געדאַנ־קען איבער אַלע פראַגען, איינשליסענדיג מלחמה.

דער געדאַנק אַז אין דער צייט פון קריג מוז אויפהערען יעדע קריטיק און יעדע געגענערשאַפט, איז קיינמאָל נישט אָנגענומען געוואָרען און אפילו ערנסט נישט באַטראַכט געוואָרען אין די צייטען פאַר דער „ליבעראַלער" רעגירונג פון וואודראָו ווילסאָן. די מלחמה פון 1912 איז פראַנק־און־פריי קריטיקירט געוואָרען אין דער פרעסע און אויף עפענטליכע מיטינגען. און די מעקסיקאַנער מלחמה איז פאַרדאַמט געוואָרען אויפ׳ן שטאַרקסטען אופן פון אַזעלכע שטאַאַטס־לייט ווי אייבו העם לינקלאָן, דעניעל וועבסטער, הענרי קלעי און טעאָדאָר פּאַר :ר.

די סעינ לואיס׳ער פּראָקלאַמאַציע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז מילד אין טאָן, ווען מען פאַרגלייכט זי מיט דעם סטייט־מענט פון טשאַרלז סאָמנער, וועלכער האָט עפענטליך כאַראַקטע־

ריזירט די מעקסיקאנער מלחמה ווען זי איז נאָך אָנגעגאנגען מיט די פאָלגענדע ווערטער: „די מעקסיקאנער מלחמה איז א ריזיג פארזועהעניש, וואָס איז געבאָרען געוואָרען פון שקלאפעריי. זי איז געווען אין איהר ענד־ציל גרויליך, לויט איהר סאמע אָנפאנג, אונ־מאָראליש, לויט דעם איינפלוס, וואָס זי האָט אויף דער באפעלקע־רונג, הפקר׳דיג פארשווענדעריש ווען עס קומט צו רייכטום און מענשליכע לעבענס. ס׳איז א מלחמה פון שאנד, וואָס מוז פאר־פלעקען די בלעטער פון אונזער געשיכטע״.

די אורזאך דערפון, וואָס דער אנערקענטער אמעריקאנער פרינ־ציפּ פון טאָלעראנץ אין דער צייט פון מלחמה איז פארביטען גע־וואָרען אויף א פּאָליסי פון ענג־הערציגער און שטייפער אונטאָלע־ראנץ אין אונזער לעצטער מלחמה, קען מען געפינען אין די מאָדנע אומשטענדען פון אונזער אריינטריט אין קריג.

כמעט אין אלע פריהערדיגע מלחמות מיט אנדערע לענדער, זיינען די גרויסע פּאָליטישע פארטייען געווען צוטיילט אין זייער שטעלונג, און זיי האָבען באהאנדעלט מלחמה אלס א פּאָליטישע אישו. געוועהנליך איז די רעפּובליקאנער פארטיי געווען די מלחמה־פארטיי און די דעמאָקראטישע פארטיי איז געווען די פארטיי פון פרידען. ביז די וואהלען פון 1916 האָט זיך די דעמאָקראטישע פארטיי געהאלטען ביי איהר טראדיציאָנעלען שטאנדפּונקט צו גונ־סטען דעם פרידען, אין דער צייט וואָס די רעפּובליקאנער זיינען געווען געניגט, אז אמעריקע זאָל אנטייל נעמען אין דער מלחמה. דער פּרעזידענט־קאמפּעין פון יענעם יאָהר איז געפיהרט געוואָרען הויפּטזעכליך אויף דער מלחמה־אישו. וואָלט יוהז געווען ערוועהלט געוואָרען אנשטאט ווילסאָנ׳ען — און ער איז דאָך טאקע שיעור־שיעור נישט ערוועהלט געוואָרען — וואָלט אונז די רעפּובליקאנישע פארטיי גאנץ ווארשיינליך געווען אריינגעצויגען אין קריג און די דעמאָקראטישע פארטיי וואָלט געווען געבליבען געגנעריש צו דער מלחמה. זי וואָלט דאן געווען ווייטער פארדאמט די פּאָליסי פון „אריינשליידערען אמעריקע מיט׳ן קאָפּ פאראויס אין דעם מלחמה־שטראָם פון יענער זייט ים״, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט דער דע־מאָקראטישער פיהרער מארטין ה. גלין, אין זיין שעהן־קלינגענדער פּראָגראם־רעדע אויף דער נאציאָנאלער דעמאָקראטישער קאָנווענ־שאָן אין יאָהר 1916.

ס'האָט אָבער פּאַסירט, אַז אַ דעמאָקראַטישע אַדמיניסטראַציע האָט אונז אַריינגעפירט אין דער מלחמה. די דעמאָקראַטישע פּאַר־טיי האָט זיך אויף אַזאַ שטייגער געביטען פון אַ פרידענס־פּאַרטיי אויף אַ מלחמה־פּאַרטיי. די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי האָט שוין נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי נאָר צו איבערשטייגען די דעמאָקראַ־טישע אין מלחמה־העצעס.

דער שטרייט צווישען די צוויי אַלטע פּאַרטייען איז שוין איצט נישט געווען אַ פראַגע פון זיין פאַר פרידען אָדער פאַר קריג, נאָר פון זיין פאַר מלחמה, אָדער פאַר נאָך־מעהר מלחמה. די יאָגעניש איבערצושטייגען איינע די אַנדערע אין דזשינגאָאיזם און אין „אי־בער־פּאַטריאָטיזם" האָט געמוזט באַשאַפען אַן אַטמאָספערע פון היסטעריע און טעראָר, וואָס איז ווי אַ דיבוק אַריין אין אַמעריקע אין דער צייט פון וועלט־קריג.

די איינציגע פּאַרטיי, וואָס איז געבליבען אַ פרידענס־פּאַרטיי אין אַמעריקאַנעם פּאָליטישען לעבען, איז געווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אי דאָס אויך נישט די גאָר־גאַנצע פּאַרטיי. עטליכע פראָ־מינענטע פּאַרטיי־פיהרער, צווישען וועלכע ס'זיינען געווען אַזוינע, וואָס זיינען געווען איבער־פּאַסיפיסטיש אין דער צייט, וואָס אַמע־ריקע איז געווען נייטראַל, זיינען נאָכדעם געוואָרען ברענענדיגע אונטערשטיצער פון קריג און האָבען זיך אומגעקערט מיט'ן רוקען צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

די יעניגע, וואָס זיינען געבליבען לאָיאַל צו דער פּאַרטיי און צו איהר אַנטי־מלחמה שטעלונג, האָבען געהאַט איבערצוטראָגען די גאַנצע לאַסט פון דער רעגירונג'ס ביטערע פאַלשקייטען און די פאַרפאָלגונגען אין דער לעצטער פּעריאָדע פון קריג און זיינען פּאָרט־געזעצט געוואָרען אַ לאַנגע צייט נאָך דעם וואַפען־שטילשטאַנד.

ביי דער סאָציאַליסטישער פּרעסע האָט מען צוגענומען דאָס רעכט צו שיקען זייערע צייטונגען מיט צווייטער קלאַס פּאָסט, וואָס גיט אַ צייטונג אַ מעגליכקייט צו עקזיסטירען דורך איבערשיקען אַ גרעסערע צאָהל נומערען פאַר אַ ביליגען פּרייז. אָדער מ'האָט זיי אינגאַנצען פאַרבאָטען צו שיקען דורך דער פּאָסט. סאָציאַליסטישע מיטינגען זיינען אונטערדריקט געוואָרען און סאָציאַליסטישע רעד־נער און שרייבער זיינען אָנגעקלאָגט און פאַר'משפּט געוואָרען אונ־טער די גרוויזאַמע פּונקטען פון דעם שפּיאָנאַזש־געזעץ.

די לופט איז געווען פול מיט שפיאָנעריי, פאַרדאַמונג און פאַלשע באַשולדיגונגען. יעדער מענש, וועמען מ'האָט נאָר געקענט פאַרדעכטיגען אין האָבען ראַדיקאַלע אָדער פאַסיפיסטישע מיינונגען, איז נישט געווען זיכער, וואָס מיט איהם וועט ווערען. דער אַלטער גייסט פון געיעג אויף אַפּיקורסים און פון פאַרברענען מכשפות איז צוריקגעקומען קיין אַמעריקע אין דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט, אין דעם יאָהר 1918.

### קאַפּיטעל דריי

## די ארבייט פאר פרידען אין אמעריקע און דער „פיעס קאונסיל"

מלחמה איז ערקלערט געוואָרען און דער קאָנסקריפּשאָן־געזעץ איז דורכגעגאַנגען. ס'איז געווען אַרויסגעוואָרפענע אַרבייט צו פּראָטעסטירען געגען זאַכען, וואָס האָבען שוין פּאַסירט. די פּאַסיפיסטישע עלעמענטען פון אַמעריקע האָבען אויפגעהערט פּראָטעסטירען געגען מלחמה און האָבען זיך גענומען צו פּראַקטישע פּלענער פאַר אַ שנעלען פרידען. די באַוועגונג איז אָנגעפאַנגען געוואָרען דורך מענער און פרויען פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע ריכטונגען — סאָציאַליסטען, טרעיד־יוניאָניסטען, ליבעראַלען און פון אַזעלכע, וואָס זיינען געווען געגען קריג אויס רעליגיעזע איבערצייגונגען. די באַוועגונג איז אויסגעוואַקסען אַזוי שנעל, אַז עס איז שווער צו זאָגען גענוי פון וואַנען זי האָט זיך גענומען און ווען זי האָט זיך אָנגעפאַנגען.

עטלעכע נישט־אָפיציעלע באַראַטונגען זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען דאָ און דאָרטען, און פרידענס־פּראָגראַמען זיינען דיסקוטירט געוואָרען. איינער פון די אַקטיווסטע אָנפיהרער פון דער באַוועגונג איז צו יענער צייט געווען יהודה מאַגנעס, אַליין אַ ראַבאַי, אַן אויסערגעוועהנליכער טיפּ פון אַ ראַבאַי. יונג, ענטוזיסטיש, גלענצענד אַלס רעדנער מיט אַ העכסט־אָנציהענדער פּערזענליכקייט, האָט ער שנעל געהאַלטען אין ווערען דער אָפּגאָט פון די רייכע אידען אין ניו יאָרק. ער האָט געהאַט פאַר זיך אַ העכסט־פאַרשפּרע־

כענדע קאַריערע. אָבער דער אידישער ראַבאַי איז געווען איינער פון די וועניגע גייסטליכע, וואָס האָבען גענומען ערנסט דעם גייסט און די לעהרע פון מענשענליבע, וואָס דאַרף זיין דער פונדאַמענט פון קריסטליכקייט. ער האָט געהאַסט די ברוטאַליטעט און די אונ־מענשליכקייט פון קריג אויפ'ן שלאַכטפעלד און דעם גייסט פון דעספּאָטיזם און אונטאָלעראַנץ אין דער היים. ער איז געווען אויפריכטיג און בראַוו, און ער האָט זיך מיט לייב און לעבען אַריינגעוואָרפען אין דעם קאַמף. וואָס זיינע געפּלעפּטע און אַנ־טריסטעטע שוהל־באַלעבאַטים וועלען זאָגען, האָט איהם נישט אָנגעהויבען קימערען.

כ'האָב זיך מיט איהם גוט באַקענט אין יענע טעג פון שטורם און דראַנג, און וואָס נעהענטער איך האָב איהם געקענט, אַלץ מעהר איז געוואַקסען מיין רעספּעקט און ליבשאַפט צו איהם.

פון אונזערע אָפטע אָבער גאַנץ־צופעליגע געשפּרעכען איז געבוירען געוואָרען אַ נישט נאָר קלאָרער פּלאַן צו אָרגאַניזירען די אָנהענגער פון פרידען און דעמאָקראַטיע אין אַ שטענדיגער אָרגאַ־ניזאַציע. דערוועיל איז צונויפגעשטעלט געוואָרען אַ קאָמיטעט פון פרייוויליגע מענשען, און די ערשטע ארבייט איז געווען צו רופען אַן עפענטליכע קאָנפערענץ. אַן אויפרוף איז ארויסגעשיקט געוואָרען צו אַ רייהע פריינדליכע אָרגאַניזאַציעס און פּערזאָנען, און די קאָנ־פערענץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 31טען מאַי אין דעם גאַרדען טעאַטער אין ניו יאָרק.

ס'איז געווען אַ פאַרזאַמלונג, וואָס מ'וועט לאַנג געדענקען. די צוזאַמענקונפט איז געעפענט געוואָרען אונטער'ן נאָמען „ערשטע אַמעריקאַנער קאָנפערענץ פאַר דעמאָקראַטי און פרידענס־באַדינ־גונגען". צווישען די אָנטיילנעמער זיינען געווען אי אַ סך פּאַר־שטעהער פון אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפטען, אי אַ היבשע צאָהל באַוואוסטע סאָציאַליסטען און פּאַסיפיסטען. רעדעס זיינען געהאַל־טען געוואָרען און רעזאָלוציעס זיינען אָנגענומען געוואָרען מיט אַ פּאָדערונג, אַז עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערען דער קאָנסקריפּשאָן־געזעץ, און מיט אַ צוזאָג צו שטיצען די „קאָנשיענשאָס אבדזשעקט־טאָרס" (די וואָס ענטזאָגען זיך צו דינען אין דער אַרמיי, ווייל דאָס איז געגען זייער געוויסען). די באַגייסטערונג איז געווען גרויס און די אָפּלאָדיסמענטען שטורמדיג טראָץ דעם, וואָס דער דעפּאַרטמענט

אָוו דזשאָסטים האָט אָפיציעל געוואָרענט, אַז אויף דעם מיטינג וועט געהאַלטען ווערען אַן אויג און אַז די „צושטערער" וועט מען אַרעסטירען.

„אַלע געהיים־אַגענטען און דעטעקטיווס זײַנען געלאַדען אַרויפצוקומען אויף דער פּלאַטפאָרמע אום זיי זאָלען בעסער קענען אַלצדינג זעהן און הערען" — האָט דר. מאַגנעס העפליך אַנאָנסירט, ווען ער האָט געעפענט דעם מיטינג. נאָר די אַגענטען פון דעפּאַרטמענט אָוו דזשאָסטים האָבען פאָרגעצויגען צו בלייבען ביים מיטינג נישט־דערקענט.

די קאָנפערענץ האָט געזאָלט זיין הויפּטזעכליך אַ מין עפּענטליכע דעמאָנסטראַציע, אָבער אונטער דעם איינפלוס פון אַ יונגער פרוי מיט'ן נאָמען רעבעקאַ שעלי, אַ פאַרטרעטערין פון אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס „עמווירדזשענסי פּיעס פעדעריישאָן", איז דער כאַראַקטער און דער צוועק פון דער קאָנפערענץ אונערוואַרטעהייד געענדערט געוואָרען. מען האָט זי וועניג געקענט אין ראַדיקאַלע אָדער אין פּאַסיפיסטישע קרייזען, און נאָך דער מלחמה איז זי פאַרשוואונדען און מען הערט נישט פון איהר. אָבער ביי דער גרינדונג און אין דער טעטיגקייט פון דעם „פּיעס קאונסיל" (פּרידענס־ראַט) האָט זי געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע. זי האָט באַגייסטערט אַלעמען פאַר דער פרידענס באַוועגונג, באַגייסטערט צו טאַטען.

נעמענדיג דאָס וואָרט שוין ביים סוף פון די פאַרהאַנדלונגען, האָט זי אַדרעסירט די פאַרזאַמעלטע מיט אַ פייערדיגער רעדע. זי האָט ערקלערט, אַז דער קאָנגרעס האָט אויפגעהערט צו פאַרטרעטען דעם ווילען פון פאָלק און אַז די צייט איז געקומען צו אָרגאַניזירען די בירגער פון לאַנד אין אַ מין אונאָפיציעלע רעגירונג אויף'ן מוסטער פון דעם רוסישען סאָוועט, אָדער ראַט פון אַרבייטער און סאָלדאַטען.

„די אויפגאַבען פון דעם ראַט — האָט מיס שעלי געזאָגט, — דאַרפען באַשטעהן אין אַרבייטען פאַר אָפּצושאַפען דעם קאָנסקריפּשאָן געזעץ, צו באַקעמפען אַלע פאַרלעצונגען פון די בירגערס' קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט, צו פאָדערען אַ שנעלען און דעמאָקראַטישען פרידען אויף די באַדינגונגען, וואָס די רעגירונג אין רוסלאַנד האָט אַנאָנסירט און צו לאָזען וויסען דעם אַמעריקאַנער פאָלק, אַז עס

עקזיסטירט א גוט־אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט דורך וועלכער די דעמאָקראַטישע קרעפטען פון לאַנד קענען קומען צום אויסדרוק. זי האָט פאָרגעשלאָגען, אַז די זיצונגען פון ראַט — אויף ענגליש קאונסיל — זאָלען אָנגעהאַלטען ווערען די גאַנצע צייט, יעדען חודש אין אַן אַנדער שטאָדט, און אין מאָמענטען פון ספּעציעלע קריזיסען אין וואַשינגטאָן.

דער פאָרשלאַג פון דער יונגער ענטוזיאַסטקע איז גלייך גוט־געהייסען געוואָרען מיט גרויס באַגייסטערונג. איך בין ערוועהלט געוואָרען פאַר אַ מיטגליד פון אַ קאָמיטע אויסצואַרבייטען אַ פּלאַן פאַר אַ שטענדיגער אָרגאַניזאַציע. צוזאַמען מיט מיר זיינען אין דער קאָמיטע אריין דר. מאַגנעס, עימאָס פּינטשאָט, א. ס. טאונלי, עמיל גרין באַלטש און מערי וועיר דענעט.

אונזער פּלאַן איז געווען צו באַשאַפען אַ קערפּערשאַפט, וואָס זאָל אריינגעמען דאָס גאַנצע לאַנד, און צוליב דעם האָט אַזוי שנעל ווי מעגליך געדאַרפט געגרינדעט ווערען אַ גרינדונגס פאַרזאַמלונג. דערווייל אָבער האָבען מיר געשאַפען אַ צייטווייליגע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט דער צוגרייטונגס־אַרבייט.

אַן אָפיס איז געעפענט געוואָרען אין נומער 2 וועסט 13טע סטריט, ניו יאָרק, און אַ שטענדיגער נאָמען איז אָנגענומען גע־וואָרען — „פּיפּעל׳ס קאָונסיל פאָר דעמאָקראַסי ענד פּיס" (פאָלקס־ראַט פאַר דעמאָקראַטיע און פרידען).

אָפּטיילונגען זיינען געגרינדעט געוואָרען אין עטליכע טיילען פון לאַנד, און עפענטליכע דעמאָנסטראַציעס זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען אין ניו יאָרק, פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ, סאַן פראַנציסקאָ און לאָס אַנדזשעלעס.

אויף אַ קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין ניו יאָרק ענדע דזשון, זיינען געווען פאַרטראָטען נישט ווענינער ווי 284 אָרגאַ־ניזאַציעס. פון זיי זיינען געווען לאָקאַלע סאָציאַליסטישע גרופּעס, פרידענס־אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאַפטען פאַר גגענזייטיגער הילף.

דאָס צעטעל פון איינצעלנע מענשען, וואָס זיינען געוואָרען מיטגלידער און האָבען געשטיצט דעם קאונסיל, איז אויסגעוואַקסען אומגעהייער. אויסער די, וואָס זיינען שוין דערמאָנט געוואָרען, האָבען זיך צווישען די אַקטיווע פיהרער געפונען די געוועזענע סע־

נאַטאָרען דזשאָהן ד. וואָירקס און ר. פּ. פּעטיגראָ, דייוויד סטאַר דזשאָרדאַן, עהרען־פּרעזידענט פון לעלאַנד סטענפאָרד אוניווערזיטעט, פּאַלאָ לאָ פּאַלעט, די טאָכטער פון דעם קעמפּערישען אַלטען סענאַטאָר לאָ פּאַלעט, בישאָפּ פּאול דזשאָונס, יודזשין וו. דעבס, וויקטאָר ל. בערגער, דזשעימס ה. מאַורער, סקאָט נירינג, אַלזשערנאָן ליע, נאָרמאַן טהאָמאַס, דזשאָהן הערימאַן, דזשאָרדזש י. ראַוער, דזשייקאָב פּענקין, סימור סטעדמאַן, דזשעימס אָניעל, מאַקס איסטמאַן, בענדזשאַמין שלעזינגער, פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל לעידיס גארמענט וואָירקערס יוניאָן, דזשאָזעף שלאָסבערג, גענעראַל סעקרעטאַר פון דער אַמאַלגאַמייטעד, פּראָפעסאָר הערי וו. ל. דאַנאַ פון קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט, גילבערט י. ראָוו, מרס. הערבערט פּאַרסאָנס, פלאָרענס קעלי, דזשאָהן העינס האָלמס, ראַדזשער באָלדווין, קלאַראַ פּעקאַרד, לואיס לאַנגער און אַ סך אַנדערע מענער און פרויען, וואָס זיינען געווען פּראָמינענט אין סאָציאַליסטישע, ראַדיקאַלע, ליבעראַלע און פּאַסיפיסטישע קרייזען.

דער טאָג פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, ווען עס האָט באַדאַרפט געבאָרען ווערען אַ קאַונסיל פאַר גאַנץ אַמעריקע, איז באַשטימט געוואָרען אויף סעפּטעמבער דעם ערשטען. די שטאָדט מינעאַפּאָלים אין שטאַאַט מינעסאָטאַ איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס דאָס פּלאַץ פון דער קאָנווענשאָן.

דער אויסוואַהל איז געמאַכט געוואָרען צוליב עטליכע אורזאַכען. וועגען דער באַפעלקערונג פון מינעסאָטאַ האָט מען געזאָגט, אַז זי איז אין אַלגעמיין פריינדליך צו די אויפגאַבען פון דעם קאַונסיל; די אַרבייטער באַוועגונג אין מינעאַפּאָלים איז געווען גוט אָרגאַניזירט און פּראָגרעסיוו געשטימט, און — וואָס דאָס איז דער עיקר — דער מעיאָר פון דער שטאָדט, טהאָמאַס וואַן ליר, איז געווען אַ סאָציאַליסט און אַ מיטגליד פון קאַונסיל.

די קאָנווענשאָן איז אַראַנזשירט געוואָרען מיט אַן אומגעהייער־גרויסען פּאַרנעם. מען האָט ערוואַרטעט אַרום צוויי טויזענט דעלעגאַטען, און מ'האָט געזאָלט צוגרייטען פּלאַץ אויפצונעמען נישט ווייניגער ווי פופציג טויזענט געסט. מען האָט באַריכטעט, אַז פאַרמערס פון הונדערט מייל אַרום קלייבען זיך צו קומען אין אויטאָמאָבילען.

דער רוף צו דער קאָנווענשאָן איז פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרען, און דער אָפּרוף איז געווען אַן ענטוזיאַסטישער. אָבער וואָס נעהענטער דער טאָג איז געקומען, אַלץ גרעסער און גרעסער זיינען געווארען די שטערונגען.

דער ערשטער שלעכטער סימן, אַז עס וועט גלאַט ניט אָפּגעהן, איז געקומען, ווען די אייגענטימער פון דעם מינעאַפּאָלים אַדיטאָ־ריום, וואָס איז אָפּגעדונגען געוואָרען פאַר דער קאָנווענשאָן, האָבען פּלוצים בטל געמאַכט דעם קאָנטראַקט. קיין אַנדער זאַל פון זעלבען גרויס איז אין שטאָדט נישט געווען, אָבער די אָראַנזשירער האָבען שנעל געלייזט זייער פּראָבלעם. זיי האָבען אָפּגעדונגען אַ לעדיגען פּלאַץ פון 35 אַקער לאַנד ביי דער שטאָדט און האָבען דאָרט אויפ־געשטעלט אַ ריזיגען טענט.

אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט גאָווערנאָר בוירנקוויסט, טאַקע דער גאָווערנאָר פון מינעסאָטאַ סטעיט, און ער האָט פאַר־באָטען די קאָנווענשאָן אויף גאָר אַ הארבען שטייגער.

„אויב אַנטי־אַמעריקאַנישע מיטינגען ווערען נישט פאַרבאָ־טען פון לאָקאַלע בעאַמטע, — האָט ער געזאָגט אין אַ דראָהענדיגען עפענטליכען סטייטמענט, — וועלען מיר זיך באַנוצען מיט יעדען מיטעל, וואָס מיר קענען נאָר צו באַשטראָפען די שולדיגע און נישט צו דערלאָזען, אַז אַזעלכע מיטינגען זאָלען פאָרקומען. אויב צוליב אַזאַ האנדלונג וועט בלוט פאַרגאָסען ווערען און לעבענס וועלען אומקומען, וועט די פאַראַנטוואָרטליכקייט דערפאַר פאַלען אויף די יעניגע, וועלכע שטיצען און העלפען מיט זייער אָנוועזענהייט די דאָזיגע אונאַמעריקאַנישע דעמאָנסטראַציעס”.

דער געפּלאַנטער מיטינג איז געווען אַ לאָקאַלע אַנגעלעגענהייט, און דער גאָווערנאָר האָט אין דער אמת'ן גאָרנישט געהאַט צו זאָ־גען וועגען דער גאַנצער זאַך. מעיאָר וואַן ליר האָט אָנגעפאַנגען אַ מוטיגען קאַמף געגען דעם גאָווערנאָר'ס נישט־באַרעכטיגטע אריינ־מישונג. „איך נעם אָן, — האָט דער סאָציאַליסטישער מעיאָר עפענטליך ערקלערט, — אַז קאָנסטיטוציאָנעלע רעמאָקראַטיע איז נאָך אַלץ די רעגירונגס־פאָרם אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען, און אַז די באַפעלקערונג האָט אַלע רעכט פרידליך צו דיסקוטירען פראַ־גען, וואָס זי אַליין האַלט פאַר וויכטיג.

„דורך דער שבועה, וואָס איך האָב געגעבען ווען איך בין גע־וואָרען מעיאָר, האָב איך זיך פאַרפליכטעט צו באַשיצען די קאָנסטי־טוציע פון שטאַאט מינעסאָטאַ און פון די פאַראייניגטע שטאַאטען.

„אַלס דער העכסטער באַאמטער פון דער שטאָדט מינעאַפּאָליס וועל איך זעהן, אַז דאָס געזעץ זאָל אָפּגעהיט ווערען אין פאַרבינדונג מיט דער פאַרזאַמלונג פון „פּיפּעל'ס קאָונסיל". איך וועל נישט דולדען קיין פאַרלעצונג פון געזעץ דורך די אַנטיילנעמער פון קאָונסיל און קיין פאַרלעצונג פון דער קאָנסטיטוציע דורך אַנדערע, וואָס נעמען אין קאָונסיל נישט קיין אַנטייל".

דאָס זיינען געווען בראַווע ווערטער, ליידער אָבער האָבען זיי זיך געשטיצט אויף זעהר וועניג מאַכט. די לעדזשיסלייטשור פון מינעסאָטאַ האָט אָקאָרשט געהאַט אָנגענומען אַ געזעץ, גע־בענדיג דעם גאָווערנאָר די מאַכט אַראָפּצוזעצען יעדען בע־אַמטען, ווען ער, דער גאָווערנאָר דענקט, אַז דורך דער אַראָפּ־זעצונג דינט ער די אינטערעסען פון „עפענטליכער זיכער־קייט". ס'איז פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז דאָס געזעץ איז געצילט געוואָרען הויפּטזעכליך טאַקע געגען דער סאָציאַליסטישער שטאָדט־רעגירונג פון מינעאַפּאָליס. ס'איז געווען קלאָר, אַז דער גאָווער־נאָר מר. בוירנקוויסט וועט לאַנג ניט טראַכטען און ער וועט אַראָפּ־זעצען מעיאָר וואַן ליר, אויב עס זאָל דאָך געמאַכט ווערען אַ פאַר־זוך אָפּצוהאַלטען די קאָנווענשאָן אין מינעאַפּאָליס. פאַר דעם קאָונסיל איז קיין אַנדער אויסוועג ניט געווען, ווי נאָר צו זוכען אַן אַנדער פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ.

אין דעם מאָמענט האָט זיך אָפּגערופען לין פרעיזיער, וועלכער איז דאַן געווען גאָווערנאָר פון נאָרד דאַקאָטאַ, און ער האָט איינ־געלאַדען די קאָנווענשאָן אָפּצוהאַלטען איהרע זיצונגען אין זיין שטאַאט.

„די קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט פון „דעם פּיפּעל'ס קאָונסיל פון אַמעריקע פאַר דעמאָקראַטיע און פרידען" זיינען גאַראַנטירט אין נאָרד דאַקאָטאַ, — האָט ער טעלעגראַפירט צו די אָרגאַניזירער, — מיר זיינען לאָיאַל און פּאַטריאָטיש, און מיר גלויבען אין רעדע־פרייהייט פאַר אַלעמען".

די ווערטער האָבען אַרויסגערופען פרייד אין די רייהען פון קאָונסיל, אָבער ווען מען האָט דעם אָנבאָט גוט באַטראַכט, האָט

ער זיך ארויסגעוויזען צו זיין פון קליינער פראקטישער באדייטונג. די איינציגע שטאָדט אין נאָרד דאַקאטא, וואָס איז גרויס גענוג צו האָבען גענוג האָטעלען און אנדערע נויטיגע באקוועמליכקייטען פאַר דער געפּלאַנטער קאָנווענשאָן איז געווען די שטאָדט פארגאָ. פארגאָ איז אָבער געווען דער פינאַנציעלער צענטער פון שטאאט און די שטאָדט־רעגירונג איז דאָרט געווען רעאקציאָנער און ביטערע נעגנערס פון גאָווערנאָר פרעיזיער און פון די נאָן־פּארטיזאן ליג, וואָס האָט איהם ערוועהלט.

ס'איז געווען קלאָר, אז א פארזוך אָפּצוהאַלטען די קאָנווענשאָן אין פארגאָ וואָלט געפיהרט צו א צוזאמענשטויס צווישען די לאָקאַלע בעאמטע און דעם גאָווערנאָר, און מעגליך צו געפערליכע אומרוהען. און ווידער איז דער קאונסיל געווען געצוואונגען אָפּצוזאָגען זיך פון אן איינלאַדונג אום צו פארשפּאָרען א פריינטליכען בעאמטען שוועריגקייטען און צרות.

בלויז צוויי טעג זיינען פארבליבען ביז צו דעם טאָג, וואָס איז באשטימט געוואָרען פאַר דער ערעפענונג פון דער קאָנווענשאָן: מ'האָט מעהר קיין צייט נישט געקענט פאַלירען. נאָך א שנעלער בעראַטונג איז באשלאָסען געוואָרען אריבערצופיהרען די קאָנווענשאָן אין דעם שטעדטעל האָדסאָן, אין דעם שטאאט וויסקאָנסין. פון מינעאַפּאָליס קיין וויסקאָנסין איז נאָהענט, און מען האָט אויך געזאָגט, אז די בעאמטע פון וויסקאָנסין זיינען פריינטליך צו די אויפגאַבען פון דעם קאונסיל.

א צוגרייטונגס־קאָמיטע איז דערפאַר באלד אוועקגעשיקט געוואָרען קיין האָדסאָן. זיי זיינען אָנגעקומען אהין דעם 30טען אויגוסט, און האָבען פארלאָזט די שטאָדט דעם זעלבען טאָג באגלייט פון א באַנדע „פּאַטריאָטישע" בירגער, וועלכע האָבען קלאָר געמאכט פאַר זיי, אז מ'וועט ניט דולדען אזא קאָנווענשאָן אין האָדסאָן. ס'האָט זיך ארויסגעוויזען, אז גאָווערנאָר פיליפּ, פון וויסקאָנסין, וועגען וועלכען מ'האָט געזאָגט, אז ער האָט צוגעשטימט די פארזאמלונג פון קאונסיל זאָל זיין אין זיין שטאאט, האָט אין א טעלעגראַמע געלייקענט, אז ער האָט געגעבען אזא ערלויבעניש, און ער האָט זיי נאָך אויפגעפאָדערט נישט צו לאָזען אָפּהאַלטען די קאָנווענשאָן ביי זיי אין שטאָדט.

אזוי שנעל ווי דעניעל האָאן, דער סאָציאַליסטישער מעיאָר פון מילוואָקי, האָט עס אויסגעפונען, האָט ער געמאַכט אַ בראַווען שריט צו ראַטעווען דעם שטאַרק־צוטומעלטען קאונסיל. ער האָט איינגעלאַדען דעם קאונסיל אָפּצוהאַלטען די קאָנווענשאָן ביי איהם אין שטאָדט.

„אויב דער פּרינציפּ פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, וואָס גאַראַנטירט פרייע רעדע און די פרייהייט פון פאָלק זיך פרידליך צו פאַרזאַמלען און צו האַלטען באַראַטונגען פאַר דעם אַלגעמיינעם וואוילזיין, איז סוספּענדירט געוואָרען אין דעם שטאַט מינעסאָטאַ, — האָט ער טעלעגראַפירט צום סעקרעטאַר פון קאונסיל, — וויל איך אייך לאָזען וויסען, אַז דער פּרינציפּ איז נאָך אַ לעבעדיגער פאַקט אין דער שטאָדט מילוואָקי און אין דעם שטאַאַט וויסקאָנסין. איך קען אייך פאַרזיכערען, אַז אויב אייער אָרגאַניזאַציע וועט זיך ווע‏לען פאַרזאַמלען ביי אונז אין שטאָדט, וועט איהר זיין וויל־קאָמען״.

אויף אַזאַ שטייגער האָט עס שוין געהאַלטען ביי נאָך אַן ערנסטען צוזאַמענשטויס צווישען אַ שטאָדט־רעגירונג און אַ שטאַאַט איבער די שטערונגען אין וועג פאַר דער קאָנווענשאָן פון „פּיפּעל'ס קאונסיל״.

דעלעגאַטען זיינען שוין דערוויל געווען אין וועג. אַ גרויסע גרופּע פאַרטרעטער פון דער איסט האָט אָפּגעדונגען אַ ספּעציעלען צוג פון ניו יאָרק — צו פאָהרען וועסט. דאָס איז אַלץ, וואָס זיי האָבען געוואוסט, ווייל קיין באַשטימטער פּלאַץ איז אַלץ ניט געווען. טעלעגראַפיש האָט מען זיי געהאַלטען אינפאָרמירען וועגען די אָפּטע ענדערונגען און ענדליך האָבען זיי באַשלאָסען זיך אָפּצושטעלען אין שיקאַגאָ, און פּרובירען דאָרטען זייער מזל.

אין שיקאַגאָ האָבען זיי אָנגעטראָפען אַ סיטואַציע, וואָס איז געווען עהנליך צו דער לאַגע אין מיניאַפּאָליס און אין מילוואָקי. וויליאַם העיל טהאָמפּסאָן, דער מעיאָר פון שטאָדט, האָט געהאַט אָנגענומען אַ ליבעראַלע פּאָליסי פון טאָלעראַנץ אין דער צייט פון דער מלחמה, און ס'איז געווען כמעט ווי זיכער, אַז ער וועט ער־לויבען דעם קאונסיל אָפּצוהאַלטען די קאָנווענשאָן. גאָווערנאָר לאָודען פון איליגאָי איז אָבער געווען אַ צורייצטער מלחמה־„פּאַ־

טריאָט", און ס'איז געווען פונקט אַזוי זיכער, אַז ער וועט פאַרבאָטען די קאָנווענשאָן, אויב ער וועט נאָר קענען.

די דעלעגאַטען האָבען באַשלאָסען צו מאַכען אַ פאַרזוך. די וועסט סאַיד אָדיטאָריום איז שנעל אָפּגעדונגען געוואָרען און די קאָנווענשאָן איז געעפענט געוואָרען דעם 1טען סעפּטעמבער, צעהן אַזייגער אין דער פריה, פּונקט ווי עס איז געווען אַנאָנסירט. אָבער איידער די קאָנווענשאָן האָט נאָר באַוויזען צו אָרגאַניזירען זיך אויף אַ וועלכען עס איז אופן, איז זי צוטריבען געוואָרען פון דער פּאָליציי.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מעיאָר טהאָמפּסאָן איז צופעליג ניט געווען אין שטאָדט יענעם טאָג, און דער גאָווערנאָר, האַנד-לענדיג איבער דעם מעיאָר'ס קאָפּ, האָט באַפוילען דעם הויפּט פון דער פּאָליציי צו אונטערדריקען די פאַרזאַמלונג.

דר. מאַגנעס און איך זיינען געווען אין ניו יאָרק צו האַלטען די וואַנדערענדיגע דעלעגאַטען אינפאָרמירט וואוהין זיי זאָלען פאָהרען. מיר האָבען גענומען אַ שפּעטערדיגען צוג און מיר זיינען אָנגעקומען קיין שיקאַגאָ דעם צווייטען סעפּטעמבער אין דער פריה.

ס'איז נישט געווען קיין לייכטע אַרבייט צו שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט די דעלעגאַטען, וואָס זיינען געווען צוזייהט און צושפּרייט. ענדליך איז אונז געלונגען צו געפינען אַ גרופּע פון זיי אין אַ פאַבריק-געביידע אויסער דער שטאָדט. די פאַבריק האָט געהערט צו אַ סימפּאַטיקער, וועלכער האָט אַהין אַריינגעלאָזט דעם קאָונסיל אויף אַ טאָג, וואָס איז גראַד געווען זונטאָג.

דאָרט, אין אַ גרויסען פאַרלאָזענעם פּלאַץ, צווישען מאַשינען און קאַסטענס, האָבען מיר געטראָפען אַ פּאָר צעהנדליג דעלעגאַ-טען, וועלכע האָבען זיך אין געהיים בעראַטען לויט אַלע כללים פון מענשען וואָס פּלאַנעווען אַ פאַרשווערונג. מיר האָבען איבער-גענומען די אָנפיהרונג פון מיטינג און ווען מיר האָבען אויסגעפונען, אַז מעיאָר טהאָמפּסאָן איז שוין צוריקגעקומען אין שטאָדט אַריין, זיינען מיר אַוועק זיך דורכרעדען מיט איהם.

מיר האָבען נישט געהאַט קיין שוועריגקייטען דעם מעיאָר צו געפינען. ער האָט גלייכגילטיג אויסגעהערט אונזערע פּראָטעסטען און אונזערע טענות, און ווען מיר האָבען געענדיגט האָט ער רוהיג געזאָגט: „וואָס אַנבאַלאַנגט מיר, קענט איהר אָפּהאַלטען אייער מי-

טינג און די פּאָליציי וועט אייך ניט שטערען; נאָר דער גאָווערנאָר וועט ווארשיינליך שיקען שטאַאַט מיליטער אין שיקאַגאָ, און דאָס איינציגע מיליטער מיט וועלכען דער גאָווערנאָר קען זיך באַנוצען זיינען אייניגע באַטאַליאָנען נעגערשע סאָלדאַטען פון דער שטאָדט ספּרינגפילד, וועלכע מען האָט נאָך ניט געהאַט באַוויזען ארייננצו־נעמען אין דער מלחמה־ארמיי. ווען מ׳זאָל אפילו אויפ׳ן שטעל זיי ארויסשיקען מיט דער באַהן, קענען זיי נישט אָנקומען קיין שיקאַגאָ פריהער ווי אין אָווענט.

אויף אַזאַ אופן האָבען מיר געהאַט עטליכע שטונדען צייט עפּעס צו טאָן און מיר האָבען באַשלאָסען זיי אויסצונוצען ווי וויית מעגליך.

מיר האָבען באַלד געלאָזט וויסען די דעלעגאַטען, אַז די קאָנווענשאָן וועט זיך פאַרזאַמלען נאָכמיטאָג. און פּונקט צוויי אַזייגער איז די זיצונג געעפענט געוואָרען מיט פיער הונדערט אַנ־טיילנעמער.

אַזוי גיך ווי די פאַרזאַמלונג איז געעפענט געוואָרען, האָט מען אונז געלאָזט וויסען, אַז די ספּרינגפילדער מיליטער איז ארויס־געשיקט געוואָרען געגען אונז, און אין פאַרלויף פון גאַנצען טאָג האָבען מיר באַקומען מעלדונגען וועגען די סאָלדאַטען, וואָס זיינען געקומען אַלץ נעהענטער.

ס׳איז געווען אַ געיעג צווישען דעם מיליטער און די פאַר־האַנדלונגען פון דער קאָנווענשאָן. מיר האָבען געמוזט ארבייטען שנעל. צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען האָב איך דאָ בייגעוואוינט אַ צוזאַמענקונפט פון ראַדיקאַלען, וואָס זיינען גרייט זיך אָפּצוזאָגען פון דיסקוסיעס און זיך נעמען באַלד צו פּראַקטישער ארבייט.

די הויפּט־אויפגאַבע פון דער קאָנווענשאָן איז געווען אָנצו־נעמען אַ שטענדיגע קאָנסטיטוציע אַלס אַ באַזיס פאַר וויטערדי־גער טעטיגקייט. אַ קאָנסטיטוציע קאָמיטע איז דערפאַר אויסגע־קליבען געוואָרען מיט מיר אַלס טשערמאַן און אין דער צייט וואָס מען האָט אונטערהאַלטען די דעלעגאַטען מיט רעדעס פון פלאָר, האָט אונזער קאָמיטע פיבעריש געאַרבייט אין אַ דערבייאיגען צי־מער. מיר האָבען פאַרענדיגט אונזער ארבייט ארום זעקס אַזיי־גער און האָבען באַלד באַריכטעט צו דער קאָנווענשאָן.

איך האָב פאַרגעליייענט די פּונקטען פון דער פאַרגעשלאָגענער קאָנסטיטוציע. נאָך יעדען פּאַראַגראַף האָט עמיצער פון די דע־לעגאַטען געמאַכט אַ פאָרשלאַג מ׳זאָל עס אָננעמען אָהן דעבאַטען און די פאָרשלאַגען זיינען גוטגעהייסטען געוואָרען אויפ׳ן שטעל מיט אַן איינשטימיגען כאָר פון „יעס״. אַרום זיבען אַזייגער האָ־בען מיר שוין געהאַט אָנגענומען די קאָנסטיטוציע און מיר האָבען געשלאָסען די זיצונג. און ס׳איז שוין טאַקע צייט געווען. די אָפּ־טיילונג פון ספרינגפילדער מיליטער איז שוין געווען ווייניגער ווי אַ שטונדע רייזע פון שיקאַגאָ. חוץ דעם האָבען מיר סאַי־ווי געמוזט שליסען די זיצונג, ווייל דער זאַל איז אויף דעם אָווענט געווען פאַר־דונגען אויף אַ חתונה. די חתונה איז געווען אין פולען גאַנג, ווען דאָס מיליטער איז געקומען און האָט אַרומגערינגעלט דעם זאַל, אָנוואַרפענדיג אַ שרעק אויף די אומשולדיגע חתונה־געסט.

די קאָנוועגשאָן האָט זיך געשלאָסען איידער איהר אַרבייט איז געווען פאַרענדיגט. צווישען אַנדערע זאַכען האָט מען אויך געפּלאַנט אַרויסצולאָזען אַן אויפרוף צום אַמעריקאַנער פאָלק און אַרויסצוגעבען אַן ערקלערונג איבער דער שטעלונג און איבער די אויפגאַבען פון דעם קאָונסיל. דאָס אַלץ איז שוין איבערגע־געבען געוואָרען צו אַן עקזעקוטיוו קאָמיטע פון פופצעהן מיטגלידער, וועלכע זיינען אין איילעניש אויסגעוועהלט געוואָרען צום שלוס פון דער זיצונג. די פראַגע איז איצט געווען, צו געפינען אַ פּלאַץ וואו די קאָמיטע זאָל זיך קענען צונויפקומען אין געהיים און זיין געשיצט פון דעם שטאַאַט־מילטער און פון דער פּרעסע.

מיר האָבען באַשלאָסען צו געהן אין אַ פּלאַץ, וואוהין ס׳זאָל נישט איינפאַלען אונז צו געהן זוכען — אין איינעם פון די רייכ־סטע האָטעלען אין שיקאַגאָ. איך האָב דאָרט אָפּגענומען אַ גאַנצען אַפּאַרטמענט אונטער אַ פאַרשטעלטען נאָמען. „גיט מיר אייער בעס־טען און גרעסטען „סוויט״ פון צימערען, — האָב איך געזאָגט, — ווייל איך ערוואַרט אַ גרויסע צאָהל פריינט״.

די פריינט זיינען געווען די מיטגלידער פון דעם קאָונסיל׳ס עקזעקוטיוו קאָמיטע. זיי זיינען באַלד אָנגעקומען און מיר זיינען אויף־געווען אַ גאַנצע נאַכט.

ס׳איז געווען אַ נאַכט פון וואַרימע אונויפהערליכע דיסקוסיעס, וועלכע האָבען באַפרידיגט די אָנטיילנעמער פאַר זייער געצוואונ־

נענעם שווייגען אויף דער קאָנווענשאָן. צווישען די רעדעס האָבען מיר אויך געפונען צייט אָנצושרייבען אונזערע אויפרופען.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה, ווען אונזער ארבייט איז שוין געווען אָפּגעטאָן, און מיר האָבען זיך איינע די אַנדערע באַגריסט מיט אונזער קלוגען איינפאַל אויסצומיידען פּובליסיטי, איז אַ כאַפּטע רעפּאָרטערס אריין אין אונזער געהיימער קוואַרטיר און האָט פאַר־לאַנג נייעס וועגען אונזערע פארשווערערישע פארהאַנדלונגען און מיר האָבען זיי די נייעס גערן געגעבען.

די „פּיפּעל'ס קאונסיל אָוו אַמעריקע פאָר דעמאָקראַסי ענד פּיס" („דער פאָלקס־ראַט פון אַמעריקע פאַר דעמאָקראַטיע און פרי־דען") האָט עקזיסטירט אין אַמעריקע ביז'ן סוף פון דער מלחמה. עטליכע גרויסע עפענטליכע מיטינגען זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען אונטער דעם קאונסיל'ס אויפזיכט אין פארשיידענע טיילען פון לאַנד, אָבער דעם קאונסיל'ס ערפאַהרונג און פארבינדונג מיט דער גרינדונגס־פארזאַמלונג, האָט ענדגילטיג באַוויזען, אַז ס'איז אונ־מעגליך צו אָרגאַניזירען אַ ברייטע פרידענס־פּראָפּאַגאַנדע אין דער צייט פון קריג.

## קאַפּיטעל פיער

# אַ מעיאָר־קאַמפּעין אין ניו יאָרק און די וועלט־מלחמה

דאָס יאָהר 1917 איז פּאָליטיש געווען אַ „ליידיג יאָהר", אָבער לאָקאַלע וואַהלען האָבען דאָך געדאַרפט פאָרקומען אין עטליכע גרויסע שטעדט, צווישען וועלכע עס זיינען אויך געווען ניו יאָרק, שיקאַגאָ, קליוולאַנד און באָפאַלאָ.

אַזוי ווי די מלחמה־צענזור איז געוואָרען אַלץ שטרענגער און שטרענגער, איז באַלד געוואָרען קלאָר, אַז די פּאָליטישע קאַמ־פּעינס וועלען געבען די בעסטע געלעגענהייט פאַר אַ פארהעלטעניס־מעסיג־פרייער דיסקוסיע איבער די מלחמה־פראַגען. די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי איז געווען ענטשלאָסען אויסצונוצען די געלעגענ־הייט ווי ווייט עס וועט נאָר מעגליך זיין.

אין ניויאָרק, וואו די סאָציאַליסטען האָבען נאָמינירט אַ פּאָל־

שטענדיגען שטאָדט־טיקעט, איז יענעם קאמפּיין באַשערט געווען זיך צו פאַרוואַנדלען אין איינער פון די דראַמאַטישסטע און פאַר־בענרייכסטע פּאָליטישע שלאַכטען אין דער געשיכטע פון אַמע־ריקאַנער שטעדט. די טיפע וויכטיגקייט פון יענע וואַהלען און די אויסערגעוועהנליכע אומשטענדען אונטער וועלכע דער קאַמף איז פאָרגעקומען האָבען צוגעצויגען דעם אינטערעס פון גאַנצען לאַנד.

ס'איז געווען אַ קאַמף צווישען 4 צדדים: די רעפאָרמערס, וואָס זיינען דאַן געווען ביי דער מאַכט און די רעגולערע אָרגאַני־זאַציעס פון די רעפּובּליקאַנישע, דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

דער מעיאָר איז דאַן געווען דזשאָהן פּוראָי מיטשעל, אַן אונ־אַבהענגיגער דעמאָקראַט, וועלכער איז מיט פיער יאָהר צוריק ער־וועהלט געוואָרען אויף אַ „פיוזשאָן"־טיקעט מיט דער שטיצע פון דער רעפּובּליקאַנער פּאַרטיי און פון אַ גרופּע אומפּאַרטייאישע רעפאָרמערס. ער איז דאַן ערוועהלט געוואָרען מיט אַ גאַנץ היבשער מעהרהייט, אַ דאַנק איינער פון יענע כוואַליעס פון נאָבעלער ענטוזיאַס־טונג, וואָס רייסען איינמאָל אין פילע יאָהרען איבער די איינטאָ־ניגקייט פון טעמעני'ס הערשאַפט. אַליין יונג, ענערגיש און פעהיג, האָט דזשאָהן פּוראָי מיטשעל געגעבען דער שטאָדט אַן אידעאַלע ביזנעס־אַדמינסטראַציע — אַנשטענדיג, שפּאָרעווריג, אונפּערזענליך און קאַלט. די ביזנעסלייט און די פּראָפעסיאָנעלע רעפאָרמערס האָבען איהם פאַרגעטערט און ער איז וואַרים געשטיצט געוואָרען פון די מעכטיגסטע ניו יאָרקער צייטונגען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען די „טאַימז", „טריביון", „העראַלד" און „סאָן".

אַלע האָבען ערוואַרט, אַז די רעפּובּליקאַנער פּאַרטיי זאָל ווי־דער נאָמינירען מיטשעל'ן. די פּאַרטיי איז געווען דער רוקען־ביין פון דער אָרגאַניזירטער פּאָליטישער שטיצע, וואָס ער האָט געהאַט אין 1913 און אויך דאָסמאָל האָט די פּאַרטיי אָרגאַניזאַציע איהם אָפיציעל אויסגעקליבען. די פּריימערי־וואַהלען האָבען אָבער אי־בערגעקערט די פּלענער פון די רעפּובּליקאַנער פיהרער מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף.

אונטער די וואַהל־געזעצען פון ניו יאָרק, ווערען קאַנדידאַטען פאַר שטאָדט־אַמטען נאָמינירט דורך אָפיציעלע פּאַרטיי־פּריימעריס. די פּאַרטיי אַלס אַזעלכע גיט אָן די נעמען פון איהר אויסוואַהל פאַר

יעדען אמט, אָבער גרופּעס איינגעשריבענע וועהלער קענען נאָמי־נירען גאָר אנדערע. געוועהנליך זיינען פּריימערים נישט מעהר ווי א פאָרמאַליטעט, און די וואָס ווערען ארויסגעשטעלט פון דער פּאַרטיי ווערען די אנערקענטע קאנדידאַטען.

אין דעם פאַל, האָט איינער א לאָיער און א געוועזענער סטייט־סענאטאר, וויליאם פ. בענעט, זיך אליין נאָמינירט פאר די רעפּוב־ליקאנער פּריימערים אלס אָפּאָזיציע צו דזשאהן פּוראָי מיטשעל ער האָט געפּאָדערט, אז די וועהלער זאָלען פאר איהם אָפּגעבען זייערע שטימען הויפּטזעכליך דערפאַר וואָס ער איז געווען א „רע־גולער" רעפּובליקאנער און מעיאָר מיטשעל איז געווען א דעמאָקראַט. קיינער האָט בענעט'ס קאנדידאַטור נישט גענומען ערנסט און מיטשעל'ס צד האָט געמאַכט זעהר ווייניג אָנשטרענגונג איהם צו באַקעמפּפען. אָבער ווען די שטימען זיינען איבערגעצעהלט געוואָרען האָט זיך אַרויסגעוויזען, אז ער איז „געלאָפען" שיעור נישט אזוי שטארק ווי מיטשעל. דאָס איז געווען די ערשטע איבערראַשונג אין א קאמפּעין, וואָס האָט זיך דערנאָך אויסגעצייכענט מיט אַלער־ליי אונערוואַרטעטע ענטוויקלונגען און איבערראַשונגען.

דערביי האָט זיך עס אבער נישט געענדיגט. באַלד נאָכדעם ווי דער רעזולטאַט פון די רעפּובליקאנער פּריימערים איז אָנאָנסירט געוואָרען, האָט בענעט געמאַכט א געוואַלד, אז מען האָט איהם באַשווינדעלט און ער האָט געפּאָדערט, אז די שטימען זאָלען אויף דאָס ניי איבערגעצעהלט ווערען. מיטשעל האָט געהאַנדעלט ווי א דזשענטעלמאַן און האָט אונטערשטיצט זיין פאָדערונג. די שטימ־צעטלאַך זיינען איבערגעצעהלט געוואָרען אויף דאָס ניי און בענעט האָט באַקומען א מעהרהייט איבער מיטשעל'ן.

וויליאם פ. בענעט איז אזוי־ארום געוואָרען דער אָפּיציעלער קאנדידאַט פון דער רעפּובליקאנער פאַרטיי געגען דעם ווילען און אָהן דער שטיצע פון דער פּאַרטיי־מאַשין. מיטשעל איז אין קאמ־פּעין געבליבען אלס אַן „אונאָפּהענגיגער" קאנדידאַט.

די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט נאָמינירט איינעם א דזשאָהן פ. האַילען, א ריכטער אין א לאָקאַלען געריכט אין ברוקלין און א מענש פון נעבעלדיג־ראַדיקאַלע פּאָליטישע נייגונגען. ריכטער האַילען איז געווען א פאַרבלאָזטע פיגור. אפילו אין זיין אייגענער פּאַרטיי איז ער נישט געווען פּראָמינענט און דער גרויסער עולם

ניו יאָרקער בירגער האָבען כמעט אינגאַנצען פון איהם נישט גע־וואוסט.

זיין נאָמינאַציע איז אַרויסגעצוואונגען געוואָרען אויף דער דעמאָקראַטישער פּאָליטישער מאַשין פון דעם צייטונגס־אַרויסגע־בער ווילאַם רענדאָלף הוירסט.

איך בין נאָמינירט געוואָרען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און איך האָב די נאָמינאַציע אָנגענומען אָהן שום אילוזיעס וועגען מיינע שאַנסען ערוועהלט צו ווערען.

אין די וואַהלען פון 1913 איז דער סאָציאַליסטישער קאַנדידאַט פאַר מעיאָר געווען טשאַרלס עדוואַרד ראַסעל, א באַוואוסטער שריי־בער און א גלענצענדער רעדנער, און ער האָט אָנגעפיהרט אַן ענערגישען קאַמפּעין. ער האָט געצויגען עטוואָס מעהר ווי 32 טוי־זענט שטימען, וואָס האָט באַטראָפען אַרום 5 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָהל שטימען, וואָס איז דאַן אָפּגעגעבען געוואָרען פאַר מעיאָר.

ראָסעל האָט געהאַט אָפּגעבראָכען זיינע פאַרבינדונגען מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איבער דער שטעלונג צו דער מלחמה און ער האָט אַקטיוו געשטיצט מעיאָר מיטשעל פאַר ווידערער־וועהלונג. מיט איהם, אין זיין טעטיגקייט פאַר מיטשעל'ן, זיינען געווען פאַרבונדען עטליכע געוועזענע סאָציאַליסטישע פיהרער, מעהרסטענס פון דער „אינטעליגענציע", וועלכע האָבען אויך גע־האָט געאַרבייט מיט איהם אין דעם קאַמפּעין פון 1913.

איך האָב ערוואַרט „אַ גוטען וואוט" אין פאַרגלייך מיט דער צאָהל שטימען וואָס סאָציאַליסטען האָבען פריהער געצויגען. איך האָב אָבער נישט ערוואַרט, אַז דער קאַמפּעין זאָל פאָדערען אַ גרע־סערע אָנשטרענגונג און זאָל פאַראורזאַכען מעהר סענזאַציעס ווי אַן אַנדער געוועהנליכער פּראָפּאַגאַנדע־קאַמפּעין פון מיין פּאַרטיי. וועגען דעם פּונקט האָט די אָפּשאַצונג פון מיינע געגנער פּאָלשטענ־דיג געשטימט מיט מיינער און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מיר האָבען אַלע געהאַט אַ טעות אין חשבון.

כמעט פון סאַמע אָנפאַנג אָן איז קלאָר געוואָרען, אַז דער סאָ־ציאַליסטישער קאַמפּעין האָט אָנגעצונדען אַ פייער. דער קאַמפּעין איז אָנגעפיהרט געוואָרען לויט דעם געוועהנליכען סאָציאַליסטישען פּראָגראַם צו רעפאָרמירען די שטאָדט־רעגירונג. דאָס איז געוואָרען

זעהר א וויכטיגע פראגע צוליב דער אלץ־שטייגענדיגער יקרות אויף לעבענס־מיטלען. אין פארלויף פון קאמפעין אבער זיינען די סאָציאלע און עקאנאמישע פונקטען פון אונזער פראָגראם פארטונקעלט געוואָרען דורך דער פראגע, וואס האָט פארנומען דעם אויבען־אן אין די געדאנקען פון דער באפעלקערונג — די אומגעהייערע פראגע פון קריג און פרידען.

אין דער רעדע וואס איך האָב געהאלטען ווען איך האָב אָנגענומען די נאָמינאציע האָב איך אויף דעם פאָלגענדען שטייגער גערעדט וועגען דער שייכות פון אונזער קאמפעין צו מלחמה־פראָבלעמען:

„מיר זיינען פאר פרידען. מיר זיינען ענטשיידען געגען אויס׳הרג׳ענען אונזערע מענער און געגען פארשווענדען אונזערע רייכטימער אין דער משונה׳דיגער יאָגעניש נאָך עפּעס אן אונפארשטענדליכער דעמאָקראטיע; א יאָגעניש נאָך דעמאָקראטיע, וואס ווערט געשטיצט פון אזעלכע קלאסען מענשען ועלכע האלטען אין איין בארויבען און פלינדערען געוועהנליך דאס אמעריקאנער פאָלק; א יאָגעניש נאָך דעמאָקראטיע, וואס הויבט זיך אן מיט אונטערדריקען פרייע רעדע, פרעסע און פארזאמלונגען און מיט דערשטיקען בארעכטיגטע פאָליטישע קריטיק.

„ניט מלחמה און טעראָריזם, נאָר סאָציאליזם און סאָציאלע גערעכטיגקייט וועט מאכען די וועלט זיכער פאר דעמאָקראטיע.

„אין די לעצטע דריי יאָהר זיינען אלע באוועגונגען פאר סאָציאלען פראָגרעס און פאר א מענשליכערען לעבען אפּגעשטעלט געוואָרען דורך א וואהנזיניגער וואקכאנאליע פון רואינע און פארניכטונג.

„די קאפּיטאליסטישע סיסטעם פון אינדוסטריעלער און קאָמערציעלער יאָגעניש נאָך פּראָפיטען, די סיסטעם פון עקספּלואטאציע, האס און אינטריגע, די קאפּיטאליסטישע סיסטעם מיט איהרע קייזערס אויף די טראָנען, אין די פאבריקען און די באנקען פון אלע לענדער, די סיסטעם האָט געבראכט די מלחמה אויף דער וועלט".

אפּשילדערענדיג, ווי די מלחמה האָט שוין אויסגעמאטערט די ארבייטער אין די עלאָיס־לענדער און דעם טריאומף פון פּאָליטישער דעמאָקראטיע אין רוסלאנד, האָב איך פאָרטגעזעצט:

„די אַרבייטער און די סאָציאַליסטען פון דייטשלאַנד הויבען אויך אָן ציינען סימנים פון רעוואָלט געגען זייער קייזער און זייערע יונקערס, געגען זייערע מלחמה־מאַכערס און געלט־באַראָנען. זיי הויבען אָן צו באַגרייפען, אַז מען האָט זיי אָפּגענאַרט, פאַרראַטען און געפיהרט ווי אָקסען צו דער שחיטה. זיי פאָדערן, אַז עס זאָל מעהר קיין רייד נישט זיין וועגען וועלט־הערשאַפט און עראָבערונג. דער טריאומף פון דייטשער דעמאָקראַטיע איז נאָר אַ פראַגע פון אַ קורצער צייט. די מערדערליכע קייזערליכע פאַמיליעס, די האָהענצאָ־לערנס און האַפּסבורגס, זיינען פאַראורטיילט צו האָבען דעם זעלבען סוף ווי די בלוט־דורשטיגע ראָמאַנאָווס.

„אין דעם היסטאָרישען פראָצעס פון וועלט־באַנייאונג מוזען און ווע לען די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען שפּילען זייער ראָלע. ווייל טראָץ די געוואַלדען פון די זעלבסט־געזאַלבטע פּאַטריאָטען פון אונזער פּרעסע און פון אונזערע רעדנער פּלאַטפאָרמעס, ווייל דאָס פאָלק פון אַמעריקע דאָס זעלבע וואָס עס ווילען די פעלקער פון אייראָפּע — פרידען. פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען האָט בלויז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אַליין דעם מוט אויסצודריקען דעם דאָזיגען פאַרלאַנג פון פאָלק אָפען, שטאַרק און מעהר ווי דאָס — קעמפעריש.

„און אָט אין דעם ליגט די אויסערגעוועהנליכע באַדייטונג פון אונזער קאַמפּעין. דער שטאָדטישער קאַמפּעין איז דער איינ־ציגער גרויסער פּאָליטישער קאַמף זינט מיר זיינען אַריין אין דער מלחמה. די וואַהלען גיבען דער באַפעלקערונג די ערשטע אמת'ע געלעגענהייט אַרויסצוזאָגען זיך וועגען קריג און פרידען. אויף דעם אורטייל פון די בירגער פון ניו יאָרק וואַרט מיט גרויס אינטערעס די באַפעלקערונג פון גאַנצען לאַנד און נאָכמעהר — מיר קענען זאָגען אָהן איבערטרייבונג — די באַפעלקערונג פון דער גאַנצער וועלט. דער „אורטייל" וועט זיך אויסדריקען אין דער צאָהל שטי־מען וואָס וועט אָפּגעגעבען ווערען פאַר דעם סאָציאַליסטישען טיקעט. יעדע שטימע וועט זיין פון גרויס געוויכט, ווייל עס וועט זיין אַ שטימע נישט נאָר פאַר די אַרבייטער און פאַר'ן פאָלק, פאַר רעכט און פאַר פרייהייט, נאָר אויך אַן ענטשיידענע שטימע פאַר דעמאָ־קראַטיע און פרידען".

דער ראַטיפיקיישאָן־מיטינג, אויף וועלכען די רעדע איז געהאַלטען געוואָרען, איז געווען אַן איבערראַשונג סאַי פאַר די סאָציאַליסטען, סאַי פאַר זייערע געגנער. דער מיטינג איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין דעם אַלטען מעדיסאָן סקווער גאַרדען, וואָס איז דאַן געווען דער גרעסטער זאַל אין שטאָדט און האָט אריינגענומען צוועלף טויזענט מענשען. חוץ דעם האָבען פילע טויזענטער מענשען געמוזט אַוועק אוים מאַנגעל אין פּלאַץ. דער ענטוזיאַזם און דער ברען פון די פארזאמעלטע מענער און פרויען איז געווען אומבאַשרייבליך. יעדעס וואָרט וועגען פרידען איז באַגריסט געוואָרען מיט דונער־אַפּלאָוז און מיט באַגייסטערטע אויסגעשרייען. יעדע דעמאָנסטראַציע האָט דערמאָנט גיכער אַ צוזאַמענקונפט וואָס ברענט מיט געוואַלדיגער רעליגיעזער התלהבות, ווי אַ פּאָליטישער קאַמפּעין־מיטינג.

די סאָציאַליסטען זיינען נישט געווען די איינציגע אַרויסצורוקען די מלחמה־פראַגע צום פאָדערגרונד אין דעם שטאָדטישען קאַמפּעין. מעיאָר מיטשעל און זיינע קאַמפּעין־מענעדזשערם האָבען זיך שנעל געכאַפּט, אַז די פראַגע איז אַן אומפאַרמיידליכע און זיי האָבען גענומען אַ קלאָרע און באַשטימטע שטעלונג צו איהר.

מיטשעל איז געווען פאַר מלחמה ביז צום ביטערען סוף. ער האָט אָהן שום פראַגען געשטיצט די האַנדלונגען פון דער רעגירונג. ער האָט געקעמפּט פאַר זיי. פון אָנהויב ביז'ן סוף איז ביי איהם „אַמעריקאַניזם" געווען איינע פון די הויפּט־אישוס אין דעם קאַמפּעין. ער האָט זיך דערביי ערקלערט פאַר דעם איינציגען אמת'ן פּאַטריאָט צווישען די קאַנדידאַטען פאַר מעיאָר. „פּאַטריאָטיש" און „אַמעריקאַניש" איז ביי איהם געווען נאָר דער, וועלכער האָט אָהן שום טענות אָנגענומען אַלץ, וואָס איז געקומען פון וואַשינגטאָן אין פאַרבינדונג מיט דער אָנפיהרונג פון קריג. יעדע קריטיק איבער די מלחמה־מעטאָדען אָדער דעם פרידענס־פּראָגראַם פון דער רעגירונג איז ביי איהם געווען איינפאַך פאַרראַט.

אום גערעכט צו זיין צו מיטשעל'ן מוז מען זאָגען, אַז ער איז געווען דירעקט און אונקאָמפּראָמיסליך אין זיינע מיינונגען און אַז ער איז געבליבען טריי זיינע פּרינציפּען דורך דער גאַנצער צייט פון קאַמפּעין. דער אונטערשייד צווישען איהם און מיר איז געווען קלאָר ווי דער טאָג.

מיט אזא פּאָליטישער אָפּענהערציגקייט האָט זיך אָבער נישט אויסגעצייכענט דער דעמאָקראַטישער קאַנדידאַט האַילען. דער מר. האַילען איז געווען הוירסט'ס א מענש און וויליאם רענדאָלף הוירסט איז אָפט באַשולדיגט געוואָרען אין פּראָ־דייטשישקייט, אין האַס צו ענגלאַנד און אין נישט־געגוג־וואָרים שטיצען די מלחמה.

אויסער דעם האָבען די פיהרער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי געצווייפעלט, צי די מלחמה איז פּאָפּולער ביי די ניו יאָרקער וועהלער. זיי האָבען דערפאַר געהאַלטען פאַר געזינטער צו שווייגען וועגען דער פראַגע. דזשאָהן פ. האַילען איז געווען א אידעאַלער קאַנדידאַט פאַר א שווייגענדיגען קאַמפּעין. אָהן טאַלאַנט פאַר א פּאָליטישען רעדנער און בלויז עטוואָס פאַראינטערעסירט אין דיס־קוטירען פּראַקטישע פּראָבלעמען פון שטאָדט־פאַרוואַלטונג, האָט ער זיך גערן פאַרלאָזט אויף די געוועהנליכע קאָלירלאָזע אָבער טיכטיגע קאַמפּעין־מעטאָדען פון זיין אָרגאַניזאַציע טעמעני האָל.

ער האָט געהאַלטען ווייניג רעדעס און די רעדעס וואָס ער האָט שוין געהאַלטען האָט ער אימער געלייענט פון מאַנוסקריפּטען, וואָס זיינען פריהער פּאָרזיכטיג אויסגעבעסערט און צענזורירט געוואָרען. ער האָט זיך אָפּגעגעבען בלויז מיט קריטיקרען מעיאָר מיטשעל'ס אדמיניסטראַציע און מיט נעבעלדיגע רייד געגען די רייכע פּאָלקס־פיינד. ער האָט באַשולדיגט מיטשעל'ן אין אויסנוצען דעם אמעריקאַנער פלאַג צו באַהאַלטען די זינד פון זיין אדמיניסט־ראַציע. האַילען איז אָבער געווען פּאָרזיכטיג נישט צו דערמאָנען מיט קיין איין וואָרט זיין אייגענע שטעלונג צו דער מלחמה טראָץ דעם וואָס סאַי מיטשעל סאַי איך האָבען איהם געהאַלטען אין איין אויפפאָדערען, אז ער זאָל באַקאַנט מאַכען זיין שטאַנדפּונקט.

ביים שלוס פון קאַמפּעין, ווען די צייטונגען האָבען שוין גע־האַט צובלאָזען ווי א פייער די אישום פון „אַמעריקאַניזם" און „פּאַטריאָטיזם" און אָלע פּאָליטישע לאַגערען זיינען געווען פּאַראַ־ליזירט פון שרעק איבער דער וואַקסענדער פּאָפּולאַריטעט פון די סאָציאַליסטען, האָט די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אויף שנעל צוגע־גרייט א קאַמפּעין־דאָקומענט, וועלכער איז געווען דער ערשטער פּאַרזוך קלאָר צו מאַכען האַילען'ס שטעלונג.

די קאַמפּעין־ערקלערונג, וואָס טעמעני האָט אויסגעאַרבייט, האָט זיך ווייניג באַשעפטיגט מיט מעיאָר מיטשעל. מען האָט איהם

אַפּגעָ׳פּטר׳ט מיט אַן אויסצוג פון אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר דעם סטייט סופרים קאָורט ריכטער קראַפּסי. „די פּערזאָן, וואָס באַהאַלט זיך אונטער׳ן פּאַטריאָטיזם, איז אין האַרצען אַ פייגלינג״, איז געווען דער אויסצוג. די הויפּט־אַטאַקע איז געווען געריכטעט געגען מיין קאַנדידאַטור.

„דערלאָזט נישט, אַז הילקוויט זאָל ערוועהלט ווערען פאַר מעיאָר, — האָט די ערקלערונג געוואָרענט מיט גרויסע בוכשטאַבען, „ווייל —

„ער איז געגען די מלחמה־פּלענער פון זיין לאַנד.

„ער רעדט פון פרידען, ווען ס׳איז נישטאָ קיין פרידען.

„ער זוכט צו קריגען די שטיצע פון יענע, וואָס זיינען נישט איינפאַרשטאַנען מיט דעם לאַנד׳ס האַנדלונגען אין דער צייט וואָס דאָס לאַנד לעבט איבער אַ קריזיס.

„זיינע אידעאַליסטישע פּלענער וואָלטען פאַרגרעסערט און נישט פאַרקלענערט די איצטיגע אונערטרעגליכע לאַסט פון שטייערען.

„יעדער פּראַקטישער פּלאַן פון פאַרבעסערונג, אין וועלכען די סאָציאַליסטען גלויבען, איז שוין איצט אַ טייל פון דעמאָקראַטישען פּראָגראַם.

„ער גלויבט, אַז די שטאָדט זאָל איבערנעמען און אַליין אָנפיהרען די „פּאָבליק יוטיליטיס״, נאָר דורכפיהרען דאָס קען ניט הילקוויט, נאָר האַילען, וועלכער וועט ערוועהלט ווערען. פאַרוואָס זאָל אפילו אַ סאָציאַליסט אָפּגעבען זיין שטימע פאַר איינעם, וואָס האָט ניט קיין שאַנס ערוועהלט צו ווערען, ווען ער קען שטימען פאַר אַן אַנדערען, וועלכער וועט זיין אימשטאַנד צו פאַרווירקליכען דעם שכל׳דיגען און פּראַקטישען טייל פון דעם סאָציאַליסטישען פּראָגראַם״.

און צום שלום — אַלס דער לעצטער שאַס — די פאָלגענדע טיפזיניגע באַמערקונג :

„ער וועט ניט קענען צווינגען די פוילענצער און די אונפעהיגע בייצוטראָגען דעם טייל אַרבייט אָדער רעגירונגס־דינסט, וואָס פון זיי קומט.

„ער קען ניט איבערצייגען דאָס פאָלק, אַז יעדער איינער איז בארעכטיגט צו קריגען אַ גלייכען טייל פון דעם לאַנד׳ס בענעפיט,

אָפּגעזעהן דערפון, צי יענער האָט עפּעס בייגעטראָגען צום לאַנד, אָדער ניט".

די „פּרוף", אָדער קאַרעקטור פון דעם ליטעראַרישען פּערל, האָט מיר צוגעשיקט אַ סימפּאַטיקער, וועלכער איז געווען אַן אי־נעווענייגסטער מענש באַ זיי, אָבער דער דאָקומענט אליין האָט קיינ־מאָל נישט דערזעהן די ליכטיגע שיין. נאָך אַן איבערגעאייַלטען שריט אין אַ מאָמענט פון שרעק, האָבען זיך די טעמעני־לייט גע־לאָזט בעאיינפלוסען פון קליגערע ראַטגעבער, און דאָס מערקוויר־דיגע קאַמפּעין מייסטערווערק איז שטילערהייד אונטערדריקט גע־וואָרען.

צוליב דער אונזיכערקייט וואָס האָט דאַן געהערשט אין די קעפּ פון עולם, איז נישט געווען ראַטזאַם טיילווייז אָנצונעמען דאָס סאָציאַליסטישע פּראָגראַם, פּונקט ווי ס'איז געווען נישט ראַטזאַם דורכאויס ארויסצוקומען פאַר מלחמה.

ערשט ווען די שטימען זיינען איבערגעצעהלט געוואָרען און האַילען איז שוין געווען זיכער, אַז ער איז ערוועהלט, האָט ער איינגעזעהן פאַר פּאַסיג צו פּראָקלאַמירען זיין „פּאָלשטענדיגען אַמע־ריקאַניזם און זיין לאָיאַלע שטיצע צו דער רעגירונג אין דער מלחמה". היטען זיך די פּעל איז אימער געווען דער פּאָליטישער פּרינציפּ פון די טעמעני־העלדן.

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם מר. בענעט, האָט ער פּאַקטיש גאָר קיין קאַמפּעין נישט אָנגעפיהרט. ער האָט הינטער זיך נישט געהאַט קיין אָרגאַניזאַציע, נישט קיין פּראָגראַם, און ער האָט זיך געמוזט פּאַרלאָזען אויף דעם סאָרט „רעגעלע" רעפּובליקאַנער שטימען, וואָס קיין אַנדערער האָט נישט געקענט צונעמען.

דער אַקטיווער קאַמפּעין־קאַמף איז הויפּטזעכליך פּאָרגעקומען צווישען די סאָציאַליסטען און די פיוזשאָן־עלעמענטען.

די דאָזיגע סיטואַציע האָט מיך באַוואויגען צו מאַכען אַן עטוואָס־שפּאַסיגע באַמערקונג אין מיינער אַ קאַמפּעין־רעדע, אַז איך בין דער איינציגער פּאָלשטענדיגער קאַנדידאַט פאַר מעיאָר. „יע־דען איינעם פון די אַנדערע פעהלט עפּעס", האָב איך ארגומענ־טירט. — „דער מר. בענעט איז אַ קאַנדידאַט מיט אַ פּאַרטיי, אָבער אָהן אַ פּראָגראַם; דער מר. מיטשעל איז אַ קאַנדידאַט מיט אַ פּראָגראַם, אָבער אָהן אַ פּאַרטיי; ריכטער האַילען האָט ביידע —

אי אַ פּאַרטיי, אי אַ פּראָגראַם, אָבער ער איז אַ שוויינער. איך אָבער האָב אי אַ פּאַרטיי, אי אַ פּראָגראַם, אי איך האָב אַ סך זאַכען צו זאָגען".

ביי אַן אַנדער געלעגענהייט, ווען איך האָב גערעדט אין אַ טעאַטער נאָכ'ן שלום פון אַ פּיעסע, האָב איך פאַרגליכען אונ־זער קאַמפּעין צו דער פּאָרשטעלונג אויף דער ביהנע:

„אין מעיאָר מיטשעל האָבען מיר אונזער אַלט־באַקאַנטען העלד פון דער ביהנע" — האָב איך געזאָגט. „אויב איהר גלויבט מיר נישט, קוקט זיך איין אין די פּאָסטערס אויף די גאַסען. מיר האָבען אויך דאָס באַ'גזל'טע שעפּעלע, ביי וועלכען מ'האָט שיער ניט צוגערויבט די נאָמינאַציע — דאָס איז מר. בענעט. מיר האָבען אויך דעם אַקטיאָר, וואָס איז אויף דער ביהנע, נאָר קיין ווערטער צו ריידען זיינען נישטאָ אין זיין ראָלע. וואָס אָנ־באַלאַנגט מיך אַליין, בין איך דער אינטריגאַנט פון דער פּיעסע, דער מענש, וואָס וועט אַנטלויפען מיט דער שטאָט אַזוי שנעל ווי ער וועט ערוועהלט ווערען, דער סאָציאַליסט, פּאַסיפיסט און שותף פון קייזער".

אָבער ס'איז נישט אינגאַנצען געווען צום שפּאַסען און זיך אונטערהאַלטען.

וואָס מעהר דער קאַמפּעין האָט זיך דערוואַרימט, אַלץ מעהר אָנשטרענגונג האָט זיך געפאָדערט. אין די לעצטע וואָכען פאַר די וואַהלען האָב איך אַדרעסירט צו עטליכע מיטינגען יעדע נאַכט, און מיט יעדען טאָג זיינען די מיטינגען אַלץ געוואַקסען אין גרויס און אין באַגייסטערונג. אין פיר־און־צוואַנציג שטונדען צייט האָט איין מעלדונג צונויפגעבראַכט אַ פאַרזאַמלונג, וואָס האָט אָנגע־פּאַקט אַ זאַל און די אַרומיגע גאַסען אין יעדען טייל פון שטאָט.

אין אַ געוויסען אָוועגט האָב איך געדאַרפט רעדען ביי דריי מיטינגען אויף דער איסט סאַיד, דאַון טאַון. קיין שום דעמאָנ־סטראַציע איז נישט געפּלאַנט געוואָרען, אָבער אַ ריזיגער פּאַראַד האָט זיך געשאַפען פון זיך אַליין. ס'האָט אויסגעזעהן ווי די גאַנ־צע איסט סאַיד וואָלט געווען אויף די פיס און דריי שטונדען נאָכאַנאַנד האָבען פילע טויזענטער און טויזענטער מענער און פרויען געשטראָמט איבער לאַנגע שטרעקעס אויף די גאַסען פאַר דעם אָטאָמאָביל אין וועלכען איך בין געפאָהרען מיט אַ געצוואונ־

גענער פּאָמעליכקייט פון איין מיטינג־זאַל צום צווייטען. זיי האָבען געזונגען און געשריען און אַפּלאָדירט, און זייער צאָהל האָט געהאַלטען אין איין וואַקסען און וואַקסען. דאָס איז געווען אַ ריהרענדע סצענע, וואָס מען קען קיינמאָל נישט פאַרגעסען.

דידאָזיגע דעמאָנסטראַציעס פון שטאַרקייט האָבען אָנגעוואָרפען אַ ווילדע מורא אויף די געגנערישע פּאָליטישע לאַגערען. די מורא איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַן אמת'ער פּאַניק, ווען עטליכע פּראָבע־אָפּשטימונגען, וואָס צייטונגען האָבען דורכגעפיהרט — באַזונדערס די „ניו יאָרק העראָלד" — האָבען געצייגט, אַז דער איינפלוס פון מיין צד ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער.

טשאַרלז פ. מוירפי, דער דורכגעטריבענער טעמעני פּאָליטישען, האָט אָנאָנסירט אַז אַ גרינדליכע אויספאָרשונג, וואָס זיין אָרגאַניזיע האָט דורכגעפיהרט, צייגט, אַז איך וועל „לויפען" דער צווייטער צו האַילען'ען.

„דער קאַמף איז צווישען האַילען און הילקוויט" — האָט מוירפי פאַרזיכערט.

דער פיוזשאָן־צד האָט זיך נישט געלאָזט קריוודען און האָט אָנאָנסירט, אַז דער קאַמף איז „צווישען מיטשעל און הילקוויט". די צייטונגען זיינען געוואָרען אויפגעבראַכט און האָבען גענומען אָנשטעלען זייערע קאַנאָנען געגען מיין קאַנדידאַטור. זייער געגנערשאַפט צו מיר איז געווען אַ שטאַרקע, קריגערישע, און זייערע אַטאַקעס זיינען געווען פול מיט באַליידיגונגען. ביסלעכווייז האָט זיך די גאַנצע פרעסע פון לאַנד אָנגעשלאָסען אָן דעם קאַמף, דורך שילדערען די שרעק פון אַלע „גוט־מיינענדיגע" בירגער אין שפּאַנענדע באַריכטען פון קאַמפּעין און אין דונערדיגע לייט־אַרטיקלען.

אַז דער קאַמפּעין האָט שוין געהאַלטען גאָר נאָהענט צום שליסען זיך, און די אישום זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרען מיט מעהר שאַרפקייט, זיינען שוין די אַטאַקעס געוואָרען גיפטיג און הפקר'דיג.

אין דעם ענטוזיאַזם פון איינעם פון מיינע קאַמפּעין מיטינגען האָב איך ערקלעהרט, אַז „אַ סאָציאַליסטישער זיג אין די ניו יאָרקער שטאָט־וואַהלען וועט זיין אַ קלאָרער מאַנדאַט (באַפעהל) פון פאָלק, אַז אונזער רעגירונג זאָל באַלד אָנפאַנגען פאַרהאַנדלען פאַר אַן אַלגעמיינעם פרידען".

איך בין געווען פאַרזיכטיג צו ערקלערען, אַז „מיר זיינען נישט פּאַר אַ באַזונדערען פרידען, וואָס זאָל ראַטעווען אונזער פעל און לאָזען די פעלקער פון אייראָפּע, אַז זיי זאָלען זיך אָפּדרעהען זייערע אייגענע קעפּ. מיר ווילען אַן אַלגעמיינעם אַן שטענדיגען פרידען, וואָס זאָל ברענגען פאַרלייכטערונג און זיין אַ ברכה פאַר אַלע פעלקער פון אַלע לענדער, וואָס זיינען פאַרוויקעלט אין דער וואהנזיניגער און אַלץ־פאַרניכטענדער מלחמה".

די פיינדליכע ציישונגען האָבען זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם וואָרט „מאַנדאַט" און האָבען דאָס פייערדיג פאַרדאַמט ווי אַן אויסדרוק פון הויך־פאַרראַט. אַ פּאַטריאָטישער ניו יאָרקער לאָיער האָט באַלד טעלעגראַפירט צו פּרעזידענט ווילסאָן און געפאָדערט, אַז איך זאָל באַלד ארעסטירט ווערען. מיין „מאַנדאַט" האָט פון דאַן אָן געדינט אלס אונערשעפּליכער קוואַל פון גאַליגע קאַמפּעין־אַרגומענטען געגען מיר.

ביי אַן אַנדער מיטינג האָט אַ פּראָפעסיאָנעלער אַנטי־סאָציאַליסטישער טומעל־מאַכער איבערגעשלאָגען מיינע אַ רעדע מיט דער באַדייטונגספולער פראַגע: „מר. הילקוויט, זיינט איהר אַן אַמעריקאַנער? אויב יאָ, צי שטיצט איהר דעם פּרעזידענט?"

זיין איבערשלאָגען מיינע רייד האָט אַרויסגערופען אַ טומעל, אָבער איך האָב רוהיג געענטפערט:

„איך בין אַן אַמעריקאַנער. אויב איהר מיינט דערמיט אַ בירגער פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען, וועלכער שטרעבט צו דעם גרעסטען וואוילזיין פון זיין לאַנד און זיינע מיטבירגער.

„איך שטיץ דעם פּרעזידענט נאָר דאַן, ווען איך בין עהרליך איבערצייגט, אַז ער איז גערעכט. איך שטיץ דאָס פאָלק און בין מיט'ן פאָלק צו יעדער צייט".

איך האָב צוגעגעבען, אַז איך בין געווען פאָלשטענדיג איינפאַרשטאַנען מיט'ן פּרעזידענט אין זיין פריהעריגער ערקלעהרונג, אין וועלכער ער האָט געזאָגט: „אַ זיג פון וואַפען, וואָלט געמיינט אַזוינע פרידענס־באַדינגונגען, וואָס וואָלטען אַרויפגעצוואונגען געוואָרען אויף די באַזיגטע. עס וואָלט געפיהרט צו שנאה און צו אַ שטרעבען נאָך נקמה. עס וואָלט נישט געווען קיין פרידען אויף אַ פעסטען באָדען, נאָר אַ פרידען געבויט אויף זאַמד און וואָלט געפיהרט צו נייע מלחמות."

אַז איך לייען איצט ווידעראַמאָל איבער די ווערטער, שיינען זיי מיר צו זיין אַ גאַנץ־אונשולדיגע ערקלערונג וועגן אַ פּאָליטי־שער שטעלונג אין אַ דעמאָקראַטישען לאַנד. אָבער אין די טעג פון דער מלחמה־היסטעריע, ווען פאָלגען דעם פּרעזידענט און נישט האָבען קיין אייגענע מיינונג איז געווען די העכסטע שטופע פון לאָיאַליטעט און פּאַטריאָטיזם, זיינען אַזוינע ווערטער געווען שרעק־ליכע אַפּיקורסות.

„הילקוויט גיט דעם פּרעזידענט בלויז טיילווייזע לאָיאַליטעט", איז געווען דאָס פאַרדאַמענדע קעפּעל וואָס די ניו יאָרקער „טאַימז" האָט מיט גרויסע אותיות אַוועקגעשטעלט איבער דעם באַריכט פון יענעם מיטינג. און מיין „טיילווייזע לאָיאַליטעט" איז גע־וואָרען נאָך אַ הארבער פּונקט אין דער פּאָליטישער אָנקלאַגע געגען מיר.

דער גרעסטער שטורם געגען מיר אָבער איז פאַראורזאַכט געוואָרען דורך אַ גאַנץ צופעליגער פּאַסירונג.

אין אַ שעהנעם נאָכמיטאָג האָט איינער אַ טיכטיגער רע־פּאָרטער טעלעפאָנירט צו מיר אין מיין אָפיס און געפרעגט צי איך האָב געקויפט ליבערטי באָנדס. ער האָט מיר ערקלערט, אַז ער האָט די זעלבע פראַגע געשטעלט אויך צו מיינע געגנער און זיי האָבען אַלע געענטפערט ,אַז יאָ.

איך בין געווען געגען אַרויסלאָזען ליבערטי באָנדס איבער עטליכע אורזאַכען. איך האָב געגלויבט, אַז צאָהלען פאַר דער מלחמה דאַרפען די רייכע, באַזונדערס די וואָס האָבען געמאַכט ריזיגע פאַרמעגענס אין די מלחמה־אינדוסטריען, און נישט די רע־גירונגען, דורך געלט הלואות, וואָס זיינען אויסגערעכענט צו זיין אַ לאַסט אויפ'ן פאָלק אויף דורות און דורות. עס האָבען מיך אָפּגע־שטויסען די מעטאָדען פון מאָראַלען טעראָר, וואָס זיינען אָנגעווענ־דעט געוואָרען ביים פאַרקויפען די באָנדס. דערצו נאָך האָב איך געפיהלט, אַז מיט די איבערצייגונגען, וואָס איך האָב וועגען דער מלחמה, קען איך נישט שטיצען קיין מלחמה הלואות מיט אַ ריינעם געוויסען.

מיין ערשטער געדאַנק איז געווען, צו געבען דעם רעפּאָרטער אַ פאָלשטענדיגע ערקלערונג וועגען מיין שטעלונג. ווען איך האָב זיך אַביסעל מעהר איבערלעגט, איז מיר איינגעפאַלען אַז אַ לאַנגע

טעאָרעטישע אָפּהאַנדלונג קען מאַכען דעם איינדרוק פון וואַקלע־ניש, אָדער אַז איך וויל זיך אַרויסדרעהען פון געבען אַ קלאָרען ענטפער. איך האָב דערפאַר געמאַכט אַן ערקלערונג, אָנגעבענדיג בלויז די לעצטע אורזאַכע פון מיין געגנערשאַפט צו די ליבערטי באָנדס, און איך האָב געענטפערט אויף דער פראַגע קורץ און שאַרף:

„ניין, איך האָב נישט געקויפט קיין ליבערטי באָנדס" — האָב איך געזאָגט, — „אויב ס'וועט זיך נאָר ווענדען אָן מיר, וועל איך נישט טאָן קיין זאַך צו העלפען אָנהאַלטען די מלחמה. איך וואָלט זיך אָבער מיט אַלע מיטלען און מיט אַלע מיינע קרעפטען באַטיי־ליגט אין אַן הלואה צו ברענגען און באַפעסטיגען דעם פרידען".

ענטפערענדיג אויף נאָך אַ פראַגע פון רעפּאָרטער, האָב איך אויך געזאָגט דאָס פאָלגענדע:

„איך האַלט, אַז דער בעסטער וועג פאַר דער רעגירונג צו שטיצען די סאָלדאַטען און העלפען דער ציווילער באַפעלקערונג איז אָנצופאַנגען באַלד אַ באַוועגונג פאַר פרידען. די איינרעדעניש, אַז די מלחמה מוז אויסגעקעמפט ווערען ביז דער ביטערער ענדע איז נישט אין די אינטערעסען פון אונזערע סאָלדאַטען און נישט אין די אינטערעסען פון אונז אַליין, פון אונזערע עלאַים, אָדער פון דער מענשהייט אין אַלגעמיין".

ווען די ערקלעהרונג איז אָפּגעדרוקט געוואָרען האָט זי אַרויס־גערופען אַ גוואַלדיגען געשריי פון ענטריסטונג און אַ שטורעם פון גיפט און גאַל. דער איבעריגער טייל פון קאַמפּעין איז שוין אָנ־געפיהרט געוואָרען געגען מיר אין אַ גייסט פון אַ היילִיגען פּאַ־טריאָטישען קריג געגען אַ פאַררעטערישען אפיקורס און אין אַ טאָן פון ווילדער רציחה.

ביי די צייטונגען פון ניו יאָרק און פון גאַנצען לאַנד בין איך שוין מעהר נישט געווען נאָר אַ סאָציאַליסט, וואָס פּרעדיגט אַ „צושטערענדע" סאָציאַלע לעהרע. איך בין שוין ביי זיי געוואָ־רען „דער שונא אין אייגענעם לאַנד", „דער אַגענט פון קייזער", „דער פאַררעטער פון זיין לאַנד", וועמען מ'טאָר ניט ערלויבען אַרומצוגעהן פראַנק־און־פריי, פון לאָזען איהם פאַרנעמען אַ וויכ־טיגען אַמט איז שוין אָפּגערעדט. זייער געגנערישע קריטיק און

מילדע חוזק־מאכעריי איז פּאַרוואַנדעלט געוואָרען אין האַס, באַ־לײדיגונג און שרעק.

יעדען פריהמאָרגען, ביים פרישטיק־עסען, ווען איך האָב געעפענט די ציײטונגען בין איך „באַגריסט" געוואָרען פון שרייענ־דיגע קעפּ איבער בייזע באַריכטען וועגען מיינע האַנדלונגען און וועגען מיינע ווערטער און פון פאַרדאַמענדיגע און העצענדיגע לייט־אַרטיקלען. די נאָכמיטאָג־ציײטונגען און די אָווענט־בלעטער האָבען מיר געבראַכט דיזעלבע ערמוטיגענדע גרוסען און „באַגרי־סונגען". אָפּשרעקענדע קאַרטונגס, וואָס האָבען פאַרנומען גאַנצע זייטען, האָבען אָפּטמאָל צוגעהאָלפען אויסדריקען די אויפגערייצטע געפיהלען פון די ציײטונגען אַ סך שאַרפער ווי דאָס קען געטאָן ווערען דורך ווערטער.

און ניט נאָר די ציײטונגען האָבען אָנגעפיהרט די אַטאַקעס.

די ניו יאָרקער „טשעמבער אָוו קאָמוירס" האָט אָנגענומען אַ קאָכיגע רעזאָלוציע אין וועלכער סענאַטאָר לאַפּאָלעט און איך זיינען אָפּגעשטעמפּעלט געוואָרען אַלס די אָנגעזעהענסטע ביישפּי־לען פון מענשען, וועמען מ'ערלויבט צו פאַרשפּרייטען „פאַררע־טערישע און אומפּאַטריאָטישע געפיהלען". די רעזאָלוציע האָט אויך באַדויערט, וואָס „מ'ערלויבט נאָך אַלץ אומלאָיאַלע פּערזאָנען צו באַנוצען זיך מיט אַ סך מיטלען צו קריגען פּובליסיטי" און מ'האָט אויפגעפאָדערט די דעפּאַרטמענטס אָוו דזשאַסטיס, — וואָס דאָס מיינט, די דעטעקטיווס און די דיסטריקט אַטוירנים — פון לאַנד, פון די סטעיטס און פון די שטעט צו נעמען זיך ענערגישער פאַרפאָלגען די יעניגע, וועלכע „מיסברויכען די פּריווילעגיעס פון בירגערשאַפט".

די „ביזנעסמענ'ס ליג" פון ניו יאָרק האָט אַרויסגעלאָזט אַ געהיימען צירקולאַר צו די ביזנעסלייט פון שטאָט מיט אַ וואָרנונג, אַז לויט ווי עס ווייזען די פּריוואַטע אונטערזוכונגען פון דער ליג איז „די קאַנדידאַטור פון מאָריס הילקוויט, סאָציאַליסטישער קאַנדידאַט פאַר מעיאָר נישט אַ שפּאַס, נאָר אַן ערנסטע געפאַהר פאַר דער שטאָט ניו יאָרק".

דער צירקולאַר האָט זיך געענדיגט מיט די פאָלגענדע ווער־טער:

„אַלס ביזנעסמאַן שטעהט איהר פּנים אל פּנים מיט דער פאָל־

גענדער לאַגע: דער נעקסטער מעיאָר פון ניו יאָרק וועט זיין אָדער האַילען, א דעמאָקראַט, אָדער הילקוויט, א סאָציאַליסט.

„איהר מוזט האַנדלען, ווי אַזאַ לאַגע פאָדערט".

דער „לאַיער'ס קלאָב" האָט, נישט דערמאָנענדיג קיין נעמען, ארויסגעלאָזען אן אפּיל צו די וואוטערס צו ווייזען דעם שטאַרקס־טען ווידערשטאַנד געגען יעדען קאַנדידאַט פאַר מעיאָר, „וועלכער וויל נישט שטיצען די ליבערטי באָנד הלואה". אָהן א שיעור אנ־דערע אָרגאַניזאַציעס האָבען אָנגענומען עהנליכע פאַרדאַמונגס־רעזאָלוציע.

די אישו פון פּאַטריאָטיזם, וואָס איז שוין איצט געווען אַזוי פאַרשאַרפט, האָט געבראַכט א סך אָנגעזעהענע אונטערשטיצער אין מעיאָר מיטשעל'ס לאַגער און פונקט אַזוי פיל געגנער פאַר מיין צד.

צווישען די פּאַרקאָכטסטע געגנער מיינע זיינען געווען די געוועזענע סאָציאַליסטען, וואָס זיינען איצט געווען פאַר מלחמה. א סך פון זיי זיינען ערשט מיט איניגע חדשים פריהער געווען מיינע ווארימע פּאָליטישע פריינט, ערשט נעכטען, דוכט זיך, האָב איך זיי גערופען „גענאָסען", אָבער איצט זיינען זיי געווען פון די ערשטע אָנצופיהרען די ביטערסטע און אומפאַרשעמטסטע פערזענליכע אַטאַקעס אויף מיר. דער פיוזשאָן־צד האָט זיי ארויס־געשיקט קעמפען פאַר זייער בורזשואַזען קאַנדידאַט, סאַי אַלס איינצעלנע, סאַי אַלס א גרופּע אויף מיטינגען און אין דער פּרעסע, און שטענדיג און אומעטום האָבען זיי מיך אַטאַקירט מיט פאַררע־טערישען פייער און פלאַם. נאָר מלחמה קען ארויסרופען אַזאַ גייסט פון ליידענשאַפט און שנאה. פאַר מיר איז זייער טעטיגקייט געווען צווישען די טרויעריגסטע און שענדליכסטע ערשיינונגען פון דעם קאַמפּיין.

אָבער דער גרעסטער האַרמאַט אין דער שווערער פיוזשאָן ארטילעריע איז געווען טעאָדאָר רוזוועלט. ער איז ארויסגעטראָ־טען מיט זיין כאַראַקטעריסטישער קראַפט פאַר מעיאָר מיטשעל, מעהרסטענס צוליב מיטשעל'ס פּאַטריאָטישער שטעלונג. איך בין געווען דער ליבלינג־ציל פאַר זיינע צושטערענדיגע אַטאַקעס.

ער האָט זיך דערהויבען צו דער הויך פון רוזוועלטישער רעדנער־קראַפט און גיפטיגקייט אין א רעדע, וואָס ער האָט גע־

האַלטען אין מעדיסאָן סקווער גארדען, א פּאָר טעג פאר די וואה־לען.

„מאָריס הילקוויט שמייכעלט זיך צו א פארעטערישען און א פייגלינגישען אמעריקאניזם, — האָט ער געזאָגט, — ער שמייכעלט זיך צו פּאַסיפיסטען, צו פּראָ־דייטשען. ער איז דער מאַן, וואָס וויל, אז אָנקעל סעם זאָל פארהאנדלען וועגען א פרידען, וואָס זאָל גאָרנישט ערלעדיגען". קומענדיג צום שלום פון זיין ליידענשאַפטליכער דרשה, מיט איינגעקרעמפּטע פויסטען און מיט זיין באריהמטער מאָרדע ארויסגעשטעקט פאָראויס, האָט ער ווי ארויסגעקוויטשעט:

„פייגלינג געהט צו פייגלינג".

פייגלינג? איך טראַכט איצט וועגען יענע אָנגעשטרענגטע טעג פון קאמפּעין, וועגען די אָפענע און די פארשטעלטע העצערייען צו גוואַלדטאַטען, וואָס זיינען אָנגעפיהרט געוואָרען פון דער פּרעסע, פון די פּרעדיגער אין די קירכעס, פון די „פּראָמינענטע בירגער", וועלכע זיינען באַזויפען געוועזען פון דער מלחמה־וואקכאַנאַליע. איך טראַכט איצט וועגען די דראָהונגס־בריף, וואָס זיינען דאַן אָנגעקומען צו מיר מיט יעדער פּאָסט, וועגען די רייען אָנגעכמורעטע סאָלדאַטען, וואָס האָבען אָפט ארומגערינגעלט מיינע מיטינגען, וועגען דעם דעפּארטמענט אָוו דזשאָסטיס, וואָס האָט מיר נאָכגעפאָלגט אויף שריט און טריט און האָט געהאַט אומעטום סטענאָגראַפערס, וואָס האָבען אראָפּגענומען יעדעס וואָרט פון מיינע רעדעס. איך טראַכט איצט וועגען דער שטיקענדער אַטמאָספערע פון האַס און טעראָריזם אין וועלכער איך האָב זיך שטענדיג באַוואויגען. מ'האָט געדאַרפט אין יענע טעג באַזיצען א סך מעהר פיזישע און מאָראַלע העלדישקייט צו פארטיידיגען א ניט־פּאָפּולערע מינאָריטעט־שטעלונג ווי מיטצושרייען מיט דעם צעווילדעטען מאַב.

און די גאַנצע צייט האָט וואשינגטאָן נאָכגעפאָלגט דעם ניו־יאָרקער קאמפּעין מיט גרויס שפּאַנונג.

„צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע, — האָבען די צייטונגען באריכטעט — פאָדערט זיך, אז די רעגירונג זאָל זיך אריינמישען אין וואהלען פון פארשידענע שטעט. עס וואַקסט ספּעציעל

די אומרוהיגקייט איבער ניו יאָרק, וואו עס איז מעגליך, אז הילקוויט זאָל זיגען.״

דערפאר, וואָס עס איז ניט געווען זיכער, וואָס דער אויסגאַנג פון די וואהלען וועט זיין, האָט זיך די רעגירונג אין וואַשינגטאָן צוליב פּאָרזיכטיגקייט צוריקגעהאלטען פון שטיצען אָפען וועלכען ס׳איז פון די קאנדידאטען אין ניו יאָרק, אָבער די אונאָפיציעלע ערקלערונגען, וואָס ס׳האָבען געמאכט איניגע פון דער רעגירונג׳ס פּאָרשטעהער, האָבען קלאָר געצייגט מיט וועמען וואַשינגטאָן האָט געהאלטען. דער אויסגעשפּראָכענסטער פון די אלע רעגירונגס־לייט איז געווען דער געהילפס־טרעזשורער פון די פּאַראייניגטע שטאַטען, וועלכער האָט צופעליג געטראָגען דעם דייטשען נאָמען מארטין פּאָגעל. אין אן עפענטליכער ערקלערונג, אין וועלכער ער האָט פייערדיג אַטאַקירט איינע פון מיינע קאמפּעין־רעדעס, האָט מר. פּאָגעל געפאָדערט, אז מ׳זאָל מיך אדער אינטערנירען אָדער גאָר ארויסשיקען פון לאַנד.

אין קעמפּ אָפּטאָן, א מיליטערישער טרעינינג קעמפּ אין יאַפּהענק, לאָנג איילענד, זיינען געווען פילע טויזענדער ניו יאָרקער יונגעלייט, וואָס זיינען געווען בארעכטיגט צו שטימען אין די שטאָט־וואהלען. גענעראל־מאיאָר דזשעי. פרענקלין בעל, דער קאָ־מאנדיר פון קעמפּ, האָט געהאַט אַנאָנסירט, אז ער וועט ערלויבען פּאָרשטעהער פון אלע פּארטייען צו אַדרעסירען די סאָלדאטען. די דעמאָקראטישע פּארטיי און די פיוזשאָניסטען האָבען אָנגע־האלטען שטענדיגע העדקוואָדערס אין דעם קעמפּ.

ווען עס איז אין מיין נאָמען געמאכט געוואָרען אן אַפּלי־קעישאָן פאר אן ערלויבעניש צו רעדען צו די סאָלדאַטען, האָט דער גענעראל דעם אפּליקעישאָן צוריקגעוויזען אויפ׳ן גרונד, וואָס לויט זיין מיינונג איז דאָס שטאָט־פּראָגראם פון דער סאָציאליס־טישער פּארטיי געווען שעדליך פאר דער מיליטערישער דיסציפּלין. זיין מיינונג האָט ער באַגרינדעט אויף דעם פּונקט, וואָס האָט געפּאָדערט די אָפּשאפונג פון קאָנסקריפּשאן־געזעץ און אויף דער אלגעמיינער געגנערשאפט צו מלחמה, וואָס איז אין דעם פּראָ־גראם געווען אויסגעדריקט.

געגען אזא הפקר־דיגער דיסקרימינאציע האָט גרויסמוטיג פּראָטעסטירט מעיאָר מיטשעל, וועלכער האָט אויפגעפּאָדערט דעם

גענעראל בעל צו מאכען דעם באפעהל. מיטשעל האט אנגעוויזען, אז ס'איז אן עולה ניט צו געבען מיר דאס רעכט צו אדרעסירען די סאלדאטען, אין דער צייט וואס אנדערע קאנדידאטען האבען אזא רעכט יא געהאט און האבען עס אויסגענוצט אומגעשטערט.

דער אינצידענט האט געקראגען א סך פובליסיטי אין די צייטונגען און האט מיך באוואויגען צו פראטעסטירען עפענטליך אין דער פארם פון אן אפענעם בריף צו גענעראל בעל. אט איז אן אויסצוג פון מיין בריף:

„גענעראל מאיאר דזשעי. פרענקלין בעל, קעמפ אפטאן, יאפהענק, לאנג איילענד, ניו יארק.

„סיר:

„מעיאר מיטשעל'ס בריף צו אייך, אין וועלכען ער האט הויפטזעכליך געפאדערט, אז איהר זאלט ענדערען אייער באשלוס, וואס פארוועהרט מיר צו אדרעסירען די סאלדאטען אין קעמפ אפטאן און אייער ענטפער אויף דעם מעיאר'ס פאדערונג, האבען געקראגען אזוי פיל פובליסיטי אין דער ניו יארקער פרעסע און זיינען אזוי ברייט אויסגענוצט געווארען אלס קאמפעין־מאטעריאל דורך איינעם פון מיינע געגען־קאנדידאטען אין די קומענדע מעיאר־וואהלען, אז עס איז געווארען נויטיג פאר מיר צו שרייבען צו אייך וועגען דער פראגע, אום צו ערקלערען מיין שטעלונג פאר אייך און פאר דעם פובליקום.

„ערשטענס לאזט מיר אייך ערקלערען, אז איך האב גארנישט צו זאגען געגען אייער באפעהל, וואס פארוועהרט אין קעמפ עפענטליכע דיסקוסיעס פון אזא כאראקטער, וואס איז „שעדליך פאר דער מיליטערישער דיסציפלין". איך זעה איין פולשטענדיג, אז יעדער אויסדרוק פון מלחמה־געגנערשאפט און פון קריטיק געגען דער רעגירונג'ס מלחמה־פאליסים וואלטען ניט געווען אם פלאץ אין א מיליטערישען קעמפ. ווענדענדיג זיך נאך אן ערלויבניש צו אדרעסירען די סאלדאטען, האב איך געהאט בדעה צו ווידמען מיין גאנצע רעדע דורכאויס צו די פאליטישע און עקאנאמישע פראגען, וואס זיינען דירעקט פארבונדען מיט דעם שטאדטישען קאמפעין. מיינע פארטרעטער האבען אייך געגעבען אויסדריקליכע פארזיכערונגען וועגען דעם, אבער איהר האט באשלאסען דאס אלץ צו איגנארירען, אפילו ניט מאכענדיג קיין פארזוך אויסצוגעפינען

מיין שטעלונג אָדער מיינע אַבזיכטען דורך אָנפרעגען דירעקט ביי מיר.

„דער רעזולטאַט פון דער אויסערגעוועהנליכער האַנדלונג איז, אַז אין דער צייט וואָס מיינע געגען־קאַנדידאַטען קענען אַרגומענטירען, ווירקען און פאַרלאַנגען די שטימען פון די באָיס אין קעמפ אַפּטאָן דורך אַפּעלירען דירעקט צו זיי דורך פערזענליכער באַריהרונג, האָט מען ביי מיר און ביי דער פאַרטיי, וואָס איך האָב די עהרע צו פאַרטרעטען אין דעם קאַמפּעין, דאָס דאָזיגע רעכט צוגענומען. אויף אַזאַ שטייגער גיט איהר אַ דורכאויס־פאַרטייאישען פאָרצוג צו איינִיגע קאַנדידאַטען, וועלכע איך איז געפעלען גוטצוהייסען און איהר שאַפט ווירקליכע שטערונגען פאַר יענעם קאַנדידאַט, וואָס האָט אומגליקליכערווייז ביי אייך פערזענליך ניט אויסגענומען. אייער שטעלונג איז אויסערדעם אַ געוואַלדיגער אומרעכט געגען די סאָלדאַטען פון קעמפ. שטימענדיג איבער די קאַנדידאַטען פאַר עפענטליכע אַמטען וועלען די געדרעפּטעטע יונגעלייט אין קעמפ אַפּטאָן ניט ערפילען אַ מיליטערישע פליכט, נאָר אויסאיבען זייערע ציווילע רעכט. זיי וועלען שטימען ניט אַלס סאָלדאַטען, נאָר אַלס בירגער. אַלס אַזעלכע זיינען זיי באַרעכטיגט צו אַלע מעטאָדען, וועלכע זייערע ציווילע מיטבירגער ווענדען־אָן צו באַקענען זיך פון די ערשטע קוועלען מיט די פּראָגראַמען, פּראָבלעמען און אויפגאַבען פון אַלע פּאָליטישע פאַרטייען און מיט די מיינונגען און פערזענליכקייטען פון זייערע קאַנדידאַטען. דורך אייער באַפעהל האָט איהר אָהן שום באַרעכטיגונג צוגענומען אומגעהייער־וויכטיגע און פונדאַמענטאַלע ציווילע רעכט ביי די בירגער־סאָלדאַטען אין קעמפ אַפּטאָן.

---

„די מילטערישע אויפזיכט איבער די סאָלדאַטען אין באַצוג צו זייערע ציווילע רעכט און פּריווילעגיעס און די פּאָליטישע דיסקרימינאַציע געגען דעם אָדער יענעם קאַנדידאַט מעג זיך אויבערפלעכליך באַרעכטיגט ווערען מיט דעם אויסרייד, אַז ס'איז מיליטעריש נויטיג, אָבער עס מוז קלאָר זיין פאַר יעדען דענקענדען מענשען, אַז מיליטאַריזם איז אַ טויטליכער שונא פון דעמאָקראַטיע.

„מיט אַכטונג,

מאָריס הילקוויט".

גענעראל בעל איז געווען א פיינער טיפ פון א פראפעסיאנעלען סאלדאט. ער האט ניט געוואוסט פון הינטער־פיסלעך און איז געווען געוויסענהאפט און העפליך. אבער זיין ענטפער אויף מיין בריף ווארפט א העל ליכט אויף דער אומגעהייער באגרעניצטקייט פון דעם איינזייטיגען מיליטערישען גערדאנקענגאנג און אויף ווי ווייט עס איז פון דעם ציווילען בירגער׳ס אינטערעסען און פון די דעמאקראטישע פרינציפען. אט איז זיין בריף.

„הויפט־קווארטיר, 77טע דיוויזיע,

קעמפ אפטאן, ניו יארק.

אקטאבער, 29 1917.

„מיין טייערער מר. הילקוויט:

„אייער בריף פון לעצטען פרייטאג, אקטאבער דעם 26טען, האב איך ערשט ערהאלטען היינט אין דער פריה.

„איך בין דאס מינדסטע ניט פאראנטווארטליך פאר דער פובליסיטי, וואס די ניו יארקער פרעסע האט געגעבען מיין בריף, וועלכען איך האב געשיקט אלס ענטפער אויף דעם בריף, וואס איך האב באקומען פון מעיאר. איך זעה איין, און איך האב אימער געוואוסט, די שוועריגקייטען, וואס זיינען פארבונדען מיט אן אויסגעהאלטענער דורכפיהרונג פון דער פאליסי, ווענלכע איך האב ערקלערט אין מיינע רעגולאציעס פאר דער אנפיהרונג פון פאליטישע מיטינגען אין דעם דאזיגען קעמפ. פארשטעהט זיך, אז איך קען באגעהן א פעהלער און מעהר ווי דורכשניטליכע פעהיגקייט און פארשטאנד באזיץ איך אויך ניט. אבער איך האב געמאכט געוויסענהאפטע פארזוכען צו פארשטעהן ריכטיג מיינע פליכטען און צו האלטען זיך ביי דעם, וואס איך האב געהאלטען פאר נויטיג אפצוהיטען אום מיינע פליכטען צו ערפילען.

„איהר האט א טעות, ווען איהר גלויבט אז אייערע פארטרעטער האבען מיר געגעבען אויסדריקליכע פארזיכערונגען, אז אין אייער רעדע וועט איהר זיך שטרענג האלטען ביי די פאליטישע און עקאנאמישע פראגען, וואס זיינען דירעקט פארוויקעלט אין דעם קאמפעין און אז קיין אנדערע פראגען וועט איהר ניט באריהרען.

„ווען איך זאל געווען וויסען, אז איהר וועט באטראכטען פאר פאסיג און אז איהר וועט אויפנעמען מיט צופרידענקייט מיינעם א

פארזוך אויסצוגעפינען אייער שטעלונג אָדער אייערע אבזיכטען דורך ווענדען זיך דירעקט צו אייך, וואָלט איך עס פיליכט געווען געטאָן.

„איך האָב ניט אויסגעקליבען איין קאנדידאט, וועמען מיר איז געפעלען גוטצוהייסען. איך האָב אבסאָלוט ניט קיין פּאָליטישע פּאָראורטיילען און איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבען ניט געהאט. איך ווינש, אז פאר אייך זאָל מעגליך זיין מיר צו גלויבען, אז איך האָב ניט געהאט דאָס מינדעסטע פּערזענליכע געפיהל אָדער וועלכע־עס־איז אונפריינדליכקייט צו אייך. איך האָב אבסאָלוט קיינמאָל ניט געלייענט קיין איינציג וואָרט פון אייך אין א צייטונג. דאָס איז ניט דערפאר, וואָס איך האַלט אז איהר וואָלט מיך ניט געקענט אויפקלערען וועגען עפּעס, נאָר דערפאר וואָס איך בין ניט פּאראינטערעסירט אין לאָקאלע פּאָליטישע דיסקוסיעס און איך האָב קיין צייט ניט זיי צו לייענען. מר. שווארץ איז געווען ליבענסווירדיג מיר צו שיקען אייער קליינע ארבייט, וואָס רופט זיך „סאָשעליזם סאָמד אָפּ" („דער סך הכל פון סאָציאַליזם") אָבער איך האָב נאָך קיין צייט ניט געהאט עס צו לייענען. אלצדינג, וואָס איך האָב ווען־עס־איז געהערט וועגען אייך, אפילו פון אזעלכע, וואָס זיינען ניט איינפארשטאנען מיט אייער פּאָליטישער וועלטאנשויאונג, איז געווען גינסטיג פאר אייך אלס אן איינצעלנער מיטגליד פון דער געזעלשאפט. ס'איז דערפאר קיינמאָל ניט געווען קיין אורזאכע פארוואָס איך זאָל זיין אונפריינדליך צו אייך. איך דענק, אז פאר א מענשען מיט אייער אינטעליגענץ דאַרף זיין ניט שווער צו גלויבען, אז פערזאָנען אין מיין פּאָזיציע קענען האָבען א סך עהרליכע מאָטיווען פאר זייערע האנדלונגען, אינגאנצען אָפּגעזעהן פון פערזענליכע געפיהלען אָדער אונצופרידענקייט, טראָץ דעם וואָס זייערע מיינונגען זאָלען ביי אייך אין די אויגען זיין פעהלערהאפט.

„אין אייער בריף רעדט איהר וועגען די רעכט פון סאָלדאטען אלס בירגער און איהר ווייזט־אָן אויף דעם פאקט, אז דורך שטימען וועלען זיי אויסאיבען „א בירגערליך רעכט און ניט א מיליטערישע פליכט". און דערפאר טאקע, וואָס דאָס געזעץ שרייבט פאָר, אז זיי זאָלען האָבען די פּריווילעגיע צו שטימען אין מילי-

טערישע קעמפּס, האָב איך זיך ניט געהאַלטען בארעכטיגט צו פאַר־באָטען פּאָליטישע מיטינגען פון יעדען מין.

„איך אנערקען פולשטענדיג די אָנדייטונג אין אייער בריף, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך, ווי אַ גרענעץ, אויף וועלכער ס'איז שווער אָנצואווייזען מיט'ן פינגער און איך האָב קיינמאָל ניט ערוואַרט צו קענען ערפילען מיין פליכט אויף אַזאַ שטייגער, אַז יעדער איי־נער זאָל זיין צופרידען. דאָס איז אָבער אַלץ ניט געווען קיין אור־זאַכע פאַרוואָס איז זאָל זיך ניט באַמיהען צו טאָן דאָס, וואָס איך האַלט פאַר מיין פליכט.

„מיט פאַרזיכערונגען וועגען מיין פערזענליכער הויכאַכטונג צו אייך,

פריינדליך און אויפריכטיג אייערער,

דזשעי. פּ. בעל,

גענעראַל־מאַיאָר, ארמיי פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען, קאָמאַנדיר".

קעמפּ אַפּטאָן איז געווען אַ וויכטיגער סטראַטעגישער פּונקט אין דעם קאַמפּעין פאַר מעיאָר פון ניו יאָרק. עס זיינען דאָרט געווען אַרום זעכציג טויזענט סאָלדאַטען און מעהרסטע פון זיי זיינען געווען פון דער שטאָדט ניו יאָרק און זיינען געווען בארעכ־טיגט צו שטימען.

דערפאַר, וואָס מ'האָט ביי מיר צוגערויבט די געלעגענהייט צו רעדען צו די סאָלדאַטען, האָב איך אַדרעסירט צו זיי אַן אָפענעם בריף, וועלכער איז פאַרשפּרייט געוואָרען אין קעמפּ אין טויזענטער עקזעמפּלאַרען און איז איבערגעדרוקט געוואָרען אין אַ סך צייטונגען.

דער בריף האָט אַפּעלירט צו די סאָלדאַטען אַלס אַרבייטער און האָט ספּעציעל אונטערגעשטראָכען זייערע מאַטעריעלע אינ־טערעסען אין דער צייט פון קריג און נאָך דעם קריג. אָבער איך האָב אויסגעמידען די פראַגע וועגען פרידען.

„די בירגער פון ניו יאָרק — האָב איך געשריבען — קענען איצט ניט געבען קיין שטאַרקערען קלאַפּ דעם קייזער'ס רעגירונג, קענען איצט דורך קיין זאַך ניט אַזוי באַגייסטערען די פעלקער פון אייראָפּע צו אַרבייטען ענערגיש פאַר אַן אַלגעמיינעם, דויערנדען,

דעמאָקראַטישען פרידען, ווי דורך לאָזען וויסען דער וועלט, אַז די צווייטע גרעסטע שטאָדט אין דער וועלט האָט זיך ערקלערט פאַר סאָציאַליזם און פאַר דער פארניכטונג פון די וואָרצלען, פון **וועלכע עס וואַקסען ארוים מלחמות**".

**עס איז אין יענע טעג באריכטעט געוואָרען**, אַז דער סענטי־מענט אין קעמפּ אַפּטאָן איז געווען הויפּטזעכליך סאָציאַליסטיש. דעם 4טען נאָוועמבער איז די „ניו יאָרק טריביון" ארויסגעקומען מיט דער אָנשרעקענדער נביאות, אַז „פון פופציג ביז זעכציג פּראָ־צענט וועלען שטימען פאַר מאָרים הילקוויט אין טאָג פון די וואהלען".

מעיאָר מיטשעל'ס גאַלאַנטע ווענדונג צו גענעראַל בעל מיר צוגונסטען איז געווען אין איינקלאַנג מיט דעם אַלגעמיינעם טאָן פון פּערזענליכער אַנשטענדיגקייט, וואָס מיר האָבען אָנגענומען איינער צום אַנדערען. דאָס איז געווען אַ שאַרפער קאָנטראַסט צו די מעטאָדען פון בלאָטע־וואַרפעניש, מיט וועלכע ס'האָט זיך אויס־געצייכענט דער קאַמף צווישען דעם מר. מיטשעל און די קאַנדידאַ־טען אויף די טיקעטס פון די דעמאָקראַטען און רעפּובליקאַנער. „דער סאָציאַליסטישער קאַנדידאַט איז ווענינגסטענס אַ דזשענטעל־**מאַן," — האָט צוגעגעבען די פרעס־ביוראָ פון די פיוזשאָניסטען,** איך, ווידער, האָב ביי יעדער געלעגענהייט צוגעגעבען, אַז מיטשעל האָט פּערזענליכע מעלות און אין אונזערע דיסקוסיעס האָב איך זיך אָפּגעשטעלט בלויז אויף דעם גרויסען אונטערשייד צווישען אונזערע פּרינציפּען.

אָבער מיין רעפּליכער געגנער האָט ניט אימער פּראַקטיצירט די ברייטהאַרציגע טאָלעראַנץ, וואָס ער האָט אַזוי גלענצענד גע־פּרעדיגט צו גענעראַל בעל.

נאָכדעם ווי אין סיטי האָל פּאַרק איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען **אַן עפענטליכער מיטינג צו ראַטיפיצירען דעם מעיאָר'ס קאַנדידאַטור פאַר ווידערערוועהלונג, האָב איך איהם געשיקט דעם פאָלגענדען בריף:**

„מיין טייערער מעיאָר:

„ערלויבט מיר אייך צו גראַטולירען מיט דעם פּרעצעדענט, **וואָס איהר האָט געשאַפען, ערלויבענדיג אַז די טרעפּ און דער**

פּארק פון סיטי האָל זאָלען באנוצט ווערען פאר אן עפענטליכען מיטינג צו שטיצען אייער קאנדידאטור פאר ווידערערוועהלונג.

„איך בין אזוי גוט ווי זיכער, אז ווען איהר האָט אזוי געהאנדעלט, האָט איהר ניט געהאט קיין אבזיכט אויסצונוצען אייער אָפיציעלען אמט פאר פערזענליכע פּאָליטישע צוועקען, און אז איהר זיינט גרייט צו געבען אייערע געגנער דיזעלבע פּריווילעגיע. איך, יעדענפאלס, וואָלט וועלען האָבען א געלעגענהייט צו ערקלערען מיין שטעלונג אין דעם קאמפּעין צו די וועהלער פון ניו יאָרק פון די טרעפּ פון זייער סיטי האָל און, אין איין וועגס, איך ענטפערען אויף אייער קריטיק פון מיין קאנדידאטור. איך האָף, אז די קאנדידאטען פון דער דעמאָקראטישער און פון דער רעפּובליקאנער פּארטייען וועלען זיך גערן באנוצען מיט אן עהנליכער געלעגענהייט פּאָרצולעגען זייערע טענות פאר דער באפעלקערונג און אויף אזא שטייגער העלפען די בירגער מאכען אן עהרליכען און אינטעליגענטען אויסוואהל.

„איך פּאָדער העפליכסט די ערלויבניש אָפּצוהאלטען אן עפענטליכען מיטינג אויף די טרעפּ פון סיטי האָל און אין סיטי האָל פּארק שבת נאָכמיטאָג, דעם 6טען אָקטאָבער.

**זעהר אויפריכטיג אייער,**

**מאָרים הילקוויט".**

דעם מעיאָר'ס ענטפער האָט געצייגט, אז ער איז געוויסערמאסען אין א פארלעגענהייט איבער דער פאָדערונג. זיין ענטפער האָט זיך **געלייענט ווי פאָלגט:**

„שטאָדט ניו יאָרק, אָפיס פון מעיאָר,

אָקטאָבער, דעם 3טען, 1917.

„מיין טייערער מר. הילקוויט:

„דער סיטי האָל איז און איז געוועזן מיין אָפיציעלע רעזידענץ פאר די לעצטע פיער יאָהר. מיט עטליכע טעג צוריק האָט מען מיר געלאָזט וויסען, אז א גרופּע בירגער וועט מיך דאָרט באזוכען **און וועט מיר איבערגעבען** געוויסע פאָדערונגען, אז איך זאָל ווערען א קאנדידאט ווידערערוועהלט צו ווערען פאר מעיאָר. צוליב דעם באגרעניצטען פּלאץ אינוועניג פון סיטי האָל איז געוועזן נוי־

טיג, אַז איך זאָל אויפנעמען די דאָזיגע בירגער אויף די טרעפּ פון דער געביידע, וואו איך האָב געענטפערט אויף זייערע פאָדע־רונגען. אויב איהר ווילט אויפנעמען אַ צאָהל בירגער, וועלכע וועלען איך וועלען באַזוכען אין אייער אָפיציעלער אָדער ביזנעס־וואוינונג און עס איז נויטיג, אַז די פּאָליציי זאָל מאַכען ספּע־ציעלע טרעפיק־אראַנזשירונגען, וועל איך זיין זעהר גליקליך צו זאָגען דעם פּאָליס־קאָמישאָנער ער זאָל אייך דינען אויף יעדען אופן, ווי ווייט נאָר זיין מאכט גרייכט.

„איהר האָט אַ טעות, ווען איהר נעמט אָן, אַז איך האָב געשאַפען אַ פּרעצעדענט דורך דעם, וואָס איך האָב ערלויבט צו געברויכען די טרעפּ און דעם פּארק פון סיטי האָל פאַר פּאָליטישע צוועקען. עס וואָלט געווען זעהר ניט ראַטזאַם אַזאַ פּרעצעדענט צו שאַפען.

„ס'איז איין זאַך, אַז דער מעיאָר זאָל אויפנעמען אין זיין אָפיס יעדען איינעם, וואָס קומט איהם זעהן, אָבער צו מאַכען פון די טרעפּ פון סיטי האָל אַ פּלאַטפאָרמע פאַר פּאָליטישע אָרגאַני־זאַציעס איז גאָר אַן אַנדער זאַך.

„דערפאַר, טראָץ מיין טיפען פּערזענליכען רעספּעקט צו אייך, בין איך געצוואונגען צוריקצואוואייזען אייער פאָדערונג פאַר אַן ער־לויבניש אָפּצוהאַלטען אַן עפענטליכען מיטינג אין סיטי האָל פּארק שבת, דעם 6טען אָקטאָבער, 12 אַזייגער בייטאָג.

„זעהר אויפריכטיג אייערער

דזשאָהן פּוראָי מיטשעל, מעיאָר".

דער ענטפער האָט, פאַרשטעהט זיך, מיך נישט צופרידענגע־שטעלט. איך האָב געענטפערט מעיאָר מיטשעל'ן:

„דער סיטי האָל איז נישט דעם מעיאָר'ס אָפיציעלע רעזידענץ, נאָר זיין ביזנעס־פּלאַץ אָנצופיהרען מיט די אַנגעלעגענהייטען פון דער שטאָדט. און מיר שיינט, אַז די קאַנדידאַטור פון דעם איצ־טיגען מעיאָר פאַר ווידערערוועהלונג באַדייט פאַר דער שטאָדט נישט מעהר ווי די קאַנדידאַטור פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי".

אין איינקלאַנג מיט דער שטעלונג האָב איך עפענטליכט אַנאָנ־סירט, אַז איך וועל קומען אין סיטי האָל פּארק דעם 6טען אָק־טאָבער, און איך האָב איינגעלאַדען אַלע מיינע פריינט, אַז זיי

זאָלען אויך קומען אהין. איך האָב ערוואַרטעט אַן איינדרוקספולע פאַרזאַמלונג, נאָר ווי איך דערמאָן זיך איצט — האָט עס אין דעם באַריהמטען טאָג שטאַרק גערעגענט, און דער מיטינג איז צוריק־גערופען געוואָרען. א סך רעוואָלוציעס זיינען מן הסתם אויף פונקט אזא אופן קאַליע געוואָרען פון רעגען.

פונקט ווי די אטאַקעס אויף מיר האָבען זיך געמעהרט, אזוי האָט זיך אויך אין דער זעלבער מאָס געמעהרט די צאָהל פון מיינע אָנהענגער. לויט אַלע אויסערליכע סימנים האָט דער סאָציאַליס־טישער קאַמפּעין אין ניו יאָרק אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד.

מיטינגען זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין די הונדערטער אין אַלע טיילען פון דער שטאָדט, אין האָלס און אויף סטריט־קאָרנערס, און מיט יעדען טאָג איז געוואַקסען זייער פאַרנעם און זייער ענטוזיאַזם.

אין די אַרבייטער־קלאַס דיסטריקטען האָט עס אויסגעזעהן, אז די אַנדערע פּאַרטייען האָבען קיין שום אויסזיכט נישט צו קריגען א וועלכע עס איז באַדייטענדע צאָהל שטימען. ביי די געצעהלטע פּאָר מיטינגען, וואָס זיי האָבען אַראַנזשירט, האָבען די רעדנער אָדער גערעדט צו לעדיגע בענקלאַך, אָדער זיי האָבען געמוזט אויסשטעהן די גרעסטע צרות פון הארבע פראַגעס, וואָס דער עולם האָט גע־שטעלט.

חוץ דער רעגעלער קאַמפּעין־קאָמיטע פון דער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי, האָבען אויך געאַרבייט עטליכע פרייוויליגע קערפּער־שאַפטען פון טרעיד־יוניאָנס און פון אַנדערע גרופּען בירגער. קליינע ביישטייערונגען האָבען געהאַלטען אין איין אַריינשטראָמען אין דער אָרימער קאַסע פון דער פּאַרטיי פון סימפּאַטיקער איבער'ן גאַנצען לאַנד.

דער העכסטער פונקט פון באַגייסטערונג און ברען איז דער־גרייכט געוואָרען אויף דעם לעצטען מיטינג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען, דעם 4טען נאָוועמבער, צוויי טעג פאַר די וואַהלען. מיט שטונדען פריהער ווי דער מיטינג האָט זיך געדאַרפט עפענען, איז דער ריזיגער זאַל געווען געפּאַקט ביז דעם לעצטען בענקעל. טויזענטער מענשען זיינען געשטאַנען אין די דורכגאַנגען, און נאָך

טויזענטער האָבען נישט געקענט אריין אין זאַל אוים מאַנגעל אין פּלאַץ.

די „ניו יאָרק טריביון" האָט כאַראַקטעריזירט דעם מיטינג אַלס „אַ דעמאָנסטראַציע, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיט היס־טעריע".

„פערצעהן טויזענט מענשען, — האָט די ציימונג באַריכטעט, — האָבען באַגייסטערט אַפּלאָדירט זעכצעהן מינוט נאָכאַנאַנד, ווען הילקוויט איז ערשינען צו האַלטען זיין רעדע. זיי זיינען געשטאַנען אויף זייערע בענקלאַך און האָבען אַפּלאָדירט. זיי האָבען אַראָפּ־געריסען קאַמפּעין־פּלאַקאַטען פון די ווענט, האָבען זיי געשליידערט אין דער לופטען, האָבען געוואָרפען זייערע העטס צו דער רעדנער־פּלאַטפאָרמע, האָבען געטופּעט מיט די פים און געשריען, געמאַכט געוואַלדען און געפייפט.

„חוץ מר. הילקוויט האָבען אויך דאַדלי פיעלד מעלאָון, עימאָס פּינטשאָט און פרענק סאָליוואַן געמאַכט מיט די הענט ווי בע־טענדיג דעם עולם אַז ער זאָל זיך איינשטילען. דער עולם האָט אָבער ווידער אַמאָל געשריען: „הילקוויט אונזער נעקסטער מע־יאָר".

ס'איז געווען אַן אומפּאַרגעסליכע דעמאָנסטראַציע, וואָרעם אויפריכטיג און גרוים. ס'איז געווען אַ דונערדיגער מאַסען־ענטפער צו אונזערע געגנער אויף די פילע וואָכען פון פאַלשע באַשולדי־גונגען אויף אונז, אויף אַלע זייערע באַליידיגונגען, סטראַשונקעס און העצעס. די דעמאָנסטראַציע האָט מיך טיף גערירט מיט דעם גוואַלדיגען געפיהל, וואָס דער עולם האָט אויסגעדריקט. אין מיין לעצטער קאַמפּעין־רעדע ביי דעם מערקווירדיגען מיטינג האָב איך אויסגענוצט די געלעגענהייט זיך אָפּצורעכענען מיט מיינע געגנער.

„די שאַרפסטע כאַראַקטעריסטיק פון דעם קאַמפּעין, — האָב איך צווישען אַנדערע זאַכען געזאָגט, — איז געווען די ליניע, וואָס האָט צוטיילט די געגנערישע לאַגערען. איצט ווייסען מיר גענוי מיט וועמען עס האַלטען די פאַרשיידענע קלאַסען פון דער ניו יאָרקער באַפעלקערונג.

„מיט אונז צוזאַמען געהען די אַרבייטער־מאַסען, מענער און פרויען פון פּראַצע, די אַרבייטער פון מוסקולען און פון מאַרך, די אַרבייטער אין די פאַבריקען און אין די שעפּער, אין די באַנקען,

אין די אָפיסעס, אין די סקולס: די גרויסע מאַסע מענער און פרויען, וועלכע טראָגען די לאַסטען פון דער וועלט, און די פריידען און פאַרגעניגענס לאָזט מען זיי נישט געניסען; די גרויסע מאַסע פאַריאָגטע, דערשלאָגענע, די אָרימע — די גרויסע מאַסע פון דער באַפעלקערונג אין אונזער שטאָדט.

„צוזאַמען מיט אונז געהען אויך די מענער און פרויען פון אַלע אַנדערע קלאַסען, וועלכע האָבען אַן אידעאַליסטישען בליק, אַ ליידענשאַפט פאַר גערעכטיגקייט, פאַר דעמאָקראַטיע און פאַר סאָציאַלער גערעכטיגקייט.

„צוזאַמען מיט אונז געהען די בעסטע, די נאָבעלסטע, די פּראָגרעסיווסטע עלעמענטען אין דער שטאָדט ניו יאָרק, און געגען אונז שטעהען אַלע קרעפטען פון אונטערדריקונג, די פּרעדיגער פון רעאַקציע און די פינסטערע עלעמענטען וואָס פיהרען צו הפקרות און אונטערדריקונג.

„עס איז צום קרעדיט פון די סאָציאַליסטען אין דעם איצטיגען קאַמפּעין, וואָס זיי האָבען אַראָפּגעריסען די היפּאָקריטישע מאַסקע פון די נידעריגע עלעמענטען, אָפּגעדעקט זייערע עקעלהאַפטע גע־זיכטער און זיי געצייגט צו זייערע מיטמענשען אין זייער גאַנצער ברוטאַלער נאַקעטקייט.

„די גרויסע פילאַנטראָפּישע און הומאַניטאַרע קערפּערשאַפט, וואָס איז באַקאַנט אונטער'ן נאָמען „טשעמבער אָוו קאָמוירס", האָט אונז באַהערט דורכדעם וואָס זי האָט אויסגעטיילט אונזער קאַנדידאַט, צו מאַכען אויף איהם אַ ספּעציעלע אַטאַקע. זיי זאָ־גען, אַז מיין קאַנדידאַטור שטעלט מיט זיך פאָר אַ געפאַהר פאַר דעם אַמעריקאַנער פאָלק. די „ביזנעסמענ'ס ליג" האָט געהאַלטען פאַר נויטיג אויף אַן עהנליכען שטייגער צו וואָרענען איהרע מענ־שען, די מענשען פון איהר קלאַס, איבער דער שרעקליכער געפאַהר, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די קאַנדידאַטור פון דעם סאָציאַ־ליסטישען באַנער־טרעגער.

„און פאַראייניגטע געגען אונז שטעהט אויך די העלדישע פייער־שלינגענדע חברה פאַטריאָטען, וועלכע פאַרדעקען זייער אַנאַרכיע און הפקרות מיט דער מאַסקע פון פאַטריאָטיזם און אַמע־ריקאַניזם.

„אָט איז קוירנעל טעאָדאָר רוזוועלט, דער העלד וועלכער

קלאַפּט טרעוואָגע, אַז די פּאַטריאָטען זאָלען זיך אַ נעם טאָן אונטערדריקען געגענערישע קריטיק און געגנערישע מיינונגען. דאָס איז בלויז אַ דינינקע מאַסקע. אין תוך אריין זיינען זיינע געשרייען אַן אַפּיל צו מאַב הערשאַפט און צו לינטשעריי. אָט איז מר. עליהו רוט, וועלכער קומט ארויס עפענטליך מיט אַ פאָדערונג, אַז מ'זאָל דערשיסען רעדאַקטאָרען, וואָס דריקען אויס געדאַנקען, וועלכע שטימען ניט מיט די הערשענדע מיינונגען. און ענדליך — אָט איז דער פרומער און העכסט־קריסטליכער געוועזענער אַמבאַסאַדאָר וואַן דאַיק, וועלכער האָט ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק פאָרגעשלאָגען, אַז דאָס בעסטע מיטעל פאַרטיג צו ווערען מיט די קאַמפּעין־פראַגען איז אויפצוהענגען דעם סאָציאַליסטישען קאַנדידאַט.

„די אַלע לייט העצען אָפען צו פאַרברעכען און מאָרד, און אין דער איצטיגער צייט פון קריזיס און היסטעריע קענען טאַקע זייערע אַפּילס פיהרען צו בלוט־פאַרגיסונג. ווען אַן איינפאַכער געוועהנליכער אַנאַרכיסט זאָל אָנפיהרען אַ סך אַ מילדערע העצע, וואָלט מען איהם פאַרשפּאַרט אין פּריזאָן. אָבער די דאָזיגע פּראָמינענטע אַנאַרכיע־פּרעדיגער, וועלכע פאַרנעמען וויכטיגע פּאָזיציעס און זיינען שטיין־רייך, זיי פּרעדיגען מאָרד און דאַרפען נישט מורא האָבען, אַז מען וועט זיי באַשטראָפען”.

איין פּאַסירונג, וואָס איז מיט פרייד באַריכטעט געוואָרען אין די צייטונגען פון יענעם פריהמאָרגען, האָט מיך אַזוי אויפגערודערט, אַז איך האָב עס איבערדערצעהלט פאַר דעם עולם אויף דעם מיטינג. ס'איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם כלומרשט־פּאַטריאָטישען מאָרד־גייסט, וואָס די מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע האָט אַרויסגערופען און וואָס איז שוין איצט צום גליק פאַרגעסען, אַז איך האַלט מיינע באַמערקונגען וועגען דעם פאַר גענוג וויכטיג עס דאָ איבערצוגעבען.

אָט וואָס איך האָב געזאָגט:

„ערשט נעכטען האָבען די פּאַטריאָטען אָפּגעהאַלטען אַן „אַנטי־דיסלאָיאַלטי” מיטינג אין קאַרנעגי האָל. א יך נעם דעם באַריכט וועגען דעם, וואָס דאָרט האָט פּאַסירט פון אַ מאָרגען־צייטונג, נישט פון אַ סאָציאַליסטישער צייטונג, נישט פון דער „קאָל”. נאָר

פון אַ רעספּעקטאַבעלער קאַפּיטאַליסטישער ציימונג, וועלכע שטיצט מעיאָר מיטשעל. הערט זיך איין — ס'איז אינטערעסאַנט.

„אַ מאַן, וועלכער האָט אויסגעשריען, אַז סענאַטאָר לאַפּאָלעט דאַרף זיין אונזער נעקסטער פּרעזידענט איז נעכטען אָוועגט אַרויס־געוואָרפען געוואָרען פון דעם אַנטי־דיסלאָיאַלטי מיטינג, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען פון דער „אַמעריקען דעפענס סאָסייעטי", אין קאַרנעגי האָל. איידער אַ גוט־געצילטער זעץ מיט אַ נומער עלף שוך פון אַ שטאַרקען און בייזען פּאַטריאָט האָט איהם אַראָפּ־געשאָסען פון די טרעפּ אויפ'ן סאַידוואָק, האָט דער אָנהענגער פון סענאַטאָר לאַפּאָלעט און שטערער פון מיטינג געהאַט אַ גאַנצע רייהע ערפאַהרונגען. דער מאַן איז צוערשט אַרויסגעשטופּט גע־וואָרען פון זיין פּלאַץ אין דער זעקסטער רייהע. אַ האַלבער טוץ מענער אין טאָקסידאָס און אין שטייפע העמדער האָבען איהם אַזוי לאַנג געבריקעט מיט די פיס ביז זיי האָבען איהם צוגעבריקעט צו דער טיר. אַ דאַמע אין רייכע אָווענט־קליידער האָט זיך אַריבער־געבויגען פון איהר שטול און האָט איהם דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל פאַר אַלע — פאַר מענער און פרויען, — וואָס האָבען נאָר געקענט דערלאַנגען אַ בוכטש דעם פרעמדען מאַן. ווען ער האָט געמאַכט אַ פּאַרזוך צו פאַרדעקען זיין פּנים, האָט מען איהם פאַרדרעהט די הענט פון הינטען.

„דאָס פאַרברעכען פון דעם מאַן איז געווען וואָס ער, אַן אַמעריקאַנער בירגער, האָט אויסגעדריקט זיין מיינונג, ווער עס וואָלט געווען אַ בעסערער פּרעזידענט פון אונזער רעפּובליק, און זיין מיינונג האָט נישט אויסגענומען ביי די אויסגעפּוצטע כולי־גאַנעס. און אונזערע ציימונגען, אייערע ציימונגען, האָבען די חוצפה גוטצוהייסען דאָס מיט ווערטער פון לויב. אָה, ווען איך זאָל נאָר איצט זיין דער מעיאָר פון ניו יאָרק! ווען איך וואָלט געהאַט צו זאָגען איבער דער פּאָליציי פון ניו יאָרק, וואָלטען איצט די אויסגעפּוצטע פייגלינגע, די פרעכע פּוסט־און־פּאַסניקעס געזע־סען אַרעסטירט פאַר באַפאַלען און שלאָגען אַן אומשולדיגען מענ־שען.

„געגען אָט דעם גייסט פון העצערייען און פון גוואַלדטאַטען, געגען אָט דעם שרעקליכען גיהנום פון הפקרות רעוואָלטירט איצט די שטאָדט ניו יאָרק. געגען אַזעלכע העצערייען, געגען אַזוינע גוואַלד־

טאטען זיינען מיר סאָציאַליסטען ענטשלאָסען צו קעמפּען ביז זיי וועלען איינגאַנצען אויסגעראָטען ווערען, און די לייט, וואָס מיט זייער אויפפיהרונג מאַכען צו שאַנדע דעם שעהנעם נאָמען פון דער אַמעריקאַנער רעפּובליק, די זעלבע לייט, וועלכע טרעטען מיט די פיס אַלץ וואָס איז דאָס בעסטע און דאָס נאָבעלסטע אין דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, זיי האָבען נאָך די חוצפּה צו ערשיי־נען פאַר אייך אַלס די איינציגע עכטע אַמעריקאַנער אין דעם איצ־טיגען וואהל־קאַמף.

„אַמעריקאַנער! אויב מיט אַמעריקאַניזם מיינט מען די אַמע־**ריקע פון די אונטערדריקער, פון די עקספּלואַטאַטירער, פון די פּריי־**וועליגערטע קלאַסען, פון גוואַלדטאַטען, דאַן זיינען זיי ווירקליך די פּאַסיגע פאַרשטעהער פון יענעם סאָרט אַמעריקאַניזם. אויב אָבער **עס איז אַזאַ אַמעריקאַניזם וואָס שטעלט זיך איין פאַר די אונטער־דריקטע און די עקספּלואַטירטע, פאַר רעכט, פאַר פרייהייט און פאַר** דעמאָקראַטיע; אויב מיט אַמעריקאַניזם מיינט מען די אַמעריקע פון די מאַסען, די אַמעריקע פון פאָלק, די אַמעריקע פון די אַמע־ריקאַנער, דאַן זיינען מיר און נאָר מיר די יעניגע, וועלכע פאַר־טרעטען אַמעריקע".

**אן ערך א וואָך פאַר די וואהלען איז דער הערשענדער** געפיהל געווען, אַז איך וועל ערוועהלט ווערען. אַ צוטומלונג האָט זיך פאַרשפּרייט אין די לאַגערען פון מיינע געגנער. די אַקציעס אויף דער ניו יאָרקער בירזשע האָבען גענומען זינקען, און אויך דאָס האָט מען ערקלערט דערמיט, וואָס מען האָט געזאָגט אַז מיין קאַנ־דידאַטור שטעלט מיט זיך פאָר אַן ערנסטע געפאַהר.

ס'איז ווארשיינליך געווען איינע פון יענע אונדערקלערבארע געפיהלס־צושטאַנדען פון קאַמפּעין־צייט, וואָס טראָגען זיך אַרום אין דער לופט אָפּגעזעהן דערפון צי עס איז יאָ פאַראַן, אָדער נישט פאַראַן אַ בארעכטיגונג דערפאַר אין דער לאָגיק אָדער אין די פאַקטען. מעגליך אויך, אַז אין יענע טעג האָט דאָס קוועקזיל־בער פון פּאָליטישען באַראָמעטער דערגרייכט מיין העכסטען פּונקט; און ווען די אָפּשטימונג זאָל געווען פאָרקומען אין יענעם פּסיכאָ־לאָגישען מאָמענט, וואָלט דער רעזולטאַט אפשר געווען אַ סך אַנ־דערש פון דעם, וואָס ער איז געווען ווען די אַטמאָספערע האָט זיך אָפּגעקיהלט דורך וואַרטען נאָך אַ וואָך צייט.

אַן אַמוזאַנטע און נאָך אײן־ערגעץ נישט פאַרעפענטליכע פּאַסירונג וואָס איז פאָרגעקומען אין יענע טעג, קען וועניגסטענס טיילווייז וואַרפען אַ ליכט אויף דער ענדערונג אין מיין פּראַקטישען פּאָליטישען שיקזאַל.

אין אַ שעהנעם נאָכמיטאָג זיינען עטליכע מענער געקומען מיך באַזוכען ביי מיר אין אָפיס. לויט זייערע נעמען האָב איך זיי באַלד דערקענט אַלס פּראָמינענטע פיהרער פון דער צאָהל־רייכער דייטשער קאָלאָניע אין ניו יאָרק. ס'האָט נישט לאַנג גע־דויערט ביז זיי האָבען מיר ערקלערט דעם צוועק פון זייער באַזוך. זיי האָבען מיר אָפען געזאָגט, אַז די אָרגאַניזירטע דייטשען פון ניו יאָרק, וועלכע זיינען היגע בירגער, קענען ביי זיך נישט באַ־שליסען וועמען אויסצוקלייבען צווישען מיר און דזשאָדזש האַי־לען, און אַז זיי זיינען באַשטימט געוואָרען אַלס אַ קאָמיטע צו האָבען געשפּרעכען מיט אונז ביידען וועגען דער שטעלונג וואָס יעדער פון אונז האָט צו די בירגער פון דייטשער אָפּשטאַמונג און באַזונדערס וועגען דער פראַגע פון אָנהאַלטען די דייטשע שפּראַך צווישען די לימודים פון די פּאָבליק סקולס.

די פרעסע און די פּאַרטייען, וואָס זיינען געווען געגען מיר, האָבען, פאַרשטעהט זיך, מיך כאַראַקטעריזירט דורכאויס ווי אַ פּראָ־דייטש, און אין פאַרלויף פון קאַמפּעין האָב איך אַדרעסירט צוויי מיטינגען אין דער דייטשער שפּראַך. איך האָב געהאַלטען רעדעס אויף עהנליכע פאַרזאַמלונגען אויך פאַר דער מלחמה, און איך האָב דאָס אָנגעהאַלטען אין דער צייט פון קאַמפּעין אין אַ גייסט פון אַן אַרויספאָדערונג צו מיינע געגנער.

„דייטש איז די שפּראַך ניט נאָר פון קייזער, נאָר אויך פון קאַרל ליבקנעכט, — האָב איך ערקלערט, — און פאַרמאָגט ווער־טער פון ליבשאַפט אַזוי גוט ווי ווערטער פון האַס”. מיינע באַזוכער האָבען מיר געגעבען שטאַרקע אָנצוהערענישען, אַז פּערזענליך זיינען זיי מעהר געניגט צו מיר ווי צו מר. האַילען, ווייל איך בין בעסער באַקאַנט מיט דער „דייטשער קולטור”, ווי מיין דעמאָקראַטישער געגנער.

מיין ענטפער איז געווען קורץ און דורכאויס נישט־צופרי־דענשטעלענד.

„מיינע הערען, איך וויל נישט דעם דייטשען וואוט — האָב

איך געזאָגט — איך בין אַ קאַנדידאַט פאַר מעיאָר אַלס אַ סאָ־ציאַליסט און נישט עפּעס אַנדערש. מיין געגנערשאַפט צו מלחמה איז אַ ריין־סאָציאַליסטישע שטעלונג און גראַדע זיינען מיינע פּער־זענליכע סימפּאַטיעס און נייגונגען אויף דער זייט פון די עלאַיס.״ דאָס איז אגב אויך געווען די פּסיכאָלאָגישע באַציהונג פון מעהר־סטע סאָציאַליסטישע מלחמה־געגנער, וועלכע מען האָט באַצייי־כענט אַלס פּראָ־דייטשע.

נאָך אַ שווערען מאָמענט פון שטילשווייגען האָט זיך אונזער געשפּרעך געענדיגט און דער „דייטשער וואוט״ האָט זיך אַזוי־צו־זאָגען אומגעקעהרט מיט'ן רוקען צו מיר. האַילאַנ'ס קאַמפּעין־מענעדזשערס האָבען געוויס ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ טובה איך האָב זיי ניט־ווילענדיג געטאָן.

ענדליך איז געקומען עלעקשאָן־טאָג. די צייטונגען האָבען גע־וואַרט ביז דער לעצטער שטונדע צו דערלאַנגען זייער פּאַראייניגטען און צושמעטערענדיגען קלאַפּ. די מאָרגען־צייטונגען און די אָווענט־בלעטער פון דעם 5טען נאָוועמבער 1917, האָבען געקאָנקורירט צווישען זיך מיט סטראַשידלע־קעפּ אויף אַרטיקלען, וואָס האָבען געוואָרענט געגען דער געפאַהר פון מיין ערוועהלונג און זיי האָבען דערביי געגעבען אַ פולען צעטעל פון מיינע זינד אַלס איינער, וואָס אי ער טוט נישט קיין פּאַטריאָטישע מצוות, אי ער באַגעהט געפעהר־ליכע עבירות.

ביז צו דער שטונדע, ווען די שטימען זיינען איבערגעצעהלט געוואָרען און דער רעזולטאַט איז באַקאַנט געוואָרען, האָט ניו יאָרק געקאָכט מיט ליידענשאַפט און אויפרעגונג, וואָס האָט וואַר־שיינליך נישט קיין גלייכען צו זיך אין דער פּאָליטישער געשיכטע פון דער שטאָדט ניו יאָרק.

די וואַהל־רעזולטאַטען זיינען געווען פּונקט דער היפּוך פון אַלע פאָראויסזאָגונגען און האָבען אָפּגעווישט אַלע ערוואַרטונגען. האַילען, דער שוויגענדיגער קאַנדידאַט פון טעמעני האָל, איז ער־וועהלט געוואָרען מיט אַ וואוט, וואָס איז געווען נאָך גרעסער פון דער צאָהל שטימען, וואָס מעיאָר מיטשעל און איך צוזאַמענגענומען האָבען באַקומען.

עס איז אָנאָנסירט געוואָרען, אַז האַילען האָט באַקומען 331 טויזענט מיט 956 שטימען, געגען 155 טויזענט מיט 497, וואָס

מ'האָט מעיאָר מיטשעל'ן צוגעטיילט און 145 טויזענט מיט 332 שטימען, וואָס זיינען אנערקענט געוואָרען אַלס מיינע. דער רע־פובליקאנער קאנדידאט האָט זיך נאָכגעשלעפּט העט־הינטען מיט 56 טויזענט און 438 שטימען.

די סאָציאַליסטישע וואַטשערס פון פילע שטים־פּלעצער האָבען געמאכט די באשולדיגונג, אז די שטים־צעטלאך זיינען עטוואָס „געפיקסט" געווארען צו גונסטען מעיאָר מיטשעל אום ער זאָל כאָטש קריגען דעם כבוד פון זיין אויפ'ן צווייטען פּלאַץ, וואָס איז אין דער אמת'ן געקומען מיר און ניט איהם. אבער צי די באשול־דיגונגען זיינען געווען ריכטיג אדער נישט, זיינען מיר יעדענפאלס „געלאָפען" זעהר נאָהענט איינער פון אנדערען. מען טאָר נישט פארגעסען, אז מיטשעל'ן האָט פיעל געהאָלפען דאָס, וואָס ער איז געווען דער מעיאָר אין דער צייט פון די וואהלען. עס איז איהם געשטאנען צו דינסט דער גאנצער אפּאראט פון דער שטאָט־אדמי־ניסטראַציע, און ער איז געשטיצט געווארען כמעט דורך דער גאנ־צער מעכטיגער פּרעסע פון ניו יאָרק. אז מ'נעמט דאָס אַלץ אין אנבאַטראַכט, ווערט ערשט קלאָר ווי ווייט זיין דורכפּאַל האָט אָפּגעשפּיגעלט דעם אמת'ען געפיהל צו דער מלחמה, וואָס די באַ־פעלקערונג אין דער גרעסטער שטאָט פון אמעריקע האָט געהאַט.

וואָס אנבאַלאַנגט מיך, איז מיר געלונגען צו פארגרעסערען די צאָהל סאָציאַליסטישע שטימען אויף פינף מאָל, און איך האָב געהאט א מערהייט אין צוועלף פון די צוויי־און־זעכציג אסעמבלי־דיסטריקטען, אין דער צייט וואָס מעיאָר מיטשעל האָט געהאַט בלויז אכט דיסטריקטען. איבער צוויי און צוואנציג פּראָצענט פון אַלע וואָטערס אין ניו יאָרק האָבען אָפּגעגעבען זייערע שטימען פאר מיר.

די גרויסע צאָהל שטימען — די גרעסטע צאָהל, וואָס א סאָ־ציאַליסט האָט ווען עס איז באקומען אין ניו יאָרקער שטאָט־וואה־לען, — איז אין קיין פאַל ניט געווען בלויז א פּערזענליכער טרי־אומף. ס'איז געווען א פארדינטער און אנערקענטער זיג פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי.

אין דער צייט, וואָס איך בין נאַטירליכערווייז געהאלטען געוואָרען אין דער ערשטער רייהע אויפ'ן שלאכטפעלד אלס דער הויפּט־קאנדידאַט פון פּארטיי־טיקעט און איך האָב געהאט אויס־

צושטעהן די גרעסטע שוועריגקייטען פון דעם קאמף, איז די גאנצע אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע באוועגונג געווען מאָביליזירט פאר אקטיווער קאמפּיין־ארבייט, און האָט געטאָן ארבייט פון אן אומ־געהויערען פארנעם. אלע וואָס האָבען געקענט רעדען האָבען אוועק־געגעבען זייער צייט צו אדרעסירען פאַרזאַמלונגען אין האָלס און טויזענטער גאַסען־מיטינגען אויף די קאָרנערס פון ניו יאָרק; אַלע, וואָס האָבען געקאָנט שרייבען האָבען אָנגעפילט די קאָלומנס פון די סאָציאַליסטישע צייטונגען, וואָס געהען ארויס אין עטליכע שפּראַכען, און האָבען געשריבען קאמפּיין־ליפלעטס און אפּילס. אלע אנדערע האָבען פארשפּרייט פּראָפּאָגאנדע־ליטעראַטור, אָרגאַ־ניזירט מיטינגען און האָבען געטאָן הונדערט־און־איינע אנדערע באשיידענע אָבער שווערע ארבייטען אָהן וועלכע עס איז נישט מעג־ליך אָנצופיהרען אן אקטיווען און טיכטיגען קאמפּיין. און דאָס אלץ איז געווען וואָלונטיר־ארבייט אוים ליבשאפט, אָהן אנער־קענונג און אָהן באלוינונג.

ווען די חשבונות פון די עלעקשאָן אויסגאבען זיינען פאר־עפענטליכט געוואָרען, האָט מען אויסגעפונען, אז מעיאָר מיטשעל'ס קאמפּיין האָט אָפּגעקאָסט זיינע אָנהענגער ארום א מיליאָן מיט דריי הונדערט טויזענט דאָלער. די סאָציאַליסטישע פארטיי האָט דערגרייכט דעמזעלביגען רעזולטאט לויט דער צאָהל שטימען, און האָט ארום־און־ארום אויסגעגעבען אויף דעם ארום פופציג טויזענט דאָלער. יעדע פיוזשאָן־שטימע האָט געקאָסט זעקס־און־צוואנציג מאָל אזויפיל ווי א סאָציאַליסטישע שטימע.

און דער קאמפּיין איז אָנגעפיהרט געוואָרען הויפּטזעכליך לויט א סאָציאַליסטישער ליניע.

ביי איין געוויסער געלעגענהייט האָב איך אין קורצען אויס־געדריקט דעם תמצית פון די ספּעציעלע פונקטען אין דעם סאָציאַ־ליסטישען פּראָגראם אויף דעם פאָלגענדען שטייגער:

„עס זיינען פאראן פיר הויפּט־אישוס אין דעם קאמפּיין, — צוויי דירעקטע און צוויי אונדירעקטע. לויט זייער רייהע קענען זיי פאָרמולירט ווערען ווי פאָלגט: 1) די פאליסי און דער כאַראַקטער פון דער שטאָט־רעגירונג; 2) דער יקרות אויף שפּייז; 3) דאָס אנהאלטען רעכט און פרייהייט; 4) די ווירקונג פון קאמפּיין אויף דער באוועגונג פאר פרידען".

אבוואָהל דער לעצטער פונקט איז געוואָרען דער סענסאציאָ־נעלסטער און דער פארביגסטער, האָבען מיר אָבער קיינמאָל ניט פאַרנאַכלעסיגט די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אישוס, און מיר האָבען קיינמאָל נישט פארפעהלט אונטערצושטרייכען די גרונדלאַ־גען פון דער סאָציאַליסטישער וועלט־אנשויאונג און פון סאָציאַ־ליסטישען פראָגראם.

דער סאָציאַליסטישער קאמפעין איז די גאַנצע צייט אָנגעפיהרט געוואָרען פאר אלע קאנדידאטען פון דעם פארטיי טיקעט, און דער וואונדערבארער סאָציאַליסטישער וואוט פון יאָהר 1917 איז פאַק־טיש געווען דורכאויס א וואוט פאר דער פארטיי. מיט דער גאנצער ספּעציעלער אויפמערקזאמקייט, וואָס איז אָפּגעגעבען געווארען אויף דעם מעיאָר־קאמפעין, האָב איך געצויגען בלויז פון 20 ביז 25 טויזענט מעהר שטימען ווי דער גאנצער סאָציאַליסטישער טיקעט. און די גרויסע צאָהל שטימען איז געקומען פון די ארבייטער־דיסט־ריקטען, וואָס זיינען דער לאָגישער און נאטירליכסטער באָדען פאר א סאָציאַליסטישער באוועגונג.

די וואַהלען האָבען אויך געבראכט פראקטישע סאָציאַליסטישע זיגען. א דאנק דער גרויסער צאָהל שטימען זיינען ערוועהלט גע־וואָרען צעהן סאָציאַליסטישע מיטגלידער פון דער סטייט אסעמבלי, זיבען מיטגלידער פון דער באָארד אוו אָלדערמען, און א ריכטער פון א לאָקאלען ציווילען געריכט.

וועניגער־פארביגע סאָציאַליסטישע קאמפעינס האָבען געבראַכט עהנליכע ערפאָלגרייכע רעזולטאטען אין אנדערע לאָקאלע וואהלען. אין שיקאגא האָט די סאָציאַליסטישע פארטיי, וועלכע האָט געהאט געגען זיך א פאראייניגונג פון אלע אנדערע פּאָליטישע קרעפטען, געצויגען כמעט א דריטעל פון אלע שטימען. דער סאָציאַליסטישער וואָוט איז אומגעהויער פארגרעסערט געווארען אויך אין קליוולאנד און אין באָפאַלאָ. די וואהלען פון דער מלחמה־צייט אין 1917 האָבען דערהויבען די פּאָליטישע מאכט פון די סאָציאַליסטען אין אמעריקע צו איהר העכסטען פונקט.

צווישען די פראקטישע אויפטואונגען פון די ניו יאָרקער וואהלען איז נאָך דערצו געווען א פראקטישער נעבען־רעזולטאט. איך גלויב, אז עס איז קיינמאָל נישט גענוג אָפּגעשעצט געווארען

ווי שטארק יענער קאמפּיין האָט געהאָלפֿען די פרויען פון לאנד צו געווינען שטימרעכט.

אין יאָהר 1917 האָבען עס די בירגער פון ניו יאָרק סטייט געדאַרפט שטימען פאר א פאָרגעשלאָגענעם אמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע צו געבען פרויען שטימרעכט. אין דער שטאָט ניו יאָרק, וואָס פארמאָגט ארום א העלפט פון אלע וועהלער פון סטייט, האָט מען איבער דעם אמענדמענט געדארפט שטימען אין דערזעלבער צייט וואָס מ׳האָט געדארפט ערוועהלען א מעיאָר. מיט צוויי יאָהר פריהער האָבען די וועהלער פון סטייט מיט א גרויסער מערהייט נידערגעשטימט אן עהנליכען אמענדמענט, און אין אָנפאנג פון קאמפּיין, אין יאָהר 1917 זיינען די אויססיכטען פאר׳ן אמענדמענט אויך נישט געווען קיין צו־גוטע. איך האָב גראדע געוואוסט, אז די פיהרער פון יענער באוועגונג זיינען געווען היבשלאך פעסימיסטיש וועגען די אויססיכטען און האָבען זיך אפילו געגרייט צו פארקלענערען זייער קאמפּיין.

דער לעבעדיגער אינטערעס פון עולם, מיט וועלכען דער מעיאָר קאמפּיין האָט זיך אויסגעצייכענט פון סאמע אָנפאנג אָן, האָט מיר געשיינט צו געבען א גלענצענדע געלעגענהייט צו העלפען אין דעם קאמף פאר פרויען רעכט.

דעם צעהנטען אָקטאָבער האָב איך אדרעסירט אן אָפענעם בריף צו אלע מיינע געגנער אין דעם מעיאר־קאמפּיין, זיי דערמאָנט אין דעם בריף אָן דעם פאָרגעשלאָגענעם אמענדמענט, און זיי אויפגעפאָדערט דעם אמענדמענט עפענטליך צו שטיצען אלס אן אומפּארטייאישען אויפטו פאר רעכט און גערעכטיגקייט.

„אויב יעדער פון אונז — האָב איך גע׳טענה׳עט צו מיינע געגנער, — וועט מאכען אן אַפּיל, אן ערנסטען אפּיל צו זיינע אונטערשטיצער, אז זיי זאָלען שטימען פאר פרויען־רעכט, וועט דער אמענדמענט אָנגענומען ווערען און מיר וועלען האָבען געהאָלפען צו פארריכטען א דורות־אַלטען אומרעכט. איך ווייס גוט די גרויסע וויכטיגקייט פון די דירעקטע און די אינדירעקטע אישום וואָס זיינען פארוויקעלט אין דעם שטאָטישען קאמפּיין. און איך זאָג פונדעסטוועגען, אז די אישו וועגען פרויען־רעכט פארטונקעלט זיי אלע אלס א שטענדיגע פראגע פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט און פּאָרטשריט".

אָהן שום שלעכטע אבזיכטען האָב איך דערמיט געשטעלט מיינע געגנער אין א גאַנץ היבשער פארלעגענהייט. קיינער פון זיי האָט אין דער אמת'ען ניט געוואָלט נעמען קיין באשטימטע שטע־לונג צו א ספּעציעלער פראגע איבער וועלכער די מיינונגען פון די וועהלער זיינען צוטיילט. פון דער אנדערער זייט ווידער האָבען זיי געפיהלט, אז מיט איגנאָרירען מיין אויפפאָדערונג קענען זיי מיר נאָך איינשאַפען די שטיצע פון א גרויסער צאָהל מענשען, וואָס זיינען געוועזן פרויען־רעכט סימפּאטייזערס. זיי האָבען זיך געוואַ־קעלט און די סאָציאַליסטען האָבען געהאַלטען אין איין האַמערען אויף דעם פּונקט. אויף אונזערע מיטינגען און אין אונזער קאמפּיין־ליטעראטור האָבען מיר אגיטירט פאר דעם פרויען־רעכט־אמענד־מענט פּונקט אזוי שטארק ווי פאר אונזערע קאנדידאטען, און די אנדערע פּארטייען האָבען לאנג ניט געקאָנט פארשווייגען די פרא־גע.

דער ערשטער ארויסצוקומען אָפען איז געוועזן מעיאָר מיטשעל.

„כאָטש איך ערוואַרט צו שטימען פאר דעם אמענדמענט און איך האָף, אז ער וועט אָנגענומען ווערען, — האָט ער געשריבען צו מיר, — האַלט איך אבער די פראגע נישט פאר אן אישו אין דעם קאמפּיין. איך דענק, אז ס'איז א סך גלייכער, אז מיר זאָלען זיך דורכאוים אָפּגעבען מיט די ווירקליכע קאמפּיין־אישוס".

איך האָב דערויף געענטפערט מיט אן ערקלערונג, אז די פראגע וועגען פרויען־רעכט האָט א נעהענטערע שייכות צו די אישוס פון דעם קאמפּיין ווי עס האָט, צום ביישפּיל, די פראגע פון פּאטריאָטיזם, וואָס מר. מיטשעל האָט אין דעם קאמפּיין אריינגעבראכט, און איך האָב דערביי דערמאָנט דעם מעיאָר, אז איך האָב אויפגעפאָדערט מיינע געגנער ניט צו דיסקוטירען, נאָר שטיצען דעם אמענדמענט.

„מיר שיינט, אז מיר קענען זיך אויפהויבען העכער פון אונ־זערע דירעקטע פּארטייאישע אינטערעסען, — האָב איך פארענ־דיגט, — און העלפען א גוטער אומפּארטייאישער זאַך. עס טוט מיר לייד, וואָס מיינע געגנער זעהען עס ניט איין און נעמען נישט אן מיין פאָרשלאַג...

זיי האָבען עס ענדליך יאָ איינגעזעהן. א וואָך נאָך מיין ארויספאָדערונג האָט דער מר. בענעט אין א בריף, וואָס ער האָט

אדרעסירט צו מיר און איבערגעגעבען צו דער פרעסע, ערקלערט, אז ער אונטערשטיצט דעם אמענדמענט פון גאנצען הארצען. עס האט לאנג ניט געדויערט און די דעמאָקראטישע קאמפיין־העד־קוואַדערס האָבען אנאָנסירט, אז ריכטער האילען שטיצט אויך דעם אמענדמענט.

אויף אזא שטייגער האָבען זיך אלע קאנדידאטען פאר מעיאָר עפענטליך ערקלערט פאר פרויען־רעכט, און די פיהרער פון דער באוועגונג האָבען באלד אויסגענוצט די אונערוואַרטעטע ענדערונג צו גונסטען פון זייער קאמף. נייגעריג צו פארפעסטיגען און אונ־טערשטרייכען ניו יאָרק׳ס פאָליטישע איינשטימיגקייט פאר פרויען־רעכט, האָבען זיי אָרגאַניזירט אן עפענטליכע דעמאָנסטראציע און איינגעלאדען אלע מעיאר־קאנדידאטען אלס די הויפט רעדנער.

דער מיטינג איז אפּגעהאלטען געווארען אין דער ברוקלינער „אקאדעמי אָוו מיוזיק". פון די פיר איינגעלאדענע קאנדידאטען זיינען בלויז צוויי געקומען. איך און מעיאָר מיטשעל. מיטשעל האָט אין דעם קאמפיין פארלאָרען זיין שטימע און אן אנדערער האָט געליי‌ענט זיין רעדע און ער איז געשטאנען אויף דער פלאטפאָרמע און געמאכט אלע זשעסטען און באוועגונגען, וואָס האָבען זיך געפּאסט צו די רייד. איך ווידער, האָב געהאט אָפּגעהיט, אדער אויסגערוהט מיין שטימע פאר דער געלעגענהייט, און איך האָב געזאָגט וואָס איך האָב געדענקט הויך אויפ׳ן קול און מיט קלאָרע ווערטער. די אנדערע צוויי קאנדידאטען האָבען געשיקט געשריבענע ערקלערונגען אין וועלכע זיי האָבען אינדאָר־סירט פרויען־רעכט, און די ערקלערונגען זיינען פאָרגעלייענט גע־וואָרען ביים מיטינג.

פון יענעם אָוונט אָן איז שוין פאקטיש געווען זיכער, אז דער אמענדמענט וועט אָנגענומען ווערען. ניו יאָרק איז געוואָרען דער צוועלפטער סטייט אין לאנד צו געבען די פרויען דאָס רעכט צו שטימען. דער פרויען־רעכט אמענדמענט האָט געגעבען שטימ־רעכט צו צוויי מיליאָן פרויען אין דעם סטייט און האָט פאקטיש געצוואונגען, אז עס זאָל אָנגענומען ווערען אויך דער אמענדמענט צו דער פעדעראלער קאָנסטיטוציע, וואָס גיט שטימרעכט צו אלע פרויען־בירגער פון לאנד.

דער ניו יאָרקער אמענדמענט איז אָנגענומען געוואָרען מיט א מערהייט פון הונדערט טויזענט שטימען, וואָס איז פאקטיש אינ־גאנצען געקומען פון שטאָט. די פאַרגרעסערונג אין דער צאָל סאָציאַליסטישע שטימען איז געווען ארום 110 טויזענט און אלס א כלל האָט יעדער סאָציאַליסטישער וועהלער געשטיצט דעם פרוי־ען־רעכט אמענדמענט. אין סטייט אָהייאָ, וואו אן ענליכער אמענד־מענט איז דאָן געשטעלט געוואָרען צו אן אָפּשטימונג און וואו עס איז נישט געווען אזא שטארקער סאָציאַליסטישער קאמפּיין איהם צו שטיצען, איז טאקע דער אמענדמענט נידערגעשטימט געוואָרען ביי די וואהלען.

„דער זיג פון פרויען־רעכט אין ניו יאָרק איז א סאָציאַליס־טישער זיג", — האָבען געזאָגט די געגנער פון שטימרעכט פאר פרויען. די פירער פון דער סופראַזשיסטישער באוועגונג, אליין מענשען פון מיטעל־קלאַס, האָבען דאָס מיט א האלב מויל געלייק־ענט. די סאָציאַליסטען האָבען נישט געמאָנט דעם קרעדיט פאר זיך. פאר זיי איז געווען גענוג די איבערצייגונג, אז זיי האָבען באַ־דייטענד מיטגעהאָלפען אין דעם זיג פון א גוטער און פּראָגרעסי־ווער באוועגונג.

## קאַפּיטעל פינף

# אונטער דער הערשאַפט פון שפּיאָנאַזש געזעץ

דער פּאָליטישער קאמפּיין פון 1917 האָט געגעבען די לעצטע געלעגענהייט פארהעלטניסמעסיג פריי צו דיסקוטירען די מלחמה־פראגען. באלד דערנאָך האָט די רעגירונג ארויפגעלעגט א שווערע האַנט אויף אלץ וואָס האָט געשמעקט מיט קריטיק געגען איהרע מלחמה־פּאליסים און מיט פּאַסיפיסטישע סענטימענטען.

אין יוני 1917 האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען דעם אַזוי־גערופענעם שפּיאָנאַזש־געזעץ — א מלחמה־געזעץ, וואָס האָט ארויפגעלעגט שרעקליכע שטראָף פאר שטערען די מיליטערישע פירונגען, ווי, צום ביישפּיל, פאר ווירקען, אז סאָלדאטען זאָלען נים וועלען זיין אונטערטעניג צו זייערע אָפיצערען אָדער פאר מאכען שטערונגען ביים רעקרוטירען מיליטער.

דאָס געזעץ האָט אויך געגעבען דעם פּאָסט אָפּיס דעפּארט־מענט א סך מאַכט אויסצושליסען און נישט צו פירען מיט דער פּאָסט קיין געדרוקטע זאַכען, וואָס פארלעצען די פּונקטען פון דעם שפּיאָנאזש געזעץ אָדער אזעלכע געדרוקטע זאכען, וואָס טרעטען ארויס פאר פאַרראַט, בונט אָדער פאר ארויסצייגען ווידערשטאַנד צום געזעץ.

דאָס געזעץ האָט באצוועקט נישט צו דערלאָזען ווירקליכע שטערונגען פאר דער רעגירונג אין איהר קריגס־פירונג. ס'איז דאָרט אָבער נישט געווען קיין זאַך, וואָס זאָל הייסען אונטער־דריקען אלגעמיינע דיסקוסיעס, אדער קריטיק געגען דער מלחמה און די פרידענס־באַדינגונגען.

ערשט מיט א יאָהר שפּעטער, אין יוני 1918, איז דאָס געזעץ שטארק געענדערט געווארען און מ'האָט אין דעם אריינגענומען אויך אזעלכע נישט־מיליטערישע „פארברעכענס", ווי „גראָבע, דערנידעריגענדע און באליידיגענדע שפּראך" געגען דער רעגירונג און געגען דער קאָנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאאַטען, „אָדער זאָגען צי טאָן עפּעס, צו שטערען דאָס פארקויף פון דער רעגירונגס ווערטה־פּאַפּירען אָדער מאַכען איהרע הלואות."

אָבער נאָך א סך פריהער, ווי עס איז געמאכט געווארען די ענדערונג אין דעם געזעץ, האָט עס שוין די רעגירונג אויסגענוצט צו אונטערדריקען יעדע קריטיק און יעדע געגנערשאַפט. ביי צעהנדליגע צייטונגען און זשורנאלען האָט מען ענטוועדער איינ־גאנצען צוגענומען די רעכט געשיקט צו ווערען דורך פּאָסט, אדער מ'האָט ביי זיי צוגענומען די פּריווילעגיע געשיקט צו ווערען פאר א ביליגערען פּרייז, וואָס אזעלכע צייטשריפטען האָבען געוועהנליך. איינציגע צייטונגען און זשורנאלען זיינען אויף אזא שטייגער באַ־שטראָפט געווארען פאר קריטיקירען די מלחמה־פּאָליסי פון דער רעגירונג און אייניגע זיינען אויך באשטראָפט געווארען, ווייל זייערע סאָציאלע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מיינונגען האָבען נישט נושא חן געווען אין די אויגען פון די פּאָסט־אָפּיס בעאמטע.

דער פּאָסט־אָפּיס דעפּארטמענט האָט געוועהנליך אויפגע־פּאָדערט די פארזינדיגטע צייטשריפטען, אז זיי זאָלען קומען און באַ־ווייזען פארוואָס מ'זאָל ביי זיי נישט צונעמען דאָס רעכט געשיקט צו ווערען דורך פּאָסט און האָט זיי געגעבען א פארהער פאר'ן

אראָפּלאָזען די האַק איבער זיי. אָבער דאָס איז געווען נישט מעהר ווי אַ פּוסטע פאַרמאַליטעט. דעם פּאָסט־אָפּיס האָט מען גאָר נישט געקענט באַווייזען, ווייל ער האָט נישט געוואָלט זעהן און די מאַכט זיינע איז געווען אומבאַגרעניצט.

פאַרשטעהט זיך, אַז מעהרסטע סאָציאַליסטישע צייטשריפטען האָבען געליטען פון דעם פּאָסט־אָפּיס דעפּאַרטמענט און איך האָב אָפט געהאַט געלעגענהייטען צו ערשיינען פאַר זיי ביי אַזעלכע פאַרהערען.

אין יענער צייט האָט איבער׳ן שיקזאַל פון פּאָסט־אָפּיס דעפּאַרטמענט געהאַט צו זאָגען אַלבערט ס. בוירלסאָן, וועמען פּרעזידענט ווילסאָן האָט באַשטימט אויף דעם אמט. בוירלסאָן איז געווען אַ דורכגעטריבענער פּאָליטישען פון טעקסעס, שטאַרק אַלס פּאַטריאָט, אָבער שוואַכליך אין זיינע באַגריפען וועגען סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פראַגען.

די ערשטע קעיס, וואָס האָט מיך געבראַכט אין באַרירונג מיט איהם איז געווען אין פאַרבינדונג מיט דעם וואָכענבלאַט „אַמעריקען סאָשעליסט״, די אָפּיציעלע וואָכענצייטונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

דער דעפּאַרטמענט האָט פאַרבאָטען דריי נומערען נאָכאַנאַנד געשיקט צו ווערען דורך דער פּאָסט און מיר זיינען געקומען באַווייזען פאַרוואָס דער פאַרבאָט זאָל אָפּגעשאַפט ווערען און פאַרוואָס די צייטשריפט זאָל נישט אָנווערען די פּריווילעגיע געשיקט צו ווערען פאַר אַ ביליגערען אָפּצאָל דורך צווייטע קלאַס פּאָסט.

דער מר. בוירלסאָן האָט פּערזענליך אָנגעפירט דעם פאַרהער, אָבוואָהל געוועהנליך פלעגט ער אַזעלכע פאַרהערען אָפּשיקען צום דריטען אסיסטענט פון פּאָסטמאַסטער־דזשענעראַל.

די דריי פאַרבאָטענע נומערען פון דעם וואָכענבלאַט האָבען מיר געשיינט צו זיין באַזונדערס מילד און איך האָב זיך באַמיהט צו איבערצייגען דעם מר. בוירלסאָן, אַז ער דאַרף גאָר באַווייזען פאַרוואָס דער פאַרבאָט זאָל בלייבען אין קראַפט אנשטאַט מיר זאָלען באַווייזען דאָס פאַרקעהרטע.

מר. בוירלסאָן האָט געהאַט פאַר זיך קאָפּיעס פון „אַמעריקען סאָשעליסט״, אויף וועלכע די געפּעהרליכע פלעצער זיינען געווען שטאַרק אונטערגעשטראָכען מיט רויטען בליישטיפט. אַ

שמייכעל האָט געשפּילט אויף זיינע ליפּען, ווען ער האָט אָנגעצייגט אויף זיין ערשטען קרבן.

„אָט איז, צום ביישפּיל, אייער אייגענער אַרטיקעל, מר. הילקוויט,״ — האָט ער געזאָגט.

איך האָב, נאַטירליך, געוואוסט וועגען וואָס עס האָט זיך געהאַנדעלט אין מיין אַרטיקעל. ס'איז געווען מיינע אָן איבער־געדרוקטע פאָררעדע, וואָס איך האָב געשריבען פאַר א ביכעל מיט'ן נאָמען „אמעריקאַנער סאָציאַליסטען און די מלחמה״. עס האָט ענטהאַלטען א סך הכל פון דער גוט־באַקאַנטער סאָציאַליס־טישער טעאָריע וועגען די אורזאַכען פון מאָדערנע מלחמות מיט א קורצען איבערזיכט איבער דער שטעלונג וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט גענומען צו אַלע וויכטיגסטע ערשיינונגען און ענט־וויקלונגען פון דער וועלט־מלחמה איידער מיר האָבען זיך אָן דער מלחמה אָנגעשלאָסען און דערנאָך. דאָס ביכעל איז פאַרשפּרייט געוואָרען און קיינער האָט נישט געשטערט.

„וואָס איז דען מיין אַרטיקעל? — האָב איך געפרעגט, — ס'איז נישט מעהר ווי א ווידערהאָלונג פון אן עקאָנאָמישער טעאָ־ריע און א היסטאָרישער וועלט־אַנשויאונג, וועלכע סאָציאַליסטען איבער דער גאַנצער וועלט האָבען שטענדיג און אָהן אויפהער גע־האַלטען אין איין ערקלערען סאַי פריהער און סאַי אין דער צייט פון קריג״.

„דאָס קען זיך זיין, — איז געווען זיין ענטפער, — אָבער דאָס אַרטיקעל מאַכט פונדעסטוועגען דעם איינדרוק, אז די מלחמה ווערט געפירט נישט פאַר די הויכע אידעאַליסטישע צוועקען, וועל־כע דער פּרעזידענט האָט אַנאָנסירט, נאָר גאָר צוליב גראָבע ביז־נעס־אינטערעסען. אַזא אַרטיקעל קען אָפּשוואַכען דעם ענטוזיאַזם פאַר דער מלחמה״.

כמעט באַלד נאָך דעם וואַפענשטילשטאַנד האָט פּרעזידענט ווילסאָן אָפען ערקלערט, אז די אורזאַכען פון דער מלחמה זיינען געווען עקאָנאָמישע. ס'איז אָבער געווען פאַרראַט אָנצואווייזען אויף דעם זעלבסטפאַרשטענדליכען פאַקט, ווען די מלחמה איז אָנ־געגאַנגען. איך האָב איינגעזעהן, אז יעדער פאַרזוך צו אַרגומענ־טירען איבער דעם פּונקט וועט זיין אַרויסגעוואָרפענע אַרבייט. איך האָב זיך דערפאַר גענומען צו די אַנדערע צוויי פאַרבאָטענע

נומערען און איך האָב געפרעגט מיט וואָס זיי האָבען זיך עס פאַר־זינדיגט.

דער מר. בוירלסאָן האָט אָנגעוויזען אויף עטליכע ארטיקלען, וואָס האָבען אויפגעדעקט באַזונדערס - עקעלהאפטע פאַלען פון מלחמה־פּראָפיטירונג. דאָס האָט מיך איינפאך געפלעפט.

„איהר מיינט דאָך נישט צו זאָגען, מר. בוירלסאָן, אז פּראָ־פיטירינג העלפט אָנצופירען די מלחמה און מ׳טאָר עס נישט קריטיקירען אזוי לאַנג ווי די מלחמה האַלט אָן?" — האָב איך געפרעגט.

„עס איז אַן אונדירעקטע אטאַקע אויף דער מלחמה", — האָט ער געענטפערט.

„אויב אזוי, — האָב איך ארגומענטירט, — אויב סאָציאַ־ליסטישע צייטונגען טאָרען נישט דיסקוטירען די אורזאַכען אָדער די פּראָבלעמען פון דער מלחמה און אויך נישט קיין עקאָנאָמישע אָדער פּאָליטישע געמיינהייטען וואָס ווערען באַגאַנגען אין דער אָנפיהרונג פון קריג, — היינט וועגען וואָס קענען זיי שרייבען אין דער מלחמה־צייט?"

די שווערע לאַגע פון א סאָציאַליסטישען רעדאַקטאָר האָט, יוויזט אויס, גאָרנישט געקימערט דעם מר. בוירלסאָן.

„איהר קענט שרייבען אַלץ, וואָס איהר ווילט וועגען ארימע מענשען, — האָט ער גלייך געענטפערט.

די טעמעס אויף וועלכע דער פּאָסט־אַפּיס האָט נאָר ערלויבט א סאָציאַליסטישער צייטונג צו שרייבען, איז ווייט נישט געווען גענוג. אָבוואָהל די אָרימעלייט זיינען נאָך אַלץ געווען מיט אונז און זייערע צרות זיינען געווען גרויס, איז אבער דאָך די איינ־טאָניגע טעמע פון זייער אָרימקייט ניט געווען גענוג אינטערעסאנט נישט פאר דער סאָציאַליסטישער פארטיי און נישט אפילו פאר די אָרימעלייט אליין, אז צוליב דעם זאָל ארויסגעגעבען ווערען דער „אמעריקען סאָשעליסט". די צייטונג האָט אויפגעהערט צו ער־שיינען.

דאָס אונטערדריקען דעם „אמעריקען סאָשעליסט" איז געווען דער פאָרשפּיל צו אַלע סאָציאַליסטישע צייטונגען.

די פּאָסט־פּריווילעגיעס זיינען איינס נאָך איינס צוגענומען געוואָרען ביי דעם „מילוואָקי לידער", ביים אידישען „פאָרווערטס",

וואָס איז א סאָציאַליסטישע און טרייד־יוניאָניסטישע צייטונג מיט א צירקולאַציע פון צוויי הונדערט טויזענט איבער׳ן גאַנצען לאַנד, און ביי א גאַנצער רייהע סאָציאַליסטישע טעגליכע צייטונגען, וועלכע האָבען זיך געדרוקט אין דייטש, רוסיש און אונגאַריש.

אָנפאַנג אָקטאָבער 1917, אין דעם סאַמע קאָך פון דעם מעיאָר־קאַמפּעין, האָט די „ניו יאָרק קאָל" געקראָגען א באַפעהל צו קומען און באַווייזען פאַרוואָס מ׳זאָל ביי איהר ניט צונעמען די פּאָסט־פּריווילעגיעס. די „קאָל" איז געווען די איינציגע סאָציאַליסטישע טעגליכע צייטונג אויף ענגליש אין ניו יאָרק. די צייטונג איז געווען העכסט־קעמפעריש און האָט געהאַט א גרויסע באַדייטונג אין דער ארבייט פאַר די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען. די אַטאַקע פון פּאָסט אָפּיס אויף דער צייטונג איז פון אַלעמען אויסגעטייטשט געוואָרען אַלס א קלאַפּ, וואָס איז געצילט געוואָרען געגען דעם סאָציאַליסטישען קאַמפּעין.

אין די רייהען פון אונזערע אָנהענגער איז די ענטריסטונג געווען אומגעהויער. איידער איך בין אָפּגעפאָהרען קיין וואַשינג־טאָן, צו פאַרטיידיגען אונזער צייטונג די „קאָל", איז אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען אָפּגעהאַלטען געוואָרען א פּראָטעסט־מיטינג. דער פּראָטעסט־מיטינג איז געווען א מערקווירדיגע דעמאָנסטראַציע.

דער מיטינג איז צונויפגערופען געוואָרען אין אייַלעניש, אבער דער ריזיגער זאַל איז אָנגעפּאַקט געוואָרען ביז צו די ברעגען מיט א נייגעריגען עולם נאָך מיט שטונדען פריהער איידער די פאַר־זאַמלונג האָט זיך געדאַרפט עפענען. יעדער אויסדרוק פון פּראָ־טעסט, פון די פילע רעדנער, געגען דעם הפקר׳דיגען באַפעהל פון פּאָסט אָפּיס דעפּאַרטמענט, איז שטאַרק אַפּלאָדירט געוואָרען.

אין דער צייט, וואָס דער מיטינג איז אָנגעגאַנגען אין זאַל, האָט זיך פון זיך אליין אָנגעפאַנגען א דעמאָנסטראַציע אויף די גאַסען פון מאַסען מענשען, וואָס האָבען ניט געקענט אריין אין זאַל אוים מאַנגעל אין פּלאַץ. אָט ווי די „ניו יאָרק טיימז" האָט באַשריבען יענע דעמאָנסטראַציע:

„דער וואַרטענדיגער עולם צו צוויי אין א רייהע — שוין נאָכדעם ווי דער מעדיסאָן סקווער גאַרדען איז געווען אָנגעפּאַקט — האָט זיך געצויגען אויף א לענג פון צוועלף בלאָקס, שלענג־לענדיג זיך ארויף און אראָפּ אויך דורך די זייטיגע גאַסען פון דער

פיר־און־צוואנציגסטער ביז דער דרייסיגסטער סטריט. מ׳האט געשאצט, אז ארום אכט טויזענד מענשען זיינען געשטאנען אין דרויסען. זיי האבען ווידערהאלט די אפלאדיסמענטען און די אויס־געשרייען, וואס זיינען געקומען פון אינווייניג, פון דעם זאל״.

ווען דער מיטינג האט זיך געענדיגט, האט זיך דער עולם פון אינווייניג פאראייניגט מיט דעם עולם פון דרויסען און עס האט זיך פון זיך אליין אנגעפאנגען א פאראד, וואס האט מארשירט ארויף מיט פינפטע עוועניו מיט אויסגעשרייען פון פראטעסט געגען דער געפלאנטער גזרה צו דערשטיקען די צייטונג.

דריי פאסט אפיס אינספעקטארען זיינען געשיקט געווארען בייצוואוואוינען דעם מיטינג און הערען די רעדעס. זיי האבען געהערט און געזעהן גענוג און האבען, ווי דער שטייגער איז, אלץ באריכטעט צו זייער טשיף, אבער דער געשריי פון פאלק האט אויף מר. בורלסאן, דעם פאסטמייסטער דזשענעראל, געהאט ניט קיין גרעסערע ווירקונג ווי מיינע ארגומענטען, וואס זיינען געווען באַ־גרינדעט אויף געזעץ. די „קאל״ האט פארלוירען דאס רעכט גע־שיקט צו ווערען דורך צווייטע קלאס פאסט.

איינע פון די אינטערעסאנטסטע און אמוזאנטסטע קעיסעס, אין וועלכע מיר איז אויסגעקומען אויפצוטרעטען אלס פארטיי־דיגער פאר די פאסט־באאמטע, איז געווען די קעיס פון „פירסאנ׳ס מעגעזין״.

„פירסאנ׳ס מעגעזין״ איז א געוויסע צייט געווען א רייכער און שטארק־פארשפרייטער מאנאטליכער זשורנאל, וועלכער האט שטופענווייז אנגעהויבען פארלירען זיין פאפולאריטעט. אין יאהר 1916 איז דער זשורנאל אריינגעפאלען אין די פעהיגע הענט פון פרענק הערים, וועלכער איז געווען א פארבענרייכע פיגור אין דער שרייבערישער וועלט. א געבוירענער אין אירלאנד אין יאהר 1855, איז ער אנטלאפען פון סקול און איז געקומען קיין אמעריקע אין עלטער פון פערצעהן יאהר. אין ניו יארק, שיקאגא און אין פארשיידענע שטעטלאך פון דער מידל־וועסט האט ער אין פאר־שיידענע צייטען געארבייט אלס שיך־פוצער, האטעל־פארטער, קאו־באי, אלס א „שטארקער״ אין א געמבלינג־הויז, און אלס בוטשער. ער האט פארענדיגט די ערשטע פעריאדע פון זיין פארשיידענאר־

טיגער אמעריקאנער קאַריערע מיט דעם, וואָס ער האָט געוואונען א קורס אין קענזעסער אוניווערזיטעט. דאַן — נאָך זעקס יאָהר צייט אין אמעריקע, האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין אייראָפּע און האָט שטודירט אין היידעלבערג, געטינגען און בערלין. דאַן האָט זיך אָנגעפאנגען זיין פּאַרבענרייכע, שטורעמדיגע קאַריערע אלס זשורנאַליסט. נאָכדעם ווי ער האָט זיך געלערענט די שרייבערישע מלאכה, ארבייטענדיג אלס מלחמה־קאָרעספּאָנדענט אין דעם רוסיש־טערקישען קריג פון 1877, האָט ער זיך פאַרבונדען מיט דער צייטונג „איוונינג ניוס", פון לאָנדאָן, און האָט זיך שנעל ארויפגעארבייט אויפ'ן אמט פון מענעדזשינג־עדיטאָר פון דער צייטונג. דאַן האָט ער זיך פּלוצלונג איבערגעקוליעט אויף אזא שטייגער, ווי נאָר פרענק הערים האָט געקענט. ער איז אוועק פון דער סענסאַציאָנעלסטער און געלסטער צייטונג פון לאָנדאָן און איז געוואָרען דער רעדאקטאר פון דעם געזעצטסטען און רעספּעקטאַבעלסטען זשורנאַל פון ענגלאנד, די „פּאָרטנאַיטלי רעוויו", און אויף דעם אמט איז ער פאַרבליבען אַכט יאָהר צייט.

זיין נעקסטער זשורנאַליסטישער שריט איז געווען זיין אָפּקויפען די „סאַטורדעי רעוויו", וועלכע ער האָט מיט פיער יאָהר שפּעטער פאַרקויפט, און זיך גענומען ארויסגעבען איינס נאָך איינס א רייהע זשורנאַלען, וואָס האָבען נישט געהאַט קיין ערפאָלג.

צווישען די מיטארבייטער, וואָס האָבען געשריבען פאַר די זשורנאַלען, וועלכע פרענק הערים האָט ארויסגעגעבען, זיינען געווען די באַריהמטסטע שרייבער פון ענגלאַנד, ווי בערנארד שאָו, אָסקאַר וואַילד, ה. דזש. וועלס, ראָדיאַרד קיפּלינג און טהאָמאַס הארדי. איייניגע פון זיי זיינען געוואָרען זיינע אינטימע פערזענליכע פריינט.

פרענק הערים האָט א סך געארבייט סאַי אלס שרייבער, סאַי אלס רעדאקטאָר. זיין ערשט בעלעטריסטיש בוך, „עלדער קאָנקלין און אנדערע ערצעהלונגען", איז ערשינען אין יאָהר 1894. מיט פערצעהן יאָהר שפּעטער איז ערשינען זיין באַוואוסטער ראָמאַן „די באָמבע". דאָס איז געווען א קרעפטיג־געשריבענער רעאַליסטישער בוך, באַגרינדעט אויף דער העימארקעט־טראַגעדיע. און ער האָט געצויגען פיל אויפמערקזאמקייט. אָבער דעם שרייבער'ס גרעסטע אויפטוען זיינען געווען אויף דעם געביט פון ליטעראַרישע

עסעיען און ביאָגראַפיעס. ווי „דער מענש שעקספּיר", „שעקספּיר'ס פרויען־טיפּען", „פּאָרטרעטען פון אונזער צייט" און א בוך איבער אָסקאר ווײַלד.

אַן ענטמוטיגטער פון זיינע דורכפאַלען אין ענגלאנד, איז פרענק העריס געקומען צוריק קיין אַמעריקע אין יאָהר 1915, און האָט זיך באזעצט אין ניו יאָרק, וואו איך האָב געהאט די געלע־גענהייט זיך מיט איהם צו באַקענען.

פרענק העריס'עס אויסערליכער אויסזעהן איז גאָרנישט גע־ווען אין איינקלאַנג מיט זיין וועלט־אנשויאונג, זיין קאַריערע און זיינע אויפטואונגען. קליין־געוואקסען, נערוועז אין זיינע באווע־גונגען, מיט שאַרפע געזיכטס־שטריכען און שרייענדיג געקליידט, האָט ער אויסגעזעהן מעהר ווי א קונצענמאכער פון צירק, ווי דער צייכענער און קאַרטוניסט אַרט יאָנג האָט זיך אויסגעדריקט, איידער ווי א פאָרשער און א שרייבער.

„פּירסאָנ'ס מעגעזין", אונטער דער רעדאקציע פון פרענק העריס, איז פּלוצים און ראַדיקאַל געענדערט געווארען אין כאַ־ראקטער און אין אינהאלט. פון א גאנץ געוועהנליכען אונפּער־זענליכען זשורנאַל פאַר פּאָפּולערע ערצעהלונגען, איז „פּירסאָנ'ס מעגעזין" געווארען דער שאַרף־פּערזענליכער אָרגאַן פון זיין פּיל־זייטיגען רעדאַקטאָר. ליטעראַרישע אַרטיקלען, ביאָגראַפישע סקי־צען און ערצעהלונגען האָבען זיך געדרוקט אין דעם זשורנאַל צו־גלייך מיט דיסקוסיעס איבער געזעלשאַפטליכע פּראָבלעמען און מיט אָפּהאנדלונגען, וואָס האָבען אויסגעדריקט ראַדיקאַלע פּאָליטישע מיינונגען. פרענק העריס איז אין אַלגעמיין געווען געגען דער מלחמה, אבער זיין געגנערשאַפט איז געווען אביסעל ניט־אויסגע־האַלטען, קאַפּריזנע און עטוואָס צוגעפּאַרבט מיט פּראָ־דייטשישקייט און מיט פיינטשאַפט צו ענגלאַנד. ער האָט ניט באַהאַלטען זיינע געפיהלען און האָט זיי אָפּען אויסגעדריקט אין זיין זשורנאַל.

דער ערשטער אָנזאָג, אז עס וועט זיין צרות מיט'ן פּאָסט־אָפּיס־דעפּאַרטמענט, איז געקומען אין דער פאָרם פון א שטיקעל נייעס אין דער „ניו יאָרק טאַימז" אונטער'ן קעפּעל: „מ'האַלט אַן אויג אויף פּירסאָנ'ס מעגעזין".

„די אויפמערקזאַמקייט פון די פעדעראַלע באַאַמטע איז גע־צויגען געווארען צו דעם יאַנואַר־נומער (1918) פון „פּירסאָנ'ס

מעגעזין", וועלכער אנטהאַלט אַ סך אַרטיקלען, וואָס זיינען פריינדליך צו דייטשלאַנד, דערמאָנען מיט ליעב די רוסישע באָל־שעוויסטישע פיהרער טראָצקי און לענין, קריטיקירען די פרידענס־שטעלונג פון פּרעזידענט ווילסאָן און ריידען געגען דעם ענגלישען פּרעמיער לאָיד דזשאָרדזש", האָט די צייטונג באַריכטעט. די „ניו יאָרק טאַימז", האָט דערביי געדרוקט געוויסע אויסצוגען פון די אַרטיקלען אין „פּירסאָנ'ס מעגעזין" צו באַרעכטיגען די קלאַגען.

דער אופן, ווי פרענק העריס האָט רעאַגירט אויף דער נייעס אין דער „טאַימז", איז געווען זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר איהם. ער האָט איבערגעדרוקט די נייעס פון דער „טאַימז" אינ'ם נעקס־טען נומער פון זיין זשורנאַל מיט זיינע אייגענע ערקלערונגען פריי און אָפען. ער האָט געלאָזט וויסען זיינע לעזער, אַז ער האָט אויפגעפאָדערט דעם רעדאַקטאָר פון דער „טאַימז" צוריקצוציהען די באַשולדיגונגען, און זיין פאָדערונג איז צוריקגעוויזען געוואָ־רען מיט אַ קורצער ערקלערונג, אַז „דער נייעס־אַרטיקעל פון דער „טאַימז" דריקט אויס די שטעלונג פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג צו „פּירסאָנ'ס מעגעזין".

פרענק העריס האָט געצווייפעלט אין דער ריכטיגקייט פון דער ערקלערונג. „ווי ווייט איך וויים, האָט קיין שום אַנדער צייטונג נישט באַקומען די מעלדונג, און דאָס מיינט, אַז די „טאַימז" האָט גענומען אויף זיך צו ריידען אין נאָמען פון דער רעגירונג", האָט פרענק העריס געשריבען, און האָט ווייטער צו־געגעבען:

„ווען איך באַטראַכט די זאַך, קען איך מיר אָבער דאָס נישט פאָרשטעלען, ווייל אין דער פאַרלוימדונג זיינען דאָ געפעלשטע, צעדרעהטע פאַקטען, פאַלשע אָנצוהערענישען און גרייזיגער, שלעכ־טער ענגליש. איבער דעם ענגליש, אין וועלכע דאָס נייעס־אַרטיקעל איז געשריבען, בין איך גענויגט צו גלויבען, אַז דאָס אַרטיקעל שטאַמט דורכאויס פון דער „ניו יאָרק טאַימז". מר. אָקס, דער איי־גענטימער פון דער „ניו יאָרק טאַימז", קען, גלויב איך, דייטש בעסער ווי ענגליש. דער צוועק פון דער פאַרלוימדונג אין דורכ־אויס צו שעדיגען „פּירסאָנ'ס מעגעזין".

„אין איינקלאַנג מיט דעם אַלעם, האָבען די אַרויסגעבער פון

זשורנאַל אינסטרואירט אונזער לאָיער באַלד צו ברענגען קלאַגען געגען דער „טאַימז".

מ'האָט אָבער קנאַפּ־וואָס געקענט אויפטאָן אויף אָנצוקלאָגען די „טאַימז" פאַרלוימדונג. נאָך איידער ס'איז פאַרטרוקענט געוואָרען די טינט אויף פרענק הערים'עס אַרטיקעל, אין וועלכען ער האָט געלייקענט די ריכטיגקייט פון דעם שטיק נייעס אין דער „טאַימז", האָט שוין דער פּאָסט אָפיס באַפוילען „פּירסאָנ'ס מעגעזין" צו באַווייזען פאַרוואָס מ'זאָל ביי דעם זשורנאַל ניט צונעמען די פּריווילעגיע געשיקט צו ווערען דורך צווייטע קלאַס פּאָסט. דער באַפעהל האָט זיך געשטיצט אויף די אַרטיקלען אין זשורנאַל, וועלכע זיינען אויסגערעכענט געוואָרען אין דער נייעס פון דער „טאַימז". און ווי אומיסטען נאָך מעהר וועה צו טאָן אונז האָט דער באַפעהל פון פּאָסט אָפיס ענטהאַלטען נאָך אַן עקסטרא קלאַגע געגען הערים'ען פאַר דעם, וואָס ער האָט געזאָגט אין זיין ענטפער צו דער „טאַימז". מיר האָבען, אַלזאָ, געמוזט מאַכען די רייזע קיין וואַשינגטאָן צו פאַרטיידיגען פּירסאָנ'ס מעגעזין פאַר דעם הויכען געריכט פון פּאָסט אָפיס — מר. הערים אַלס דער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל און איך אַלס דעם זשורנאַל'ס לאָיער.

פרענק הערים איז ניט געוועזען קאַרג אויף ווערטער. די ערשטע פינף שטונדען האָט ער מיך אונטערהאַלטען מיט מעשיות וועגען זיינע אַמוזאַנטע איבערלעבונגען און באַגעגענישען און מיט ערקלערונגען איבער זיינע געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע איבערצייגונגען. ער איז געוועזען אַן אויסגעשפּראָכענער געגנער פון פּראָהיבישאָן אַמענדמענט אין טעאָריע און אין פּראַקטיק און ער האָט געפּירט מיט זיך אַ גרויסען זאַפּאַס פון שנאַפּס, מיט וועלכען ער האָט זיך געלאָזט וואוילגעהן פון צייט צו צייט.

איך האָב קיינמאָל נישט געזעהן אַ מענשען טרינקען שנאַפּס אַזוי פריי, אַזוי נאַטירליך און אין אַזוינע גרויסע פּאָרציעס. ער האָט דעם שנאַפּס געטרונקען ווי וואַסער און ס'האָט אויסגעזעהן, אַז דאָס טרינקען האָט אויף איהם נישט קיין ווירקונג. ער האָט בלויז אָנגעהויבען רעדען מיט מעהר קראַפט און מיט מעהר אַנטשלאָסענקייט. ער האָט איינגעזעהן, אַז אין זיין קעיס איז פאַרוויקעלט די פונדאַמענטאַלע פראַגע וועגען פרייע פרעסע און ער

האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך צו האַלטען זיך פעסט און צו רעדען אָפענע דיבורים מיט דעם פּאָסטמייסטער דזשענעראַל. ווען ער האָט זיך צוואָוואַרימט איבער דער פראַגע האָט ער געמאַכט פאַר מיר פּראָבע פון דעם ערוואַרטעטען געשפּרעך און האָט פאַר זיין צד געבראַכט זעהר שאַרפע ווערטער.

ס'איז פאַר מיר קלאָר געוואָרען, אַז איך האָב דאָ מיט מיר א קליענט, וועמען ס'וועט זיין זעהר שווער צו קאָנטראָלירען. איך האָב דערפאַר געהאַלטען פאַר נויטיג איהם צו ערקלערען ווי וויכ־טיג איז צו זיין געמעסיגט אין דער שפּראַך, אבי מיר זאָלען נאָר אין פּרינציפּ נישט נאָכגעבען.

דער פאַרהער איז פאָרגעקומען אויף מאָרגען אין־דער־פריה. איין קוק אויף מיין קליענט האָט מיך איבערצייגט, אַז ער האָט נ י ש ט פאַרבראַכט די נאַכט אין רוהיגען, געזונטען שלאָף. איך האָב גענומען די גאַנצע זאַך אין מיינע הענט אום נישט צו דער־לאָזען, אַז ער זאָל ארויספּלאַצען מיט עפּעס א נישט־פּאַסיגען ארגומענט.

מיין סטראַטעגיק איז מיר אָבער נישט איינגאַנצען געראָטען.

„פאַרוואָס נישט צוטרעטען באַלד צו דעם תוך פון דער פראַ־גע?" — האָט געפרעגט דער אסיסטענט פּאָסטמייסטער דזשענע־ראַל, וועלכער האָט אָנגעפירט דעם פאַרהער. און ווענדענדיג זיך צו פרענק הערים האָט ער געפרעגט פּראָסט און פּשוט: „זיינט איהר פאַר דער מלחמה ווי זי ווערט געפירט פון אונזער רעגירונג און די אַליאירטע מעכטע?"

די פראַגע איז געקומען פּלוצים און דער ענטפער איז געווען איבערראַשענד.

„ליידנעשאַפטליך, מיין הער, ליידענשאַפטליך", — האָט פרענק הערים געענטפערט מיט זיין געוועהנליכער פעסטקייט אין טאָן.

ביז'ן היינטיגען טאָג ווייס איך נישט ווער עס איז אין יענעם מאָמענט געווען אין א גרעסערער פאַרלעגענהייט איבער דער פּלו־צימדיגער טרייהייטס־ערקלערונג, — איך אָדער דער רעגירונגס־באַאַמטער, וועלכער האָט אָנגעפירט דעם פאַרהער. די קלאַגען האָבען שוין קיין שום ממשות נישט געהאַט און די פאַרטיידיגונג אויך נישט. דער איינציגער מענש אין דעם זאַל, וועלכער האָט געשיינט צו זיין פאָלשטענדיג צופרידען מיט דעם, וואָס עס האָט

פּאַסירט, איז געווען פרענק הערים. פאַרענדיג מיט מיר צוריק קיין ניו־יאָרק האָט ער מיט גרויס צופרידענקייט געהאַלטען אין איין דערמאָנען מיך ווי ער האָט געפּלעפּט דעם אסיסטענט פּאָסטמייס־טער דזשענעראל.

„זיין פראגע צו מיר איז געווען א פּאָסטקע, — האָט ער געזאָגט, — אָבער איך האָב זיך ספּראַוועט מיט איהם. „ליידענ־שאַפטליך", — האָב איך געזאָגט, — ליידענשאַפטליך". און מיט גרויס ליבשאַפט האָט ער געהאַלטען אין איין ווידערהאָלען דאָס אויסדרוקספּולע וואָרט ליידענשאַפטליך, וואָס ער האָט געענטפערט דעם באַאמטען.

די פּאָסט־פּריווילעגיעס האָט מען ביי דעם זשורנאַל ניט צו־גענומען, אבער דער פּאָסט־אָפּיס האָט אויף דריי וואָכען פאַר־האַלטען דעם נומער וועגען וועלכען עס האָט זיך געהאַנדעלט אין די קלאַגען. אויף אן עהנליכען אופן האָט דער פּאָסט־אָפּיס געטאָן מיט זעקס שפּעטערדיגע נומערען פון „פּירסאָנ'ס מעגעזין" איידער דאָס יאָהר איז פאַריבער. און אַבוואָהל פרענק הערים איז מיט דער צייט געוואָרען אינגאַנצען כשר ביי דער רעגירונג, איז שוין אָבער די צירקולאַציע פון זיין זשורנאַל געווען פאַלשטענדיג צו־הרג'עט און דער זשורנאַל אליין רואינירט.

דאָס איז געווען איינס פון די „שטילע" מיטלען, וואָס דער פּאָסט־אָפּיס דעפּאַרטמענט האָט אָנגעווענדט געגען געגנערישע צייט־שריפטען אין פאַרלויף פון דער מלחמה.

און אין דער צייט, וואָס דער פּאָסט־אָפּיס האָט אויף אזא שטייגער אויסגענוצט זיין מאַכט געגען דער געגנערישער פּרעסע, האָבען די פעדעראַלע קאָורטס שטאַרק געאַרבייט אויפ'ן גרונד פון די קרימינעלע פּונקטען פון דעמזעלבען געזעץ.

פעדעראַלע דיסטריקט אטוירנים אין די פאַרשידענע טיילען פון לאַנד האָבען קאָנקורירט צווישען זיך אין געיעג אויסצוגעפינען און פאַרפאָלגען וועמען זיי האָבען נאָר געקענט פאַר ווירקליכע און אויסגעטראַכטע פאַרלעצונגען פון געזעץ. פעדעראַלע גרענד דזשורים האָבען אָהן פיל איבערלעגונג ארויסגעגעבען אינדאַיט־מענטס אויף די נישטיגסטע באַווייזע. דזשורים ביי פּראָצעסען האָבען אין אזעלכע פאַלען שטענדיג ארויסגעטראָגען דעם אורטייל

„שולדיג" און ריכטער האָבען אין יעדען פאַל ארויפגעלעגט א שווערע און שטרענגע שטראָף.

צום אייביגען קרעדיט פון א טייל אמעריקאנער ריכטער מוז דאָ פארצייכענט ווערען, אז אין יענע אָבנאָרמאלע צייטען זיינען געווען אייניגע ריכטער, וואָס זיינען געבליבען פאָלשטענדיג געטריי דער אמת'ער גערעכטיגקייט און האָבען זיך נישט געלאָזט באאיינ־פלוסען פון דער הערשענדיגער מגפה פון פארפאָלגונגען. אָבער לײדער זײַנען אזעלכע ריכטער געווען זעהר ווייניג.

אין פריהלינג פון יאָהר 1918 האָט מען באריכטעט, אז ארום טויזענט אינדאַסטריעלער טוערס זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען און איבער צוויי הונדערט מענשען זיינען פאַראורטיילט געוואָרען אונטער דעם „שפּיאָנאַזש געזעץ".

די מערסטע קרבנות, אויב נישט טאָקע אלע, זיינען געווען סאָציאַליסטען, און איך בין געווען פארבונדען מיט דער פארטיי־דיגונג פון פילע פון זיי.

### קאַפּיטעל זעקס

## דער פּראָצעס פון דעם ראַדיקאַלען זשורנאַל
## דהי מעסעס

די ערשטע קעיס, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פארטיידיגען אונטער דעם שפּיאָנאַזש־געזעץ איז געווען די קעיס פון דעם ראַדי־קאַלען זשורנאַל „דהי מעסעס".

די אָנגעקלאָגטע, וועלכע זיינען אָנגעגעבען געוואָרען אין דעם אינדאַיטמענט זיינען געווען „די מעסעס פּאָבלישינג קאָמפּאַני" אלס ארויסגעבער; מאַקס איסטמאַן, אלס הויפּט־רעדאַקטאָר; פלאָיד דעל, אלס מענעדזשינג עדיטאָר; מעריל ראַדזשערס, אלס ביזנעס־מענע־דזשער, מיט דזשאָן ריעד, אַרט יאָנג, הענרי דזשעי. גליטענקאַמפּ און דזשאָזעפין בעל, אלס מיטארבייטער.

מ'האָט זיי באשולדיגט אין א פארשווערונג „צו שטערען דאָס רעקרוטירען סאָלדאַטען אין אמעריקע" דורך דעם, וואָס זיי האָבען געדרוקט „פאררעטערישע" ארטיקלען, לידער און קאַרטונס. די

שטראָף פאר אזעלכע מעשים אונטער דעם שפּיאָנאזש־געזעץ איז געווען ביז צוואנציג יאָהר פּריזאָן און צעהן טויזענט דאָלער שטראָף.

„דהי מעסעס" איז געווען א זשורנאל פון זעהר א טשיקאווען כאראקטער. געגרינדעט האָט זיך דער זשורנאל אין יאָהר 1910 אלס אַן אָרגאַן פון דער קאָאָפּעראטיווער באוועגונג, און מיט צוויי אָדער דריי יאָהר שפּעטער איז ער איבערגענומען געווארען דורך א גרופּע יונגע שרייבער און קינסטלער פון ראדיקאַלע פּאָליטישע מיינונגען. די גרופּע האָט דעם זשורנאל איבערגענומען, אום צו האָבען א צייטשריפט פאר פרייען און אומגעשטערטען אויסדרוק. מעהרסטע מיטגלידער פון דער גרופּע האָבען געשריבען אָדער געצייכענט פאר באַלעבאטישע צייטונגען און זשורנאַלען און זיי האָבען געקרעכצט אונטער דעם יאָך פון באגרענצונגען, וואָס זייערע דעספּאָטישע רעדאקטאָרען האָבען אויף זיי ארויפגעלעגט.

מיט זייער ארבייט אין דעם זשורנאל האָבען זיי זיך געקיהלט די הערצער.

נעבען דעם קאָפּ אויף דער הילע איז געווען אָפּגעדרוקט דאָס פּאָלגענדע וועגען די אויפגאבען און וועגען דער ריכטונג פון דעם זשורנאל:

„צו זוכען אמת׳ע אידעאלען".

„ארויסצוטרעטען געגען שטייפקייט און פארגליווערטען גלויבען".

„צו דרוקען אלץ, וואָס די געלט־פּרעסע האלט פאר צו־אָפען, אָדער צו־אמת".

„צו האנדלען ווי דעם זשורנאל געפעלט; נישט יוצא זיין פאר קיינעם, אפילו נישט פאר די לעזער".

און אָט זיינען א פּאָר אויסצוגען פון ארט יאָנג׳ס בוך „אַן מאי ווער", אין וועלכען דער ארטיסט דערצעהלט אביסעל געשיכטע פון דעם זשורנאל:

„מיר האָבען באשלאָסען ארויסצוגעבען דעם זשורנאל אָהן געלט, — א זאך וואָס קיינער, אויסער קינסטלער, קען עס נישט טאָן. ווען עס איז אויפגעשוואומען די פראגע וועגען א רעדאקטאָר, האָב איך געזאָגט, אז מיר קענען פּרובירען קריגען מאקס איסטמאַן, אז ער זאָל טאָן די ארבייט. איך האָב זיך געהאָט גע־

טראָפען מיט מאַקס'ען ביי א באַנקעט פאר דזשעק לאנדאָן, און איך האָב געוואוסט, אז ער איז פאראינטערעסירט אין „דהי מעסעס". איך האָב געשמועסט מיט איהם וועגען אנטוויקלען „דהי מעסעס" אין א צייטשריפט, וואָס זאָל זיך קענען פארגלייכען מיט דעם „סימפּליציסימוס", „יוגענט" און מיט אנדערע אייראָפּעאישע זשור־נאַלען, וועלכע זיינען נאָכגעפאָלגט געוואָרען מיט גרויס אינטערעס פון אַלע יונגע קינסטלער איבער דער גאַנצער וועלט. דזשאָהן סלאָאַן, אָדער דער פּאָעט לואיס אונטערמייער, — איך האָב שוין פארגעסען וועלכער פון זיי — האָט אָנגעשריבען א בריף צו מאַקסען, און מיר האָבען זיך אַלע אונטערגעשריבען. דער בריף האָט זיך געלייענט ווי פאָלגט: „איהר זייט ערוועהלט געווארען פאר רעדאַקטאָר פון „דהי מעסעס". קיין געהאַלט."

„אמת, מיר האָבען דאָן נישט געהאַט קיין סך לעזער און מיר האָבען נישט געהאַט וואָס צו פארלירען, אבער מיר זיינען געוועזן אנטשלאָסען זיך צו לאָזען וואוילגעהן אין דעם זשורנאַל אזוי לאַנג ווי אונזערע מיינונגען און קינסטלערישע געפיהלען וועלען אונז געבען כח.

„אונזער צירקולאַציע איז געוועזן פארשיידען אין פארשיידענע צייטען — שטענדיג קליין אין פארגלייך מיט די באַלעבאַטישע זשורנאַלען — פון פופצעהן טויזענט ביז פינף־און־צוואַנציג טויזענט. איין צייט האָבען מיר אפילו געהאַט ביז פערציג טויזענט.

„די מיטארבייטער האָבען ניט באַקומען קיין געלט פאר זייער ארבייט, אבער מעהרסטע פון אונז האָבען געהאַט אַקציעס פון דער „מעסעס פּאַבלישינג קאָמפּאַניע" — בלויז אויף שפּאַס."

צווישען די פילע באַריהמטע שרייבער און קינסטלער, וועל־כע האָבען מעהר אָדער ווייניגער רעגעלמעסיג מיטגעארבייט אין זשורנאַל, זיינען געוועזן אינעז העינס גילמאָר, מערי היטאָן וואָירס, לינקאָלן סטעפענס, יודזשין וואוד, שוירוואוד ענדערסאָן, קאַרל סאַנדבורג, דזשעימס אָפּענהיים, ערנעסט פּול, לערוי סקאָט, דזשאָהן ריעד, דזשאָרדזש בעלאָוס, סטיוארד דעיווים, ארטור דעיווים, מאָ־רים סטוירן, וו. דזשעי גלעקענס, באָארדמאַן ראבינסאָן, א. וואָל־קאָוויטש און מאָרים בעקער.

אין דער צייט פון פּראָצעס איז מאַקס איסטמאַן געוועזן 34 יאָהר אַלט. ער איז געוועזן פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין קאָלאָמ־

ביַא יוניווערסיטי, און האָט אין יאָהר 1910 אויפגעגעבען זיין שטעלע אין אוניווערסיטעט אָפצוגעבען זיך מיט ליטעראַטור. ער האָט שוין דאַן געהאַט אָפגעדרוקט עטליכע באַדייטענדע ביכער, צווישען וועלכע עס איז אויך געווען א בוך וועגען פּאָעזיע. זיין אנציהענדע פּערזענליכקייט און זיין שאַרפער שכל האָבען איהם געהאָלפען צוזאַמענצוהאַלטען די אינדיווידואַליסטישע און קאַפּריזנע מיטאַרבייטער, פון וועלכע ס'איז באַשטאַנען די רעדאַקציע פון „דהי מעסעס”, א רעדאַקציע וואָס האָט זיך אגב געהאַלטען אין איין בייטען. מאַקס איסטמאַן איז אין אַלגעמיין באַטראַכט געוואָרען אלס דער אָנפיהרער פון דער אָנגעקלאָגטער גרופּע.

פלאָיד דעל, וועלכער איז דאַן אַלט געווען 31 יאָהר, האָט נאָך נישט געהאַט געמאַכט דעם ערפאָלג אלס ראָמאַניסט און דראַמאַטורג, וואָס ער האָט שפּעטער געהאַט, אָבער אין דעם קרייז פון זיינע פריינט האָט מען הויך געשאַצט זיין פילזייטיגען טאַלאַנט און זיינע שאַרפע קריטישע פעהיגקייט.

דזשאָהן ריעד איז געווען א באַוואוסטער מלחמה־קאָרעספּאָנדענט און א שרייבער מיט אַן אויסערגעוועהנליך שאַרפער און ביי־סענדער פעדער. זיין באַשרייבונג פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע — וואָס ער האָט אליין צוגעזעהן — אין דעם בוך „טען דעיס דהעט שוק דהי וואָירלד” (צעהן טעג, וואָס האָבען אויפגעטרייסעלט די וועלט), איז א מייסטערווערק פון א לעבעדיגען און פאַרכאַפּענדען אַרט שרייבען. מ'האָט אויף איהם געקאָנט האָפען, אַז ער זאָל ווערען א ליטעראַרישע קראַפט פון ערשטען ראַנג, פּונקט ווי דזשעק לאָנדאָן אָדער אפשר נאָך גרעסער, אָבער ער איז געשטאָרבען צו 33 יאָהר פון טיפוס, מיט וועלכען ער האָט זיך אָנגעשטעקט אין רוסלאַנד, ווען ער האָט דאָרט געאַרבייט פאַר דער סאָוועטען־רעגירונג.

יאָנג, וועמענס ערשטען נאָמען איז געווען אַרטור, איז געווען באַקאַנט ביי אַלעמען אונטער'ן נאָמען „אַרט” (דאָס איז טאַקע א פאַרקירצונג פון זיין אייגענעם נאָמען, נאָר אויף ענגליש מיינט „אַרט” — קונסט). אַרט יאָנג איז א צייכנער, א קאַרטוניסט און זיינע קאַרטונס צייכענען זיך אויס מיט גלענצענדער קינסטלערישער אויסאַרבייטונג אזוי גוט ווי מיט אינטערעסאַנטע חוזק־שילדערונגען פון געזעלשאַפטליכע טיפּען.

ער איז געווען דער עלטסטער פון דער גרופע, 52 יאָהר אלט, א ברייט־ביינערדיגער, א פליכטוואטער און א פרעהליכער. ער האָט געהאט די פעהיגקייטען פון א זשעני און די נשמה פון א קינד. יעדער איינער, וואָס האָט געהאט די פריווילעגיע צו זיין מיט איהם אינטים, האָט איהם באלד ליב באקומען. דאָס שלעפען ארט יאָנג אין געריכט אריין אלס אָנפיהרער פון א פּאָליטישער פארשווערונג איז געווען ווי עפּעס א מין אומגעהויערער שפּאַס.

די געדרוקטע זאכען אויף וועלכע די קלאגע איז געווען באַ־גרינדעט, זיינען געווען ווי פאָלגט:

א קורצער ארטיקעל פון מאקס איסטמאן. דער נאָמען פון ארטיקעל איז געווען „א פראגע" און האָט אויסגעדריקט באוואונ־דערונג פאר דעם מאַראלען מוט פון די יעניגע, וואָס האָבען זיך געשטעלט געגען געצוואונגענער מיליטער־דינסט אויפ'ן גרונד פון געוויסען. אין דעם ארטיקעל האָט דער שרייבער אויך פּראָטעס־טירט געגען דעם חוזק־טאָן, מיט וועלכען די צייטונגען האָבען געוועהנליך געשריבען וועגען אזעלכע מלחמה־געגנער;

א זאמלונג בריף, וועלכע זיינען געשריבען געווארען פון „קאָנ־שיענשיאוס אבדזשעקטאָרס" (מלחמה געגנער צוליב זייער געווי־סען) אין ענגלישע פּריזאָנס צוזאמען מיט א פאָררעדע צו די בריף געשריבען פון פלאָיד דעל. אין דער פאָררעדע האָט פלאָיד דעל שטארק געלויבט די בריף־שרייבער פאר דעם ביישפּיל, וואָס זיי צייגען זייערע חברים אין אמעריקע;

א ליד אין ווייסען פערז פון דזשאָזעפין בעל, מיט'ן נאָמען „א לויב־געזאנג" און געווידמעט די באריהמטע אנארכיסטען עמא גאָלדמאן און אלעקסאנדער בערקמאן, וועלכע זיינען ערשט גע־האט פאראורטיילט געווארען אונטער דעם שפּיאָנאזש־געזעץ (ווע־גען דעם ליד וועל איך נאָך רעדען שפּעטער);

און „ארטיקעל" פון דזשאהן ריעד, וואָס איז באשטאנען דורכ־אויס פון אויסציגע, וועלכע זיינען ארויסגענומען געווארען פון אן ערקלערונג, וואָס עס האָט געמאכט דער מעדיצינישער דירעקטאר פון דער נעשאָנאל מענטאל האידזשין קאָמיטע. די גאנצע ערקלע־רונג איז געווען געדרוקט אין דער „ניו יאָרק טריביון". דער תוך פון יענעם דאקטאר'ס ווערטער איז אויסגעדריקט אין פאָלגענדען זאץ: „די גרויסע צאָהל גייסטיג־קראנקע צווישען די סאָלדאטען

איז אַן אונערוואַרטעטער און אַ געוואַלדיגער פֿאַקטאָר אין דער איצטיגער מלחמה". דער „פֿאַרפֿאַסער" פֿון „אַרטיקעל" אין „דהי מעסעס" האָט בלויז צוגעגעבען זיין אייגענעם אַ קעפּעל: „שטריקט אוים אַ משוגעים־העמד פֿאַר אייער זוהן, דעם סאָלדאַט";

אַ קאַרטון פֿון הענרי גליטענקאַמפּ, וואָס שטעלט פֿאָר דעם מלאך המות, ווי ער נעמט אַ מאָס אויף אַ טרונע פֿון אַ יונגענמאַן, וועלכען מ'האָט ערשט גענומען פֿאַר אַ סאָלדאַט. דער קאַרטון איז געווען באַגרינדעט אויף אַ שטיקעל נייעס אין די צייטונגען, אַז דאָס קריגס־מיניסטעריום האָט באַשטעלט אַ ריזיגע צאָהל טרונעס;

און צולעצט אַ קאַרטון פֿון „אַרט" יאָנג אונטער'ן נאָמען „זיי געהען אַלע דעם טאַנץ". דער קאַרטון האָט פֿאָרגעשטעלט אַ וואַהנזיניגען מלחמה־טאַנץ מיט'ן אַנטייל פֿון די וויכטיגסטע „אינסטיטוציעס" פֿון לאַנד ווי די פּרעסע, די געשעפֿטס־וועלט, די רעגירונג און די קירכע. די אַלע זיינען פֿאָרגעשטעלט געוואַרען דורך כאַראַקטעריסטישע פֿיגורען און פּאָזעס פֿון אַ רעדאַקטאָר, אַ קאַפּיטאַליסט, אַ פּאָליטישען און אַ גלח. „דאָס איז אַלץ צוליב דעמאָקראַטיע", שרייט דער מאָגערער גלאַט־ראַזירטער רעדאַקטאָר. „אַלץ צוליב עהרע", — ערקלערט דער בייכיגער קאַפּיטאַליסט אונטער אַ רעגען פֿון מטבעות און דאָלאַר־בילס. „אַלץ צוליב וועלט־פֿרידען", — טענה'ט איין דער פּאָליטישען מיט די פֿאַרקאַשערטע אַרבעל. „אַלץ צוליב יעזוס קריסטוס", פּרעפּעלט דער מאַן אין קלויסטער־קליידער מיט פֿרום־צונויפֿגעלעגטע הענט, ווי אין אַ תפילה און מיט די אויגען פֿרום אויפֿגעהויבען צום הימעל. אין הינטערגרונד איז געווען אַן אָרקעסטער, וואָס האָט געשפּילט טאַנץ־מוזיק אויף מלחמה־אינסטרומענטען, ווי ביקסען, קאַנאָנען און דאָסגלייכען, מיט זיין מאַיעסטעט דעם שטן, אַלס דיריגענט.

דער אינדאַיטמענט איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין חודש נאָוועמבער, 1917, און דער פֿאַרהער איז באַשטימט געוואַרען פֿאָרצוקומען פֿאַר דעם פֿעדעראַלען דיסטריקט קאָורט אין אַפּריל .1918

דאָס איז געווען איינע פֿון די ערשטע וויכטיגע קעיסעס אונטער דעם שפּיאָנאַזש געזעץ, און דערפֿאַר, אַזוי גוט ווי צוליב דעם, וואָס די אָנגעקלאָגטע זיינען אַלע געווען מענשען מיט נעמען, האָט דער פּראָצעס געצויגען גרויס אויפֿמערקזאַמקייט.

די גאנצע אַכט טעג פון טרייעל איז דער געריכטס־זאַל געווען געפּאַקט מיט באַזוכער צווישען וועלכע ס'האָבען זיך איבער געפונ־נען א סך באוואוסטע מענשען, און די צייטונגען האָבען געדרוקט גרויסע באַריכטען פון פּראָצעס.

אין פארלויף פון פּראָצעס איז די צאָהל אָנגעקלאָגטע „איינ־געשרומפּען געוואָרען" ביז ס'איז געבליבען בלויז פינף. דזשאהן ריד איז געווען אין רוסלאנד. ווען ער האָט געהערט, אז ער איז אָנגעקלאָגט, איז ער געקומען צוריק אזוי שנעל ווי ער האָט נאָר געקענט קריגען א שיפסקארטע. ער האָט אָבער דאָך פארשפּע־טיגט דעם טרייעל. גליטענקאמפּ איז ערגעץ אוועקגעפאָהרען און מ'האָט נישט געוואוסט וואוהין און די אינדאיטמענט געגען דזשאָ־זעפין בעל איז אָפּגעווישט געוואָרען, ווען די אָנקלאגע האָט פאר־ענדיגט איהרע ארגומענטען אין געריכט.

אָט ווי ארט יאָנג האָט באשריבען דעם פאַל מיט'ן אָפּשאפען דעם אינדאיטמענט געגען דזשאָזעפין בעל:

„... מר. הילקוויט איז געווען זיכער, אז אין דעם ליד איז נישט געווען קיין איין שורה, וואָס זאָל זיין אונגעזעצליך און ער האָט אפּעלירט צום ריכטער, אז ער זאָל ארויסוואַרפען די קלאגע געגען דזשאָזעפין בעל. מר. הילקוויט האָט געגעבען דעם ריכטער צו לייענען דאָס ליד. דער ריכטער האָט אויסגעגלייכט זיינע ברי־לען, האָט עס פאמעלאַך איבערגעלייענט, האָט עס צוריקגעגעבען הילקוויט'ן און האָט געפרעגט: „אָט־אָ דאָס־אָ רופט איהר א ליד?"

„מר. הילקוויט האָט געענטפערט: „הער ריכטער, אזוי ווערט עס אָנגערופען אין דער אָנקלאגע".

„דער ריכטער האָט געזאָגט: „די אָנקלאגע ווערט בטל גע־מאַכט".

די געשיכטע איז געוואָרען היבשלאַך באַקאַנט צווישען מענ־שען אין דער דאָזיגער אַמוזאַנטער פאָרם, אָבער אום גערעכט צו זיין צום ריכטער און צו דער דיכטערין מוז איך זיך מודה זיין, אז די געשיכטע שטעלט מיט זיך פאָר אַן עטוואָס־צוגעפארבטע קינסטלערישע אויסטייטשונג פון א פּראָזאאישען פאַל אין א גע־ריכט. ווי ווייט איך געדענק איז די אָנקלאגע געגען מיס בעל ארויסגעוואָרפען געוואָרען צוליב מאנגעל אין געזעצליכע גרינדע

זי צו פאַרפאָלגען און נישט ווייל דאָס ליד האָט נישט געהאַט קיין קינסטלערישע מעלות.

איך לאָז עס צו די פעהיגע לעזער, אז זיי זאָלען אליין אור־טיילען צי די קלאגע האָט געדארפט ארויסגעוואָרפען ווערען צוליבביידע אורזאכען. אָט איז דאָס ליד :

עמא גאָלדמאַן און אלעקסאנדער בערקמאַן
זיינען שוין אין טורמע היינט ביינאַכט
אבוואָהל די נאַכט איז וואונדערשעהן און פלאַטערדיג
און דער קלאַנג פון וואַסער קלעטערט אראָפּ פון דעם פעלז
און דער אָטעם פון דער נאכט־לופט טראָגט זיך
דורך די מילי־מיליאסען גרינע בלעטער
וואָס האָבען ליב זיך מקריב צו זיין צוליב דעם זומער.
עמא גאָלדמאַן און אלעקסאנדער בערקמאַן
זיינען שוין אין טורמע היינט ביינאַכט
נאָר זיי האָבען זיך פאַרוואנדעלט אין אייביגע נאַטור־קרעפטען
ווי דאָס וואסער, וואָס קלעטערט ארונטער פון פעלזען;
ווי דער ווינט אין די בלעטערדיגע ביימער;
ווי די צאַרטע נאכט, וואָס האַלט אונז געפאנגען ;
זיי הערען נישט אויף צו ווירקען אויף אונזער שיקזאַל
זיי שמעלצען צוזאמען די ליבשאַפט פון פעלקער ;

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

היינט נאכט זיינען זיי אין טורמע.

ווי דורך דער איראָניע פון שיקזאַל האָבען דריי פון די פיר אָנגעקלאָגטע גרינדליך געענדערט זייער שטאַנדפונקט וועגען דער מלחמה אין דער צייט וואָס איז פאַרלאָפען פון דער צייט ווען די אויבענדערמאָנטע ארטיקלען און קאַרטונס זיינען ערשינען אין דעם טאָג פון טרייעל.

מאַקס איסטמאַן איז געוואָרען אַן אונטערשטיצער פון דער מלחמה, ווען די שווערע באַדינגונגען פון דעם ברעסט־ליטאָווסקער „פרידענס־אָפּמאַך” האָבען געשיינט צו שטעלען אין געפאַהר די רוסישע רעוואָלוציע און ווען פרעזידענט ווילסאָן האָט דעם 11טען פעברואַר אין זיין ענטפער צום פּאַפּסט פאַקטיש גוטגעהייסען די סאָוועטישע פרידענס־פּראָגראַם.

מיט פלאָיד דעל'ן איז פאָרגעקומען אַן עהנליכע גייסטיגע ענ־דערונג און ער האָט שוין אפילו אַנערקענט, אַז „געצוואונגענע

מיליטער־דינסט איז ווארשיינליך דער בעסטער וועג אויף אָנצו־פיהרען א מלחמה". ער האָט זיך פארשריבען צו שטעלען זיך צום מיליטער, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין פריהערדיגע געוויסענס־געג־נערשאפט און אין דער צייט פון פּראָצעס האָט ער יעדען טאָג ער־ווארט מ'זאָל איהם נעמען פאר א סאָלדאט.

מעריל ראדזשערס האָט זיך אויך „פארקירעוועט" אין דער ריכטונג פון שטיצען די מלחמה.

„דהי מעסעס", דער זשורנאל אליין, האָט שוין מעהר נישט עקזיסטירט. ער האָט אויפגעהערט ערשיינען הויפּטזעכליך צוליב שוועריגקייטען מיט דעם פּאָסט אָפיס דעפּארטמענט. אויף זיין פּלאַץ האָט אָנגעהויבען ערשיינען א זשורנאל מיט'ן נאָמען „דהי ליבע־רעיטאָר" (דער באפרייער), וועלכער האָט זיך מיט מעהר געשיקט־קייט ווי „דהי מעסעס" צוגעפּאסט צו די מלחמה־אומשטענדען און צו דער צענזור.

אויף אזא שטייגער האָט שוין די אָנקלאגע נישט געהאט צו וועמען אויסצולאָזען איהר גרימצאָרן. אלץ וואָס איז נאָר געבליבען איז געווען די פּרינציפּיעלע שטרייט־פראגע וועגען פרייער פּרעסע און, נאַטירליך, די צוואנציג־יעהריגע פּריזאָן־שטראָף.

אום גערעכט צו זיין צו די געוועזענע רעדאקטאָרען פון „דהי מעסעס", מוז דאָ געזאָגט ווערען, אז זיי האָבען זיך ענטזאגט אויס־צונוצען זייער געענדערטע שטעלונג צו דער מלחמה און זיינען נעבליבען ענטשלאָסען אויסצוקעמפען די קעיס צוליב די פּרינצי־פּען, וואָס זיינען אין איהר געווען פארוויקעלט.

צוזאמען מיט מיר האָט אין דער פארטיידיגונג אנטייל גע־נומען דער לאָיער דאדלי פילד מעלאָן, וועלכער איז ניט געווען קיין פּאסיפיסט און ניט קיין סאָציאליסט, און זיין אינטערעס אין דעם פּראָצעס האָט געהאט צו טאָן בלויז מיט דער פראגע פון פרייע פּרעסע.

מיר האָבען פון אָנהויב אָן איינגעזעהן, אז אונזער ארבייט וועט זיין אַן אויסערגעוועהנליך שווערע, אָבער דעם גאנצען ים פון פּאראורטיילען און די געדיכטע אטמאָספערע פון פיינטשאפט צו אונזערע קליענטען האָבען מיר דערפיהלט ערשט ווען דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעפאנגען.

די ערשטע צוזאמענשטויסען זיינען פארגעקומען ביים אויס־קלייבען די דזשורי. די קאנדידאטען פאר דער דזשורי זיינען געווען הונדערט בירגער, מעהרסטע פון זיי מיטעליעהריגע און עלטערע ביזנעסלייט, באשעפטיגטע און אויך אזעלכע, וואס האבען שוין זייערע ביזנעס אויפגעגעבען, ווייל זיי דארפען שוין מעהר נישט ארבייטען. זיי זיינען אלע געווען פון דעם גוטען־און־פרומען מי־טעל־קלאס און די מלחמה האט ביי זיי אינגאנצען פאראליזירט דעם שכל.

דער עולם, פון וועלכען די אנגעקלאגטע האבען געדארפט אויסקלייבען צוועלף דזשורי־לייט, וואס זאלען זיי משפט'ן פאר זייערע געדאנקען, שטרעבונגען און אויפפיהרונגען, האט באלאנגט צו א טייל פון דער מענשהייט, וואס איז אינגאנצען אנדערש פון זיי, נישט נאר לויט זייערע געדאנקען און זייער מאראל, נאר אפילו לויט דעם פיזישען אויסזעהן.

„האט איהר פאראורטיילען געגען פאסיפיזים און פאסיפיס־טען?" איז געווען איינע פון די ערשטע פראגען, וואס איך האב געשטעלט יעדען איינעם פון די דזשורי־קאנדידאטען. און דער ענטפער איז אהן אויסנאהם געקומען שנעל און קלאר — „יא". זיי האבען געהאט פאראורטיילען געגען פאסיפיסטען און סאציא־ליסטען, געגען שרייבער און קינסטלער, געגען יעדער זאך, וואס האט געקענט צורודערען דעם טויטען אויבערפלאך פון דער גרויער טאג־טעגליכקייט און וואכעדיגקייט, און זיי זיינען נאך געווען שטאלץ מיט זייערע פאראורטיילען.

דאס בעסטע, וואס מיר איז געלונגען ארויסצובאקומען פון איינינע דזשורי־קאנדידאטען, איז געווען, אז אין דער צייט, וואס זיי האבען פאראורטיילען געגען די אנגעקלאגטע, דענקען זיי דאך, אז מ'קען זייערע פאראורטיילען בייקומען מיט באווייזע און אר־גומענטען. אויף אזא אופן איז אויסגעקומען, אז נאך פאר דעם פראצעס האט די דזשורי אנגענומען, אז די אנגעקלאגטע זיינען שולדיג און אויף אונז איז ארויפגעווארפען געווארען די לאסט צו באווייזען זייער אונשולד.

דער ריכטער אויגוסטוס נ. הענד, וועלכער האט אנגעפיהרט דעם טראיעל, איז געווען אויסערגעוועהנליך אומפארטייאיש אין זיינע אויסטייטשונגען פון געזעץ און אין זיין שלוס־רעדע צו דער

דזשורי. אָבער ווען איך האָב פון איהם פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל מענשען מיט אַזאַ שטעלונג נישט צולאָזען פאַר דזשורי־לייט, האָט ער מיר קאַלט ערקלערט: „איהר קענט אין גאַנץ אַמעריקע נישט קריגען אַ דזשורי, וואָס זאָל נישט האָבען קיין פאָראורטיילען געגען פאַסיפיסטען”. דאָס איז געווען ריכטיג, אָבער די אָנגעקלאָגטע איז דערפון נישט גרינגער געוואָרען.

ענדליך זיינען אויסגעקליבען געוואָרען צוועלף מענשען — די בעסטע אומפּאַרטייאישסטע, וואָס מ'האָט געקענט געפינען אונ־טער די אומשטענדען — און דער טראַיעל האָט זיך אָנגעפאַנגען.

געעפענט האָט זיך דער טראַיעל אין אַן אַטמאָספערע פון אומגעהייערער געשפּאַנטקייט, וואָס האָט דערמאָנט מעהר אין אַ קריגס־געריכט ווי אין אַ געוועהנליכען קרימינעלען פּראָצעס. ווען דער דיסטריקט אַטוירני האָט פאָרגעלייענט די „פאַרברעכערישע” אַרטיקלען אין אַ שטרענגען און איינדרוקספולען טאָן און האָט זיי צוגעפעפערט מיט נאָך אַנדערע פאַסיפיסטישע און אפיקורס'ישע רייד פון די אָנגעקלאָגטע און ווען יעדער איינער פון די דזשורי־לייט האָט מיט גרויס ערנסט באַטראַכט די „פאַרברעכערישע” קאַרטונס, — האָט אַ פייערליכע און שווערע שטילקייט געהערשט אין געריכט־זאַל. קיין גוטער סימן פאַר די אָנגעקלאָגטע איז דאָס **נ י ש ט** געווען.

די פענסטער פון געריכט־זאַל זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף סיטי האָל פּאַרק, וואו עס זיינען געווען אויסגעשטעלט בודקעס צום פאַרקויפען ליבערטי באָנדס און די פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם מסחר איז אָנגעגאַנגען שטאַרק און לעבעדיג די גאַנצע צייט. פון צייט צו צייט האָט אַן אָרקעסטער אין פּאַרק אָנגעהויבען שפּילען אַ פּאַטריאָטיש ליד און די גוט־באַקאַנטע טענער האָבען אַריינגעדרונ־גען אין דעם געריכטס־זאַל. יעדעס מאָל אין אַזאַ פאַל איז דער טראַיעל גלייך אָפּגעשטעלט געוואָרען און אַלע, איינשליסענדיג דעם ריכטער און די דזשורי, האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פּלע־צער און זיינען געשטאַנען ביז דער לעצטער קלאַנג איז פּאַמעלאַך אָפּגעשטאָרבען. די דזשורי־לייט האָבען זיך דאַן צוריק אַוועקגע־זעצט און האָבען באַטראַכט די אָנגעקלאָגטע מיט אַן אויסדרוק פון פינסטערער ענטשלאָסענקייט צו ערפילען זייער „פּאַטריאָטישע פליכט” פאָלשטענדיג.

ענדליך האָט די אָנקלאַגע פאַרענדיגט דאָס פּאָרלעגען איהר צד און די אָנגעקלאָגטע האָבען באַקומען דאָס וואָרט.

אין אונזערע ערעפענונגס־רעדעס האָבען מיר — איך און מר. מעלאָן — געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונג אָפּצורעדען די דזשורי־לייט פון זייערע פאָראורטיילען געגען די אָנגעקלאָגטע און זייער שטעלונג צום קריג. יעדער פון אונזביידע האָט פון זיין אייגענעם שטאַנדפּונקט אַרומגערעדט אויספיהרליך די קאָנסטיטו־ציאָנעלע רעכט פון אַמעריקאַנער בירגער צו דענקען אומגעשטערט און פריי אויסצודריקען זייערע געדאַנקען אַזוי לאַנג, ווי מיט זייערע רייד טרעטען זיי נישט איבער אַ באַשטימטען געזעץ, וואָס פאַרבאָט דאָס. ווי זעלבסטפאַרשטענדליך די עלעמענטאַרע פּרינ־ציפּען זעהען אויס אין נאָרמאַלע צייטען און ווי געוואַגט און קריגע־ריש זיי האָבען געקלונגען דעם 18טען אַפּריל, 1918, אין דער מלחמה־אַטמאָספערע פון געריכטס־זאַל!

איך האָב זיך געפּלייסט צו ערקלערען צו די דזשורי־לייט, ווי עס אַרבייטען די געדאַנקען ביי די מענשען, וועלכע זיינען איצט געווען די אָנגעקלאָגטע, די ריינקייט פון זייערע מאָטיווען אין זייער נעגנערשאַפט צו אונזער אָנשליסען זיך אין קריג און צו דער סיס־טעם פון געצוואונגענער מיליטער־דינסט. איך האָב אַרגומענטירט, אַז דער אמת'ער פּאַטריאָטיזם, דאָס הייסט איינעמ'ס זאָרג פאַר זיין לאַנד און זיין פאָלק, קען זיך, וועניגסטענס, פּונקט אַזוי גוט אויסדריקען אין אַ פאַרלאַנג נישט צו דערלאָזען אַ מאַסען־שחיטה, ווי אין אויפריכטיגען מלחמה־ענטוזיאַזם. און פאַרענדיגט האָב איך ווי פאָלגט:

„דאָס זיינען געווען אונזערע אויפריכטיגע מיינונגען. זיינען מיר געווען אומגערעכט אָדער האָבען מיר געהאַט רעכט? מיינע הערען, עס איז נישט אייער אויפגאַבע די פראַגע צו ענטשיידען. די היסטאָריע וועט זיין אונזער דזשורי. קיין לעבעדיגער מענש קען היינטיגע צייטען נישט נעמען אויף זיך די אויפגאַבע אַרויס־צוגעבען אַ לעצטען אורטייל איבער די גרויסע פּראָבלעמען, וועלכע די וועלט־קאַטאַסטראָפע האָט פאַר אונז אַרויסגעשטעלט. אייער אויפגאַבע איז צו ענטשיידען בלויז איין זאַך: צי זיינען די מענ־שען פאַרברעכער? האָבען זיי געמאַכט אַ פאַרשווערונג צו שעדי־

גען דאָס לאַנד? זיינען זיי אין דער מלחמה געווען אין אַ פאַר־ שווערונג מיט דער קייזערליכער דייטשער רעגירונג?"

דאַן איז יעדער איינער פון די אָנגעקלאָגטע אַרויף אויף דעם עדות־שטוהל צו ערקלערען זיין שטעלונג און אָפּצולייקענען די אויסגעטראַכטע פאַרשווערונג.

דער פּלאַץ, וואו ס'איז געשטאַנען דער עדות־שטוהל איז פאַר־ וואַנדעלט געוואָרען אין אַ פּלאַטפאָרם פאַר לעקציעס. מאַקס איסט־ מאַן, פלאָיד דעל און אַרט יאָנג האָבען פיר טעג נאָכאַנאַנד געהאַט די געלעגענהייט אויפצוקלערען דעם ריכטער, די דזשורי־לייט און מאַסען צושויער וועגען זייערע מיינונגען וועגען קריג, וועגען גע־ צוואונגענער מיליטער־דינסט, וועגען געוויסענס־געגנערשאַפט צו מלחמה, וועגען פרידענס־פּראָגראַמען, וועגען סאָציאַליזם, רוסלאַנד, אינטערנאַציאָנאַלע באַציהונגען און וועגען אַנדערע העכערע פראַ־ גען, מיט וועלכע קרימינעלע פאַרברעכער באַשעפטיגען זיך געוועהנ־ ליך נישט זעהר אָפט.

אויף דעם גורל פון מאַקס איסטמאַן, וועלכער איז געווען דער הויפּט־עדות פאַר דער פאַרטיידיגונג און איז באַטראַכט גע־ וואָרען פאַר דעם „קאָפּ" פון דער „פאַרשווערונג", איז אויסגעפאַ־ לען צו מאַכען דעם גרעסטען טייל פון די ערקלערונגען. אַ רוהיגער און אַ געזעצטער אין זיין האַלטונג און אַן אָפּענהערציגער אין זיינע ערקלערונגען, האָט ער געשיינט צו מאַכען אַ גינסטיגען איינדרוק אויף די דזשורי־לייט, וועניגסטענס אויף אייניגע פון זיי.

דער שרייבער פלאָיד דעל איז אויך געווען אַ גלענצענדער עדות. אַרט יאָנג, ווידער, האָט זיך היבשלאַך געמאַטערט אויף דעם עדות־שטוהל. מ'האָט איהם געפרעגט, וואָס עס איז געווען די אַב־ זיכט און די באַדייטונג פון זיין קאַרטון „זיי געהען אַלע דעם טאַנץ". אָבער אַרט יאָנג קען מיט איין שטריך פון זיין בלייפעדער זאָגען פיל מעהר ווי מיט הונדערט ווערטער. אויסער דעם, איז דער זין פון דעם קאַרטון געווען קלאָר פון סאַמע־ערשטען בליק, און יעדע סאָרט ערקלערונג איז געווען איבעריג.

דאָס בעסטע, וואָס דער אָנגעקלאָגטער קאַרטוניסט האָט גע־ קענט זאָגען איז, אַז ער האָט פּרובירט שילדערען אַ וועלט, וואָס איז פאַרכאַפּט פון מלחמה־משוגעת.

„אָבער צוליב וואָס האָט איהר פאָרגעשטעלט, אַז דער טיי־

ווער דיריגירט מיט דעם אָרקעסטער?" — האָט געפרעגט אוירל בארנעס, דער ענערגישער, אָבער גאַנץ־אָרענטליכער דיסטריקט אַטוירני. אויף אַ מאָמענט האָט עס אויסגעזעהן, אַז אַרט יאָנג איז צוטומעלט געוואָרען פון דער פראַגע, און ער האָט געענטפערט עטוואָס אומשולדיג:

„גענעראַל שערמאַן זאָגט דאָך, אַז מלחמה איז גיהנום, און ס'איז דערפאַר ביי מיר אויסגעקומען, נאַטירליך, אַז דער טייוועל זאָל דיריגירען דעם אָרקעסטער".

אין אַלגעמיין האָט די גאַנצע זאַך אַרט יאָנג'ן געלאַנגווייליגט, און אין אַ שעהנעם נאָכמיטאָג, ווען די לופט אין געריכט־זאַל איז געווען שטיקענדיג און דער אָנקלעגער האָט געהאַלטען אין פּאַר־ברענגען אַ גאַר־ערנסטען „באַווייז", איז ער איינגעשלאָפען.

אַ שטיל שנאָרכען האָט מיר געלאָזט וויסען וועגען דעם מחיה'־דיגען צושטאַנד פון מיין קליענט.

איך האָב איהם פאַרזיכטיג אַ טרייסעל געטאָן און איהם איינ־גערוימט אין אויער: „שטעה־אויף, אַרט. דו ווערסט גע'משפט, אַרט, און קענסט נאָך פאַראורטיילט ווערען אויף דיין גאַנצען לע־בען".

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט אַ צוטומעלטער באַטראַכט אַ ווייל̈ע, וואָס עס טוט זיך אַרום איהם און, ווי פון זיך אַליין, האָט זיין האַנט גענומען אַ בלעטעל פּאַפּיר, אויף וועלכען ער האָט גלייך אויפגעצייכענט אַ העכסט־אַמוזאַנטען קאַרטון פון דער פּאַ־סירונג מיט'ן איינשלאָפען.

ס'האָט ביי דער דזשורי געדויערט 48 שטונדען צו באַשליסען, אַז זיי קענען זיך נישט איינציגען אויף אַן אורטייל. אונזער שטאַר־קע פאַרטיידיגונג, אונזערע אַרגומענטען און אַפּילס, האָבען איבער־געוואויגען צוויי דזשורי־לייט. די אַנדערע צעהן האָבען ווי איין מאַן געשטימט „שולדיג".

כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם גייסט פון דער צייט איז דער פאַקט, וואָס די נאָבעלע מערהייט פון דער דזשורי האָט געלאָזט וויסען דער רעגירונג, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער דזשורי־רום. זיי האָבען באַריכטעט, אַז זייער ענטשלאָסענקייט צו געפינען די אָנגעקלאָגטע שולדיג איז צושטערט געוואָרען פון די צוויי איינ־

גע׳עקשנ׳טע דזשוראַרס, וועלכע האָבען נישט אויפגעהערט אַרויס־צייגען סאָציאַליסטישע און פּאַסיפיסטישע טענדענצען.

די צייטונגען האָבען זיך נישט געשעהמט צו באַריכטען דעם סקאַנדאַליעזען פאַל, און האָבען דערביי פאַרזיכערט, אַז ס׳איז אַזוי גוט ווי זיכער, אַז אַ פעדעראַלע רעגירונגס־אונטערזוכונג וועט געמאַכט ווערען.

די קעיס איז אויף ס׳ניי פאָרגעקומען אין געריכט מיט עט־ליכע חדשים שפּעטער. ווידער האָט זיך די דזשורי נישט געקענט אייניגען, און די רעגירונג האָט די קעיס אויפגעגעבען.

## קאַפּיטעל זיבען

# יודזשין וו. דעבס, וויקטאָר ל. בערגער און סקאַט נירינג

פאַרפאָלגונגען אונטער דעם שפּיאָנאַזש־געזעץ זיינען געוואָ־רען אַן אמת׳ע עפּידעמיע אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מיך פּערזענליך האָט מען נישט אָנגעקלאָגט און דאָס האָט זעהר געערגערט אייניגע פון אונזערע פּאַטריאָטען. איינע פון די „קעמ־פּערישע״ ניו יאָרקער צייטונגען האָט זיך געמאַכט אַ מנהג צו רופען מיך שטענדיג „דער נישט־אָנגעקלאָגטער מר. הילקוויט״. עס האָבען אויך נישט אויסגעפעהלט אַנדערע באַמערקונגען אין דער פּרעסע, וועגען דעם, אַז איך קען צו יעדער צייט קריגען אַ שוואַר־צען סוף.

עס האָט מיך אַליין געוואונדערט פאַרוואָס מ׳קלאָגט מיך נישט אָן, און ערשט מיט אייניגע יאָהר שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, פאַרוואָס מען האָט מיך נישט געטשעפּעט.

עס צייגט זיך אַרויס, אַז די רעגירונג האָט ערנסט געטראַכט וועגען נעמען שריט געגען מיר, אָבער ווען רעגירונגס־פאָרשטעהער האָבען זיך וועגען דעם דורכגעשמועסט מיט איינפלוסרייכע ראַט־געבער, האָט מען זיי געגעבען אַן עצה, אַז זיי זאָלען מיך נישט טשעפּען, ווייל זיי קענען דערמיט אויפרייצען אַ גרויסען טייל פון דער ניו יאָרקער באַפעלקערונג. דער איינדרוק פון מיין גרויסען

וואוט אין די מעיאָר־וואהלען האָט בטל געמאַכט די אָנקלאַגע געגען מיר, נאָך איידער זי איז אָו'ויסגעגעבען געוואָרען.

וואָס אָנבאַלאַנגט וועגען אַ גרונט פאַר אַן אָנקלאַגע, האָט מען גאָר אַזאַ זאַך נישט באַדאַרפט אין יענע נאָלדענע טעג. איך בין אַן עדות, אַז אַ סך מענשען זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרען, געפונען געוואָרען שולדיג און פאַראורטיילט געוואָרען צו לאַנגע טערמינען פּריזאָן אויף באַשולדיגונגען, וואָס זיינען געווען אַ סך שוואַכער ווי די, וואָס די רעגירונג האָט געקענט האָבען געגען מיר, פאַר מיינע אָפענהערציגע, עפענטליכע ערקלערונגען. חוץ דעם, האָט מען גוט געוואוסט, אַז איך האָב פאַרפאַסט דעם גרעסטען טייל פון דער סעינט לואיס'ער מלחמה־דעקלאַראַציע, וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אַרויסגעלאָזט.

אָבער אויב מיר פּערזענליך האָט מען נישט פאַרפאָלגט, האָב איך אָבער געהאַט צו זינגען און צו זאָגען, פאַרטיידיגענדיג אַ סך פון מיינע וועניגער־מזל'דיגע גענאָסען. יענע טעג זיינען געווען פול מיט אָנשטרענגונג פאַר סאָציאַליסטישע לאַיערס, און באַזונדערס פאַר מיר. כמעט יעדען טאָג זיינען איבער'ן גאַנצען לאַנד אַרויסגעגעבען געוואָרען נייע אינדאַיטמענטס אונטער דעם שפּיאָנאַזש־געזעץ, און איך האָב אויף זיך גענומען די פאַרטיידיגונג אין אַ סך פון די קעיסעס. צווישען די וויכטיגסטע און אָנגעזעהענסטע זיינען געווען די קעיסעס פון יודזשין וו. דעבס, וויקטאָר ל. בערגער און סקאָט נירינג.

דעבס איז אָנגעקלאָגט געוואָרען פאַר אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען ביי אַ קאָנווענשאָן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פון אָהייאָ סטעיט, אין קענטאָן, דעם 16טען יוני, 1918. די רעדע איז געווען זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דעבס'ן, און איז געהאַלטען געוואָרען אונטער אַזעלכע אומשטענדען, וואָס באַווייזען ווי נאָבעל עס איז געווען יענער גרויסער סאָציאַליסטישער מענשען־פריינד.

אַרום דעם זומער פון יאָהר 1918, האָבען זיך ביי אַ גרויסער טייל פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אָנגעהויבען ענדערען די געפיהלען איבער דער פראַגע פון שטיצען די מלחמה. צוערשט האָבען געווירקט די ברוטאַלע באַדינגונגען פון דעם ברעסט־ליטאָווסקער פרידען, וואָס דער זיגרייכער דייטשער מיליטאַריזם

האט ארויפגעצוואונגען אויף דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג פון רוסלאַנד, און האָט געדראָהט דערשטיקען די ערשטע סאָציאַליס־טישע רעפובליק אין דער וועלט. דערצו איז אויך אָנגעקומען פּרע־זידענט ווילסאָנ׳ס ערקלערונג, אין וועלכער ער האָט פאַרגעשלאָגען ברייטהארציגע און פּראָגרעסיווע פרידענס־באדינגונגען, וועלכע די רעגירונג פון קאיזער האָט פרעך צוריקגעוויזען. די ביידע ערשיי־נונגען צוזאמען האָבען ארויסגערופען אַ געפיהל פון מעהר פריינט־שאפט צו דעם צד פון די עלאים און אַ שטארקע געגנערשאפט צו דייטשלאנד אין די ראדיקאלע און מלחמה־געגנערישע קרייזען. אזא געפיהל האָט זיך אויך באוויזען ביי אַ סך סאָציאַליסטען.

אַ פאָרשלאג איז געמאכט געוואָרען, אַז ס׳זאָל גערופען ווע־רען אַ ספּעציעלע פּארטיי־קאָנווענשאָן, צו באטראכטען, צי ס׳וואָלט נישט געווען ראטזאם צו ענדערען די אַנטי־מלחמה שטעלונג פון דער סעינט לואיס׳ער פּראָקלאמאציע. די נאציאָנאלע עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט דעם פּאָרשלאג צוריקגעוויזען אויף דעם איינציגען גרונט, אַז אונטער די אומשטענדען, וואָס האָבען דאַן עקזיסטירט, איז אַ פרייער אויסטויש פון מיינונגען געווען אונמעגליך. און די יעניגע, וועלכע שטעהען נאָך אויף דעם אונקאָמפּראָמיסליכען אַנטי־מלחמה שטאנדפּונקט פון דער פּארטיי, וואָלטען געשטעלט געוואָ־רען אין געפאהר, ווען זיי וואָלטען געמאכט אַ פּארזוך אויסצודריקען זייערע מיינונגען.

יודזשין וו. דעבס איז געווען צווישען די יעניגע, וועלכע האָ־בען געוואָלט אַז די סאָציאַליסטישע פּארטיי זאָל אויף ס׳ניי ער־קלערען איהר שטעלונג צום קריג. ער אַליין האָט אָפענהערציג און עפענטליך אויסגעדריקט זיין שטעלונג אין דער פראגע. ער האָט געהאסט דעם פּרייסישען מיליטאריזם, אַלס די גרעסטע גע־פאהר צום פרידען און צו דעם פּראָגרעס פון דער וועלט, און אין דער צייט פון זיין רעדע אין קענטאָן, אָהייאָ, זיינען זיינע סימ־פּאטיעס געווען גענויגט צו דער זייט פון די עלאים.

אָבער אַ קורצע צייט פאר דעם טאָג, ווען ער האָט זיין רעדע געהאלטען, זיינען ברוטאלע שטראָפען ארויפגעלעגט געוואָרען אויף אייניגע סאָציאַליסטען, וועלכע זיינען פּאראורטיילט געוואָרען אויף באשולדיגונגען, אַז זיי זיינען טעטיג געגען דער מלחמה.

אין קענטאַן, אָהייאָ, וואו די קאָנוועגשאָן איז פאָרגעקומען, זיינען דריי פון די טעטיגסטע סאָציאַליסטען פון יענעם סטעיט — טשארלס רוטענבערג, אַלפרעד וואַגענקנעכט און טשארלס בעיקער שוין געזעסען אין פריזאָן, פאַראורטיילט אויף אַ יאָהר צייט, יעדער פון זיי אויף קלאַגעס, אז זיי האָבען פאַרבראָכען געגען קאָנסקריפּ־שאָן געזעץ.

קעיט ריטשארדס אָהעיר, אַ באַוואוסטע סאָציאַליסטישע פּראָ־פּאַגאַנדיסטקע אין סעינט לואיס, איז פאַר'משפּט געוואָרען אויף פינף יאָהר צייט אויפ'ן גרונד פון עדות־אָגען, וואָס איז געוועזן אי פאַלש, אי לעכערליך.

ראָוז פּאַסטאָר סטאָוקס איז פאַראורטיילט געוואָרען פאַר אַ רעדע, וואָס זי האָט געהאַלטען אין סאוטה דאַקאָטאַ און אין וועל־כער זי האָט געזאָגט, אז די רעגירונג קען נישט גלייכצייטיג דינען אי די הויט־שינדער, אי די ארבייטער, וועלכע ווערען עקספּלואַ־טירט פון די הויט־שינדער.

זי איז פאַר'משפּט געוואָרען אויף צעהן יאָהר פריזאָן, אָן אפּילו איז געמאַכט געוואָרען, און אַ העכער געריכט האָט דעם אורטייל בטל געמאַכט, אָבער אין דער צייט, ווען דעבס האָט גע־האַלטען זיין רעדע אין קענטאָן, איז נאָך דער אורטייל געווען אין קראַפט.

אין שיקאַגאָ איז אָנגעגאַנגען אַ טראַיעל איבער 112 מיטגלי־דער פון די „אַי־דאַבליו־דאַבליו", מיט קענעסאָן מ. לאַנדיס אַלס ריכטער. זייערע סטרייקס און זייערע נאָרמאַלע טרעיד־יוניאָן טעטיגקייטען זיינען ערקלערט געוואָרען פאַר אַ פאַרשווערונג צו שטערען די מלחמה. עס איז געווען אַ פּרעכע, און אַ ברוטאַלע קלאַסען־פאַרפאָלגונג, וועלכע איז אָנגעגאַנגען מיט קאַפּיטאַליס־טישער רציחה סאַי אין געריכט אַליין, סאַי ארום דעם געריכט־זאַל.

דעבס איז דערפון געווען געוואַלדיג אויפגעבראַכט. ער האָט געברענט מיט ענטריסטונג. זיין איידעלער געפיהל פאַר רעכט און גערעכטיגקייט האָט דעם אומרעכט נישט געקענט פאַרטראָגען. זיינען גענאָסען זיינען פאַרפאָלגט געוואָרען. ער האָט גאַנץ גוט געקענט אויספיהרען, אז מען זאָל איהם נישט טשעפּען, ווען ער זאָל

נאָר געווען אָפּען ערקלערען זיין שטעלונג צום קריג, אָבער ער האָט דאָס נישט געוואָלט טאָן.

אין דער אמת'ן האָט ער אין זיין רעדע זיך אָפּגעגעבען מיט פּראָפּאַגאַנדירען סאָציאַליזם. ער האָט נאָר איינינע מאָל דער־מאָנט קריג אין אַלגעמיין, און די מלחמה, וואָס איז איצט אָנגע־גאַנגען, האָט ער אינגאַנצען נישט באַריהרט.

ער האָט אָבער שטאַרק און קלאָר אויסגעדריקט זיין סאָלי־דאַריטעט מיט זיינע פאַראורטיילטע גענאָסען און זיין סימפּאַטיע פאַר זיי.

„איך בין שטאָלץ מיט זיי, — האָט ער געזאָגט, רעדענדיג וועגען רוטענבערג'ן, וואַגענקנעכט'ן און בעיקער'ן, — זיי זיינען דאָרט צוליב אונז און מיר האָבען זיך דאָ פאַרזאַמעלט צוליב זיי".

און וועגען ראָוז פּאַסטאָר סטאָוקס האָט ער באַמערקט: „וואָס האָט זי דען געזאָגט? נישט מעהר ווי דאָס, וואָס איך האָב גע־זאָגט דאָ, היינט ביי טאָג. אויב זי האָט פאַרדינט מען זאָל זי פאַר־שיקען אין פּריזאָן אויף צעהן יאָהר, האָב איך עס מיר אויך פאַרדינט".

ער האָט שאַרף פאַרדאַמט דעם טראַיעל איבער די „אַי־דאָבליו־דאָבליו" מיטגלידער און האָט ערקלערט, אַז „די „אַי־דאָבליו־דאָבליו"־אָרגאַניזאַציע איז אין איהר גאַנצער קאַריערע קיינמאָל נישט באַגאַנגען אַזויפיל גוואַלדטאַטען געגען דעם הערשענדען קלאַס, ווי דער הערשענדער קלאַס איז באַגאַנגען געגען דעם פאָלק".

יודזשין דעבס האָט אין קענטאָן נישט געהאַלטען קיין אַנטי־מלחמה רעדע. זיין רעדע איז געווען הויפּטזעכליך אַ פּראָטעסט געגען ברוטאַלע פאַרפאָלגונגען פון געגנערישע מיינונגען. ער האָט זיך געפיהלט אומגליקליך אויף דער דער פרייַ אין דער צייט, וואָס זיינע גענאָסען זיינען געווען אין פּריזאָן, און ער האָט ארויסגע־פאָדערט די רעגירונג צו באַהאַנדלען איהם, פּונקט ווי מ'האָט באַ־האַנדעלט אַנדערע סאָציאַליסטען.

די רעגירונג האָט שנעל אויפגענומען זיין ארויספאָדערונג.

דעם 20טען יוני, 1918, פיר טעג נאָך דער קענטאָנער רעדע, האָט אַ פעדעראַלע גרענד דזשורי, וועלכע איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אין קליוולאַנד, ארויסגעגעבען אַן אינדאַיטמענט געגען

יודזשין וו. דעבס, באשולדיגענדיג איהם אין איבערטרעטען דעם שפיאָנאַזש־געזעץ אויף צעהן פונקטען.

דער „בערגער־פּראָצעס" האָט פאַרמאָגט אַנדערע אייגענשאַפטען, וואָס האָבען אים געמאַכט נישט ווייניגער אינטערעסאַנט, ווי די דעבס קעיס.

וויקטאָר ל. בערגער איז אָנגעקלאָגט געוואָרען צוזאַמען מיט אַדאָלף גערמער, לואיס ענגדאַהל, וויליאַם פּ. קרוז און אוירווין סעינט דזשאָהן טאָקער אין אַ פאַרשווערונג צו ברעכען דעם שפּיאָנאַזש־געזעץ. דער אינדאַיטמענט איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פון אַ פעדעראַלער גרענד דזשורי, אין שיקאַגאָ.

אַדאָלף גערמער איז געווען דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; לואיס ענגדאַהל איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער אָפיציעלער פּאַרטיי־צייטונג „אַמעריקען סאָשעליסט"; וויליאַם פּ. קרוז איז געווען דער דירעקטאָר פון דער „יאָנג פּיפּעל'ס סאָשעליסט ליג" (ליגע פון יונגע סאָציאַליסטען), אוירווין סעינט דזשאָהן טאָקער האָט נישט געהאַט קיין אָפיציעלע פאַרבינדונג מיט דער פּאַרטיי און וויקטאָר ל. בערגער איז געווען איינער פון די זיבען מיטגלידער, וועלכע האָבען צוזאַמענגעשטעלט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע.

די קלאַגען געגען אַדאָלף גערמער זיינען באַשטאַנען אין דעם, אַז ער האָט געדרוקט און פאַרשפּרייט קאָפּיעס פון דער סעינט לואיס'ער „פּראָקלאַמאַציע און מלחמה־פּראָגראַם" און דריי אַנטי־מלחמה בראָשורען פון אוירווין סעינט דזשאָהן טאָקער, אונטער די נעמען: „נידער מיט מלחמות", „די פּרייז, וואָס מיר צאָהלען", און „פאַרוואָס זאָלט איהר קעמפען".

לואיס ענגדאַהל איז אָנגעקלאָגט געוואָרען פאַר אָפּדרוקען אין „אַמעריקען סאָשעליסט" געוויסע אַרטיקלען, לידער און קאַרטונס, וואָס מ'האָט אויסגעטייטשט אַלס געגנעריש צום קריג.

וויליאַם פּ. קרוז איז אָנגעקלאָגט געוואָרען פאַר שיקען בריף צו צוויי מיטגלידער פון דער „יאָנג פּיפּעל'ס סאָשעליסט ליג" מיט אַן אָנבאָט צו געבען זיי עצות וועגען „קלעימען עקזעמפּשאָן" פון מיליטערדינסטאָנגעבען אורזאַכען פאַרוואָס מ'זאָל באַפרייט ווערען און גוט־הייסענדיג די שטעלונג פון אַזעלכע, וועלכע זיינען געוויסענס־געגנער פון מלחמה.

די קלאגע געגען אוירווין סעינט דזשאהן טאָקער איז געווען באגרינדעט אויף זיינע בראָשורען, וואָס זיינען שוין פריהער דער־מאָנט געוואָרען, און וויקטאָר ל. בערגער איז פארקלאָגט געוואָרען פאר פינף ארטיקלען, וואָס זיינען אין פארשיידענע צייטען ערשי־נען אין זיין צייטונג „מילוואָקי לידער”.

עס איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, אז די פינף אָנגעקלאָגטע זיינען באשולדיגט געוואָרען פאר באזונדערע און פארשיידענע „פארברעכענס”. בערגער האָט געהאט צו זאָגען איבער דעם „מיל־וואָקי לידער” און קיין איינער פון די אנדערע אָנגעקלאָגטע האָט נישט געהאט צו טאָן מיט דער צייטונג; קיינער פון די אנדערע אָנגעקלאָגטע האָט קיין שייכות ניט געהאט מיט וויליאַם פ. קרוז׳עס פריוואטע בריף; טאָקער האָט נישט געהאט קיין שום פאר־בינדונג מיט דער אָנפיהרונג פון דער פארטיי אָדער פון דעם „מיל־וואָקי לידער”; ענגדאהל׳ס טעטיגקייט איז באשטאנען בלויז אין רעדאגירען דעם „אמעריקען סאָשעליסט” און גערמער׳ס ארבייט איז געווען א ריין־פארוואלטערישע און האָט געהאט צו טאָן בלויז מיט דירעקטער טאָג־טעגליכער ארבייט פון דער פארטיי.

דאָך האָט די אָנקלאגע געמאכט יעדען איינעם פון די פינף אָנגעקלאָגטע פאראנטוואָרטליך פאר די טהאטען און ווערטער פון די אנדערע פיר.

וויקטאָר בערגער האָט געקענט פאראורטיילט ווערען פאר די אינגעלשע טהאטען פון וויליאַם קרוז, אָבוואָהל ער האָט גאָר־נישט געוואוסט וועגען זיי. וויליאַם קרוז האָט געקענט באשטראָפט ווערען פאר די מוטיגע ארטיקלען פון וויקטאָר בערגער, כאָטש בערגער האָט ביי איהם קיינמאָל קיין עצות נישט געפרעגט וואָס צו שרייבען און כאָטש עס קען אויך זיין, אז קרוז האָט בערגער׳ס ארטיקלען אפילו נישט געלייענט.ביידע זיינען געהאלטען געוואָ־רען פאראנטוואָרטליך פאר די בראָשורען פון אוירווין סעינט דזשאהן טאָקער, אָבוואָהל זיי האָבען זיך וואַרשיינליך קיינמאָל מיט יענעם שרייבער נישט באגעגענט. לואיס ענגדאהל, ווידער, האָט געקענט פאר׳משפט ווערען פאר „פארברעכענס”, וואָס זיינען באגאנגען געוואָרען דורך איינעם פון זיי, אפילו אז דער „אמע־ריקען סאָשעליסט”, פאר וועלכען ער איז געווען פאראנטוואָרטליך, זאָל געווען געפונען ווערען כשר און אומשולדיג.

די לעבערליכע און עקעלהאפטע האנדל׳ונג פון דער אָנקלאגע האָט זיך געשטיצט אויף דער בבא מעשה וועגען פארשווערונג, וואָס מאכט די אמעריקאנער און ענגלישע געזעצען הארט און שטרענג און וואָס איז אזוי אָפט מיסברויכט געוואָרען פון די קאורטס אין ארבייטער קעיסעס. דאָס איז געווען די ליבלינגס־פאָרם פון אָנקלאגע אונטער דעם שפּיאָנאזש־געזעץ.

די טעאָריע וועגען פארשווערונג שאפט אַן אונערהערטע שרעקליכע לאגע. עטליכע מענשען, וואָס האָבען קיין שום פאר־בינדונג נישט מיט דעם „פארברעכען", אָדער צווישען זיך אלס פערזאָנען, ווערען גע׳משפּט צוזאמען. אלץ וואָס עמיצער פון זיי זאָגט און טוט ווערט צוגעלאָזט אלס באוויז געגען אלע אנדערע אויף דעם גרונט, אז זיי זיינען פאראנטוואָרטליך איינער פאר׳ן צווייטען אלס שותפים פון איין פארשווערונג. די זאָגענאנטע פאר־שווערונג ווערט דערביי „באוויזען" דורך דעם, וואָס מ׳נעמט צוזא־מען די איינצעלנע טהאטען און ערקלערונגען פון די פארשיידענע אָנגעקלאָגטע.

די סקאט נירינג קעיס איז אויך געווען באגרינדעט אויף דער טעאָריע פון פארשווערונג.

סקאט נירינג, א געוועזענער קאלעדזש פּראָפעסאָר, וועלכער איז ערשט געהאט באקעהרט געוואָרען צום סאָציאליזם, האָט אָנ־געשריבען א בראָשורע אונטער דעם נאָמען „דער גרויסער וואהנזין" און די „אמעריקען סאָשעליסט סאָסאיעטי", וועלכע פיהרט אָן די רענד סקול פאר סאָציאלער וויסענשאפט, האָט די בראָשורע ארויס־געגעבען.

עס איז געווען א ביכעל וועגען דער מלחמה און וועגען די אורזאכען פון דער מלחמה לויט דעם גוט־באקאנטען סאָציאליס־טישען שטאנדפונקט. דער שרייבער און דער ארויסגעבער זיינען צוזאמען אָנגעקלאָגט געוואָרען אויף דער באשולדיגונג, אז זיי האָ־בען געמאכט א פארשווערונג צו שטערען דעם קריג.

דער טראַיעל איבער דעבס׳ן האָט זיך געזאָלט אָנפאנגען אין סעפּטעמבער, 1918, און די בערגער־קעיס אביסעל שפּעטער. איןביידע קעיסעס בין איך געווען פארבונדען מיט סימור סטעדמאן, וועלכער איז א סאָציאליסטישער לאָיער מיט א גרויסען נאָמען

פאַר זיין ערפאַהרענקייט און פאַר זיינע פעהיגקייטען. די פאַרטיידיגונג פון דער נירינג קעיס האָב איך איינער אַליין אָנגעפיהרט.

איך האָב זיך געפיהלט מיד. נאָך דער אָנגעשטרענגטער אַרבייט אין דעם מעיאָר קאַמפּעין מיט אַ יאָהר פריהער, איז געקומען אַ רייהע צוגרייטונגען, טראַיעלס און אַפּילס אין שפּיאָנאַזש־פּראָצעסן. דערצו האָב איך נישט אויפגעגעבען קיין איינע פון מיינע טעטיגקייטען אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין דער פרידענס־באַוועגונג. איך האָב אויך געמוזט טאָן מיין געוועהנליכע אַרבייט אַלס לאָיער. דאָס אַלץ האָט אָנגעהויבען צו ווירקען אויף מיין געזונט. איך האָב אָנגעהויבען פאַרלירען וואָג און עס האָבען זיך ביי מיר באַוויזען אויך אַנדערע ערנסטע סימפּטאָמען. איך האָב דערפאַר באַשלאָסען זיך אַביסעל אָפּצורוהען פאַר מיין אַריינוואַרפען זיך אין די פּראָצעסן, וואָס זיינען מיר פאָרגעשטאַנען.

פאַר מיין געפּלאַנטען אָפּרוה־פּלאַץ האָב איך אויסגעקליבען סאַראַנאַק לעיק אין די אַדיראָנדעק בערג, וואו איך האָב אויך שוין פריהער געהאַט פאַרבראַכט עטליכע זומער־וואַקאַציעס. איך האָב זיך דאָרט „באַזעצט" מיט'ן געדאַנק צו פאַרברענגען צוויי וואָכען צייט אין פאָלשטענדיגער רוה.

אין פאַרבינדונג מיט מיין אָפּרוה האָב איך באַשלאָסען צו לאָזען זיך אונטערזוכען פון אַ דאָקטאָר.

דר. יוהן קינגהאָרן, וועלכער האָט פּראַקטיצירט מעדיצין אין סאַראַנאַק לעיק און האָט זיך ספּעציאַליזירט אין טובערקולאָז־קראַנקהייטען, ווייל דאָס שטעדטעל איז דאָ געוועזן פול מיט אַזעלכע פּאַציענטען, איז געווען אַן אַלטער פריינט פון מיין פאַמיליע און צו איהם האָב איך זיך געווענדעט.

ער איז געווען אַ סקאָטשמאַן פון קענעדע און מען האָט איהם געשעצט פאַר זיין גוטען קאָפּ און פאַר זיינע גרינדליכע מעטאָדען. ער האָט מיך אונטערזוכט און דאַן האָט ער געפרעגט:

„ווי לאַנג דענקט איהר צו פאַרבלייבען אין סאַראַנאַק לעיק?"

איך האָב שנעל געענטפערט: „אָה, איך קען דאָ פאַרבלייבען גאַנצע צוויי וואָכען אויב נויטיג".

דאַרויף האָט ער זיך אָפּגערופען פּאַמעלאַך און מיט טיפען ערנסט:

„ניין, מר. הילקוויט, ס׳איז נישט א פראגע פון צוויי וואכען, אדער צוויי חדשים. איהר וועט מעגען זיין צופרידען, אויב איהר וועט קענען צוריקגעהן צו אייער ארבייט אין צוויי יאהר ארום״.

איך בין געבליבען א געפלעפטער. צוויי יאהר, ווען יעדער טאג איז וויכטיג. צוויי יאהר פון גארנישט טאן, ווען די וועלט ברענט מיט צאפעלדיגער טעטיגקייט.

אלע מיינע געדאנקען זיינען געווען פארנומען מיט די קומענדיגע שפיאנאזש־פראצעסען, די פראצעסען פון מיינע פריינט און גענאסען, פאר וועלכע איך האב גענומען אויף זיך די הויפט פאראנטווארטליכקייט. קיין פריזאן־אורטייל האט מיך נישט געקענט טרעפען אזוי שטארק, ווי עס האט מיך געטראפען דער אורטייל פון דעם פריינטליכען, מילדען און געטרייען דאקטאר. איך האב שנעל געפאסט א באשלוס:

„דאקטאר, איך קען דאס נישט. איך מוז זיך אומקעהרען צו מיין ארבייט. נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס עס וועט געשעהן״ — האב איך ערקלערט.

מיין פעסטע ענטשלאסענקייט האט אויף דאקטאר קינגהארן קיין איינדרוק נישט געמאכט. ער האט שטיל באמערקט: „איהר קענט נישט געהן צוריק צו דער ארבייט. אויב איהר וועט דאס פרובירען, וועט איהר ווארשיינליך נישט בלייבען לעבען גענוג לאנג צו פארענדיגען אייער ערשטען טראיעל. די קראנקהייט, שווינדזוכט הייסט זי, האט אייך ריכטיג געפאקט. איהר מוזט זיך אוועקגלעגען אין בעט אויף וועניגסטענס זעקס חדשים צייט אום אייער געזונד זאל זיך אנהויבען פארבעסערען״.

אט אזוי, פלוצים, בין איך ארויסגעריסען געווארען פון לעבען און פון טעטיגקייט אהן שום ווארנונג, און איך בין פאראורטיילט געווארען אויף א מאכטלאזען און נוצלאזען לעבען פון אן אינוואליד אויף יאהרען און אפשר אויפ׳ן גאנצען לעבען.

איך בין געווען נידערשלאגען און פארזונקען אין דער טיפסטער פארצווייפלונג. איך האב אבער באלד אויסגעפונען, ווי שנעל א מענש קען זיך צופאסען צו יעדער סיטואציע.

אין א טאג אדער צוויי ארום איז מיין פרוי געקומען צו מיר קיין סאראנק לעיק און האט גענומען די לאגע אין איהרע הענט. אין פארלויף פון צוויי יאהר צייט איז זי געווען כמעט מיין איינ־

ציגע באריהרונג מיט דעם דרויסענדיגען לעבען. שטענדיג איז זי געווען ביי מיין קראנקען־בעט. שטענדיג האט זי געהאלטען וואך איבער מיר, מיך דערמונטערט און געזעהן, אז איך זאל שטופענ־ווייז געזונט ווערען.

נאכדעם, ווי די ערשטע ערשיטערונג איז פאראיבער, האב איך שנעל ענטוויקעלט ביי זיך א ניכטערען בליק אויף דעם, וואס עס איז וויכטיגער און וואס עס איז ווייניגער וויכטיג אין לעבען. די וועלט איז זיך געגאנגען איהר פיינליכען און צודולטען וועג אהן מיר. און אהן מיר איז ארויסגעקומען ענטוועדער פונקט אזוי גוט אדער פונקט אזוי שלעכט ווי מיט מיר.

די סאציאליסטישע באוועגונג האט דורכגעמאכט די אונפאר־מיידליכע ענטוויקלונג, וואס פאר איהר איז אנגעצייכענט געווארען דורך די ספעציעלע סאציאלע און פאליטישע באדינגונגען פון דער צייט.

די פארטיידיגונג פון מיינע שפיאנאזש־קעיסעס איז אריבער אין די פעהיגע הענט פון סימור סטעדמאן און זייער אויסגאנג איז אין פאראויס באשטימט געווארען דורך דעם גייסט וואס האט דאן געהערשט אין די געריכטען און ביי דער באפעלקערונג.

פון מיין קראנקען־בעט אין סאראנאק לעיק האב איך מיט'ן גרעסטען אינטערעס נאכגעפאלגט דעם גאנג פון די קעיסעס דורך די צייטונגען און דורך פערזענליכע פארבינדונגען.

יודזשין וו. דעבס'עס טראיעל איז פארגעקומען אין אנהויב סעפטעמבער, 1918. מ'האט איהם געפונען שולדיג און אין על־טער פון 62 יאהר איז ער דורך ריכטער ד. סי. וועסטעיווער, וועל־כער איז אנב געווען א „פראגרעסיווער", פאראורטיילט געווארען צו צעהן יאהר פריזאן.

ס'איז געווען אן אויסערגעוועהנליכער טראיעל. די האלטונג פון דעם אנגעקלאגטען אין געריכט האט דערמאנט מעהר אן דער שטילער מארטירעריי פון אן אמאליגען היילינגען ווי אן דער קעמפערישער שטעלונג פון א געפערליכען רעוואלוציאנערען אגי־טאטאר אין צוואנציגסטען יאהרהונדערט. (א ריהרענדע און אויס־פיהרליכע באשרייבונג פון טראיעל געפינט זיך אין דעיוויד קראס־נער'ס בוך „דעבס", וואס איז ארויס אין ענגליש אין 1919 ; פארלאג באני און ליווראיט).

די הויפּט־באַשולדיגונג געגען איהם האָט זיך געשטיצט אויף זיין קענטאָנער רעדע. אָבער די אָנקלאַגע האָט נאָך גערופען אַלס אַן עדות געגען דעם אַלטען סאָציאַליסטישען פיהרער, אַ ציימונגס־רעפּאָרטער, וועלכער האָט געהאַט אַן אינטערוויו מיט דעבס'ן פאַר דער רעדע.

דער רעפּאָרטער האָט עדות געזאָגט, אַז ער האָט אינטער־וויואירט דעבס'ן פאַר דעם מיטינג און האָט איהם געפרעגט אויב די ציימונגען האָבען ריכטיג איבערגעגעבען זיינע ווערטער, ווען זיי האָבען געמאָלדען, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון דער סעינט לואיס'ער אַנטי־מלחמה פּראָקלאַמאַציע. לויט דעם עדות, האָט דעבס דאַן געענטפערט ווי פאָלגט:

„אין דער ליכט פון דער רוסישער לאַגע דענק איך, אַז מיר האָבען געדאַרפט אויף ס'ניי ערקלערען די אויפגאַבען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אָבער אין דער צייט ווען די סעינט לואיס'ער פּראָקלאַמאַציע איז אָנגענומען געוואָרען בין איך געווען איינפאַרשטאַנען מיט דעם וואָס איז דאָרט געזאָגט און אויך מיט דעם אופן ווי עס איז אויסגעדריקט געוואָרען". ער האָט געלייקענט, אַז ער האָט זיך ווען־עס־איז אָפּגעטרייסעלט פון דער פּראָקלאַמאַציע.

דער עדות איז נישט געווען אָנגרייפעריש און נישט גיפטיג. עס האָט אויסגעזעהן, אַז ער איז זעהר נישט גערן צו זאָגען עפּעס, וואָס קען באַנוצט ווערען געגען דעם אָנגעקלאָגטען. ווען דער עדות האָט געענדיגט, האָט זיך דעבס איבערגעבויגען צו איהם און איהם ווייך געזאָגט:

„אַלץ וואָס איהר האָט געזאָגט ווענען מיר איז אמת. איך וויל נישט, אַז איהר זאָלט ווען־עס־איז פיהלען אַז איהר האָט מיר נעשעדיגט דורך זאָגען עדות געגען מיר. איהר האָט עס געמוזט טאָן און איהר האָט עס געטאָן ווי אַ דזשענטעלמאַן".

דער איינציגער אַנדערער עדות פאַר דער אָנקלאַגע איז געווען אַ סטענאָגראַפיסט, וועלכער האָט אַרונטערגעשריבען דעבס'עס קענ־טאָנער רעדע, ווייל דער דעפּאַרטמענט אָוו דזשאַסטיס האָט איהם נעשיקט דאָס צו טאָן. ער איז געווען זעהר יונג און אונערפאַהרען און ער האָט אָפען צוגעגעבען אַז ער איז נים געווען אימשטאַנד אַראָפּצונעמען די רעדע וואָרט אין וואָרט. ער האָט מודה געווען,

אז דאָס וואָס ער האָט פאַרשריבען איז גאָר געווען אַ סך הכל וואָס ער האָט אַליין געמאַכט פון דעבס'עס רעדע, ווי ער האָט זי פאַר־שטאַנען. דעבס אָבער האָט ערקלערט, אַז די נאָטיצען, וואָס דער יונגער סטענאָגראַפיסט האָט געמאַכט, זיינען אין תוך אַריין ריכ־טיג און ער וועט ניט לאָזען, אַז מ'זאָל אָפּפרעגען זייער פּינקט־ליכקייט. ער האָט זיך ניט אָנגעבאָטען צו לייקענען, אויסבעסערען אָדער ערקלערען קיין איינע פון די ערקלערונגען, וואָס זיינען פאַר־שריבען געוואָרען אין זיין נאָמען. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער געוועהנליכער שלום־רעדע, וואָס עס האַלט דער לאָיער פון דער פאַרטיידיגונג און האָט זיך באַנוגענט מיט אַ רעדע צו דער דזשורי. און וואָס פאַר אַ רעדע דאָס איז געווען!

די רעדע האָט ניט ענטהאַלטען קיין אַפּלייקענונג, קיין פאַר־ענטפערען זיך, קיין אַפּיל פון רחמנות. עס איז געווען אַ געוואַלדיגע אָנקלאַגע געגען דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און געגען די פאַרפאָלגונגען, וואָס די רעגירונג פיהרט אָן אונטער דעם שפּיאָ־נאַזש־געזעץ.

דעם העכסטען פּונקט האָט זיין גלענצענדע רעדע דערגרייכט, ווען ער האָט דערמאָנט די מלחמה.

„מ'האָט מיך באַשולדיגט, אַז איך האָב געשטערט די מלחמה, און איך גיב עס צו", — האָט ער רוהיג ערקלערט — „מיינע העררען, איך האַס מלחמה. איך וואָלט אַרויסגעטראָטען געגען מלחמה אפילו ווען איך זאָל זיין איינער אַליין. ווען איך טראַכט פון אַ קאַלטען, גלאַנציגען שטאָלענעם באַיאָנעט, וואָס ווערט אַריינגעשטאָכען אין דעם ווייסען ציטערדיגען לייב פון אַ מענשען, ווער איך אַ דערציטערטער. איך האָב אָפטמאָל געטראַכט, אַז איך וואָלט איבערהויפּט ניט געקענט אומברענגען דאָס לעבען פון אַ מענשען, אפילו ווען עס וואָלט געמיינט מיין אייגען לעבען צו ראַטעווען".

די רעדע, וואָס דעבס אַליין האָט געהאַלטען אין געריכט צו פאַרטיידיגען זיך, האָט אויפגערייצט זיינע ריכטער געגען איהם נאָך מעהר ווי די קענטאָנער רעדע, פאַר וועלכער ער איז גע'משפט געוואָרען. דאָס האָט פאַרזיגעלט זיין שיקזאַל.

אין די שטונדען, ווען די דזשורי האָט זיך באַראַטען וועגען דעם אורטייל איבער איהם, האָט יודזשין דעבס געפונען צייט מיר

אַנצושרייבען איינעם פון זיינע כאַראַקטעריסטישע געפּיהלפולע בריף, אין וועלכע ער האָט מיר אויסגעדריקט זיין מיטגעפיהל מיט מיין צושטאַנד און מיך געטרייסט וועגען זיין אייגענעם שיקזאַל. ער איז געווען פולשטענדיג רוהיג.

די באַראַטונג פון דער דזשורי האָט פאַרהעלטניסמעסיג לאַנג ניט געדויערט. נאָך זעקס שטונדען צייט פון פאַרהאַנדלונג האָבען די דזשורי־לייט אַריינגעבראַכט אַן אורטייל פון „שולדיג, ווי אָנ־געקלאָגט אין דעם אינדאַיטמענט".

אַן אַפּיל איז געמאַכט געוואָרען צום סופּרים קאָורט פון די יונייטעד סטעיטס, וועלכער האָט דעם אורטייל גוטגעהייסען. די ענטשיידונג פון סופּרים קאָורט איז געווען איינשטימיג און איז געשריבען געוואָרען פון ניט קיין אַנדערען ווי דזשאַסיטיס האָלמס.

איך האָב אימער באַוואונדערט די עהרליכקייט און דעם מאָ־ראַלען מוט פון אָליווער ווענדעל האָלמס. איך האָב דערפאַר ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל געלייענט די ענטשיידונג, וואָס ער האָט געשריבען, אין אַ פאַרזוך צו ענטדעקען אַ באַרעכטיגונג פאַר זיין מיינונג אפילו פון אַ סקאַרבאָווען געזעץ־שטאַנדפּונקט. אומזיסט. די ענטשיידונג איז געשריבען ניט־געראָטען אין סטיל און פלאַך לויט'ן אינהאַלט. די גרונד־פראַגען ווערען דאָרט אויסגעמידען און די גאַנצע ענטשיידונג הויבט זיך ניט אויף העכער ווי די וועלט־אַנשויאונג פון אַ פּאָליציי־געריכט. לויט מיין מיינונג איז דאָס די ערגסטע שטיקעל אַרבייט פון דזשאַסטיס האָלמס אין זיין גאַנצער לאַנג־יעהריגער קאַריערע אַלס ריכטער.

דער פּראָצעס פון בערגער, גערמער, ענגדאהל, קרוז און טאָ־קער איז פּאָרגעקומען פאַר דעם ריכטער קענעסאָוו מאַונטעין לענ־דיס, וועלכער איז זינט דאַן אַריבער אויף דעם היימישען געביט פון בעיסבאָל אום דאָרט אָנצופיהרען זיין זעלבסט־הערשערישע טעטיגקייט. דער טראַיעל איז געווען איין לאַנגער און פאַרבי־טערטער קאַמף, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט אַן אורטייל פון שולדיג נעגען אַלע אָנגעקלאָגטע. יעדער פון זיי האָט באַקומען די מאַקסימום־שטראָף פון צוואַנציג יאָהר פריזאָן. אין דער צייט, ווען מ'האָט געוואַרט אויף דעם אויסגאַנג פון זייער אַפּיל, האָט מען זיי געשטעלט אונטער בעיל און דער גוטהערציגער ריכטער האָט באַשטימט די סומע פון בעיל אַלס הונדערט טויזענט דאָלער פאַר

יעדען איינעם פון די אָנגעקלאָגטע. עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם גייסט, וואָס האָט געהערשט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין יענער צייט, אַז די ריזיגע סומע בעיל איז געשאַפען געוואָרען אין ווייניגער ווי 24 שטונדען צייט.

די אָנגעקלאָגטע האָבען פּראָטעסטירט געגען ריכטער לאַנדיס אַלס ריכטער ביי זייער פּראָצעס און האָבען אַריינגעגעבען אַן אַפּידעיוויט, אין וועלכען זיי האָבען אָנגעוויזען, אַז מיט איהם אַלס ריכטער קענען זיי ניט קריגען קיין גערעכטיגקייט. זיי האָבען אָנגעגעבען אַ פריהערדיגען פאַל, ביי וועלכען דערזעלבער ריכטער האָט געהאַלטען אַ פייערדיגע העצ־רעדע אין קאָורט געגען אַלע דייטש־אַמעריקאַנער בירגער און האָט געזאָגט, אַז „זייערע הערצער זיינען פול מיט פאַררעט".

וויקטאָר בערגער איז געווען אַ געבוירענער פון עסטרייך. גערמער איז געווען געבאָרען אין דייטשלאַנד און קרוז האָט געשטאַמט פון דייטשע עלטערען. דער ריכטער האָט איגנאָרירט דעם פּראָטעסט און אַ העכערער געריכט — דער „סוירקיט קאָורט אָוו אַפּילס" — האָט טאַקע אויף דעם גרונד בטל געמאַכט דעם אורטייל. די קעיס איז קיינמאָל מעהר ניט פאָרגעקומען אין געריכט.

דער פּראָצעס פון סקאַט נירינג האָט זיך געענדיגט מיט איינעם פון יענע ווידערשפּרוכען, אין וועלכע עס איז אַזוי רייך אונזער דזשורי־סיסטעם. די באַשולדיגונג איז געווען איין פאַרשווערונג און די איינציגע צוויי אָנגעקלאָגטע און מעגליכע שותפים פון דער פאַרשווערונג זיינען געווען סקאַט נירינג, פּראָפעסער פון דער בראָשורע, איבער וועלכער דער פּראָצעס איז פאַרפיהרט געוואָרען און די „אַמעריקען סאָשעליסט סאָסייעטי", וועלכע האָט די בראָשורע אַרויסגעגעבען. די דזשורי האָט אַריינגעבראַכט אַן אורטייל, וואָס האָט ריינגעוואַשען סקאַט נירינג און געפונען שולדיג די סאָסייעטי.

די הערצער פון די דזשורי לייט האָבען וועה געטאָן פאַר סקאַט נירינג, א מענש פון בלוט און פלייש ווי זיי. אַ מענש וועמען זיי האָבען געזעהן און געהערט, אָבער זיי האָבען געהאַט קנאַפּ מיטגעפיהל פאַר אַן אונפּערזענליכער אָרגאַניזאַציע, פאַר אַ קערפּערשאַפט, וואָס האָט ניט קיין קערפּערליכע עקזיסטענץ.

דער מאָדנער אורטייל האָט באַדייט, אַז די „אַמעריקען סאָ־שעליסט סאָסייעטי" האָט געמאַכט אַ פאַרשווערונג מיט זיך אַליין.

אַ פאָדערונג בטל צו מאַכען דעם אורטייל איז צוריקגעוויזען געוואָרען דורך דעם ריכטער, וועלכער האָט ניט געזעהן קיין שום ווידערשפּרוך אין דעם אורטייל. די „אַמעריקען סאָשעליסט סאָ־סייעטי" איז פאַר'משפּט געוואָרען צו באַצאָהלען דריי טויזענט דאָלער שטראָף. די סומע איז באַצאָהלט געוואָרען דורך אַ סאָרט עפענטליכעביישטייערונגען. די סאָסייעטי האָט זיך געווענדעט צו אַלע איהרע פריינט, אַז יעדער פון זיי זאָל ביישטייערען אַ דאָלאַר און די טראָטוארען פאַר דעם אַריינגאַנג אין איהר אָפיס איז באַלד געוואָרען איבערגעקאָפּט מיט רייהען מענשען, וואָס האָבען געוואַרט צו געבען די דאָלאַרס. עס איז באַריכטעט געוואָרען, אַז די רענד סקול האָט אפילו געמאַכט אַ שעהנעם פּראָפיט ביי דער געשיכטע.

ווען פרידען איז ערקלערט געוואָרען, זיינען אָפּגעשטעלט גע־וואָרען די פאַרפאָלגונגען אונטער דעם שפּיאָנאַזש־געזעץ. די פּאַ־טריאָטישע „לײדענשאַפטען", וועלכע די מלחמה האָט צורייצט, האָבען דאַן געפונען פאַר זיך אַן אויסדרוק אין דעם נייעם ספּאָרט פון „געיעג אויף די רויטע".

## קאַפּיטעל אַכט

# מ'לינטשט די קאָנסטיטוציע

לואיס וואַלדמאַן האָט אָנגעשריבען אַן אומגעהייער אינטע־רעסאַנטען בוך, וואָס רופט זיך „אַלבאַני — דער קריזיס פון רעגירונג". דאָס איז אַ בוך וועגען דעם אויסשליסען פון די סאָ־ציאַליסטישע מיטגלידער פון דער ניו יאָרק סטעיט אַסעמבלי אין 1920.

אַז איך בלעטער איצט דאָס בוך דערוועקט עס אין מיר עראַי־נערונגען — עראינערונגען פון טעג וואָס זיינען געווען פול מיט אַרבייט און מיט קאַמף, מיט שפּאַס און מיט שאַנד. יענע טעג זיינען געווען די פינסטערסטע אין דער פּאָליטישער געשיכטע פון לאַנד.

אין די ארבייטער דיסטריקטען פון דער שטאָדט ניו יאָרק זיינען פינף סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען ערוועהלט געוואָרען אין דער סטעיט אסעמבלי. די ערוועהלטע זיינען געווען: אויגוסט קלעסענס, לואיס וואָלדמאַן, טשארלס סאָלאָמאָן, סעמועל אָר, און סעמועל א. דע וויט.

ביי דער ערעפענונגס זיצונג פון דער אסעמבלי, דעם 7טען יאנואר, 1920, זיינען זיי איינגעשוואוירען געוואָרען אלס אסעמבלי־לייט און האָבען זיך באטייליגט אין אויסוועהלען א ספיקער און אנדערע אסעמבלי בעאמטע.

טאדעאוס סי. סוויט, א רעפובליקאנער פון אַפּ־סטעיט און אליין א געוועזענער ספיקער (פּאָרזיצער) פון דער אסעמבלי, איז ווידערערוועהלט געוואָרען אויף דעם אמט און ער האָט באלד אָפּ־געשפילט איינע פון די דראמאטישסטע סצענעס אין דער געשיכטע פון אמעריקאנער געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען.

אָהן דער מינדעסטער אָנדייטונג און אָהן שום וואָרנונג וועגען דעם, וואָס ער קלייבט זיך צו טאָן, האָט ער זיך געווענדעט צו דעם וועכטער פון דער אסעמבלי און מיט פּאמעליכע און געמע־סיגטע ווערטער האָט ער אָנאָנסירט:

„דער טשערמאַן באפעהלט דעם אָרדנונג־היטער פון דער אסעמבלי צו ברייננגען פאַר דער טריבונע סעמועל א. דע וויט, סע־מועל אָר, לואיס וואָלדמאַן, טשאַרלז סאָלאָמאָן און אויוגסט קלעסענס".

ווען די פינף סאָציאַליסטען, צוטומעלטע פון דעם געהיימניס־פולען באפעהל, זיינען צוגעפיהרט געוואָרען צו דער טריבונע, האָט ער זיך געווענדעט צו זיי מיט א רעדע, וואָס ער האָט גע־האט צוגעגרייט פון פריהער און גערעדט האָט ער ווי א ריכטער ווען ער לעגט ארויף א שטראָף:

„איהר, וועמען איך האָב ארויסגערופען צו דער טריבונע פון דער הויז", — האָט ער אָנגעפאנגען — „איהר ווילט פארנעמען פּלעצער אין דער געזעצגעבענדער קערפּערשאַפט, איהר, וואָס איהר זיינט ערוועהלט געוואָרען אויף א פּלאַטפאָרמע, וועלכע איז דורכאויס פיינדליך צו דעם וואוילזיין פון דעם שטאאט ניו יאָרק און פון די פאראייניגטע שטאאטען".

נאָך דעם איבערראַשענדען אָנפאַנג איז געקומען א צעטעל פון באַשולדיגונגען געגען דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ער האָט „באַשולדיגט״ די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אַז זי איז אין דער אמת׳ן נישט קיין פּאָליטישע פּאַרטיי, נאָר אַ מיטגלידערשאַפט אָרגאַניזאַציע, וואָס נעמט אַריין אין איהרע רייהען אויסלענדער און מינדעריאָהריגע; אַז די ערוועהלטע סאָציאַליסטען מוזען האַנדלען לויט אינסטרוקציעס פון דער פּאַרטיי עקזעקוטיווע קאָמיטע; אַז די פּאַרטיי איז געווען אונלאָיאַל אין דער צייט פון דער מלחמה און אַז זי האַלט מיט׳ן דריטען אינטערנאַציאָנאַל און מיט זיין פּראָגראַם פון געוואַלד־טאַטען און בירגער־קריג.

נאָכדעם, ווי ער האָט עפענטליך אויסגעדריקט זיין איבערצייגונג, אַז ס׳איז „דורכאויס קלאָר״, אַז די באַשולדיגטע אסעמבלייט זיינען שולדיג, — האָט ער זיי גרויסמוטיג פּאַרזיכערט, אַז שפּעטער וועט מען זיי געבען אַ געלעגענהייט צו באַווייזען, אַז זיי זיינען באַרעכטיגט צו זייערע פּלעצער אין דער אסעמבלי.

באַלד נאָך דער דאָזיגער אויסערגעוועהנליכער ערקלערונג פון דעם ספּיקער האָט דער רעפּובליקאַנער פּיהרער פון דער אסעמבלי׳ס מעהרהייט אַריינגעבראַכט אַ פּאָרמעלע רעזאָלוציע, וועלכע האָט איבערגעגעבען דעם תמצית פון דעם ספּיקערס באַשולדיגונגען אַלס באַוויזענע פאַקטען און האָט פאָרגעשלאָגען, אַז מען זאָל ביי די סאָציאַליסטישע אסעמבלייט צונעמען זייערע פּלעצער ביז עס וועט נישט געמאַכט ווערען אַן אונטערזוכונג דורך אַ קאָמיטע, וואָס דער ספּיקער זאָל שפּעטער באַשטימען.

אַזוי שנעל ווי דער קלוירק איז נאָר פאַרטיג געוואָרען מיט׳ן פאָרלייענען די רעזאָלוציע, איז זי גענומען געוואָרען צום אָפּשטימען דורך אַ ראָל־קאָל, אָהן שום דעבאַטען. צום אייביגען כבוד פון וויליאם ס. אָווענס און דזשיי. פּירפּאָנט מעקלאפלין זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערען, אַז פון אַלע הונדערט און פינף און פערציג רעפּובליקאַנישע און דעמאָקראַטישע אַסעמבלייט, זיינען זיי געווען די איינציגע, וואָס האָבען געהאַט די אָנשטענדיגקייט און דעם מוט צו שטימען „ניין״. אַלע אַנדערע — ווען זייערע נעמען זיינען אויסגערופען געוואָרען — האָבען אין אַן איינשטימיגען כאָר געענטפערט „יאָ״.

און אויף אזא שטייגער איז דאָס אָפּגעטאָן געוואָרען. ביי פינף מיטגלידער פון אן אמעריקאנער געזעצגעבענדער קערפּערשאַפט, וועלכע זיינען געזעצליך ערוועהלט געוואָרען דורך די בירגער פון זייערע דיסטריקטען, האָט מען צוגענומען זייערע פּלעצער אויף דעם גרונד וואָס די פּלאַטפאָרמע און די קאָנסטיטוציע פון זייער פּאַרטיי האָט ניט געפונען קיין חן אין די אויגען פון די אַנדערע מיטגלי־דער, וועלכע באַלאַנגען צו אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען.

פריהער האָט מען זיי פּאַראורטיילט און דערנאָך האָט מען געמאַכט דעם משפּט איבער זיי. דערצו איז אויף זיי געפאַלען די לאַסט צו באַווייזען, אַז זיי זיינען אומשולדיג, אַנשטאַט די אָנ־קלעגער זאָלען באַווייזען זייער שולד.

זייערע ריכטער — דרייצעהן זיינען זיי געווען — זיינען באַ־שטימט געוואָרען פון זייער אָנקלאָגער. מיט בלויז איין אויסנאַהמע, זיינען די ריכטער געווען מענשען, וועלכע האָבען שטימענדיג פאַר דער רעזאָלוציע, שוין־דערמיט אַליין אויסגעדריקט זייער איבער־ציינונג, אַז זייערע סאָציאַליסטישע קאָלעגען זיינען נישט פּאַסיג צו זיין מיטגלידער פון דער אַסעמבלי.

יאָהרען און יאָהרען זיינען סאָציאַליסטען געווען פּאַרטראָ־טען אין די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען פון ניו יאָרק סטעיט, אַמאָל דורך מעהר, אַמאָל דורך ווייניגער פון זייערע ערוועהלטע פאָרשטעהער. זייער רעכט צו זיין מיטגלידער פון אַזעלכע קער־פּערשאַפטען איז קיינמאָל נישט באַשטרייט געוואָרען.

די קאָנסטיטוציע פון ניו יאָרק סטעיט באַוואָרענט זעהר שטאַרק די רעכט פון ערוועהלטע בעאַמטע. אָנגעבענדיג, וואָס עס פאָדערט זיך געוועהנליך פון אַן ערוועהלטען בעאַמטען אין באַצוג צו זיין בירגערשאַפט, עלטער און פאָרמע פון דער שבועה, וואָס ער מוז געבען, זאָגט די קאָנסטיטוציע אויסדריקליך און קלאָר, „אַז קיין שום אַנדער שבועה, ערקלערונג אָדער פּראָבע זאָל נישט געפאָדערט ווערען אַלס אַ באַדינג פאַר אַן עפענטליכען אַמט”.

איבער דער קאָנסטיטוציאָנעלער באַוואָרעניש האָט די אַסעמ־בלי אימער געהאַלטען, אַז זי האָט ניט קיין מאַכט צו באַזייטיגען אַ מיטגליד, סאַידען איבער אַ פּערזענליכער אומפּאַסיגקייט אונטער דער קאָנסטיטוציע אָדער פאַר אונהערליכער אויפפיהרונג.

ווי־זשע קומט עס, וואָס אזא פּאָליטישע געמיינהייט האָט גע־קענט באַגאַנגען ווערען פון אַן עפענטליכען בעאַמטען, וועלכער פאַרנעמט אַ וויכטיגען און פאַראַנטוואָרטליכען פּאָסטען, ווי עס איז דער ספּיקער (פּאָרזיצער) פון אַ געזעצגעבענדער קערפּערשאַפט, און זיין האַנדלונג זאָל נאָך גוטגעהייסען ווערען פון דער קער־פּערשאַפט כמעט איינשטימיג?

צו באַקומען אַן ענטפער, מוז מען צוריקגעהן צו דער פינסטע־רער פּסיכאָלאָגיע פון אונטאָלעראַנץ און היסטעריע, מיט וועלכער דאָס לאַנד איז נאָך אין יענער צייט געווען פאַרפּעסטעט.

אונזער אַקטיווע באַטייליגונג אין דער וועלט מלחמה האָט פאַרהעלטניסמעסיג ניט לאַנג געדויערט און אונזער באַפעלקערונג האָט נישט געהאַט גענוג צייט צו פאַרשווענדען דעם גאַנצען האַס, די גאַנצע מורא, דעם אָנגרייפערישען נאַציאָנאַליזם און די הפקרות וואָס זיינען אומפאַרמיידליכע רעזולטאַטען פון קריג. אין אַנ־דערע לענדער זיינען אַזוינע געפיהלען אויך געבאָרען געוואָרען אין דער צייט פון מלחמה, אָבער זיי האָבען זיך צום גרעסטען טייל פאַרוועגדעט טאָקע אין דער מלחמה צייט. ביי אונז זיינען זיי אויפגעקומען אין דער מלחמה צייט, אָבער אַם גיפסטיגסטען זיינען זיי געוואָרען נאָך דעם וואַפענשטילשטאַנד.

די קאָמוניסטישע רעוואָלוציעס פון רוסלאַנד און אונגאַרן און די אַלגעמיינע לאַגע פון פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אומ־רוהיגקייט אין פילע לענדער פון אייראָפּע, האָבען צוגעגעבען אויך דעם עלעמענט פון פּאַניק צו דער היסטעריע, וואָס האָט געהערשט אין די קאָנסערוואַטיווע און רייכע קרייזען פון אַמעריקע.

די באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט מאַסען פּאַר־פּאָלגונגען און מיט ברוטאַלער שטראָף, דורך די לעכערליכע „פּאַר־ראַט" פּראָצעסען, האָט דערנאָך פּאָרטגעזעצט איהר „טעטיגקייט" דורך אומגעזעצליכע אָבלאַוועס אויף די געגנערישע אָרגאַניזאַציעס. דורך פאַרכאַפּען זייערע ביכער און פּאַפּירען און דורך אַרויסשי־קען פון לאַנד „ראַדיקאַלען" אומגעזעצליכערהייט.

די אָווערמאַן קאָמיטע פון דעם וואַשינגטאָנער סענאַט און די לאַסק־קאָמיטע פון דער ניו יאָרקער לעדזשיסלייטשור, זיינען גע־ווען שטאַרק באַשעפטיגט קריגענדיג „באַווייזע" פון אַלע עקען וועלט, אום אויפצובויען אַ פּאַנטאַסטישע טעאָריע וועגען אַ געהיימ־

ניספולער, מעכטיגער און געפעהרליכער באוועגונג אין די פאר־אייניגטע שטאאטען ארונטערצואווארפען אונזער רעגירונג און ארויפצוציהען די רויטע פאהן פון קאמוניסטישער רעוואלוציע איבער דער געביידע פון וואשינגטאנער קאנגרעס.

העצערייען געגען „רויטע" און געיעג אויף געגנער איז גע־ווארען א מאדע־זאך. דאס אנווענדען ברוטאלע, פיזישע מאכט געגען אלץ און געגען יעדען, וואס מ'האט פארדעכטיגט אין ראדיקאליזם, איז אויפגענומען געווארען פון עולם מיט אלגעמיינער צופרידענ־הייט. אמעריקע האט זיך אומגעקערט צו די מעטאדען פון דער צייט, ווען מ'האט פארברענט מכשפות. א סך דריט־קלאסיגע פאליטי־שענס זיינען געווארען באריהמט און אנערקענט דורך אזעלכע פארפאלגונגען און א סך אנדערע האבען זיי מקנא געווען מיט דעם כבוד.

* * *

טאדעאוס סי. סוויט, וועלכער איז געווען א רייכער מאנו־פעקטשורער מיט א באגרעניצטען בליק אויף דער וועלט, האט גע־חלומ'ט צו ווערען אמאל גאווערנאר און ער האט זיכער ערוואר־טעט, אז זיין שארפער שריט אין דער אסעמבלי וועט איהם ביי אלעמען מאכען א נאמען פון א העלד. די 140 מיטגלידער פון דער אסעמבלי, וואס האבען געשטימט לויט זיין באפעהל, זיינען, מיט ווייניגע אויסנאמען, געווען פאליטישע גארנישטען און פייג־לינגען.

אפילו אין נארמאלע צייטען ווערט טרויעריג אויפ'ן הארצען, ווען מען טראכט וועגען דעם דורכשניטליכען אמעריקאנעם געזעצ־געבער, וועגען זיין נידעריגער קולטורעלער מדרגה און וועגען דעם ווי ווייניג אונאפהענגיגקייט ער פארמאגט. אין אנדערע לענדער שטרעבען צו פלעצער אין פארלאמענט, מאנכע פון די אמביציעז־סטע און פעהיגסטע מענשען אין עפענטליכען לעבען. פאר דעם פראקטישען אמעריקאנער פאליטישען האט דער אמט פון א גע־זעצגעבער א קנאפע צוציהונגס־קראפט, דערפאר וואס אזא אמט ברענגט ווייניג געלט־באלוינונג און ווייניג דזשאבס צו פארטיילען. עס האבען זיך נאטירליך דאך אימער געפונען פעהיגע און ארענט־ליכע מענשען אין די געזעצגעבענדע קערפערשאפטען פון אמעריקע, באזונדערס אין קאנגרעס, אבער זיי זיינען געווען אויסנאמען.

אין דער צייט פון דער מלחמה און אין דער פעריאָדע באַלד נאָך דער מלחמה, איז דער געזעצגעבענדער טייל פון אונזער רע־גירונג סיסטעם פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שטיקעל ווערקצייג אין די הענט פון די הויכע בעאַמטע. און די לייט, וואָס זיינען געווען אין דער ניו יאָרק אַסעמבלי זיינען מעהרסטענס געווען פון אַ באַזונדערס נידעריגען טיפּ אין יענער צייט.

אָבער די פּסיכאָלאָגיע פון מר. סוויט און פון די נאָכפאָלגער, וואָס ער האָט געהאַט אין דער אַסעמבלי, איז געווען צו פּראָסט און זייער סטראַטעגיק צו רויה. אויב זיי האָבען ערוואַרט שטאַרק געלויבט און געריהמט צו ווערען פון דער פּרעסע פאַר זייער פּאַ־טריאָטישען שריט, האָבען זיי געמוזט ביטער ענטוישט ווערען.

די פריהמאָרגען צייטונגען פון דעם 8טען יאַנואַר, האָבען געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטען געווען געפּלעפט און צו־טומעלט פון דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט אין אָלבאַני. קיין איינע פון די צייטונגען האָט נישט אויסגעדריקט עדיטאָריעל קיין גוט־הייסונג אָדער קריטיק, אַ חוץ די „ניו יאָרק וואָירלד", וועלכע האָט באַצייכענט דעם מיסטער סוויט'ס האַנדלונג אַלס „באָלשע־וויזם וואָס פאַראַדירט אין דעם מונדיר פון אַמעריקאַנישקייט" און, נאַטירליך, די „ניו יאָרק קאָל", וועלכע איז געווען אַ סאָציאַליס־טישע צייטונג.

אָבער איידער עס זיינען פאַראיבער 24 שטונדען צייט, האָט די אויסגעניכטערטע עפענטליכע מיינונג איינגעזעהן וואָס פאַר אַ דומער פאַרברעכען עס איז באַגאַנגען געוואָרען דורך דער האַנד־לונג. די גאַנצע ניו יאָרקער פּרעסע האָט ווי מיט איין מעכטיגען קול אויסגעשריען איהר שטאַרקע פאַרדאַמונג, איהר ענטריסטונג און פּראָטעסט.

דער „איוונינג דזשורנאַל" האָט באַצייכענט דאָס אויסשליסען פון די סאָציאַליסטען אַלס „די געפעהרליכסטע אַטאַקע וואָס איז געמאַכט געוואָרען אויף די פרייהייטען פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק זינט דער ענגלישער קעניג און פּאַרלאַמענט האָבען געצוואונגען אונזערע טאַטעס צו פאַרטיידיגען זייער פרייהייט מיט געוועהר אין די הענט".

די „איוונינג פּאָסט" האָט די גאַנצע זאַך פאַרדאַמט אַלס „אַ פינסטערע דראָהונג געגען די גרונד־פּרינציפּען פון דעמאָקראַטיע

און פאָלקס רעגירונג". די „ברוקלין סטאנדארד יוניאָן" האָט אטאַ־קירט די האנדלונג אין אָלבאני אלס א טאַט, וואָס איז „דורכ־אויס פאַלש אין פּרינציפּ און זעהר באַדויערנסווערט אלס אן אויס־דרוק פון א ריכטונג".

אן עהנליכע קריטישע שטעלונג האָבען גענומען אויך אנדערע צייטונגען פון ניו יאָרק און אויך די פּרעסע פון גאנצען לאַנד. אפילו די ענגהערציגע קאָנסערוואַטיווע רעפּובליקאַנישע „טריביון" האָט באַצייכענט די האנדלונג פון דער אסעמבלי אלס אָפיציעלע „אומגעזעצליכקייט".

א שטורם פון פּראָטעסטען האָט זיך אויפגעהויבען געגען דעם מר. סוויט. און געקומען זיינען די פּראָטעסטען פון פּערזאָנען, וואָס האָבען פארנומען פּראָמינענטע פּלעצער אין עפענטליכען לעבען, סאַי פון אמעריקע סאַי פון אייראָפּע. די לאָיערס אסאָסיאיישאָן פון דער שטאָדט ניו יאָרק האָט לויט א פאָרשלאַג פון טשארלז עוואנס יוהז, וועלכער איז איצט דער הויפּט־ריכטער פון סופּרים קאָורט, אָנגענומען א רעזאָלוציע, פאַרדאַמענדיג שאַרף די אויסשליסונג פון די סאָציאַליסטישע אסעמבלי־לייט. די אסאָסי־איישאָן האָט דערביי באַשטימט א ספּעציעלע קאָמיטע „צו נעמען אזעלכע שריט, וואָס זי וועט געפינען פאר נויטיג אום צו פאַר־זיכערען און באשיצען די פּרינציפּען פון פאָלקס־רעגירונג".

די קאָמיטע איז באַשטאַנען פון טשארלז עוואנס יוהז, מאָר־גאַן דזשעי. אָ'בריען, דזשאָזעף ה. פּראַסקאוער, לואיס מארשאַל און אָגדען ל. מילס .

א גרופּע פון די אינטעליגענטערע אסעמבלי־לייט, וועלכע האָ־בען איינגעזעהן, אז זיי זיינען אריינגעפאַלען, האָט אונטער דער אָנפיהרונג פון דעם דעמאָקראַטישען לידער אין דער אסעמבלי, געמאַכט א פאָרשלאַג, אז די אויסשליסונג פון די סאָציאַליסטישע מיטגלידער זאָל צוריקגערופען ווערען. דריי־און־דרייסיג מיטגלידער האָבען געשטימט פאר דעם פאָרשלאַג, איין־און־זיבעציג געגען און און־און־פערציג האָבען אינגאַנצען אויסגעמידען צו שטימען. זיי זיינען איינפאַך נישט געווען אין זאַל, ווען די אָפּשטימונג איז פאָרגעקומען.

די נייעס וועגען דער ערשיטערענדיגער ערשיינונג איז אָנ־

געקומען צו מיר אין סאראנאקא לעיק, וואו איך האָב זיך שוין אָנגעהויבען צו ערהאָלען פון מיין פארשלעפטער קרענק.

מיט אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער איז געקומען צו מיר אַ פאָרשטעהער פון דער סאָציאַליסטישער פארטיי זיך בעראטען מיט מיר וועגען דער לאַגע און אויסצוגעפינען צי איך פיהל זיך שוין גענוג געזונט איבערצונעמען די פארטיידיגונג. איך האָב געענט־פערט, אז יאָ.

דער פּראָצעס האט זיך געעפענט אין דער אסעמבלי זאל אין אָלבאני, דעם צוואנציגסטען יאנואר, 1920, אין אן אטמאָספערע פון אומגעהייערער שפּאנונג.

דער גרויסער זאל איז געווען איבערגעפּאקט מיט מיטגלידער פוןביידע הייזער פון דער לעדזשיסלייטשור, רעגירונגס־בעאמטע און פּריוואטע בירגער, ווען ס'האט אָפּגעגליקט אריינצוקריגען זיך אינוועניג.

ספּעציעלע צוגרייטונגען זיינען געמאכט געוואָרען צו באזאָר־גען אַ גאנצע אַרמעע צייטונגסלייט פון אלע טיילען פון דער וועלט.

די דזשודישערי קאָמיטע האט אָנגעפיהרט דעם פּראָצעס און לואיס מ. מארטין איז געווען דער פּאָרזיצער.

דער מר. מארטין האט אויסגעזעהן זעהר אומגליקליך אין דער ראָלע, וואָס איהם איז דאָ אויסגעקומען צו שפּילען. ער איז געווען אַ גוטער לאָיער און פּריוואט האט ער ווארשיינליך געהאט אַ גע־וויסען זין פאר גערעכטיגקייט. ער האט געוויס געוואוסט, אז דער אורטייל איז געווען אַ באשלאָסענע זאַך נאָך פון פריהער און אז דער פּראָצעס איז געווען נישט מעהר ווי אַ קאָמעדיע. ער האָט ווארשיינליך שטארק געליטען, ווען ער האָט געדארפט דורכפיהרען אייניגע פרעכע גראָבקייטען פון דעם פּאָרזיצער.

אָבער ס'איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאר פּריוואטע מאָראַל אין דער פּאָליטישער שפּיל ווי זי ווערט אָנגעפיהרט פון ביידע אלטע פּאר־טייען. דער מר. מארטין האט געוואוסט, וואָס מ'ערווארטעט פון איהם און ער איז געווען געצוואונגען צו שפּילען ווי אויף פּאר־טיגע נאָטען.

מ'האָט איהם שפּעטער געמאכט פאר אַ ריכטער פון סטעיט סופּרים קאָורט. אין אייניגע יאָהר ארום איז מיר אויסגעקומען צו זיין צוליב עפּעס אַן ענין אין וואָטערטאון, וואו דערזעלבער מר.

מארטין האָט אַלס ריכטער אָנגעפיהרט מיט'ן געריכט. דורך אַן אַנדער ריכטער האָט ער מיך איינגעלאַדען צו מיטאָג. איך האָב די איינלאַדונג נישט אָנגענומען.

אַלס ארויסהעלפער אין דער אונטערזוכונג האָט די קאָמיטע אָנגעשטעלט אַ חברה באַריהמטע לאָיערס צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען דזשאהן מ. סטענטשפיעלד, מארטין וו. ליטלטאָן, מארטין קאָנבאָי, געוועזענער סופרים קאָורט ריכטער ארטור ע. סאָטערלאַנד, געוועזענער סטעיט־סענאַטאָר עלאָן ר. בראַון. חוץ דעם האָט פאַר דער קאָמיטע געארבייט דער אַטוירני דזשענעראַל פון סטעיט צוזאַמען מיט זיין גאַנצען סטעף.

די אַלע הערען האָבען אריינגעבראַכט נייע פּלאָנטערס אין דער „געריכטליכער" זייט פון דעם פאַרהער דערמיט, וואָס זיי האָבען גענומען אויף זיך צו שפּילען די ראָלע פון ראַטגעבער צו אונזערע „אומפּארטייאישע" ריכטער און אָנקלעגער, וועלכע האָבען געהאַט די אויפגאַבע צו באַווייזען די שולד פון די אָנגעקלאָגטע.

איך האָב געהאַט אַלס מיינע מיטארבייטער אין דער פאַרטיידיגונג סימאָר סטעדמאַן פון שיקאַגאָ, אַ געוועזענער קאַנדידאַט פאַר וויים־פּרעזידענט פון אַמעריקע אויף'ן סאָציאַליסטישען טיקעט, דעם שוין־איצט פאַרשטאָרבענעם גילבערט ע. ראָו, אַ פּראָגרעסיווער רעפּובליקאַנער און געוועזענער לאָ־פּאַרטנער פון דעם אַלטען סענאַטאָר לאַפאָלעט און די פּראָמינענטע סאָציאַליסטישע לאָיערס וואָלטער נעלעס, ס .דזשאהן בלאַק און וויליאַם קארלין.

מיר האָבען גענוי שטודירט די קעיס און זיך גוט צוגעגרייט אין אַלע הינזיכטען. מיר האָבען זיך נישט געלעגט קיין פויגעלאך אין בוזעם וועגען דעם אויסגאַנג פון דעם „טראַיעל". מיר האָבען געוואוסט, אז די שפּיל איז געגען אונז, אז קיינע ארגומענטען און קיינע טענות וועלען נישט העלפען, ווייל אַלץ וועט געטאָן ווערען, ווי די רעפּובליקאַנער מאשין האָט באַפוילען.

מיר האָבען אָבער געפיהלט, אַז מיר פארטיידיגען די גרונד־פּרינציפּען פון דעמאָקראַטישער פאָלקס רעגירונג פאַר איצט און פאַר דער צוקונפט: אַז מיר רעדען צו דער באַפעלקערונג פון גאַנצען לאַנד און אַז פיליכט וועלען מיר קיינמאָל נישט האָבען נאָך אַזאַ געלעגענהייט צו ענטפערען אויף דער קריטיק, אויף די לעכערליכע באַשולדיגונגען געגען סאָציאַליזם מיט אַזויפיל גרינט־

ליכקייט און פאר אזא גרויסען און אויפמערקזאמען עולם פון צוהערער.

מיר האָבען גאָרנישט געהאַט צו פאַרלירען און זעהר א סך צו געווינען פון דעם „טראַיעל” און מיר האָבען זיך אריינגעוואָרפען אין דער זאַך מיט ברען און באַגייסטערונג.

נאָכדעם ווי עס האָבען זיך געמאָלדען די לאָיערס פון ביידע צדדים, האָט טשאַרלז עווענס יוהז געלאָזט וויסען, אז ער איז געקומען אלס פאַרטרעטער פון דער באַר־אַסאָסיאיישאָן. ער האָט אָנגעבאָטען זיין הילף און די הילף פון אלע זיינע קאָלעגען פון דער לאָיערס קאָמיטע „צו מאַכען אַזעלכע פאָרשלאַגען און איינ־ווענדונגען, צו דער קאָמיטע, וואָס ווען לויט אונזער מיינונג זיין וויכטיג אום די פאַרהאַנדלונגען זאָלען פאָרקומען און ערלע־דיגט ווערען אין איינקלאַנג מיט ריכטיגע קאָנסטיטוציאָנעלע פיה־רונגען”.

דער מר. מאַרטין האָט אָבער געהאַט זיינע אייגענע באַגריפען וועגען קאָנסטיטוציאָנעלע פיהרונגען און ער האָט קאַלט צוריק־געוואָרפען דעם אָנבאָט פון דעם באַריהמטען יוריסט.

און אַט איז געקומען די געלעגענהייט פאַר די לאָיערס פון די באשולדיגטע אסעמבליליים אָנצופאַנגען אַן אטאַקע געגען דער גאַנצער אָנקלאַגע און געגען די מעטאָדען פון דער קאָמיטע.

אונזער ערשטער שריט איז געווען אָפּצופרעגען די רעכט פון דער קאָמיטע צו זיין ריכטער אין דעם „פּראָצעס”.

„מיר האַלטען, — האָב איך געזאָגט אדרעסירענדיג דעם טשערמאַן און די מיטגלידער פון דער קאָמיטע, — אַז, ערשטענס, זייט איהר באַשטימט און אויסגעקליבען דורך אונזער באַשולדיגער און, צווייטענס, אַז איהר האָט עפענטליך און פיינדליך אויסגעדרוקט אייער איבערצייגונג אין דער שולדיגקייט פון די מענשען, וועלכע שטעהען איצט פאַר אייך”.

מיין אַרגומענט איז נאַטירליך אָפּגעוואָרפען געוואָרען און איך בין גלייך אַרויסגעקומען מיט דער פאָדערונג, אז די קעיס זאָל איינגאַנצען אויפגעגעבען ווערען אויף דעם גרונד, וואָס זי איז „אָהן שום באַרעכטיגונג אין דער קאָנסטיטוציע אָדער אין די געזעצען פון ניו יאָרק סטעיט און איז דורכאויס אונגעזעצליך און בטל”.

דאָס איז, נאַטירליך, געווען אונזער שטאַרקסטער לעגאַלער וואָפען און איך האָב פּרובירט אויסנוצען דאָס ווי ווייט מעגליך. איך האָב אַרגומענטירט פאַר מיין פאָדערונג גרינטליך און ערנסט, ציטירענדיג די קאָנסטיטוציע און אָנגעבענדיג אָהן א צאָהל ביי־שפּילען פון קעיסעס וואָס זיינען פאָרגעקומען פאַרביידע הייזער פון קאָנגרעס און אויך פאַר דער ניו יאָרקער סטעיט אַסעמבלי. איך האָב זיך אויספיהרליך אָפּגעשטעלט אויף דעם געפעהרליכען כאַראַקטער פון דעם פּרעצעדענט, וואָס האָלט ביים איינגעפיהרט ווערען און איך האָב געוואָרענט געגען די פּאָליטישע פאָלגען פאַר דער צוקונפט.

מיינע ליידענשאַפטליכע אַרגומענטען האָבען אָבער נאָר גע־ווירקט, אז דער לאָיער מר. סטענטשפילד זאָל אַרויסקומען מיט דער פאָלגענדער ערקלערונג צו דער קאָמיטע:

„די אַסעמבלי פון סטעיט ניו יאָרק האָט די מאַכט, די אויס־דריקליכע מאַכט, אויסצושליסען א וועלכען־עס־איז מיטגליד מיט אָדער אָהן אַן אורזאַכע”, — האָט ער ערקלערט, — „איהר זייט די ריכטער אין דער קעיס, איהר קענט באַשליסען וואָס איינער דאַרף זיין צו זיין פּאַסיג פאַר דער אַסעמבלי און קיינער האָט נישט קיין רעכט צו שטעלען זיך געגען אייער אויפפיהרונג אָדער האנד־לונג”.

דער דאָזיגער ברוטאַלער פּרינציפּ פון נאַקעטער מאַכט און הפקרות איז אָנגענומען געוואָרען פון דער קאָמיטע און לויט דעם פּרינציפּ האָט זיך די קאָמיטע געפיהרט אין פאַרלויף פון די פאַר־האנדלונגען.

נאָך מיין דורכגעפאַלענער פאָדערונג איז גענאָסע סטעדמאַן אַרויסגעטראָטען מיט א נייעם אַרגומענט. ער האָט באַהויפּטעט, אז אויב אַלע באַשולדיגונגען געגען די סאָציאַליסטישע אַסעמבלי־לייט זאָלען אפילו באַוויזען ווערען, וואָלט דאָס נאָך אַלץ נישט געווען קיין גענוגענדער גרונד זיי אַראָפּצוּוואַרפען פון זייערע אַמטען. זיין אַרגומענט איז געווען א מייסטערשטיק פון שאַרפען אַנאַליז און לאָגישער שכל'דיגקייט. עס האָט קיין שום ווירקונג נישט געהאַט אויף דער קאָמיטע. פּונקט ווי עס האָט קיין שום ווירקונג ניט געהאַט די פאָדערונג פון גענאָסע בלאַק, אז די באַשולדיגטע זאָלען קריגען וואָס מען רופט א „ביל אָוו פּאַרטיקולאַרס”, (אַן

אויספיהרליכען באשולדיגונגס אקט) און זיי זאָלען וועניגסטענס וויסען אקוראט אין וואָס זיי ווערען באשולדיגט.

אַלע פאָרשלאַגען און פאָדערונגען פון דער פארטיידיגונג זיי־נען קאַלט און טרוקען צוריקגעוויזען געוואָרען.

דער צווייטער טאָג פון „פּראָצעס" איז געווען א „לעבעדיגער" א דאנק דער סענסאציאָנעלער רעדע פון דעם לאָיער מארטין וו. ליטעלטאָן. אָפיציעל האָט עס געהייסען, אז ס'איז אן ענטפער אויף דעם ארגומענט פון גענאָסע סטעדמאַן. אין דער אמת'ן אָבער איז עס געווען א רעדע צו באשעהנען און בארעכטיגען דעם מר. סוויט און די אסעמבלי. עס איז געווען א מייסטערשטיק פון גלענצענדער רעדנעריי אויף דעם שטייגער פון די פאטריאָטישע רעדעס פון פערטען דזשולאַי, צוגעפּראָוועט מיט ציטאַטען פון דער דעקלע־ריישאָן אָוו אינדעפּענדענס און דערמאָנענדיג דעם אנדענקען פון די גרינדער פון לאַנד, וועגען זייערע קאמפען און וועגען זייער פּאָליטישען גלויבען.

עס איז געווען א גרויסארטיגע דרשה וואָס האָט דעם עולם ווי פאר'כשופ'ט. איך בין געזעסען דאָרט און זיך איינגעהערט. איך האָב געזעהן די ווירקונג פון א גלענצענדען טאלאנט, וועלכער דינט א געמיינעם ציל. איך האָב געהערט, ווי מ'טייטשט אויס פונקט קאַפּויר די בעסטע רעוואָלוציאָנערע טראדיציעס און דעם גייסט פון אמעריקע, אום צו בארעכטיגען די פערבכסטע און רעאַקציאָ־נערסטע טאַט פון פּאָליטישער אונטערדריקונג. איך האָב זיך נישט געקענט באפרייען פון א טיפען געפיהל פון טרויער געמישט מיט ענטריסטונג.

אָבוואָהל סימור סטעדמאַן איז געווען באשטימט צו ענט־פערען און האָט דערנאָך טאַקע געענטפערט אויף דעם מר. ליטעל־טאָנ'ס רעדע, האָב איך דאָך זיך נישט געקענט צוריקהאלטען פון געבען איהם א גאָב פאר איינעם פון זיינע שטארקע פּונקטען.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט—ניט ווארטענדיג אויף מיין רייהע און אויסגעדריקט מיין פּראָטעסט אין פאָלגענדע ווערטער:

„מר. טשערמאַן, מר. ליטלטאָן האָט מיך ציטירט, אז איך זאָל נעכטען האָבען געזאָגט, אז וואָס עס איז פארראַט היינט קען מאָרגען ווערן דאָס געזעץ פון לאַנד. ער האָט דערביי צוגעגעבן שארפזיניג און טרעפלאַך: „דאָס וועט טאַקע ווערען דאָס געזעץ

פון לאנד, אויב מ׳וועט לאָזען די פאררעטער מאכען די געזעצען״. דערמיט האָט ער געמיינט צו זאָגען, אז עס איז די פליכט פון דער אסעמבלי קאָמיטע צו זעהן אכטונג געבען, אז די יעניגע, וועלכע איהר האלט פאר פאררעטער זאָלען נישט קריגען קיין מעגליכקייט אנטייל צו נעמען אין שאפען די געזעצען פון דעם סטעיט. און די ערקלערונג האָט דאָ ארויסגערופען מעהר אפּלאָדיסמענטען ווי אלע אנדערע — צו דער אייביגער שאנדע פון די אלע, וואָס האבען זיך אין דער דעמאָנסטראציע באטייליגט. איך באהויפּט, מר. טשערמאן און מיינע הערען, אז קיין מעהר רעאקציאָנערע און מעהר אונאמעריקאנישע ערקלעהרונג ווי מר. ליטעלטאָנ׳ס איז נאָך **קיינמאָל ניט געמאכט געוואָרען אויף אן אמעריקאנער פארזאמלונג פון פאָלקס־פארטרעטער.**

„עס איז אמאָל געוועזען א צייט, ווען א הייפעלע אמעריקאנער, וואָס איינער פון זיי איז געוועזען פּעטריק הענרי, איינער טהאָמאס דזשעפערסאָן און נאָך א פּאָר, האָבען אויסגעדריקט דעם פּרינ־ציפּ, אז אמעריקע דארף זיין אונאָפּהענגיג פון דעם געזעצליכען קעניג פון ענגלאנד. דאָס איז, מר. ליטעלטאָן, געוועזען פארראט **אין די אויגען פון אלע שטאטסלייט און פּאָליטישענס**, וואָס האָ־בען געהאלטען מיט דער ענגלישער הערשאפט, און, מר. ליטעל־טאָן, ווען דאָס פאָלק זאָל דאן געוועזען האנדלען, ווי איהר הייסט דער קאָמיטע האנדלען; ווען מ׳זאָל ביי יענע מענשען געוועזען צו־נעמען דאָס רעכט צו לאָזען הערען זייער שטימע אין געזעצגעבענ־דע קערפּערשאפטען אָדער אין דער פיהרונג פון דעם פאָלק, וואָלט דאָס דאָזיגע וואונדערליכע לאנד, מיט וועמענס פאָהן איהר פאָכט אזוי אָפט, נאָך אלץ געוועזען אן אונבאדייטענדע קאָלאָניע פון ענג־לאנד.

„עס איז געוועזען א צייט, ווען א געוויסער וויליאם ללאָיד געריסאָן האָט פּראָקלאמירט א פּרינציפּ, וואָס איז געוועזען דורכ־אויס רעוואָלוציאָנער אין יענער צייט — א פּרינציפּ, וועלכער האָט געשטרעבט צוצונעמען ביי א באדייטענדען קלאס זייער אייגענ־טום, וואָס איז באשטאנען פון שקלאפען. דאָס איז געוועזען פאר־ראט און מ׳האָט זיי גערופען פאררעטער.

„עס זיינען דאן אויך געוועזען גלענצענדע לאָיערס, וואָס זיינען **ארויסגעטראָטען פאר דעם צד, וואָס האָט געהאט די מאכט. אויב**

**מ'זאָל ביי די אלע, ווען מען האָט דאָן באַצייכענט אלס פאר־** רעטער, געוועזן צונעמען זייער רעכט צו רעדן וועגן זייערע „פאר־ רעטערישע" פאָליסים און וועלט־אנשויאונגען, וואָלט שקלאַפעריי נאָך אַלץ געווען די שאַנדע פון אַמעריקע.

„מיר האָבען אַ רעכט אויף אונזערע מיינונגען וועגן דעם וואוילזיין פון אַמעריקע, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אונזערע געגנער דענקען וועגן אונזער שאַנדפּונקט.

„פּונקט אַזוי ווי יענע פּאַטריאָטען האָבען געפּרעדיגט אין יענע צייטען פּאָליטישע אונאָפּהענגיגקייט און אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי, אַזוי פּרעדיגען מיר היינט עקאָנאָמישע אונאָפּהענ־ גיגקייט און די גלייכבארעכטיגונג פון ארבייטער־קלאַס און פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. אין אייערע אויערען קלינגט עס פאררע־ **טעריש, מיר, אָבער, האָבען דאָך אַ רעכט אויף אונזערע מיינונגען, און איהר האָט נישט צו זאָגען איבער אונז מעהר, ווי מיר האָבען צו זאָגען איבער אייך.**

„וואָס מיר ווילען פון אייך איז, אַז איהר זאָלט דאָ זאָגען, צי איהר באַהויפּטעט, אַז איהר האָט דאָס רעכט צו הערשען איבער אונזער פּאָליטישען געוויסען. נישט פאַרגעסט, מיינע הערען, געדענקט עס שטענדיג, דער „סטאַר ספּענגעלד בענער" איז אַ שעהנע באַגייסטערענדיגע הימנע, אָבער ער איז נישט קיין געזעצליכער אַרגומענט אין אַזאַ ערנסטער, ריזיגער און לעבענס־ וויכטיגער קעיס, ווי עס איז די קעיס, וואָס איהר האָט פאַר זיך איצט."

כמעט גלייך נאָך זיין שעהן־רעדנערישען אַפּיל פאַר דעם רעכט פון דער אַסעמבלי אויסצושליסען מיטגלידער פאַר זייערע פּאָליטישע מיינונגען, איז דער מר. ליטלטאָן אַוועק פון פאַרהער און זיך ענטשולדיגט, וואָס ער קען זיך ווייטער אין דעם „פּראָצעס" נישט באַטייליגען, ווייל ער האָט געהאַט אַ פריהערדיגע פאַרפּליכ־ טונג צו פאַרטיידיגען דעם יונאַיטעד סטעיטס סענאַטאָר, ניובערי, אין מישיגען. דער מר. ניובערי האָט געדאַרפט פאַרטיידיגען זיין פּלאַץ אין סענאַט, ווייל מ'האָט איהם באַשולדיגט אין כאַבאַר און קאָרופּציע אין פאַרבינדונג מיט זיינע וואַלען. מר. ליטעלטאָן איז דאָרט אָנגעשטעלט געוואָרען צו קעמפען פאַר די הייליגע רעכט פון פאָלקס־פאַרטרעטערשאַפט אין דער רעגירונג.

**מר. מארטין האָט איהם באַלד באַפרייט און „ענטשול־**דיגט״ אָהן דער מינדעסטער אָנדייטונג, אַז ער באַגרייפט דעם ביטערען שפּאַס פון דער סיטואַציע.

די צוזאַמענשטויסען פון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער האָבען געדויערט גאַנצע צוויי טעג צייט, און ענדליך, איז אַלץ געווען גרייט צום אויפנעמען באַווייזע געגען די באַשולדיגטע אַסעמבלי־**לייט.**

די אַטמאָספערע איז געווען געשפּאַנט. מ׳האָט נייגעריג ערוואַרטע גרויסע אויפדעקונגען. אין פאַרלויף פון דער ערעפע־נונגס־רעדע האָבען די לאָיערס פון דער קאָמיטע געהאַלטען אין איין טענה׳ן אומגעדולדיג, אַז מען זאָל זיי געבען אַ געלעגענהייט פּאַרצולייגען זייערע „באַווייזע״ און מ׳האָט פאַרשפּראָכען די צייטונגען סענסאַציאָנעלע אויפדעקונגען. זיי זיינען ביטער אַנטוישט געוואָרען.

אין פאַרלויף פון לאַנגווייליגע טעג און וואָכען האָבען די לאָיערס פון דער אָנקלאַגע געהאַלטען אין איין אַריינליייענען אין „רעקאָרד״ אַלערליי אַלטע און נייע דאָקומענטען, אייניגע וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות, און אַנדערע, וואָס האָבען גאָר קיין שייכות ניט געהאַט צום ענין. זיי האָבען „אַריינגעליייענט״ אין „רעקאָרד״ זאַכען, וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צו דער סאָצי־אַליסטישער באַוועגונג און זאַכען, וואָס האָבען אַזאַ שייכות נישט געהאַט. זיי האָבען „אַריינגעלייענט״ דאָקומענטען, וואָס זיינען אָפען פאַרשפּרייט געוואָרען אין די טויזענטער עקזעמפּליאַרען און אַלע האָבען וועגען זיי געוואוסט.

צווישען די דאָזיגע „סענזאַציאָנעלע״ דאָקומענטען האָבען זיך אויך געפונען די פּרינציפּען־ערקלערונגען און פּראָקלאַמאַציעס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; מאַניפעסטען פון קאָמוניס־טישען אינטערנאַציאָנאַל; די קאָנסטיטוציע פון סאָוועטען־רוס־לאַנד; אויסצוגען פון עדות, וואָס זיינען געהאַט ערשינען פאַר דער לאַסק־קאָמיטע און אויף די שפּיאָנאַזש טריעלס פון סקאָט נירינג, וויקטאָר בערגער און דער ראַנד סקול: שוין־לאַנג פאַרגע־סענע אַרטיקלען, וואָס זיינען אַמאָל געווען געדרוקט אין זשור־נאַלען און זיינען דערנאָך אַריינגענומען געוואָרען אין אַנטי־סאָ־ציאַליסטישע ביכער; סטענאָגראַפישע באַריכטען פון רעדעס, וואָס

אייניגע פון די אָנגעקלאָגטע האָבען געהאַלטען; קאָפּיעס פון געזעץ־פּראָיעקטען, פּאַר וועלכע סאָציאַליסטישע אסעמבליליים האָבען געשטימט ביי פריהערדיגע זיצונגען פון דער אסעמבלי, און געזעץ־פּראָיעקטען, וואָס זיי האָבען פאַרגעשלאָגען און וואָס זיינען ניט אָנגענומען געוואָרען. דאָס איז געטאָן געוואָרען, אום צו באַווייזען, אַז סאָציאַליסטישע אסעמבלימען האָבען פּרובירט דורכפיהרען געזעצען פון אַ געפעהרליכען כאַראַקטער. עס זיינען אויך געבראַכט געוואָרען אויסצוגען פון רעדעס און ערקלערונגען פון יודזשין וו. דעבס, לענין, טראָצקי, און פון צעהנדליגע, גאָר אומבאַקאַנטע, קאַמפּעין־רעדעס.

גלייכצייטיג מיט די אַלע „דאָקומענטען" זיינען אויך אָהן אַ שיעור עדות אויסגעהערט געוואָרען. עס זיינען געבראַכט געוואָרען עדות, וואָס האָבען פון זכרון דערצעהלט וועגען שרעקליכע רעדעס, וואָס די באשולדיגטע אסעמבליליים אָדער אומבאקאנטע סאָציאַליסטען האָבען מיט יאָהרען צוריק געהאַלטען אויף גאַסען־מיטינגען.

די טעאָריע, לויט וועלכער דער גאַנצער מישמאַש איז צוגעלאָזט געוואָרען אַלס „באַווייזע", איז ערקלערט געוואָרען דורך דעם לאָיער מר. סטענטשפּיעלד אין פאָלגענדע „קלאָרע" לאָיערשע דיבורים:

„יעדער פּאַמפלעט, יעדע פּראָקלאַמאַציע, יעדע רעדע, יעדע ערקלערונג פון יעדען איינעם, וואָס איז פאַרבונדען מיט יענער פּאַרטיי אָדער באַלאַנגט צו איהר, אויב אַפּילו אָפּיציעל איז ער נישט איהרער אַ מיטגליד, אָבער יעדער איינער וואָס האַלט מיט זיי, וואָס שטיצט יענע פּרינציפּען, וואָס שטעהט אויף יענעם שטאַנדפּונקט, איז פאַרפליכטעט צו דעם אינהאַלט פון די רעדעס, פון די געדאַנקען, פון די שריפטען, פון די ביכער און פון אַלע אויסגאַבען פון יעדען אַנדערען מענשען וואָס איז פאַרבונדען מיט יענער אָרגאַניזאַציע, צי זיי זיינען אָנוועזענד געווען, אָדער נישט, ווען דאָס איז אויסגעדריקט געוואָרען".

איצט, ווען איך שרייב אַראָפּ די ערקלעהרונג פון די אָפּיציעלע רעקאָרדס, איז מיר נאָך אַלץ שווער צו באַגרייפען, אַז דאָס איז נישט געמיינט געוואָרען ווי אַ ביטערער שפּאַס, נאָר ווי אַ ניכטערע ערקלערונג פון געזעץ. און דאָס איז נאָך געקומען פון אַ

בארימטען לאָיער און איז אָנגענומען געוואָרען דורך אַן אויס־פאַרשונגס־קאָמיטע פון געזעצגעבער אַלס ריכט־שנור אין איהרע פאַרהאַנדלונגען.

דער „סענסאַציאָנעלסטער" עדות פון דער אָנקלאַגע איז גע־ווען אַ יונגע פריילין פון שטוינענדער עלטער. זי האָט געשוואָרען, אַז זי איז כמעט אַכצעהן יאָהר אַלט און אַז אין יאָהר 1917, דאָס הייסט מיט דריי יאָהר פריהער, איז זי געווען כמעט זיבעצעהן יאָהר אַלט. זי האָט עדות געזאָגט געגען טשאַרלז סאָלאָמאָן און די געשיכטע, וואָס זי האָט דערצעהלט, איז געווען זעהר איינפאַך. ווי זי האָט זיך „ערינערט", האָט סאָלאָמאָן געהאַלטען אַ רעדע אויף אַ סטריט קאָרנער אין ברוקלין נאָכדעם ווי אַמעריקע איז שוין געהאַט אַריין אין קריג. אַן אָפּטיילונג מיליטער, אונטער דער קאָמאַנדע פון אַן אָפיציער, איז אָנגעקומען מיט'ן צוועק צו רעקרוטירען נייע סאָלדאַטען. זיי האָבען געבעטען סאָלאָמאָנ'ען, אַז ער זאָל זיי לאָזען געברויכען זיין פּלאַטפאָרמע, אָבער ער האָט זיי ענטזאָגט און זיי דערביי שאַרף געענטפערט, אַז „דער רינשטאָק איז גוט גענוג פאַר אייך".

„דאָס איז אַלץ, וואָס ער האָט דאַן געזאָגט?" האָט דער נייגעריגער מר. סטענטשפיעלד געפרעגט.

ניין. דאָס איז נאָך נישט געווען אַלץ. זי האָט זיך ווייטער ערינערט, אַז סאָלאָמאָן האָט דאַן צוגעגעבען אַלס אַן ערקלערונג: „איך וועל נישט לאָזען, אַז איהר זאָלט אָפּווישען אייערע שמוציגע פיס אין דער פּלאַטפאָרמע."

און דערנאָך?

דערנאָך האָט זיך דאָס באַזיגטע מיליטער צוריקגעצויגען אונ־טער דעם קלאַנג פון דעם „סטאַר ספּענגעלד בענער" און דער אונערשראָקענער סאָלאָמאָן האָט געפייערט זיין זיג דורך דעם, וואָס ער האָט אַ שפּיי געטאָן אויף דעם אַמעריקאַנער פלאַג.

ווען מאָרים בלאָק, אַ מיטגליד פון דער דזשודישערי קאָמיטע, האָט אויסגעדריקט זיין מיינונג אַז די יונגע פריילין „חלומ'ט", איז זיין אונפאַרזיכטיגער אויסדרוק באַלד פייערליך אויסגעשטראָ־כען געוואָרען פון די רעקאָרדס.

דער הויפּט־עדות פון דער אָנקלאַגע איז געווען אַ מאַן מיט'ן נאָמען פּיטער וו. קאָלינס, אַ מין פּראָפעסיאָנעלער אַנטי־סאָציאַ־

ליסטישער פראפאגאנדיסט. איהם האט מען גערופען אלס אן עקספערט איבער דער סאציאליסטישער וועלט אנשויאונג און איבער סאציאליסטישער טאקטיק.

עס זיינען געווען דאן, ווי עס זיינען היינט פאראן אין דעם נישט־סאציאליסטישען לאגער, א סך ערנסטע קענער פון דער געשיכטע, טעאריע און מעטאדען פון סאציאליזם, מענשען פון וויסען וואס האבען זיך ספעציאליזירט אין דער פראגע און האבען גרינטליך געשטודירט די גרויסע סאציאליסטישע ליטעראטור.

**דער מר. קאלינס האט נישט באלאנגט צו יענעם קלאס מענשען.** ער איז געווען, וואס מ׳קען באצייכענען, „א לעבעדיגער עדות״. ער האט געקראגען זיין וויסען דורך שמועסען מיט „טויזענטער״ סאציאליסטען און דורך דעבאטירען מיט איינציגע פון זיי. זיין טעארעטיש וויסען האט ער באקומען פון א פאר בראשורען, וואס זיינען ארויסגעגעבען געווארען פון אנטי־סאציאליסטישע פאראיינען. זיין עדות־זאגען האט פארנומען דריי גאנצע זיצונגען.

קיינמאל האט מען נאך נישט געהערט אזא געוואלדיגע אונוויסענהייט און אזא לעבערליכען אונזין פאר אן עולם מענשען.

ענדליך האט די אנקלאגע געענדיגט דאס פארלעגען איהר צד און **די סוספענדירטע אסעמבליליים האבען אנגעפאנגען זייער** פארטיידיגונג.

נאך דער ערשטער וואך פון „פראצעס״ בין איך אוועק צוריק אין די אדיראנדאקס בערג פארטצוזעצען מיין איבערגעריסענע קוראציע, און איך האב געלאזט די פארטיידיגונג אין די הענט פון מיינע קאלעגען אונטער דער פעהיגער אנפיהרערשאפט פון סימור סטעדמאן.

איצט בין איך צוריקגעקומען אין א נייער ראלע. איך האב פארלאזט דעם פראצעס אלס לאיער פון דער פארטיידיגונג, און איך בין צוריקגעקומען אלס אן עדות.

לואיס וואלדמאן באשרייבט דעם טייל פון טרייעל אויף דעם פאלגענדען אופן:

„אלס ערשטער עדות פאר דער פארטיידיגונג איז גערופען געווארען מאריס הילקוויט, איהר הויפט לאיער. דער דירעקטער פארהער איז אנגעפיהרט געווארען פון סימור סטעדמאן.

„הילקוויטס ערשיינען אויף דעם וויטנעס־סטענד איז געווען אן איבערראשונג פאר דער אנקלאגע. ביים עולם, וואס איז געווען פארזאמעלט אין זאל, איז עס געווען זעהר אנגעלעגט, ווייל אלע האבען געפיהלט, אז ס'איז די העכסטע צייט מ'זאל הערען א וויכטיג און ריכטיג ווארט וועגען סאציאליזם. אפילו די לאיערס פון דער אנקלאגע האבען געשיינט צו זיין שטארק פאראינטערע־סירט. זיי האבען פארלאזען זייערע געוועהנליכע פלעצער און האבען צוגערוקט זייערע שטולען נאהענט ארום הילקוויט'ען אום זיי זאלען ניט פארלירען קיין איין ווארט. דער פאקט איז, אז ווי דורך אן איינשטימיגען אפמאך איז הילקוויט געווארען דער צענ־טער פון דער גאנצער „פארשטעלונג". דריי טעג איז ער געווען אויפ'ן וויטנעס־סטענד. זיין עדות־זאגען איז געווען מעהר א לעק־ציע פון א פראפעסאר, וועלכער רעדט צו זיינעם א קלאס סטודענ־טען, ווי דאס ריידען פון אן עדות, וואס מען האט גערופען אין א טרייעל, אין וועלכען עס איז פארמישט א פאליטישער קאמף".

איך ווייס נישט ווי עס פיהלט זיך א פראפעסאר ווען ער האלט א לעקציע פאר זיין קלאס, אבער איך מוז צוגעבען, אז איך האב אמת הנאה געהאט פון דער געלעגנהייט צו געבען א פאל־שטענדיגע ערקלערונג פון מיין פאליטישען גלויבן, וועלכען די געגנער האבען פארגעשטעלט אזוי פארקריפעלט און מיט אזויפיל גיפט. איך בין געווען העכסט צופרידען פון דער געלעגענהייט צו ערקלערען דעם גאנצען לאנד דורך צייטונגס־קארעספאנ־דענטען, וואס זיינען געווען פארזאמעלט, די ווירקליכע אנשויאונג, די צילען, דעם פראגראם און די מעטאדען פון סאציאליזם, בא־זונדערס נאך דער פלאפלעריי, וואס האט וואכענלאנג אנגעפילט די זאל פון דער אסעמבלי.

ענטפערענדיג אויף די געשיקטע פראגען פון סימור סטעד־מאן, האב איך אין קורצע שטריכען איבערגעגעבען די געשיכטע פון דער אינטערנאציאנאלער סאציאליסטישער באוועגונג, האב געשילדערט די באציהונגען פון דער אמעריקאנער סאציא־ליסטישער פארטיי צו די פארטייען פון אנדערע לענדער, איהר שטעלונג צו מלחמה און איהר עקאנאמישע און פאליטישע פראָ־גראם.

די הארבע, אָבער העפליכע פראגען, וואָס עס האָט מיר געשטעלט דער לאָיער קאָנבאָי, ווען ער האָט מיך גענומען אויף א קרייץ־פארהער, האָבען מיר געגעבען נאָך מעהר געלעגענהייטען פאָלשטענדיג קלאָהר צו מאכען וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען.

צווישער די עדות, וואָס זיינען גערופען געוואָרען נאָך מיר, זיינען געווען אלזשערנאָן ליע, וועלכער האָט זיך הויפטזעכליך אָפגעשטעלט אויף די עקאָנאָמישע טעאָריעס פון סאָציאליזם, און אָטאָ פ. בראנשטאטער, דער נאציאָנאלער סעקרעטאר פון דער סאָציאליסטישער פארטיי. געגאָסע בראנשטאטער׳ן האָט מען גערופען אלס עדות אום ער זאָל ערקלערען ווי די פארטיי איז צוזאמענגעשטעלט און וואָס עס זיינען איהרע מעטאָדען. ער האָט איבערראשט די קאָמיטע מיט דער ערקלערונג, אז א צעהלונג פון דער פארטיי האָט באוויזען, אז 73 פראָצענט פון איהרע מיטגלידער זיינען היגע געבוירענע, אמעריקאנער און אויף אזא אופן איז די פארטיי מעהר „עכט־אמעריקאניש", ווי די באפעלקערונג פון לאנד אין אלגעמיין.

צו באווייזען, אז סאָציאליזם איז נישט פיינדליך צו רעליגיע און שטרעבט ניט צו צוברעכען דאָס פאמיליען־לעבען, האָט די פארטיידיגונג גערופען פאר אן עדות א יונגען פרעסביטיריאנישען גלח, נאָרמאן טאָמאס, וועלכער איז דאן נאָר־וואָס געהאט באקערט געוואָרען צום סאָציאליזם. ער האָט אויף דעם גאנצען עולם געמאכט א טיפען איינדרוק מיט זיין אידעאליזם און מיט זיין אָפענהארציגקייט.

די לעצטע עדות פון דער פארטיידיגונג זיינען געווען די דריי סוספענדירטע אסעמבלילייט געגען וועלכע עס זיינען אויך געווען קלאגען פון פערזענליכער שלעכטער אויפפיהרונג — וואַלדמאן, סאָלאָמאָן און קלעסענס.

וואַלדמאן האָט געגעבען א אינטערעסאנטע שילדערונג פון דעם, ווי עס ארבייט די סאָציאליסטישע גרופע אין דער אסעמבלי.

איינע פון די אויפגאבען, וואָס די סאָציאליסטישע אסעמבלילייט האָבען גענומען אויף זיך אין זייער ארבייט, איז געווען צו שאפען געזעץ־פראָיעקטען, אָדער „בילס" ווי מען רופט זיי אין אמעריקע, וואָס זאָלען אויף א ממשות׳דיגען אופן אויסדריקען דעם

פראָגראַם, וואָס איז אָנגעגעבען אין דער וואהל־פּלאַטפאָרמע און אין די וואהל־פאַרשפּרעכונגען פון דער פאַרטיי.

די ארבייט האָבען זיי פאַרטיילט צווישען זיך, און יעדער מיטגליד פון דער גרופּע האָט גענומען אויף זיך ספּעציעל צו שטודירען די געגענשטאַנדען און פראַגען, וואָס זיינען פאר איהם באַשטימט געוואָרען. יעדער האָט זיין טייל געדאַרפט שטודירען סאַי פון שוין־געדרוקטער ליטעראַטור,סאַי דורך באַראַטונגען מיט עקספּערטען פון דעם ספּעציעלען געביט און סאַי דורך אייגענע פאָרשונגען.

די רעזולטאַטען פון דעם שטודירען זיינען באַריכטעט געוואָ־רען ביי א מיטינג פון דער גאַנצער גרופּע. נאָך א גרינדליכער דיסקוסיע, ווען אַלע איינצעלהייטען פון א פּלאַן אָדער א פאָרשלאַג זיינען שוין גוטגעהייסען געוואָרען פון דער גרופּע, האָט דער באַ־שטימטער מיטגליד אויסגעארבייט א געזעץ־פּראָיעקט, און איהם פאָרגעשלאָגען אין דער אסעמבלי.

זעהר וועניג צייט איז פאַרשווענדט געוואָרען אויף צו דיס־קרעדיטירען די לעכערליכע קלאַגען געגען זייער פּערזענליכער אויפפירונג. די סאָציאַליסטישע אסעמבלילייט זיינען אָבער אויס־געפרעגט געוואָרען סאַי פון די אייגענע לאַיערס און סאַי פון די באַשולדיגער וועגען זייערע סאָציאַליסטישע, עקאָנאָמישע און פּאָלי־טישע איבערצייגונגען. פאַר'ן צושויער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פאָראורטיילען, איז באַלד געוואָרען קלאָר, אז אין אינטעלי־גענץ און אין מאָראַל זיינען די באַשולדיגטע סאָציאַליסטישע אסעמבלימען געשטאַנען הימעל הויך איבער זייערע רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַטישע קאָלעגען איינשליסענדיג זייערע ריכטער.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיגט דאָס עדות זאָגען.

ביי דעם טריַיעל האָבען אויך נישט אויסגעפעלט קיין הומאָ־ריסטישע אינצידענטען.

אין א געוויסען מאָמענט, ווען סטעדמאַן האָט אָנגעפאַנגען צו מאַכען א פאַרגלייך צווישען די אסעמבלי־קלאַגען און אן אינ־דאַיטמענט אין א קרימינעלען פאַרברעכען, האָט איהם דער פאָרזיצענדער איבערגעשלאָגען מיט דער עטוואָס אונפאָרזיכטיגער באַמערקונג: „דאָס איז ניט אַקוראַט אן אינדאַיטמענט. מיר זאָגען נישט אז די מענשען זיינען פאַרברעכער".

איך האָב שנעל איינגעזעהן די גוואַלדיגע וויכטיגקייט פון דעם פּאָרזיצענדער׳ס באַמערקונג. איך האָב זיך דערפאַר באַלד אויפגעהויבען פון מיין פּלאַץ און געשטעלט די פראַגע:

„וויל דער פּאָרזיצער עס זאָל פאַרשריבען ווערען אין רעקאָרד, אַז די באַשולדיגער באַהויפּטען גאָר נישט דאָס די פינף פּערזאָן, ביי וועלכע מען האָט צוגענומען זייערע פּלעצער אין דער אַסעמבלי זיינען פאַרברעכער?" און איך האָב דערצו באַמערקט „אויב זיי ווערען נישט באַשולדיגט אין קיין פאַרברעכען, טאָ אין וואָס ווערען זיי יאָ באַשולדיגט און וואָס טוען מיר דאָ איבערהויפּט?"

עס איז געווען אַן אָנגעצויגענער מאָמענט, מ׳האָט ממש געקענט זעהן, אַז דער פּאָרזיצענדער איז אין אַ פאַרלעגענהייט. דער לאָיער ליטלטאָן איז איהם באַלד געקומען צו הילף.

— „מר. טשערמאַן, — האָט ער געפרעגט, — דענקט דער הער, אַז יעדער איינער, וואָס האָט נישט איבערגעטראָטען קיין קרי־מינעלען געזעץ איז פּאַסיג ערוועהלט צו ווערען אין אַ געזעצגע־בענדער קערפּערשאַפט?"

„איינינגע, וואָס האָבען יאָ איבערגעטראָטען אַזעלכע געזע־צען, זיינען מיטגלידער פון אַזוינע קערפּערשאַפטען", — האָב איך געענטפערט זעהר אַפּיקורסיש און עטוואָס נישט־צו־דער־זאַך.

דער פייער שלינגער פון דער דזשודישערי קאָמיטע איז געווען דער אַסעמבלימאַן לואיס קוואווילער. צוערשט האָט ער אויסגע־דריקט זיין איבערצייגונג, אַז די אָנגעקלאָגטע זיינען שולדיג און דערנאָך האָט ער זיך אויסגעצייכענט דערמיט, וואָס ער האָט ער־קלערט אויפ׳ן פלאָר פון דער אַסעמבלי, אַז אויב די פינף אַסעמבלי־מען וועלען געפונען ווערען שולדיג, דאַרף מען זיי נישט אויס־שליסען, נאָר מ׳דאַרף זיי אַרויספיהרען אין דרויסען און דער־שיסען.

איך האָב פּראָטעסטירט געגען זיין אָנטייל אין דער קאָמיטע אַלס אַ ריכטער צו משפּט׳ן די אָנגעקלאָגטע. איך האָב אַרגומענ־טירט, אַז ער האָט נישט קיין רעכט דערצו אין דעם פאַל און אַז „אַ מענטש, וואָס האָט אַזאַ מיינונג, פּאַסט זיך פאַר אַ תליון, אָבער נישט פאַר אַ ריכטער".

מיין פּראָטעסט איז צוריקגעוויזען געוואָרען און לואיס קוואווי־לער איז פאַרבליבען איינער פון די ריכטער — דער עקעלהאַפט־

סטער ריכטער, וואָס מיר איז ווען אויסגעקומען צו באַגעגענען. מ'האָט איהם נישט געקענט האַלטען אין צוים. ער האָט זיך גע־מאַכט אַ טבע צו אונטערברעכען די פאַרהאַנדלונגען מיט די גיפ־טיגסטע, אונזיניגסטע און די דומסטע באַמערקונגען. ער האָט דעם פּאָרזיצענדען פאַרשאַפט אַ סך ערגערניש און דער עולם האָט זיך שטאַרק אַמוזירט.

איינע פון די קלאַגעס געגען דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז געווען, אַז איהרע נאָמינאַציעס זיינען געמאַכט געוואָרען פון אַ געשלאָסענער גרופּע דיוס־צאָהלענדע מיטגלידער אָהן דער באַ־טייליגונג פון ענראָלטע וואוטערס, וואָס זיינען נישט קיין מיטגלי־דער פון דער פּאַרטיי.

דזשוליוס גערבער, סעקרעטער פון דער ניו יאָרקער קאונטי קאָמיטע פון דער פּאַרטיי, איז אויפגעטראָטען אַלס עדות און האָט ערקלערט, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי נאָמינירט איהרע קאַנ־דידאַטען אין פּריימערי־וואַהלען פּונקט ווי אַלע אַנדערע פּאַרטייען און אין די פּריימעריס קענען זיך באַטייליגען אַלע, וואָס פאַר־שרייבען זיך, אָדער „ענראָלען זיך" אַלס סאָציאַליסטען אָפּגעזעהן דערפון צי זיי צאָהלען דיוס אין דער פּאַרטיי אָדער נישט.

איך האָב דאָ צוערשט אויסגעפרעגט דעם עדות און דאָס זיינען געווען איינינע פון די פראַגעס און ענטפערס:

פ ר אַ ג ע: איך וויל פרעגען ביי אייך, מר. גערבער, ווי ווייט איהר ווייסט — האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז עמיצער, וואָס איז נישט אַ מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אָרגאַניזאַציע, וואו מ'דאַרף צאָהלען דיוס, זאָל האָבען אַריינגעגעבען אַ פּעטיציע נאָמינירט צו ווערען ביי די פּריימעריס אויף דעם סאָציאַליסטישען טיקעט אַלס אַ קאַנדידאַט פון דער פּאַרטיי?

ע נ ט פ ע ר: יעס, סיר.

פ ר אַ ג ע: קענט איהר מיר געבען איין ביישפּיל?

ע נ ט פ ע ר: געוויס, דער ערשטער פאַל, וואָס מיר האָבען געהאַט איז געווען אין יאָהר 1916, ווען אַסעמבלימען קוואָוויליער האָט אַריינגעגעבען אַ פּעטיציע צו ווערען אַ קאַנדידאַט פאַר מיט־גליד פון דער אַסעמבלי אויפ'ן סאָציאַליסטישען טיקעט אין דעם דרייצעהנטען דיסטריקט פון ניו יאָרק קאונטי.

פ ר א ג ע : אום אריינצוגעבען אזא פעטיציע, זאָגט מיר, מר. גערבער, מוז מען האָבען דריי פּראָצענט פון די ענראָלטע סאָציאליסטישע שטימען.

ע נ ט פ ע ר : יעס. מיר.

פ ר א ג ע : האָט איהר געזעהען די פעטיציע וועגען וועל־כער איהר זאָגט אז זי איז אריינגעגעבען געווארען אין נאָמען פון אסעמבלימען קוואוויליער אין יאָהר 1916?

ע נ ט פ ע ר : יאָ, איך האָב געזעהן.

פ ר א ג ע : וויפיל נעמען פון ענראָלטע סאָציאליסטישע וואוטערס זיינען דאָרט געווען?

ע נ ט פ ע ר : פופצעהן.

פ ר א ג ע : און איז די צאָהל געווען גענוג?

ע נ ט פ ע ר : יעס, עס איז געווען גענוג.

פ ר א ג ע : און ווער האָט די פעטיציע אריינגעגעבען.

ע נ ט פ ע ר : איך דענק, אז דער יונגערמאן, וועלכער האָט געזאמעלט די אונטערשריפטען איז אויך געווען אן עדות. איך דענק, אז ער האָט געהייסען גודמאן, אָדער אן ענגליכען נאָמען. פון טרעיד איז ער געווען א פעינטער און איז געווען „ענראָלט" אלס סאָציאליסטישער וואָוטער.

פ ר א ג ע : און צי האָט די פעטיציע ענטהאלטען אן ער־קלערונג פון דעם קאנדידאט מר. קוואוויליער אז ער קען דעם פער־זאָן און זאָגט גוט פאר איהם?

ע נ ט פ ע ר : יאָ, עס איז געווען אן ערקלערונג, אז מר. קוואוויליער האָט געקענט דעם יונגענמאן א געוויסע צאָל יאָהר אלס אן איינוואוינער פון יענעם עלעקשאָן־דיסטריקט און אלס א מענשען מיט א גוטען כאראקטער און אזוי ווייטער.

פ ר א ג ע : און דאָס געזעץ, מר. גערבער, ערלויבט דאך א קאָנדידאט צו רעזיגנירען אדער צוריקווייזען אזא נאָמינאציע?

ע נ ט פ ע ר : לויט די רולס פון דער באָארד אוו עלעקשאָנס אין ניו יאָרק, קריגען אלע קאנדידאטען פאר די נאָמינאציעס מעלדונגען דורך פּאָסט, אז מ'וויל זיי נאָמינירען פאר עפענטליכע אמטען. די מעלדונגען שיקט מען זיי אזוי שנעל, ווי די פעטיציעס ווערען אריינגעגעבען און דאן האָבען זיי פינף טעג צייט זיך אָפּצו־זאָגען פון א נאָמינאציע.

פ ר א ג ע : האָט מר. קוואוויליער צוריקגעוויזען די נאָמי־נאַציע פאר די סאָציאַליסטישע פריימערים אין יענעם דיסטריקט צו יענער צייט?

ע נ ט פ ע ר : ער האָט נישט צוריקגעוויזען.

פ ר א ג ע : איז זיין נאָמען געווען אָפּגעדרוקט אויף די פריימערי באַלאָטס אין דעם סאָציאַליסטישען צעטעל?

ע נ ט פ ע ר : יאָ, ס'איז ערשינען.

פ ר א ג ע : אלס א קאנדידאט פאר דער אסעמבלי?

ע נ ט פ ע ר : יאָ, אלס קאנדידאט פאר דער אסעמבלי.

פ ר א ג ע : האָט מר. קוואוויליער געקראָגען עפּעס שטימען אויפ'ן סאָציאַליסטישען טיקעט?

ע נ ט פ ע ר : צוויי שטימען.

דאָ האָט שוין דער אסעמבלימאַן קוואוויליער גענומען שטעלען פראגען.

ק ו א ו ו י ל י ע ר : מר. גערבער, האָט איהר געגעבען א שבועה צו זאָגען דעם אמת, אָדער נישט?

ג ע ר ב ע ר : יאָ, איך האָב געשוואוירען.

ק ו א ו ו י ל י ע ר : איהר האָט געזאָגט, אז מיין נאָמען איז ערשינען אויף דעם פּריימערי באלאט אלס דער סאָציאַליס־טישער קאנדידאט פאר א מיטגליד פון דרייצענטען אסעמבלי דיסטריקט צי האָט איהר דאָס נישט געזאָגט?

ג ע ר ב ע ר : איך האָב דאָס יאָ געזאָגט.

ק ו א ו ו י ל י ע ר : דאָס איז אלץ, וואָס איך האָב גע־וואָלט וויסען.

ה י ל ק ו ו י ט : איהר האָט דאָס די גאנצע צייט געוואוסט.

די אויפדעקונג, אז מר. קוואוויליער, דער פארביסענער געגנער פון סאָציאַליסטען, וועלכער האָט ערשט מיט גרויס פּאַטריאָטיש־קייט ערקלערט, אז אלע אָנהענגער פון סאָציאַליזם דארף מען דער־שיסען פאר דער טובה פון לאַנד, האָט זיך אליין געסטאַרעט צו קריגען די אינדאָרסירונג פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי און געווען גרייט צו לויפען אויף איהר טיקעט צוליב זיין פּאָליטישער קאַריערע, איז אויפגענומען געוואָרען מיט א געשמאַקען געלעכטער. מר. קוואוויליער האָט דעם פאקט קיינמאָל ניט געלייקענט.

דער ערשטער „דאָקומענט", וואָס די לאָיערס פון דער קאָמיטע האָבן געבראַכט אַלס איינעם פון די „באַווייזע" איז געווען אַן ענגלישע איבערזעצונג פון אַ אידישער בראָשורע. אַ ספּעשעל פּאָליסמאַן האָט די בראָשורע געקויפט אין ראָטשעסטער. ארויס־געגעבען איז די בראָשורע געוועז אנאָנים, אָהן אַ נאָמען הייסט עס און עס איז נישט באַוויזען געוואָרען, אַז דער ארויסגעבער, אָדער דער פאַרקויפער פון דעם ביכעל זאָל האָבען אַ וועלכע עס איז שייכות אָדער פאַרבינדונג מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אָדער מיט די באַשולדיגטע אַסעמבליליים.

אַן אַגענט פון דער לאָסק־קאָמיטע האָט געמאַכט די איבער־זעצונג. איך האָב איהם געשטעלט פראַגען און ער האָט מיר גע־געבען די פאָלגענדע אַמוזאַנטע ענטפערס וועגען זיין ליטעראַרי־שער שטיקעל ארבייט:

פ ר אַ ג ע : וואָס האָט מען אייך געזאָגט ווען איהר האָט באַקומען דאָס ביכעל?

ע נ ט פ ע ר : איך זאָל עס דורכקוקען. איך האָב אַליין באַשלאָסען.

פ ר אַ ג ע : באַשלאָסען וואָס?

ע נ ט פ ע ר : צו איבערזעצען וואָס עס איז געווען וויכטיג.

פ ר אַ ג ע : צו איבערזעצען וואָס עס געווען וויכטיג פאַר וועלכען צוועק?

ע נ ט פ ע ר : אַז מ'זאָל עס קענען צושטעלען אַלס אַ באַוויז.

פ ר אַ ג ע : אַז מ'זאָל עס קענען צושטעלען אַלס באַוויז געגען וואָס?

ע נ ט פ ע ר : געגען סאָציאַליזם.

פ ר אַ ג ע : הייסט עס, אַז דעם ביכעל האָט אייך געגעבען אַ פאָרשטעהער פון דער לאָסק־קאָמיטע און האָט אייך געהייסען איבערזעצען די שטעלען, וואָס מ'קען באַנוצען אַלס באַווייזען געגען סאָציאַליזם?

ע נ ט פ ע ר : יעס, סער.

פ ר אַ ג ע : ווי אַזוי האָט איהר געוואוסט וואָס פאַר אַ שטעלען אויסצוקלייבען צום איבערזעצען?

ע נ ט פ ע ר : איך האָב אַליין באַשלאָסען וועלכע שטעלען מ׳קען באַנוצען.

פ ר א ג ע : באַנוצען אויף וואָס?

ע נ ט פ ע ר : צו צייגען, אַז סאָציאַליזם פּרעדיגט גע־וואַלד־טאַטען.

פ ר א ג ע : איהר האָט, הייסט עס, געזוכט נאָר אַזעלכע שטעלען, וואָס זאָלען אייך דינען צו פאַרשטאַרקען די באַהויפּ־טונג, אַז סאָציאַליזם פּרעדיגט געוואַלד־טאַטען. האָב איך רעכט, צי ניין?

ע נ ט פ ע ר : גאַנץ באַשטימט.

ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעצייגט, אַז דאָס ביכעל איז גע־ווען אַ טעאָרעטישע אָפּהאַנדלונג וועגען „דיקטאַטור פון פּראָלע־טאַריאַט״, אין וועלכער דער שרייבער האָט פּרובירט צו געבען אַ סך הכל פון די מיינונגען סאַי פון די וואָס זיינען פאַר, סאַי פון די וואָס זיינען געגען אַזאַ דיקטאַטור.

דאָס אידישע ביכעל און די איבערזעצטע שטעלען אין ענג־ליש זיינען צוגעלאָזען געוואָרען „אַלס באַווייזען״ טראָץ דעם שטאַרקען פּראָטעסט פון דער פאַרטיידיגונג. די דאָזיגע „דאָקו־מענטען״ זיינען צוגעלאָזען געוואָרען „אַלס באַווייזען״ אויפן גרונד פון דעם לאַיער סטענטשפילד׳ס פריהערדיגער ערקלערונג, אַז אַלץ, וואָס סאָציאַליסטען האָבען געזאָגט אָדער זאָגען איצט, קען צוגעלאָזט ווערען „אַלס באַווייזען״.

מיר האָבען אויסגענוצט די „ליבעראַלע״ שטעלונג צו „באַ־ווייזען״ און מיר האָבען פון אונזער זייט אַריינגעגעבען „אַלס אַ באַווייז״ אַ קאָפּיע פון מיין ביכעל „סאָשעליזם סאָמד אָפּ״ (סאָ־ציאַליזם בקיצור) און עס איז אָנגענומען געוואָרען. עס איז אָפּ־געדרוקט געוואָרען אויפ׳ן חשבון פון סטעיט אין אַ גאַנץ היבשער צאָל עקזעמפּלאַרען אַלס „אַסעמבלימענ׳ס באַווייז נומער דריי״ און איז צוטיילט געוואָרען פון פּאָליטישענס צווישן זייערע פריינד.

מיר האָבען געפּלאַנט באַלד נאָכדעם אַריינצוגעבען אַלס באַ־ווייזען די דריי בענדער פון מאַרקס׳עס קאַפּיטאַל, אָבער נאָכדעם ווי מיר האָבען גוט באַטראַכט די פּנים׳ער פון אונזערע ריכטער און פון זייערע לאַיערס, האָבען מיר באַשלאָסען ניט דורכצופיר־רען דעם געוואַגטען פּלאַן.

ווען דער לאָיער קאָנבאָי האָט מיך געהאַלטען אויפ'ן קרייץ־פאַרהער, האָט ער ארויסגעבראַכט, אז איך בין געווען דער לאָיער פון מר. מארטענס, דעם פאָרשטעהער פון דער סאָוועטען־רעגי־רונג אין אמעריקע. דער מר. קאָנבאָי האָט איינפאַך פּרובירט צו שאַפען דעם איינדרוק, אז איך בין צו גונסטען סאָוועטען־רוס־לאַנד אַלס רוסלאַנד'ס א באַצאָלטער אגענט.

איך ציטיר דעם קרייץ־פאַרהער פון דעם רעקאָרד :

פ ר א ג ע : איהר קריגט באַצאָלט פאַר אייער ארבייט אין דעם פאַל, האָב איך רעכט ?

ע נ ט פ ע ר : ניין, איך קריג נישט, מר. קאָנבאָי.

פ ר א ג ע : האָט איהר ווען עס איז געקראָגען באַצאָלט פון דער רוסישער ביוראָ ?

ע נ ט פ ע ר : קיינמאָל נישט.

פ ר א ג ע : אָדער פון לודוויג מארטענס ?

ע נ ט פ ע ר : ניין. און אויך נישט פון עמיצען, וואָס פאַרטרעט איהם, אָדער רוסלאַנד.

פ ר א ג ע : איז נישט אויסגעשריבען געוואָרען א טשעק פון דריי טויזענט דאָלאַר אויף אייער נאָמען ?

ע נ ט פ ע ר : נישט פון דריי טויזענט דאָלאַר און נישט פון דריי טויזענט סענט. איך האָב נישט באַקומען קיין שום טשעק נישט אויף דריי טויזענט דאלאר, נישט אויף דריי טויזענט סענט און נישט קיין שום אנדער טשעק.

פ ר א ג ע : אויב אזוי הייסט עס, אז עס וועט פאַר אייך זיין אַן איבערראַשונג, אויב מיר ווע‎לען דאָ פאָרברענגען דעם טשעק ?

ע נ ט פ ע ר : עס וועט פאַר מיר זיין אַן אנגענעמע אי־בערראַשונג, אויב איהר וועט מיר געבען אזא טשעק.

פ ר א ג ע : עס קען זיין, אז איהר האָט קיינמאָל נישט באַ־קומען קיין געלט פאַר ארבייט, וואָס איהר האָט געטאָן אַלס לאָ־יער און איך נעם אָן, אז איהר ווילט מיר איינפאַך און קלאָר געבען צו פאַרשטעהן, אז איהר האָט קיינמאָל ניט באַקומען קיין שום געלט פון דער רוסישער ביוראָ, וועלכע פאַרטרעט די רוסישע סאָוועט־טישע רעפּובליק ; אויך ניט פון מר. מארטענס, אָדער פון עמיצען

אנדערש אין זיין נאָמען, נישט דריי טויזענט דאָלאר און נישט קיין שום אנדער סומע, האָב איך רעכט, מר. הילקוויט?

ע נ ט פ ע ר : לאָמיר דאָס האָבען שווארץ אויף ווייס אויפ'ן רעקאָרד און אזוי קלאָר ווי מעגליך.

פ ר א ג ע : אזוי קלאָר ווי איהר ווילט נאָר אליין — וואָס האָט איהר צו זאָגען וועגען דעם?

ע נ ט פ ע ר : איך וויל, אז די קאָמיטע זאָל פארשטעהן, אז פאר קיין זאך, נישט פאר מיין ארבייט אלס לאָיער און נישט פאר עפּעס אנדערש, האָב איך קיינמאָל נישט באַקומען קיין געלט, נישט קיין גרויסע סומען און ניט קיין קליינע, נישט פון דער סאָוועטען־רעגירונג און נישט פון עמיצען וואָס איז פארבונדען מיט דער סאָוועטען־רעגירונג, אָדער מיט מר. מארטענס. איז דאָס גענוג קלאָר?

די גאַנצע צייט פון דעם קרייז־פארהער האָט דער מר. קאָנבאָי געדרעהט אין דער האַנט א שטיקעל פּאפּיר און געשאַפען דעם איינדרוק, אז דאָס איז דער געהיימניספולער טשעק, וועגן וועלכען ער האָט גערעדט.

אויף מאָרגען איז אין די צייטונגען ערשינען א באַריכט, אז די אָנקלאַגע האָט ביי זיך א ביל פאר דריי טויזענט דאָלאַר, וואָס איך האָב געשיקט דער סאָוועטען־רעגירונג פאר מיין ארבייט אלס איהר לאָיער.

ביי דער נעקסטער זיצונג, ווען איך בין ווידער ארויף אויף דעם וויטנעס־סטענד, האָב איך געמאַכט די פאָלגענדע ערקלערונג:

„איידער מיר געהען ווייטער, מר. טשערמאַן, אויב איהר וועט מיר ערלויבען, וועל איך געבען א פערזענליכע ערקלערונג פאר דעם רעקאָרד איבער א פראַגע, וואָס איז ארויסגעבראַכט געוואָרען נעכטען ביים קרייז־פארהער. מר. קאָנבאָי האָט מיך געפרעגט צי איך האָב ווען־עס־איז געקראָגען באַצאָהלט פאר ארבייט פון דער סאָוועטען־רעגירונג אָדער פון איהרען א פארטרעטער אין אַמעריקע. איך האָב געענטפערט: „ניין, קיינמאָל נישט און אויף קיין אופן נישט". דער לאָיער קאָנבאָי האָט דאַן דורך זיינע פראַגען געגעבען אָנצוהערען, אז ער האָט ביי זיך א טשעק. איך נעם אָן, אז מען מיינט דערמיט אַן אויסגעצאָלטען טשעק, וואָס ווייזט, אז די סאָוועטען־רעגירונג האָט מיר באַצאָלט געלט, וואָס איך האָב פאַר־

לייקענט. איך זעה אין די מארגען־צייטונגען, אז די לאיערס פון דער קאמיטע זאלען האבען ארויסגעגעבען אן ערקלערונג אנדיי־טענדיג, אז זיי האבען ביי זיך א ביל, וואס איך האב געשיקט צו דער סאוועטישער ביורא פאר לאיערשער ארבייט — א ביל וואס מ'האט געהאט פארכאפט און צוגענומען. דאס פאלגענדע איז וואס איך געדענק וועגען דעם ביל — און איך געדענק די גאנצע זאך זעהר גוט: דער ביל איז קיינמאל נישט געשיקט געווארען צו דער סאוועטן־רעגירונג אדער צו מר. מארטענס'ן. דער ביל איז דאטירט מיט זעקס חדשים פריהער ווי ס'איז געווען א סאוועטן־רעגירונג און ווענינסטענס מיט א יאהר פריהער, ווי מר. מארטענס איז באַ־שטימט געווארען אויף זיין פאסטען אין אמעריקע. דער ביל איז געשיקט געווארען ניט צו דער סאוועטען־רעגירונג, נאר צו מאן מיט'ן נאמען נוארטעווא, וועלכער האט צו יענער צייט פארטראטען גאר אן אנדער רעגירונג, נעמליך — די סאציאליסטישע רעגירונג פון פינלאנד. מר. נוארטעווא האט מיך צוגעצויגען אלס לאיער פון יענער רעגירונג אין אמעריקע און מיט דער צייט האב איך איהם צוגעשטעלט א ביל און, ווי ווייט איך געדענק, איז עס געווען פאר דריי טויזענט דאלאר. מר. נוארטעווא האט ערווארטעט גרויסע סו־מען געלט פון זיין רעגירונג און דערפאר האט ער מיר דערווייל געגעבען טויזענט דאלאר אויפ'ן חוב. א פאר וואכען שפעטער, ווען ס'האט זיך ארויסגעצייגט, אז קיין געלט פון זיין רעגירונג קומט נישט אן, האט מיך מר. נוארטעווא געפרעגט צי וועל איך איהם נישט לייהען טויזענט דאלאר פאר זיינע אמבאסאדארישע צוועקען. איך האב איהם געגעבען דאס געלט און דערביי געזאגט: „באַ־טראכט דאס נישט אלס א הלואה, נאר א צוריקקעהרונג פון די טויזענט דאלאר, וואס איהר האט מיר געגעבען פאר מיין ארבייט און — מאכט בטל מיין ביל.

„דאס האט צופרידענגעשטעלט ביידע צדדים, אבער שפעטער, ווען קיין געלט איז אלץ נישט געקומען, האט מיך מיין אמבאסאדאר געפרעגט, צי איך קען איהם נישט לייהען נאך 250 דאלאר און איך האב איהם די סומע טאקע געגעבן.

„זינט דאן איז די פינישע סאציאליסטישע רעפובליק פאר־ניכטעט געווארען און זי איז מיר ביז היינט שולדיג געבליבן 250 דאלאר. דאס איז דאס געלט, וואס איך האב באקומען פון יענער

רעגירונג. ווען מר. מארטענס איז באַשטימט געוואָרען איז ער גע־קומען צו מיר, האָט מיר אָנגעבאָטען דעמזעלבען פּאָסטען און איך האָב איהם אָנגענומען. „וואָס איז וועגען באַצאָלען אייך?" האָט ער ביי מיר געפרעגט. איך האָב איהם געענטפערט: „מר. מארטענס, פון מיין ערפאַהרונג מיט דער געוועזענער סאָציאַליס־טישער רעגירונג פון פינלאַנד ווייס איך, אַז אויסלענדישע רעגי־רונגען אַלס קליענטען פאַר געלט, זיינען נישט אַזאַ מציאה ווי די וועלט מיינט. איך וועל גערן אָננעמען דעם פּאָסטען אָהן געצאָלט".

„ביידע צדדים האָבען זיך זינט דאַן געהאַלטען ביים אָפּמאַך. איך בין די גאַנצע צייט געווען זייער לאָיער און זיי האָבען מיר די גאַנצע צייט נישט געצאָלט. אַזוי, אַז וואָס איך האָב פריהער ער־קלערט איז דורכאויס ריכטיג. איך האָב קיינמאָל נישט באַקומען קיין געלט אויף קיין אופן און אין קיין פאָרם, נישט אַלס לוין פאַר ארבייט, נישט פאַר עפּעס אַנדערש, נישט פון דער סאָוועטען־רעגירונג, נישט פון איהר פאַרטרעטער אין אַמעריקע".

אין דעם לעצטען אַקט פון דעם פאַרצויגענעם פּראָצעס, האָבען די לאָיערס פון ביידע צדדים געהאַלטען שלום־רעדעס, אין וועלכע זיי האָבען אונטערגעצויגען די אונטערשטע שורה פונ'ם גאַנצען קאַמף, — יעדער צד אויף זיין שטייגער, נאַטירליך.

איך האָב גערעדט דער ערשטער אין נאָמען פון דער פאַר־טיידיגונג. די רעדע האָט געדויערט פון זיבען ביז אַכט שטונדען. ס'איז פיליכט געווען דער גרעסטער פאַרנעם און די גרעסטע אָנ־שטרענגונג אין מיין גאַנצער קאַריערע אַלס לאָיער און אַלס גע־זעלשאַפטליכער טוער. איך בין געווען טיף דורכגעדרונגען מיט דער ערנסטקייט און דער וויכטיגקייט פון דער סיטואַציע. איך בין געווען טיף געריהרט און איך האָב גערעדט זעהר ערענסט.

איך האָב צוגלידערט אַלץ, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָ־רען — די קלאַגעס, די „באַווייזן" און די פיהרונגען פון דער קאַ־מיטע. איך האָב אויספיהרליך און שאַרף דאָס אַלץ קריטיקירט און איך האָב אויפען קלאָרסטען אופן אַרויסגעבראַכט אַלע יורידי־שע און פּאָליטישע געמיינהייטען, די אומעהרליכקייט און די היי־פּאָקריטסטוואָ, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרען אין פאַרלויף פון דעם גאַנצען טריַיעל.

ערשט דאָ האָב איך זיך גענומען ערקלערן און פאַרטיידי־
גען דעם סאָציאַליזם און די געזעלשאַפטליכע, עקאָנאָמישע און
פּאָליטישע טעאָריעס פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

פרעדעריק סי. היקס האָט מיר אָנגעטאָן דעם כבוד און האָט
אַריינגענומען מיין שלום־רעדע אין זיין באַריהמטען בוך „פּעי־
מאוס אמעריקען דזשורי ספּיטשעס" (באַריהמטע אַמעריקאַנער
רעדעס צו דזשורים), וואו יעדער איינער, וואָס איז פאַראינטע־
רעסירט און האָט געגוג געדולד, קען די רעדע לייענען. איך קען
זיך אָבער ניט צוריקהאַלטען פון ציטירען אַ קורצע שטעלע וועגען
דעם וויכטיגסטען פּונקט פון דער אָנקלאַגע — וועגען דער באַ־
שולדיגונג, אַז די סאָציאַליסטען זיינען געווען אונלאָיאַל צום לאַנד
אין דער צייט פון דער מלחמה.

די דאָזיגע באַשולדיגונג האָט זיך ווי אַ רויטער פאָדים גע־
וואָרפען אין די אויגען אין פאַרלויף פון דעם גאַנצען פאַרהער.
דאָס איז געווען די שטאַרקסטע קאָרט פון דער אָנקלאַגע. די
באַשולדיגער האָבען זיך אומגעקעהרט צו דעם פּונקט נאָכאַמאָל
און נאָכאַמאָל אויף אַלערליי אופנים. דער רעקאָרד איז געווען
אָנגעפּיקעוועט מיט פּראָקלאַמאַציעס געגען מלחמה, וואָס די סאָ־
ציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אין פאַרשידענע צייטען אַרויסגעלאָזט,
און אַנטי־מלחמה רעדעס פון די באַשולדיגטע אַסעמבלי־לייט און
פון אַנדערע סאָציאַליסטען.

איך האָב געוואוסט, אַז די „באַשולדיגונגען" וועט מען
יאָהרען־לאַנג האַלטען אין איין וויעדערהאָלען און אין אַן אַטמאָס־
פערע פון נאָך־מלחמה היסטעריקע קען מען מיט זיי פאַרגיפטען
געגען אונז די מוחות פון עולם, וואָס טראַכט זיך ניט אַריין צו־
פיל אין אַזעלכע זאַכען.

איך האָב דערפאַר באַשלאָסען צו ערקלערען אונזער שטע־
לונג צו דער מלחמה גענוי, אָפענהערציג און שטאַרק.

„מיר האָבען אַנערקענט דעם פאַקט, — האָב איך געזאָגט —
אַז קריג איז געזעצליך ערקלערט געוואָרען און מיר האָבען אין יע־
דער הינזיכט געהאַנדעלט אין איינקלאַנג מיט אַלע קריגס־געזעצען,
וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען. מיר האָבען ניט אויפגעגעבען
אונזערע מיינונגען און אונזער אויפריכטיגע איבערצייגונג, אַז די
מלחמה איז אַן אָנשיקעניש, אַ בלוטיגע אָנשיקעניש, און אַז יע־

דער טאָג, וואָס זי האָלט אָן, ברענגט נייע אונגויטיגע צרות און לײדען אויף אונזער באַפעלקערונג. מיר האָבען אונזערע מיי־נונגען אַרויסגעזאָגט. מיר האָבען זיי אַרויסגעזאָגט, ווייל מיר האָבען געהאַלטען, און מיר האַלטען אויך איצט, מר. טשערמאַן, אַז קיין שום געזעץ, וואָס באַצוועקט צו פאַרמאַכען די מיילער און אונטערדריקען די געדאַנקען פון פאָלק, איז ניט אַזוי הייליג, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך מוזען בויגען פאַר דעם. נישט נאָר מוז דאָס פאָלק ניט אונטערגעבען זיך אין טאָג־טעגליכען פּראַקטישען לעבען, נאָר עס מוז זיך אַפילו ניט בויגען אינטעלעקטועל און מאָראַליש. מיר זאָגען, אַז אונטערדריקונג איז ניט געמיינט גע־וואָרען פאַר אַמעריקע און וועט דאָ קיינמאָל ניט געדולדעט ווע־רען. ס'איז גאָר קיינמאָל קיינעם ניט איינגעפאַלען, אַז ווען אַ מלחמה וועט ערקלערט ווערען, אָדער ווען עס וועט זיין עפּעס אַן אַנדער גרויסער קריזיס, וואָס וועט אָנריהרען דאָס גאַנצע לאַנד, זאָל מען אין אונזער גרויסער רעפּובליק אינגאַנצען אויפהערען צו דענקען, אויפגעבען אַלע דעמאָקראַטישע פיהרונגען און דער שיקזאַל פון 110 מיליאָן מענשען זאָל איבערגעגעבען ווערען אין די הענט פון איין פּערזאָן. עס מאַכט ניט אויס ווי נאָבעל די פּערזאָן איז. דאָס איז ניט קיין דעמאָקראַטיע, דאָס איז די עכסטע פאָרם פון אויטאָקראַטיע, פון זעלבסטהערשאַפט.

„מיר האַלטען, אַז ניט נאָר איז עס דאָס רעכט, נאָר אַז עס איז אויך די פליכט פון יעדען בירגער, צו יעדער צייט און אין באַצוג צו אַלע געזעצען, אַליין צו אורטיילען אַזוי גוט ווי ער איז נאָר אימשטאַנד. און אויב ער דענקט אויפריכטיג און געוויסענ־האַפט, אַז אַ געזעץ, וואָס איז דורכגעפיהרט געוואָרען, איז געגען די אינטערעסען פון זיין לאַנד און פון זיינע מיטמענשען, איז עס זיין רעכט און זיין פליכט צו טאָן אַלץ אין זיין מאַכט דאָס אויסצובעסערען אָדער אָפּצושאַפען.

„מיר האָבען גענוג ביישפילען אין דער געשיכטע פון אַמע־ריקע, מיט וועלכע מיר קענען שטיצען אונזער באַהויפּטונג, אַז וואָס גרעסער דער קריזיס, אַלץ גרעסער איז די פליכט צו רעדען; אַז וואָס געפעהרליכער עס איז זיך געגענצושטעלען, אַלץ גרעסער איז די פליכט מוטיג אַרויסצוטרעטען טראָץ דער געפאַהר. בלויז

דער געמיינער פּאָליטישער פייגלינג קען אראָפּשלינגען און זיך אונטערוואַרפען זאַכען, וואָס ער אַליין האַלט פאַר אַ פאַרברעכען.

„און דערפאַר וואָס מיר האַלטען, אַז מיר האָבען אַ רעכט צו רעדען אָפען, האָבען מיר זיך ניט געלאָזט באַאיינפלוסען פון שרעק פאַר דער פאַבריצירטער עפענטליכער מיינונג אין באַצוג צו אונזער אַריינטרעטען אין דער מלחמה.

„מיר האָבען געהאַלטען אונזער אַריינטריט אין דער מלחמה פאַר אַ קאַטאַסטראָפע. מיר האָבען געוואוסט, אַז אין דער צייט, ווען מיר זיינען שוין געווען גרייט אַריינצוטרעטען אין דער מלחמה, זיינען שוין זעקס מיליאָן מענשען געווען אויסגעשלאָכטעט אויף די שלאַכטפעלדער. דאָס איז אַ גרעסערע צאָהל אומגעבראַכטע מענשליכע לעבענס, ווי אין וועלכער־עס־איז מלחמה אָדער מלחמות אין אַן אַנדער יאָהרהונדערט.

„מיר האָבען געוואוסט, אַז גאַנץ אייראָפּאַ איז אין כאַאָס און ווערט געטריבען צו רואינע און פאַרניכטונג, און מיר האָבען געזאָגט: וואָס וועט באַדייטען דער אַריינטריט פון אמעריקע אין דער מלחמה? עס וועט נאָר פאַרגרעסערען דאָס פייער. עס וועט נאָר פיהרען טויזנטער, הונדערטע טויזענטער — און אויב עס וועט לאַנג אָנהאַלטען — מיליאָנען פון אונזערע יונגעלייט צו דער שחיטה. עס וועט מאַכען מיליאָנען אין אמעריקע פאַר אַלמנות און יתומים. עס וועט חרוב מאַכען דאָס לאַנד אינדוסטריעל און מאָראַליש. עס וועט אָנפּלאָדיען האַס און שנאה צווישען אונז, ווי עס האָט אָנגעפּלאָדיעט האַס און שנאה אין אייראָפּע. און נאָך דעם אַלעמען וועט קיין שום גוטס דערפון ניט אַרויסקומען. יעדענפאַלס וועט זיך עס ניט קענען פאַרגלייכען מיט די קרבנות וואָס מיר וועלען מוזען ברענגען.

„מיר האָבען ניט געגלויבט, אַז אַלס רעזולטאַט פון קריג וועט דעמאָקראַטיע באַפעסטיגט ווערען. מיר האָבען געדענקט, אַז גראָד פאַרקעהרט — אַלס רעזולטאַט פון דעם קריג וועלען די קלאַסען פון מלחמה קאָמאַנדירען, פּראָפיטירער און רעאַקציאָנערען איינפיהרען טעראָר כמעט אין יעדען לאַנד.

„מיר האָבען אין דער מלחמה ניט געקענט זעהן קיין שום זאַך, ווי נאָר אַ קאָלאָסאַלע מאָרד־וואָקכאַנאַליע, וואָס איז פאַר־

אורזאכט געוואָרען דורך דער האַנדעלס־קאָנקורענץ פון די קאַפּי־טאַליסטישע גרויס־מעכטע אין אייראָפּע . . .

„מיר האָבען אין דעם געזעהן ניט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אַ צוזאַמענברוך פון דער מענשליכער ציוויליזאציע. און מיר האָבען געזאָגט:

„אָט זיינען מיר, די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע, ארום פיער טויזענט מייל ווייט פון דער וואהנזיניגער שחיטה: אַ מעכטיג פאָלק, שטאַרק אין רייכטום און אין איינפלוס, אַ פאָלק, וואָס האָט זיך פאַרנומען צו באַשאַפען אַ נייע ציוויליזאציע אויף דעם נייעם טייל פון דער וועלט; אַ פאָלק, וואָס האָט זיך אָפּגע־קעהרט פון די אינטריגעס און מאכינאציעס פון דער אַלטער וועלט. איצט איז אונזער גרויסע געלעגענהייט, לאָמיר בלייבען אין דרויסען פון דער גרויסער שחיטה. לאָמיר איינהיטען אונזער גאַנצען פאַרמעגען, אונזער גאַנצע קראַפט, אום צו העלפען מיט דער פול־לער האַנט די רואינירטע פעלקער פון אייראָפּע ווען די שחיטה וועט זיין פאַראיבער און די צייט פון פרידען און אויפבויאונג וועט זיך אָנפאַנגען".

„און ווען מיר האָבען געהערט דאָס געשריי, אַז אויך מיר זאָלען אַנטייל נעמען אין דער שחיטה, אַ געשריי וואָס מיר האָבען געהאַלטען פאַר וואהנזיניג און פאַר קינסטליך אויפגעהעצט, האָבען מיר געזאָגט: 'די מענשען, וועלכע טוען דאָס, די מענשען וועל־כע שטויסען אונזער רעפּובליק אין דער אייראָפּייאישער בלוט־באָד אריין, און וועלכע דאַרף אין תוך אריין אונז גאָרניט אָנ־געהן, קענען זיך האָבען גאַנץ־גוטע אַבזיכטען, נאָר זיי באַגעהען, אָדער זיי האַלטען אין באַגעהן, דאָס שווערסטע פאַרברעכען אין דער געשיכטע סאַי געגען דעם אַמעריקאַנעם פאָלק, סאַי געגען דער וועלט'.

„און מיר האָבען געזאָגט: 'ווייל דאָס זיינען אונזערע מיי־נונגען, איז עס אונזער הייליגע פליכט צו אונזערע מיטמענשען צו פּראָטעסטירען געגען דער מלחמה, ארויסצוטרעטען אַלס געג־נער מיט דער גאַנצער קראַפט פון אונזער ווערען, וואָס עס זאָל נישט פּאַסירען, ווי שטאַרק עס זאָל ניט זיין אונזער געגנער, ווי־פיל מען זאָל אונז נישט פאַרפאָלגען און ווי שטאַרק עס זאָל אונז נישט אויסקומען צו ליידען'. און צו אייך, מיינע הערען, זאָגען

מיר אַז ווען איהר וואָלט נעהאַט אַזעלכע איבערציינונגען און ווען איהר וואָלט נאָר געוועזן אויפריכטיג צו זיך אַליין און צו אייער לאַנד, וואָלט איהר אויך נישט געקענט אַנדערש האַנדלען. מיר האָבען נישט געהאַנדעלט אַנדערש. און איצט, אַז די מלחמה איז פאַריבער, און די גאַנצע וועלט צאַפּעלט זיך אין דעם פּיין, וואָס מען האָט געבראַכט אויף איהר; איצט, אַז צעהן מיליאָן מענשען אדער נאָך מעהר זיינען בוכשטעבליך אויסגעשאָכטען געוואָרען און נאָך מיליאָנען מענשען זיינען אומגעקומען פון מגפות, איצט, אַז גאַנץ אייראָפּע איז אין טרויער, אַז דער גרעסטער טייל פון אייראָפּע הונגערט און עס וואַקסט אַ דור פון בלוט־אָרימע, שלעכט־גענעהרטע שוואַכלינגע; איצט, אַז מיר באַטראַכטען הילפלאָז דעם חורבן פון אונזער ציוויליזאַציע און זיינען נישט אימשטאַנד די וועלט איבערצובויען; איצט זאָגען מיר, סאָציאַליסטען, אַז מיר האָבען אַבסאָלוט נישט קיין גרונד חרטה צו האָבען אויף אונזער שטעלונג".

נאָך מיר האָבען גערעדט מר. קאַנבאַי און סענאַטאָר בראַון, וועלכע האָבען געהאַלטען די שלום־רעדעס פאַר דער אַנקלאַגע. די גאַנצע זאַך איז פאַרענדיגט געוואָרען מיט אַ רעדע פון מר. סטעדמאַן.

דעם 3טען מאַרטש, כמעט דריי מאָנאַטען נאָך דער סוס־פּענדירונג פון די סאָציאַליסטישע אַסעמבליליים, האָט די „דזשודישיערי קאָמיטע" אַרויסגעגעבען איהר באַריכט. מיט דער קלייענער מעהרהייט פון זיבען געגען פינף, האָט דער באַריכט רעקאָמענדירט אַז מען זאָל די סאָציאַליסטישע אַסעמבלילייט אויסשליסען. איין מיטגליד פון דער קאָמיטע האָט רעקאָמענדירט אַז צוויי פון די באַשולדיגטע זאָלען צוגעלאָזען ווערען און די אַנדערע דריי זאָל מען אויסשליסען.

דאָן איז די האַנדלונג אַריבערגעטראָגען געוואָרען אין דער אַסעמבלי אַריין, וואו די דעבאַטע האָט אָנגעהאַלטען צוויי־און־צוואַנציג שטונדען.

ס'איז געווען אַ טרויעריג און באַליידיגענד בילד. וואָס לענגער די דיסקוסיע האָט געדויערט, אַלץ צעקאָכטער און אויפּגערייצטער זיינען די געזעצגעבער געוואָרען און זיי האָבען גע־

קאָנקורירט צווישען זיך מיט די גיפטיגע העצערייען. די מיטגלי־
דער פון דער אסעמבלי זיינען פארוואנדעלט געוואָרען אין א
ווילדען, שרייענדיגען און קוויטשענדיגען מאָב. זיי זיינען גע־
ווען שיכור פון „פאטריאָטישען" ברען און „קיינמאָל איז נאָך א
דעבאטע נישט אזוי גוט באנעצט געוואָרען", האָט די ניו־יאָרקער
צייטונג „גלאָוב" אויף מאָרגען באריכטעט. „צייטענווייז האָט
עס אויסגעזעהן, אז יעדער איינער, ווענען מען האָט נאָר באנע־
נענט, האָט געהאט אין זיין הינטער־קעשענע א פלעשעל גוטען
אַלטען שנאפס און איז געווען גרייט צו טיילען זיך מיט אנדערע.
דאָס גארדעראָב־צימער פון דער אסעמבלי איז געווען איינגעטונ־
קען אין אַלקאָהאָל און דער אָטעם פון מערסטע מענשען, וואָס
מען האָט באגעגענט אין לאָבי, האָט דערמאָנט אָן א ברייזעל".

ווען די אָפשטימונג איז ענדליך פאָרגעקומען איז דער רע־
זולטאט געווען 116 פאר אויסשליסונג און 28 געגען.

די אָנגע'שכור'טע קרעפטען פון געזעץ און פון אָרדנונג האָבען
געהאט אן ענטשיידענעם זיג. אָבער די אַלגעמיינע ענטריסטונג
וואָס די גאנצע זאך האָט ארויסגערופען איבער'ן גאנצען לאנד
איז געווען אזוי גרויס, אז מען קאָן מיט זיכערקייט אָננעמען, אז עס
וועט וויינינגסטענס אוועק א היבשע צאָל יאָהר איידער נאָך אן
אמעריקאנער געזעצגעבענדע קערפערשאפט וועט נאָכאמאָל וואַ־
גען אוועקצורויבען די רעכט פון א געזעצליכער פאָליטישער
פארטיי.

## קאפּיטעל איינס

# דאָס שטייגען און פאַלען פון רעוואָלוציאָנערען שטראָם

דעם 7טען נאָוועמבער, 1917, איז די וועלט עלעקטריזירט געוואָרען פון דער איבערראשענדער נייעס וועגען דער סאָוועטישער רעוואָלוציע אין רוסלאנד. דער ראדיקאלער פליגעל פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג האָט פארכאפּט די רעגירונג פון דער ריזינער רוסישער אימפּעריע און האָט פּראָקלאמירט די אבּסאָלוטע הערשאפט פון די ארבייטער און פּויערים. מיט איין רעוואָלוציאָנערען דעקרעט זיינען אָפּגעווישט געוואָרען אלע קלאסען לאנד־באזיצער און עס זיינען אָפּגעשאפט געוואָרען אלע פּריוואַטע רייכטימער און פערזענליכע פּריווילעגיעס. די אלטע וועלט, די וועלט פון קלאס־הערשאפט און אונטערדריקונג, פון האס און קריג, האָט געדארפט איבערגעאנדערשט ווערען מיט איין קלאפּ. א נייע געזעלשאפטליכע אָרדנונג, וואס שטיצט זיך אויף גלייכהייט, קאָאָפּעראציע און פרידען האָט געדארפט אויפ'ן שטעל איינגעפיהרט ווערען.

ביי מיליאָנען מענשען אין אלע לענדער האָט עס אויסגעזעהן ווי דער אלטער טרוים וועגען דער הערשאפט פון שכל און גערעכטיגקייט האלט ביים פארווירקליכט ווערען. פאר זיי איז די רוסישע רעוואָלוציע נישט געווען אן אָפּגעזונדערטע צופעליגע פּאסירונג. דאָס איז געווען פאר זיי א פאָרשפּיל צו א וועלט־איבערקערעניש, דער וויכטיגסטער רעזולטאט פון דער וועלט־מלחמה, וויכטיגער פון דער מלחמה אליין. די רוסישע רעוואָלוציע האָט געשיינט צו אנטפּלעקען דעם ווירקליכען מיין און די היסטאָרישע באדייטונג פון דער מלחמה.

איך ציטיר אן ארטיקעל, וואס איך האָב געשריבען פאר „לע פּאָפּולער", דאן ערשט־געגרינדעטע צייטונג פון דעם אנטי־מלחמה טייל פון דער פראנצויזישער סאָציאליסטישער פּארטיי, אונטער דער רעדאקציע פון זשאן לאָנגעי און לעאָן בלום, ווען עס האָט שוין געהאלטען ביים סוף פון דער מלחמה און ס'איז שוין געווען נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע:

„וואָס ווייטער די גרויזאַמע מלחמה געהט זיך איהר מלאך־המות׳דיגען וועג, אָהן אָפּשטעל און אָהן רוה, אַלץ מעהר הויבען מיר זיך אָן צו פאַרטראַכטען איבער איהר טיפערער און אמת׳ער באַדייטונג. אַ פאַסירונג פון אַזא דערדריקענדער וואָג קען נישט פאָרקומען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט ווי אַ געוועהנליכער צופאַל. עס קען נישט פאַראיבער אָהן אַ רעוואָלוציאָניזירענדען איינפלוס. וואָס ברענגט, אַלזאָ, די איצטיגע אייראָפּעאישע אויפטרייסלונג פאַר דעם פּראָגרעס פון דער מענשהייט?

„מיר האָבען אַ לאַנגע צייט געהאַלטען אין איין רעדען וועגען דעם קומענדיגען צוזאַמענברוך פון דער אַזוי גערופענער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציע. איז דען נישט מעגליך, אַז די איצטיגע אַלוועלטליכע אָרגיע פון טויט און פאַרניכטונג איז אָן אָנזאָג, אַז עס איז שוין דער אָנהויב פונ׳ם סוף? קאַפּיטאַליזם האָט זיך זעהר לאַנג געהאַלטען אין דער מאַכט דורך אונטערדריקונג און געוואַלד. איז דען נישט פּאַסיג און רעכט, אַז אויך אונטערגעהן זאָל דער קאַפּיטאַליזם אין געוואַלד?

„די מלחמה שטאַמט פון דעם קאַפּיטאַליזם. אָבער די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען האָבען זי נישט באַוואוסטזיניג אַרויסגערופען. זי איז פאַראורזאַכט געוואָרען בלינדערהייט, ווייל דער קאַפּיטאַליזם אַרבייט אין אַלגעמיין בלינד, און בלינדערהייט קען עס פיהרען דעם קאַפּיטאַליזם צו פאַרניכטונג, ווייל קיין געשעהעניש אין דער געשיכטע האָט נישט אַזוי קלאָהר באַוויזען די וואַקעלדיגקייט און די אומזיכערקייט, די פאַרדאָרבענקייט און די אונמענשליכקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציע, ווי עס האָט עס געטאָן איצט די אומזיניגסטע און קרימינעלסטע פון אַלע מלחמות. און שטופענווייז הויבען דאָס אָן איינצוזעהן די אַרבייטער פון און אויסער די טרענטשעס. און דאָך פיהרען זיי קריג און בלוטען און הרג׳ענען איינע די אנדערע אום צו שליכטען די קריגערייען פון זייערע באַלעבאַטים און הערשער. עס הויבט אָבער ענדליך אָן פאַר זיי קלאָר צו ווערען די שרעקליכקייט פון דעם אַלעס. די סימנים פון רעוואָלט זעהען זיך אַלץ אָפטער. דער רעוואָלט וואַקסט אַלץ מעהר, וואָס לענגער די מלחמה האַלט אָן און די מאָמענטאַנע פאַר׳שיכור׳ונג טרעט אָפּ דעם פּלאַץ פאַר ניכטערען דענקען. צום סוף פון דער מלחמה וועט די וועלט

האָבען פאַר זיך אַ דיסקרעדיטירטען קאַפּיטאַליסטישען קלאַס און אַ רעוואָלטירטען ארבייטער קלאַס. דאַן וועט אפשר שלאָגען די שטונדע פון דעם לאַנג פאַרשפּעטיגטען יום הדין, און עס וועט קומען אַ סוף צו דער קאַפּיטאַליסטישער הפקר־הערשאַפט.

„אויף די גרויסע און שרעקליכע שלאַכטפעלדער פון דער מלחמה־ליידענדער אייראָפּע, אינמיטען דעם רעווען פון די קאַ־נאָנען, דעם רויך פון פּולווער, די קרעכצען פון די פאַרוואונדעטע און די זיפצען פון די גוסס'דיגע, און די קאָנוואולסיעס פון טויט און טויט־שרעק, ווערט אפשר געבאָרען אַ נייע וועלט. די טייַ־וועלשע מלחמה איז פּילייכט דער גיהנום פון בלוט און פייער, דורך וועלכען די מענשהייט געהט דורך אום געלייטערט צו ווערען פאַר אַ בעסערער ציוויליזאַציע — פאַר אַ וועלט פון ברידערליכ־קייט, מענשען־ליבע און פרידען".

ווען איך לייען ווידער די באַגייסטערטע שורות נאָך 15 יאָהר און אין דער ליכט פון דער שוואַרצער רעאַקציע, אין וועלכער אַ סך טיילען פון דער וועלט זיינען אריינגעוואָרפען געוואָרען אין פאַרלויף פון דער צייט, איז מיר איצט שווער זיך פאָרצושטעלען, אַז יענע ווערטער מיינע האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם גלויַ־בען פון גרויסע מאַסען מענשען אין יעדען פאָרגעשריטענעם לאַנד. דאָך האָבען יענע ווערטער מיינע ריכטיג אָפּגעשפּיגעלט דעם הערשענדען סאָציאַליסטישען סענטימענט פון יענער צייט. און די געשעהענישען פון די נעקסטע פאָר יאָהר האָבען געשיינט זיי צו באַשטעטיגען. די צייט פון יאָהר 1917 ביז 1920 איז גע־ווען אַ פּעריאָדע פון אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערען אויפברויז.

באַלד נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז געשאַפען געוואָרען „די צייטווייליגע רעגירונג פון דער פאָלקס־רעפּובליק פון פינלאַנד", וועלכע איז געווען אַ רעזולטאַט פון דעם ערפאָלגרייכען סאָציאַליסטישען אויפשטאַנד פון יאָהר 1918.

אין דעם זעלבען יאָהר איז פּאַקטיש גאַנץ צענטראַל אייראָפּע פּאָליטיש רעאָרגאַניזירט געוואָרען אונטער סאָציאַליסטישען איינ־פלוס.

די דייטשע רעפּובליק איז פּראָקלאַמירט געוואָרען פון אַ פענ־סטער פון דער רייכסטאַג געביידע דורך דעם סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישען דעפּוטאַט פיליפּ שיידעמאַן אין נאָמען פון דער פּאַרטיי.

א רעוואָלוציאָנערע רעגירונג איז געגרינדעט געוואָרען אונטער דעם נאָמען „דער ראַט פון פאָלקס־קאָמיסארען", וואָס איז באשטאנען פון זעקס מיטגלידער, אלע סאָציאליסטען. דער סאָציאליסטישער זאָטעלמאכער פרידריך עבערט איז ערוועהלט געוואָרען אלס דער ערשטער פרעזידענט פון דייטשלאנד.

אין עסטרייך איז אויך די סאָציאליסטישע פארטיי געווען דער הויפּט־מחותן ביי דעם געבורט פון דער רעפּובליק. די ערשטע רעגירונג פון עסטרייך אונטער דער רעפּובליק איז געווען באדייטענד סאָציאליסטיש. דער ערשטער פרעזידענט פון דער רעפּובליק איז געווען קארל זייטץ, דער סאָציאליסטישער פיהרער, וועלכער איז אין די שפּעטערדיגע יאָהרען געווען דער פּאָפּולערסטער מעיאָר פון וויען.

די באפרייטע און איבערגעבויטע אויטאָנאָמישע רעפּובליק פון פוילען האָט אָנגעפאנגען איהר פּאָליטישע קאריערע מיט א כמעט־סאָציאליסטישען רעזשים, אונטער דער פיהרערשאפט פון מארשאל פּילסודסקי, וועלכער איז נאָך דאן געווען אן איבערגעבענער מיטגליד פון דער סאָציאליסטישער פּארטיי.

די טשעכאָסלאָוואקישע רעגירונג איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרען פון א קאָאליציע פון דעמאָקראטישע פּארטייען מיט א היבשער סאָציאליסטישער באטייליגונג. דער געאכטעטער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, טאָמאס ג. מאסאריק, וועלכער האָט זיך אליין באצייכענט אלס סאָציאליסט־נאציאָנאליסט, האָט שטענדיג געארבייט האנט־אין־האנט מיט דער סאָציאל־דעמאָקראטישער פּארטיי.

אין יאָהר 1919 איז די סאָוועטען־רעגירונג פון אונגארן געגרינדעט געוואָרען אונטער דער פיהרערשאפט פון קאָמוניסטען. אויף אזא שטייגער איז דאָס פּאָליטישע אויסזעהן פון אייראָפּע אינגאנצען רעוואָלוציאָניזירט געוואָרען. די מעכטיגע קעניגליכע דינאסטיעס פון די ראָמאנאָווס, האָהענצאָלערנס און האפּסבורגער זיינען פּלוצים און כמעט אלע מיט אמאל אראָפּגעזעצט געוואָרען. די גרעסטע טייל פון אייראָפּע איז געווען אונטער סאָציאליסטישער הערשאפט פון אזא אָדער אן אנדער שטייגער.

דער אלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער שטראָם האָט אויך נישט אויסגעמידען די לענדער, וואָס האָבען געהאט בורזשואזע רע־

גירונגען. אין איטאַליע זיינען די אַרבייטער־מאַסען געווען אומ־
רוהיג. זייער באַוועגונג איז אָהן אויפהער געוואַקסען אין פאַר־
נעם און אין קעמפּערישקייט און האָט דערגרייכט דעם העכסטען
פּונקט מיט דעם באַרימטען פאַל, ווען די אויסגעשלאָסענע מעטאַל־
אַרבייטער האָבען אין אויגוסט 1919 „פאַרכאַפּט" די פאַבריקען.
אין ענגלאַנד און אין די סקאַנדינאַווישע לענדער האָבען די סאָ־
ציאַליסטישע און די לעיבאָר פּאַרטייען געמאַכט גרויס פּאָרט־
שריט אין דער ריכטונג צו געווינען די רעגירונג־מאַכט, וועלכע
זיי האָבען טאַקע מיט אַ יאָהר שפּעטער באַקומען. אין פראַנקר־
רייך, בעלגיע, האָלאַנד און אין דער שווייץ האָט דער רעוואָלוציאָ־
נערער גייסט פון סאָציאַליזם באַקומען נייע ענערגיע. אַפילו די
פעלקער פן דעם פּאָליטיש גלייכגילטיגען און פאַרשלאָפענעם ווײ־
טען מזרח האָבען זיך אָנגעפאַנגען אויסצוטשוכען פון זייער לאַנג־
יאָהריגען הינערפלעט און אויפצוהויבען זייערע קעפּ מיט מוט
און רעוואָלט.

און דאַן האָט די כוואַליע פון רעוואָלוציעס, וואָס אָט־
ערשט האָט עס אויסגעזעהן, אַז קיינער קען גענען איהר ניט
ביישטיין, פּלוצים פאַרלוירען איהר קראַפט. אין פאַרלויף פון
דער אונגלויבליך־קורצער צייט פון צוויי־דריי יאָהר, האָט די
אַלטע אָרדנונג ווידער געקראָגען די אויבערהאַנט איבער דער
וועלט.

דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער רעזשים פון פינ־
לאַנד און די סאָוועטען־רעגירונג פון אונגאַרן זיינען מיט גוואַלד
אַרונטערגעזעצט געוואָרען דורך די „ווייסע גוואַרדיעס" פון
יענע לענדער מיט דער אומפּאַרטייאישער הילף, וואָס זיי האָבען
באַקומען פון די אויסלענדישע רעגירונגען פוןביידע מלחמה־
צדדים. מען האָט זיך אָהן רחמנות נוקם געווען אָן די פיהרער
און אונטערשטיצער פון די אונטערדריקטע אַרבייטער־קלאַס רע־
וואָלוציעס. די יונגינקע סאָוועטען־רעפּובליק פון בייערען איז
דערשטיקט געוואָרען כמעט ביים געבורט. אין איטאַליע האָט
מוסאָליני'ס פאַשיזם מיט אַן אייזערנער האַנט דערשטיקט די
רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון פּראָלעטאַריאַט.

אין דייטשלאַנד האָט די צייטווייליגע סאָציאַליסטישע רע־
גירונג פרייוויליג אויפגעגעבען די מאַכט, ווען די ערשטע אַלגע־

מיינע וואהלען נאָך דער רעוואָלוציע האָבען געצייגט, אז זיי האָ־
בען נישט מיט זיך די מערהייט פון פאָלק.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון עסטרייך, פיליכט די שטאַרקסטע אין דער וועלט לויט דער צאָהל, דיסציפּלין און אָר־
גאַניזירטקייט, האָט זיך אַבזיכטליך צוריק געהאַלטען פון יעדען פאַרזוך צו פאַרכאַפּען און האַלטען די רעגירונגס־מאַכט אַלס א מינאָריטעט־פּאַרטיי. פוילען האָט אָנגעפאַנגען איהר טרויעריגע ענטוויקלונג פון א דעמאָקראַטישער רעפּובליק אין א האַלב־מי־
ליטערישער דיקטאַטור אונטער דער פּאָליטישער פיהרערשאַפט פון איהר קאַפּריזנעם אָפּגאָט יאָן פּילסודסקי. און אין טשעכאָ־
סלאָוואַקיע, האָבען זיך די סאָציאַליסטען, אָפּגעשוואַכטע דורך דער קאָמוניסטישער שפּאַלטונג, פרייוויליג צוריקגעצויגען פון דער רעגירונג.

די פראַגע צי די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע איז געוועזען די ערשטע אָנצופאַנגען דעם צוריקגאַנג, איז נישט באַ־
גאַנגען א שרעקליכען היסטאָרישען פעהלער דורך איבערגעבען די לייצעס פון דער רעגירונג צו איהרע בורזשואזע געגנער אין דער צייט, ווען זי האָט געשיינט צו האַלטען די לייצעס פעסט אין איהרע הענט, — די דאָזיגע פראַגע וועט אייביג אַרויסרו־
פען אַלערליי דעבאַטען ביי די דענקער פון דער ראָמאַנטישער שולע. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז שאַרף צוטיילט אין צוויי לאַגערען שוין פופצעהן יאָהר צייט איבער דער פאָלגענדער פראַגע: דיקטאַטור אָדער דעמאָקראַטיע, רעוואָלוציאָנערע פאַר־
כאַפּונג פון דער מאַכט, אָדער שטופּענווייזע אויפבויאונג פון א סאָציאַליסטישער וועלט און א סאָציאַליסטישען געדאַנקען־
גאַנג אויף דעם פעסטען פונדאַמענט פון א פרייווילליגער שטיצע פון פאָלק — וועלכער איז דער בעסערער און זיכערער וועג צו דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט ?

אין דער הינזיכט האָבען די פּאָליטישע שיקזאַלען פון רוס־
לאַנד און דייטשלאַנד געמוזט זיין אַזוי ווייט איינער פון צוויי־
טען ווי מזרח פון מערב. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע איז דורכגעפיהרט געוואָרען דורך א פאַרהעלטניסמעסיג־קליינער גרו־
פּע פון ראַדיקאַלע סאָציאַליסטען אָהן דער שטיצע פון אַן אָר־
גאַניזירטער און אויסגעבילדעטער אַרבייטער־באַוועגונג און אין

דער פּאַקטישער אָבוועזענהייט פון אַן אינדוסטריעלען פּראָלעטאַ־ריאַט. די סאָוועטען־רעגירונג האָט זיך געהאַלטען ביי דער מאַכט דורך אַ פּאָליסי פון סיסטעמאַטישער אונטערדריקונג און פּאָ־ליטישען טעראָר.

דאָס לאַנד האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט ליידען פון אַל־געמיינער און כראָנישער אָרימקייט און נויט. דאָך איז דער קאָ־מוניסטישער רעזשים נאָך אַלץ שטאַרק און דאָס פּאָלק מאַטערט זיך און האָפט און טרייסט זיך מיט דעם אייביגען טרוים וועגען בעסערע צייטען.

די דייטשע סאָציאַליסטען האָבען באַקומען די מאַכט כמעט אויטאָמאַטיש. די ענדע פון דער שרעקליכער מלחמה, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דייטשלאַנד, האָט גע־לאָזט די פּאָליטישע אינסטיטוציעס און די עקאָנאָמישע אָרגאַ־ניזאַציעס פון לאַנד אין אַ צושטאַנד פון פּאָלשטענדיגען כאַאָס. די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען מיט זייער נעץ פון אָרגאַניזאַציעס איבער'ן גאַנצען לאַנד און מיט דער שטיצע פון די שטאַרקע יו־ניאָנס און קאָאָפּעראַטיווע פאַראיינען, וואָס האָבען געהאַט מיליאָנען מיטגלידער, זיינען געווען די איינציגע גאַנץ־געבליבענע געזעל־שאַפטליכע מאַכט. די רעגירונג איז אַריינגעפאַלען אין זייער שויס ליכט און אָהן שום ווידערשטאַנד. זיי האָבען זיך ניט אָנגעכאַפּט אָן זייער מאָדנעם און געפעהרליכען פּאָליטישען זיג און האָבען אויסגעדריקט זייער שטעלונג אין אַ פּראָגראַם פאַר שטופענווייזער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג. זיי זיינען געווען איבערצייגט, אַז אַזאַ שטופענווייזע ענטוויקלונג וועט מיט דער צייט פיהרען דערצו, אַז זייערע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און מאָראַלע לעהרע זאָל פריי־וויליג אָנגענומען ווערען פון אַ באַדייטענדער מעהרהייט פון גאַנ־צען פּאָלק.

זיי האָבען אויך געגלויבט, אַז דאָס וועט מיטברענגען אַ פריד־ליכען, זיכערען איבערגאַנג צו אַ שטענדיגער סאָציאַליסטישער אָרדנונג.

זיי האָבען אַריינגעוואָרפען זייער גאַנצען איינפלוס אין דער אַרבייט פון אויפבויען אַ דעמאָקראַטישע און פּראָגרעסיווע רעפּוב־ליק, געשטיצט אויף אַ פּאַרטגעשריטענער, געשריבענער קאָנסטי־טוציע אַלס דעם פּאַרלעסליכסטען מיטעל פאַר געזעלשאַפטליכען

ווידערגעבורט. פופּעצהן יאָהר האָבען זיי פּאַרצווייפעלט געקעמפט פאַר דער עקזיסטענץ פון דער רעפּובליק און פון דער קאָנסטיטוציע. די אויפגאַבע — צו פאַרזיכערען די עקזיסטענץ פון דער רעפּובליק און פון דער קאָנסטיטוציע — איז ביי זיי געווען די הויפּט־זאַך דורך אַלע פּאָליטישע ענדערונגען אין פאַרלויף פון יענער אומרוהיגער צייט. אין פאַרלויף פון יענער פּעריאָדע זיינען זיי אָדער געשטאַנען אָן דער שפּיץ אָדער זיי האָבען זיך באַטייליגט אין רעגירונגען, אָדער זיי האָבען געשטיצט מינאָריטעט־רעגירונגען פון אָפּאָזיציע־פּאַרטייען.

קיין קרבן איז ניט געווען צו גרויס, קיין דערנידערונג איז ניט געווען צו־טיף ביי זיי אין זייער פאַרזוך צו ראַטעווען זייער ערשט־געוואונענע דעמאָקראַטיע. און נאָך פופּעצהן יאָהר פון פיבערדיגען קאַמף, איז זייער לאַנד אַריינגעפאַלען אין די לאַפּעס פון דער ברוטאַלער געמיינסטער דיקטאַטור, וואָס האָט וואן־עס־איז געשע־דיגט דעם נאָמען פון אַ גרויסען פאָלק אין די מאָדערנע צייטען. רוסלאַנד ווערט נאָך אַלץ רעגירט פון יאָזעף סטאַלין און דייטש־לאַנד וואַלגערט זיך אין מאָראַלען און גייסטיגען שטויב פאַר דעם פּיטשינקען פיגורל פון דעם געמיינעם אדאָלף היטלער.

פון אויבען אויף זעהט עס אויס, אַז די מעטאָדען פון רוסי־שען באָלשעוויזם האָבען ביז איצט אָפּגעהאַלטען אַ פאָלשטענדיגען זיג איבער די מעטאָדען פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דאָך קען עס זיין אַ טראָפּעלע צו־שטאַרק איבערגעאיילט אַרויס־צוגעבען אַן ענדגילטיגען אורטייל איבער דער דאָזיגער שטאַרק־פאַר־טומעלטער פראַגע. דער אורטייל פון דער געשיכטע קען נאָך אַמאָל זיין גאָר אַן אַנדערער. די רוסישע רעוואָלוציע האָט נאָך אַ היבש שטיק וועג דורכצומאַכען, און אפילו איהר באַדייטונג און פאָרם איז נאָך נישט אינגאַנצען קלאָר. אויך איז די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע נאָך ניט געקומען צום לעצטען פּונקט פון איהר שיקזאַל, וואָס איז פאַר איהר אָנגעצייכענט געוואָרען דורך דעם נעדרעהטען און דאָרנדיגען וועג, וואָס האָט זיך פאַר איהר געעפענט נאָך דער מלחמה.

אָבער דאָס זיינען אַלץ בויך־סברות וועגען פראַגען און ערשיי־נונגען וואָס מ'האָט נישט פאָראויסגעזעהן און מ'האָט ניט געקאָנט פאָראויסזעהן באַצייטענס. אלס אַ כלל דאַרף מען געדענקען, אַז

דער גאַנג פון דער געשיכטע ווערט באַשטימט ניט אַזױפיל דורך דעם פרייען ווילען פון מענשען, ווי דורך מעכטיגע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדען, ווי זיי אַנטוויקלען זיך פון טאָג צו טאָג.

אין יאָהר 1918 זיינען די שטאַרק־אינדוסטריאַליזירטע און פּאָליטיש־פאָרטגעשריטענע לענדער פון צענטראַל אייראָפּע באַזיגט געוואָרען אין קריג און זיי זיינען האַרב באַשטראָפט געוואָרען דורך די זיגער. זיי זיינען געווען אין אַ גאַנץ אַנדערער לאַגע ווי רוסלאַנד אין 1917 מיט איהרע דעמאָראַליזירטע הערשענדע קלאַסען, מיט איהר צובונטעוועטער אַרמיי, וועלכע האָט קיין פיהרער ניט געהאַט, מיט איהר ריזיגער פּויערים־באַפעלקערונג, וואָס האָט געדורשט נאָך ערד, מיט איהר פּאָליטישער דעזאָרגאַניזאַציע און אינדוסטריעלער אָפּגעשטאַנענקייט.

אין 1920 ווידער האָט אייראָפּע מיט זיך פאָרגעשטעלט גאָר אַן אַנדער מין בילד. צוויי וויכטיגע פאַקטאָרען וואָס האָבען זיך געהאַט אַנטוויקעלט אין יענער קורצער צייט זיינען צום גרעסטען טייל געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער אָפּשוואַכונג אָדער דעם צוזאַמענברוך פון די רעוואָלוציאָנערע שטראָמען אין אייראָפּע.

די צוטומעלטע בורזשואַזיע האָט געקראָגען אַ מעגליכקייט אָפּצוכאַפּען דעם אָטעם און דאָס האָט איהר געגעבען אַ געלעגענ־הייט אָנצונעמען זיך מיט אַביסעל כחות ווידער צו פאַראייניגען איהרע צובראָכענע רייהען און אויף ס'ניי אויפהויבען דעם קאָפּ. אין דעם פּראָצעס פון מאָראַלען, עקאָנאָמישען און פּאָליטישען „געזונט־ווערען", האָבען דעם בורזשואַזען קלאַס פון צענטראַל אייראָפּע ארויסגעהאָלפען זייערע קלאַסן־גענאָסען פון די לענדער, וואָס זיי זיינען ערשט נעכטען געווען זייערע שונאים אין דער מלחמה. די בורזשואַזיע פון די זיגרייכע לענדער האָט זיך שטאַרק דערשראָקען פאַר דעם אָנקומען פון דער „פּילקעפּיקער רעוואָלו־ציאָנערער חיה", וואָס איז געוואָרען אַ געפאַהר פאַר דעם פונדאַ־מענט פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט.

אָבער נאָך אַ גרעסערע ראָלע אין דעם זיג פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע האָט געשפּילט די אומגליקליכע שפּאַלטונג אין די רייהען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אליין.

פּונקט אַזוי טראַגיש ווי עס איז געווען דער שיקזאַל פון אַ סך גרויסע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אין דער פאַרגאַנגענהייט,

איז אויך געווען דער שיקזאל פון דער היינטיגער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. פונקט ווי אין פריהערדיגע פאַלען איז דער געשיכטע איז די באַוועגונג צובראָכען געוואָרען דורך אינערליכע רייסערייען און דורך קריגערייען צווישען גרופּעס גראַדע דאַן, ווען דער זיג איז שוין געווען אזוי נאָהענט, ממש מיט דער האַנט צו דער־לאַנגען, און ווען איינינקייט, סטראַטעגיק און פיהרערשאַפט איז געווען נויטיגער ווי ווען עס איז פריהער. און עס איז זעהר מאָדנע, וואָס דער הויפּט־פּלאַץ פון וועלכע עס זיינען געקומען די רייסע־רייען האָט אין דער אמת'ען גאָר געקאָנט זיין דער פּונקט, וואָס האָט געדאַרפט באַגייסטערען און פאַראייניגען די גאַנצע באַוועגונג. יענער פּלאַץ איז געווען סאָוועט־רוסלאַנד.

ביז דער אָקטאָבער רעוואָלוציע זיינען די באָלשעוויקעס געווען נישט מעהר ווי איין פליגעל פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער פּאַרטיי. זיי האָבען געהאַט עטוואָס שאַרפערע און מעהר־קריגערישע מיינונגען וועגען מעהר־וועניגער טעאָרעטישע פראַגען פון טאַקטיק און מעטאָדען, ווי זייערע חברים פון דעם „מענשעוויסטישען“ פליגעל. אונטער דער פיהרערשאַפט פון לע־נינ'ען האָבען די באָלשעוויקעס געהאַט געקראָגען א מערהייט צווי־שען די מיטגלידער פון דער פּאַרטיי. דער פאַקט איז, אז די ווערטער „באָלשעוויק“ און „מענשעוויק“, וואָס זיינען שפּעטער געוואָרען אזוי באַקאַנט און אזוי פאַלש־אויסגעטייטשט אין דער פּאָליטישער ליטעראַטור און אין די צייטונגען פון דער גאַנצער וועלט, זיינען ניט מעהר ווי דער רוסישער אויסדרוק פאַר „מער־הייטס־גרופּע“ און „מינדערהייטס־גרופּע“. אָבער זיי זיינען געווען סאָציאַל־דעמאָקראַטען און א טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פון איהר אָרגאַניזאַציע. ערשט אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך אַנטוויקעלט ווען די צייטווייליגע רעגירונג איז געגרינדעט געוואָ־רען, האָט דאָס פּראָבלעם וועגען מעטאָדען צו באַקומען און אָנ־האַלטען די מאַכט אויפגעהערט צו זיין ריין־טעאָרעטיש און איז געוואָרען א פּראַקטישע פראַגע פון באַלדיגער לעבענס־וויכטיגקייט. ערשט דאַן זיינען די מיינונגס־פאַרשיידענהייטען צווישען די צוויי פליגלען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין א געגענזייטיגער ביטערער געגנערשאַפט.

מיט א שאַרפער קריגערישקייט האָבען זיך די באָלשעוויקעס אָפּגעשפּאָלטען פון דער גאַנצער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין־ און־אויסער רוסלאַנד. אום אונטערצושטרייכען, אַז זייער אָפּ־שפּאַלטונג איז ענדגילטיג, האָבען זיי איבערגעביטען דעם נאָמען פון זייער פּאַרטיי פון „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע" אויף „קאָמו־ניסטישע".

דער נייער נאָמען איז נישט גלאַט אזוי זיך אויסגעקליבען געוואָרען, נאָר ער האָט געדאַרפט סימבאָליזירען א נייע ווענדונג פון דער באַוועגונג, א ווענדונג, וואָס מ'קען אָמבעסטען אויס־דריקען מיט דעם סלאָגאַן „צוריק צו קאַרל מאַרקס!"

אין אָנפאַנג פון לעצטען יאָהרהונדערט איז די יונגע סאָציא־ליסטישע באַוועגונג פון אייראָפּע באַשטאַנען פון־ אַלערליי „שו־לען", אָדער „וועלט־אַנשויאונגען", וועלכע האָבען געשטאַמט פון פראַנצויזישע און דייטשע קוועלען און זייער אינהאַלט איז באַ־שטאַנען פון פאַרנעפּעלטע פילאָזאָפישע באַגריפען און טרוימע־רישע פּראָגראַמען.

עס איז געווען דער היסטאָרישער אויפטו פון קאַרל מאַרקס און זיינע נאָכפאָלגער, וואָס זיי האָבען אַרויסגעהויבען די באַוועגונג פון דער וועלט פון בטלנ'ישען פּלפּול און סענטימענטאַלע געפיהלען און האָבען זי איבערגעפלאַנצט אין דעם געזונטען באָדען פון עקאָנאָמישער נויטווענדיגקייט און פּאָליטישען קאַמף אַלס אן אינטערנאַציאָנאַלע באַוועגונג פון ארבייטער־קלאַס. אום אויסצומיידען א צומישעניש מיט דעם טרוימערישען „סאָציאַליזם" פון יענער צייט, האָבען די גרינדער פון דער מאַרקסיסטישער וועלט־אַנשויאונג אָנגענומען דעם עטוואָס אונפּינקטליכען און פאַרפיהרערישען נאָמען „קאָמוניזם" אויף צו באַצייכענען זייער לעהרע. אָט דערפאַר האָט מען דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַ־לער אָרגאַניזאציע פון מאַרקסיסטישען אָדער „וויסענשאפטליכען" סאָציאַליזם, א נאָמען געגעבען „קאָמוניסטישע ליג" און איהר באַריהמטע פּרינציפּען־ערקלערונג און פּראָגראַם זיינען אַרויסגע־געבען געוואָרען אין יאָהר 1848 אונטער'ן נאָמען „קאָמוניסטי־שער מאַניפעסט".

מיט יאָהרען שפּעטער, ווען די מאַרקסיסטישע לעהרע האָט אויפגעהערט צו זיין בלויז א פילאָזאָפישע סיסטעם און איז גע־

וואָרען דער טעאָרעטישער באָדען פון אַן אָרגאַניזירטער פּאָלי־טישער באַוועגונג מיט פּראַקטישע טאָג־טעגליכע פּראָבלעמען און די אַלט־מאָדישע לעהרעס פון סאָציאַליזם זיינען פארגעסען גע־וואָרען, האָט די באַוועגונג ווידער אָנגענומען דעם פּאַסיגערען און פּינקטליכערען נאָמען סאָציאַליזם אָדער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טיע.

אין 1917 האָבען ניקאָלאַי לענין און זיינע נאָכפאָלגער געהאַלטען אַז זיי האָבען פאַר זיך דיזעלבע לאַגע, וואָס עס האָט געהאַט פאַר זיך קאַרל מאַרקס אין יאָהר 1848, און זיי האָבען דערפאַר טאַקע צוריק אויפגעלעבט דעם נאָמען קאָמוניזם פאַר זייער רעאָרגאַניזירטער באַוועגונג.

מיט ביישען דעם נאָמען האָבען די קאָמוניסטען ניט נאָר דעמאָנסטרירט זייער פולשטענדיג אָפּשפּאַלטען זיך פון דער אינ־טערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, נאָר זיי האָבען דערצו ערקלערט אומדערבארימליכען קריג דער באַוועגונג, פון וועלכען זיי זיינען ערשט אַליין געווען א טייל. זיי האָבען ערקלערט, אַז פון יענעם מאָמענט אָן און ווייטער האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ניט קיין שום שייכות צום אמת'ען סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם. אַז זי איז נאָר זייער שונא, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז די גרעסטע שטערונג פאַר דעם ערפאָלג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און דאַרף באַקעמפט ווערען נאָך פיל ענערגישער ווי די דירעקטע קרעפטען פון קאַפּיטאַליזם.

אויפ'ן ערשטען בליק קען אַזאַ שטעלונג אויסזעהן לעבער־ליך, אויב נישט טאַקע זעלבסט־מערדעריש, אפילו פון דעם ענגען פּאַרטייאישען באָלשעוויסטישען שטאַנדפּונקט. סאָוועט־רוסלאַנד איז געווען ארומגערינגעלט מיט קאַפּיטאַליסטישע גרויסמעכטע ווי מיט אַן אייזערנער רייף. די קאַפּיטאַליסטישע גרויסמעכטע האָבען זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין באַהאַלטענע און אָפענע מיטלען געגען סאָוועט־רוסלאַנד, איינשליסענדיג עקאָנאָמישע בלאָ־קאַדעס, מלחמה אפילו אָהן א קריגס־ערקלערונג און אָהן א שיעור שטיצע פאַר אַלע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אינטריגעס אין רוס־לאַנד.

דער עולם אין אנדערע לענדער, אויף וועמעס סימפּאַטיע און שטיצע די סאָוועט־רעגירונג האָט זיך גערעכנט פאַרלאָזען, זיינען

געוועז די ארבייטער פון יענע לענדער, וועלכע זיינען געוועזן מערסטענס אונטער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פיהרערשאַפט. די קרעפטען פון די אָרגאַניזירטע ארבייטער און פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זיינען געווען געגוג שטארק אויסצואיבען ווירק־זאַמען דרוק אויף דער שטעלונג פון איינינע פון די וויכטיגסטע רעגירונגען און זיי זיינען שוין שטארק ארויסגעטראָטען געגען יעדער אויסלענדישער אריינמישונג אין די אָנגעלעגענהייטען פון סאָוועט־רוסלאַנד. אויב אזוי, פארוואָס האָבען די באָלשעוויקעס באַשלאָסען צו אַנטאַגאָניזירען זייערע איינציגע פריינט אין דעם פארצווייפעלטען קאמף?

דער ענטפער אויף דער הארבער פראגע ליגט אין דער דע־מאָלסדיגער טיף־איינגעוואָרצעלטער איבערצייגונג פון די באָלשע־וויקעס, אז אָט־אָט קומט די וועלט־רעוואָלוציע.

די רוסישע קאָמוניסטען האָבען עקשנות'דיג און פולשטענדיג מיספארשטאַנען די סענטימענטען און אומשטענדען פון מערב אייראָפּע. זיי האָבען נאַאיוו געגלויבט, אז די „ארבייטער און פּויערים" פון די וויכטיגסטע לענדער, איינשליסענדיג דייטש־לאַנד, פראנקרייך, ענגלאַנד און אפילו פון די פאראייניגטע שטאַא־טען, זיינען שוין דאַן געווען גרייט באלד ארונטערצוואַרפען דעם קאַפּיטאַליזם, און אז קיין זאַך האַלט זיי נישט צוריק פון מאַכען א רעוואָלוציע אויפ'ן רוסישען שטייגער, ווי נאָר די פּיינ־ליכע און דער פאררעטער פון די סאָציאַליסטישע פיהרער.

ביז א גרויסען גראַד איז דאָ דער פארלאַנג געווען דער פאָטער פון געדאַנק, ווייל צו יענער צייט האָבען אפילו די פארהאַרטע־וועטסטע באָלשעוויסטישע פיהרער נישט געגלויבט, אז די סאָוועט־רעגירונג וועט זיך קענען האַלטען סיידען זי וועט פארשטאַרקט ווערען דורך א פּראָלעטאַרישער וועלט־רעוואָלוציע. דער העכסטער פּונקט פון דעם קאַמף געגען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געווען די גרינדונג פון קאָמוניסטישען אינטערנאַציאָנאַל אין חודש מארטש, 1919, אלס אָפּאָזיציע און אלס צוקונפטיגען יורש פון דעם פריהערדיגען אָרגאַניזאַציאָנעלען צענטער פון וועלט־סאָציאַ־ליזם, וועלכער איז געווען באַקאַנט אלס „דער צווייטער אינטערנאַ־ציאָנאַל".

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל, נאָך א גלענצענדער קאַריערע פון 25 יאָהר כמעט נישט־אונטערבראָכענעם וואוקס און אויפטו־אונגען, איז שרעקליך פארקריפּעלט געווארען דורך די געגענזייטיגע מלחמה־שטעלונגען פון די פארשיידענע פּאַרטייען, וואָס זיי־נען אָן איהם געווען אָנגעשלאָסען.

לויט דער צאָהל מיטגלידער פון די אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַ־ציעס, איז עס נאָך אלץ געווען די גרעסטע אינטערנאַציאָנאַלע אָר־גאַניזאַציע פון סאָציאַליזם. צום צווייטען אינטערנאַציאָנאַל האָבען דאַן געהערט די מיטגלידער פון אזעלכע וויכטיגע קערפּערשאַפטען ווי ענגלישע לעיבאָר פּאַרטי, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע מעהרהייט־פּאַרטיי פון דייטשלאַנד און די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פון די מעהרסטע לענדער, וואָס זיינען געבליבען נייטראַל אין קריג. אָבער מאָראַליש איז ער געווען באַנקראָט. ער האָט פארלאָרען זיין פּרעסטיזש און זיין אויטאָריטעט און האָט אויף אייביג אויפ־געהערט צו זיין א פיהרענדע און באַגייסטערענדע קראַפט פון וועלט־סאָציאַליזם.

אין דער נייער פּאָליטישער איבערגרופּירונג זיינען א סך סאָ־ציאַליסטישע לאַנד־אָרגאַניזאַציעס, די פּאַרטייען פון פראַנקרייך, עסטרייך, שווייץ, די פאראייניגטע שטאַאטען פון אמעריקע, און די מינאָריטעט־פּאַרטייען, ווי די אונאָפּהענגיגע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד, די אינדעפּענדענט לעיבאָר פּאַרטי פון ענגלאַנד, די רוסישע מענשעוויקעס און די „איינינקייט"־סאָציאַליסטען פון איטאַליע, געבליבען אָהן אינטערנאַציאָנאַלע פארבינדונגען.

זיי האָבען נישט געקענט אָננעמען די אונרעאַליסטישע באַגרי־פען און דאָס פאַנטאַסטישע פּראָגראַם פון דעם קאָמוניסטישען אינטערנאַציאָנאַל. זיי האָבען אויך זיך נישט געקענט אונטער־ווארפען דעם פּאַסיווען נוצלאָזען קאָנסערוואַטיזם פון דעם צוויי־טען אינטערנאַציאָנאַל. זיי זיינען דערפאַר מיט דער צייט געטריבען געוואָרען צו גרינדען אַן אייגענע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע אונטער'ן נאָמען „די אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער־פאַראייניגונג", מיט דעם אויסדריקליכען צוועק ווידער אויפלעבען די סאָציאַליס־טישע איינינקייט אויף דער וועלט.

האָט אזוי איז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג צוטיילט געוואָרען אויף 3 גרופּען, סאָי אינטערנאַציאָנאַל, סאָי אין יעדען לאַנד באַזונדער. די גאַנצע ענערגיע האָבען די גרופּען פאַרשוועגדעט אויף געגענזייטיגע באַשולדיגונגען און קריטיק און זיי האָבען דורכגעלאָזט די גרעסטע היסטאָרישע געלעגענהייט וואָס די באַוועגונג האָט ווען געהאַט.

**קאַפּיטעל צוויי**

## די צושפּליטערונג פון אמעריקאַנער סאָציאַליזם

די פּאַסירונגען אין אייראָפּאַ האָבען געהאַט א באַלדיגע און דירעקטע ווירקונג אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין די פאַראייניגטע שטאַטען. עס איז געווען זעהר ווייניג ענהליכעס צווישען דער פּאָליטישער אטמאָספערע און דער אלגעמיינער שטימונג פון אמעריקע, וועלכע איז פאַרטיג געוואָרען מיט א זיגרייכען קריג און ס'האָט זיך פאַר איהר אָנגעפאַנגען א צייט פון פּראָספּעריטי, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט געהאַט אין די רואינירטע און פאַרצווייפעלטע לענדער פון צענטראַל- און מזרח־אייראָפּאַ. דאָס אמעריקאַנער פּאָלק האָט געהאַלטען אין ערוועהלען פאַר פּרעזידענט פון דער רעפּובליק די טיפּישסטע פאַרקערפּערונג פון דער גלייכגילטיגקייט פון מיטעלקלאַס און פון קאַפּיטאַליסטישער „נאָרמאַליטעט", וואָרען גאַמליעל האַרדינג. די אמעריקאַנער ארבייטער זיינען ווי אימער געווען שוואַך אָרגאַניזירט און אויף וויפיל זיי זיינען יאָ געווען אָרגאַניזירט, זיינען זיי געווען קאָנסערוואַטיוו ביז'ן ביין. דער איינציגער סימן פון „א רעוואָלוציאָנערע אטמאָספערע" איז געווען די היסטערישע מורא פאַר דעם געשפּענסט פון א געהיימניספולען לויערענדיגען ראַדיקאַליזם, וועלכער האָט געאַרבייט מעשים אין די רעדאַקציעס פון געוויסע סענסאַציאָנעלע צייטונגען און איז צום גרויסען טייל צולעגט געוואָרען אויף טעלערלאַך דורך אונוויסענדע און אמביציעזע פּאָליטיקער.

די הויפּט־סמנים פון „בירגער־קריג" זיינען געווען די הפקר־

דיגע אָבלאָוועס אויף ליבעראַלע, סאָציאַליסטישע און קאָמוניס־טישע אינסטיטוציעס אונטער דער „אונערשראָקענער" אָנפיהרונג פון אטאַירני דזשענעראל א. מיטשעל פּאַלמער און פון קלענערע פּאָליטישע מאַכערס אין א רייהע סטעיטס.

אָבער סאָציאַליסטען זיינען אינטערנאַציאָנאַליסטען לויט זייער געדאַנקען־גאַנג און זיינען מעהר גענייגט צו דענקען וועגען אַלגע־מיינע וועלט־פּראָבלעמען איידער די קאָנסערוואַטיווע פּאָליטישע גרופּען.

דאָס איז געוועזן באַזונדערס ריכטיג וועגען די אמעריקאַנער סאָציאַליסטען פון יענער פּעריאָדע ניט נאָר דערפאַר וואָס זיי האָבען געהאט מעהר נחת און געשעפּט מעהר ערמוטיגונג פון די קאַמפּפען און פון די זיגען פון זייערע חברים אויף יענער זייט ים, ווי פון זייערע אייגענע אונבאַדייטענדע אויפטואונגען, נאָר אויך איבער דעם כאַראַקטער און דעם ראַסען־צוזאַמענשטעל פון דער באַוועגונג צו יענער צייט.

אין נאָרמאַלע צייטען איז די סאָציאַלסטישע באַוועגונג אין אמעריקע הויפּטזעכליך אמעריקאַניש, כאָטש דער הערשענדער איינ־דרוק איז גראָד א פּאַרקעהרטער. אין יאָהר 1908, ווען די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי האָט דורכגעפיהרט א צעהלונג פון איהרע מיט־גלידער לויט זייערע געבורטס־לענדער, האָט זיך ארויסגעצייגט, אז ניט וועניגער ווי 71 פּראָצענט זיינען געבאָרען אין אמעריקע, 4 פּראָצענט אין ענגלאַנד, 8½ פּראָצענט אין דייטשלאַנד, 5 פּראָ־צענט אין די סקאַנדינאַווישע לענדער און די איבעריגע 11½ פּראָ־צענט אין אנדערע לענדער. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז געוועזן פּונקט אזוי „אמעריקאַניש" ווי די באַפעלקערונג פון לאַנד אין אַלגעמיין און אזוי אמעריקאַניש איז די פּאַרטיי געבליבען ביז די לעצטע יאָהרען פון דער מלחמה.

אום עס זאָל זיי זיין באַקוועמער אָנצופירען די פּאַרטיי־ארבייט און די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישען זייערע לאַנדסלייט, האָבען זיך די מיטגלידער, וואָס האָבען ניט גערעדט קיין ענגליש, אָרגאַניזירט אין „פרעמד־שפּראַכיגע פעדעראַציעס". אין יאָהר 1912, ווען די פּאַרטיי האָט דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט אין אָרגאַניזירטקייט און האָט געהאט איבער 118 טויזענט מיטגלידער, וואָס האָבען געצאָהלט דיוס, זיינען בלויז 16 טויזענט, אָדער דריי־

צעהן פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָהל, געווען מיטגלידער פון די „פרעמד־שפּראַכיגע פעדעראַציעס". ארום 1918 איז די צאָהל מיטגלידער געפאַלען ביז 81 טויזענט און פון דער צאָהל זיינען שוין ניט ווענינער ווי 26 טויזענט, אדער דרייסיג פּראָצענט, געווען מיטגלידער פון די „פרעמד־שפּראַכיגע גרופּען".

אין דעם נעקסטען יאָהר איז פאָרגעקומען אן אנדער איבערראַשענדע ענדערונג אין דעם צוזאַמענשטעל פון דער פּאַרטיי. די צאָהל מיטגלידער, וואָס האָבען געצאָהלט דיוס, איז געשטיגען ביז 108 טויזענט און כמעט אַלע צוגעקומענע מיטגלידער זיינען געווען נייע אימיגראַנטען פון רוסלאַנד און איהרע גרענעץ־לענדער. די צאָהל מיטגלידער אין די פרעמד־שפּראַכיגע פעדעראַציעס איז אויסגעוואַקסען ביז 57 טויזענט און האָט שוין באַטראָפען גאַנצע 53 פּראָצענט פון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט. די גרעסטע טייל איז באַשטאַנען פון רוסישע, אוקראַינישע, יוגאָסלאַווישע, פינישע, ליטווישע און לעטישע אָרגאַניזאַציעס.

דאָס איז געווען א דירעקטער רעזולטאַט פון דער סאָוועטישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט ארויסגערופען ביי די ארבייטער פון יענע לענדער אן אינטערעס צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, סאַי אין דער היים סאַי אין אויסלענדישע צענטערס, וואוהין זיי האָבען עמיגרירט. די אַלע נייע פּאַרטיי־מיטגלידער זיינען געווען באָלשעוויקעס ביז׳ן ביין אריין. זיי האָבען אָנגענומען אָהן פראַגען און אָהן שום קריטיק אַלץ וואָס איז געקומען פון מאָסקווע און האָבען געארבייט מעשים אז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון אמעריקע זאָל באַלד אָננעמען די באָלשעוויסטישע פּראָגראַם און די באָלשעוויסטישע מעטאָדן.

און זיי זיינען נישט געווען די איינציגע, וואָס זיינען געווען ענטוזיאַסטיש פאַר סאָוועטען־רוסלאַנד. אין אַלע קרייזען פון דער פּאַרטיי האָט געהערשט דער סענטימענט פאַר רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען פון ארבייטער און פּויערים. אָבער די עלטערע מיטגלידער, וואָס האָבען געהאַט אַ ניכטערע פאַרשטענדעניש פאַר דער ווירקליכקייט, האָבען זיך אַליין נישט דערלאָזט פאַר׳שיכור׳ט צו ווערן פון זייער ענטוזיאַזם אויף אַזוי פיל, אז זיי זאָלען נישט איינזעהן דעם פונדאַמענטאַלען געזעלשאַפטליכען, עקאָנאָמישען, פּאָליטישען און פּסיכאָלאָגישען אונטערשייד צווישען רוסלאַנד און

אמעריקע. זיי זיינען דערפאר געווען געגען באנוצען איין־און־דעמ־זעלבען רעוואָלוציאָנערען רעצעפּט פאַרביידע לענדער.

איבער דער פראַגע האָט מען אָהן א שיעור געקעמפּט ביי פּאַרטיי־מיטינגען און אין דער פּאַרטיי־פּרעסע. און, ווי דער שטייגער איז, אין דער היגער אַטמאָספערע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז דער קאַמף געוואָרען א שאַרפער, א ביטערער און א פערזענליכער. די טעאָרעטישע דיסקוסיע איז מיט דער צייט פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין ממשות׳דיגע געגנערישע טאַטען. און אַנדערש האָט עס גאָרנישט געקאָנט זיין. דער לינקער פליגעל האָט זיך אָפען אָרגאַניזירט אַלס אַן אָפּאָזיציע צו דער אָפיציעלער פּאַרטיי־אַדמיניסטראַציע, און די פּאַרטיי־אַדמיניסטראַציע האָט אָפּגעענטפערט דערמיט, וואָס זי האָט סוספּענדירט זיבען פרעמד־שפּראַכיגע פעדעראַציעס און דריי „לינקע" סטעיט־אָרגאַניזאַציעס.

די שפּאַלטונג איז געוואָרען ענדגילטיג און פאַלשטענדיג אין אויגוסט, 1919, ווען די פּאַרטיי איז צושפּליטערט געוואָרען אויף דריי באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס.

די פאָרמעלע צוטיילונג איז דורכגעפיהרט געוואָרען אויף דריי באַזונדערע קאָנווענשאָנס, וואָס די דריי הויפּט־גרופּען האָבען גלייכצייטיג אָפּגעהאַלטען אין שיקאַגאָ. די ערשטע פון די דריי קאָנווענשאָנס האָט גערופען די פּאַרטיי־אַדמיניסטראַציע אויפצונעמען די סוספּענדירונג פון די „לינקע" אָרגאַניזאַציעס, קריגען א נוטהייסונג פאַר דער האַנדלונג און נעמען א פעסטע און אַן אָפיציעל־גוטגעהייסענע שטעלונג איבער די שטרייט־פּראַגען פון דעם פּראָגראַם און פון דער ריכטונג.

די קאָנווענשאָן, וואָס איז, צום גרעסטען טייל, קאָנטראָלירט געוואָרען פון דעם „רעכטען" אָדער „צענטריסטישען" פליגעל, האָט אויף ס׳ניי ערקלערט די טראַדיציאָנעלע שטעלונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און האָט דערביי מיט א ברייטער האַנט געמאַכט קאָנצעסיעס צו דער געענדערטער וועלט־לאַגע פון די נאָך־מלחמה־יאָהרען און צו דעם ראַדיקאַלען רעוואָלוציאָנערען גייסט פון דער צייט. די קאָנווענשאָן האָט דורכאויס צוריקגעוויזען די נייע קאָמוניסטישע תורה, ווי זי איז אָנגעווענדעט געוואָרען צו אמעריקע.

אין דער זעלבער שטאָט האָבען אָפּגעהאַלטען א קאָנווענשאָן

אויך די סוספענדירטע „לינקע" אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען שוין געהאַט אויפגעגעבען זייער קאַמף פאַר דער קאָנטראָל פון דער פּאַרטיי, און האָבען זיך ענטזאָגט צו קומען צו דער רעגולערער קאָנווענשאָן און באַקעמפען דאָס רעכט זיי צו סוספענדירען. ביי דעם צוזאַמענפאָהר איז געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט פאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון אַמעריקע.

די נייע פּאַרטיי האָט אינדאָרסירט דאָס גאַנצע רעגולערע קאָמוניסטישע פּראָגראַם און האָט זיך פּראָקלאַמירט אַלס די אַמעריקאַנער סעקציע פון קאָמוניסטישען אינטערנאַציאָנאַל.

צווישען די צוויי קערפּערשאַפטען מיט זייערע בולט'ע מיינונגס-פאַרשיידענהייטען האָט זיך געפונען אַ צווישענדיגע גרופּע פּאַרטיי־מיטגלידער, וועלכע האָבען אָפּגעהאַלטען אַן אייגענע קאָנווענשאָן און האָבען געגרינדעט די „קאָמוניסטישע לעיבאָר פּאַרטיי". די דאָזיגע אָרגאַניזאַציע איז געווען קאָמוניסטיש לויט איהרע פּרינציפּען, נאָר מיט אַ מעהר אַמעריקאַנישער באַפאַרבונג, איידער די עכט־ריינע קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

די אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון אַמעריקע איז אויף אַזאַ אופן ערנסט פּאַרקריפּעלט געוואָרען. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז פון דעם קאַמף אַרויס הויט און ביין — ס'איז געבליבען בלויז דער סקעלעט פון דער פריהערדיגער אָרגאַניזאַציע, נישט מעהר. די מיטגלידערשאַפט איז איינגעשרומפּען געוואָרען ביז ס'איז געבליבען בלויז 25 טויזענט. איהר פּרעסע, איהרע בילדונגס אַנשטאַלטען און איהרע אַנדערע אינסטיטוציעס און טעטיגקייטען זיינען דעזאָרגאַניזירט געוואָרען. די „קאָמוניסטישע לעיבאָר פּאַרטיי" האָט באַהויפּטעט, אַז זי האָט אַן עהנליכע צאָהל מיטגלידער, דאָס הייסט, אַרום פינף־און־צוואַנציג טויזענט, און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט זיך באַריהמט אַז זי האָט נישט ווענינער ווי פופציג טויזענט אָרגאַניזירטע נאָכפאָלגער. צווישען די דריי פּאַרטייען איז אויף דער גאַנצער ליניע אָנגעפיהרט געוואָרען אַן אומדערבאַרעמדיגער קריג.

אין פאַרלויף פון דער גאַנצער שטורעמדיגער צייט בין איך געשטאַנען ווייט פון דעם שלאַכטפעלד, אַן אָפּגעשיידטער אין אַ פאַרוואָרפענעם באַרג־שטעדטעל, וואו איך האָב זיך געקורירט פון אַ פאַרשלעפּטער קרענק. איך האָב נאָכגעפאָלגט די טרויעריגע פאַ־

סירונגען אין די רייהען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג דורך דער פּאַרטיי־פּרעסע און פּריוואַטער אינפאָרמאַציע, וואָס עס האָבען מיר פון צייט צו צייט צוגעשטעלט מיינע נאָהענטסטע פּאַרטיי־פריינד. א געערגערטער און א הילפלאָזער האָב איך צוגע־זעהן, ווי עס צופאַלט זיך שנעל די באַוועגונג, וואָס איז מיר גע־ווען אזוי טייער.

פון צייט צו צייט האָב איך זיך אַריינגעמישט אין דעם ברע־נענדיגען קאַמף דורך דעם, וואָס איך האָב אויסגעדריקט מיין מיי־נונג אין די פּאַרטיי־צייטונגען. אפטמאָל, אין באַזונדערס־קרי־טישע סיטואַציעס, האָבן זיך די פּאַרטיי־פיהרער בעראַטען מיט מיר. מען האָט מיר איינגעלאַדען אויסצואַרבייטען דעם מאַניפעסט פון דער אויסעראָרדענטליכער קאָנווענשאָן אין יאָהר 1919. איך האָב דאָס טאַקע געטאָן און דער מאַניפעסט איז אָנגענומען גע־וואָרען. אָבער די ספּאַזמאַטישע ארבייט, וואָס איך האָב געטאָן פון ווייטענס, האָט מיך נאָך שאַרפער געמאַכט פיהלען מיין פּיינ־ליכע לאַגע. איך האָב שטאַרק געליטען פון מיין געצוואונגענעם ליידיג־געהן אין די קריטישסטע שטונדען אין דער געשיכטע פון אמעריקאַנער סאָציאַליזם. ערשט אום זומער פון יאָהר 1920 האָבען מיר די דאָקטוירים ערלויבט אומצוקערען זיך אהיים און ווידער אָנפאַנגען מיין נאָרמאַלע ארבייט.

כמעט די ערשטע זאַך, וואָס איך האָב באַגעגנט, איז געווען די קאָנווענשאָן פון דער סאָיצאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס איז אין יענעם יאָהר אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק. ס'איז געווען א רעגולערע נאָמינאַציע־קאָנווענשאָן, וואָס איז גערופען געוואָרען כלומרשט בלויז מיט'ן צוועק צו נאָמינירען קאַנדידאַטען פאַר פּרעז־זידענט און וויס־פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַאטען. ס'איז פון פריהער קלאָר געווען, אז דער אויסוואַהל פון דער פּאַרטיי וועט זיין יודזשין וויקטאָר דעבס. דאָס נאָמינירען פאַר פּרעזידענט דעם אַרעסטאַנט נומער 9653 פון דער געפענגניש אין אַטלאַנטאַ, איז געווען ניט נאָר אַן אויסדרוק פון ליבשאַפט צו דעם אַלטען קעמ־פער, נאָר אויך אַן אַרויסרוף צו די רעאַקציאָנערע קרעפטען, וואָס האָבען איהם געהאַלטען ווי א קריגס־געפאַנגענעם נאָך איצט, כמעט צוויי יאָהר נאָך דעם וואַפענשטילשטאַנד. די נאָמינאַציע איז געווען

איינשטימיג און איז געמאכט געוואָרען אין א שטימונג פון פייער־דיגען ענטוזיאזם.

אָבער די ווירקליכע אויפמערקזאַמקייט פון די דעלעגאַטען איז געווען געווענדעט אויף אן אנדער פּונקט פון טאגעס־אָרדנונג — צו באשטימען, וואָס ס'זאָל זיין דער פּארטיי'ס אינטערנאַציאָנאלע אָנגעהעריגקייט. דאָס איז געווען א פראגע פון ברענענדיגען אינטערעס נישט אזוי צוליב דער ווירקליכער וויכטיגקייט פון דער פראגע, ווי צוליב דעם, וואָס די פראַגע האָט געמוזט ארויסברענגען אָפען די שאַרפע טעאָרעטישע און טאַקטישע מיינונגס־פאַרשיידענהייטען, וואָס האָבען נאָך אַלץ צוטיילט די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען טראָץ זייערע איבערגרופּירונגען און די אָפטע „רייניגונגען" פון דער פּארטיי.

פּאָרמעל איז געווען א פראַגע וועגען אויסוואהל צווישען דעם דיסקרעדיטירטען איבערבלייבאכץ פון דעם אַלטען פאַר־מלחמה'די־גען אינטערנאַציאָנאַל און דעם ערשט־אָרגאַניזירטען מאָסקווער אינטערנאַציאָנאַל אונטער קאָמוניסטישער פיהרערשאַפט, אָדער — צווישען דעם צווייטען און דריטען אינטערנאַציאָנאַל, ווי אַלע האָבען זיי גערופען. די אַזוי־גערופענע „ווינער פאַראייניגונג" פון סאָציאַליסטישע צענטער־פּארטייען האָט נאָך דאַן נישט עקזיסטירט. קיינער האָט זיך ערנסט נישט איינגעשטעלט פאַר א פאַרבינדונג מיט דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל. דער אַלגעמיינער סענטימענט איז געווען פאַר דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל און די ווירקליכע פראַגע איז געווען יאָ אָנשליסען זיך אָדער נישט אָנשליסען זיך.

אין זיין ערשטער פּרינציפּען־ערקלערונג האָט דער מאָסקווער אינטערנאַציאָנאַל אוועקגעשטעלט אַלס די ערשטע און וויכטיגסטע אויפגאַבע פון סאָציאַליזם „אומעטום באַלד איינצופיהרען די דיקטאַטור פון פּראָלעטאריאַט, ווייל די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג האַלט איצט אין פאַנאַנדערפאַלען זיך איבער דער גאַנצער וועלט".

אַלס פּראַקטישע אויפגאַבען צו דערגרייכען דעם איינפאַכען ציל זיינען אָנגעגעבען געוואָרען די פאָלגענדע אויפגאַבען: „פאַר־כאַפּען די רעגירונגס־מאַכט, ענטוואַפענען די בורזשואַזיע, די אַל־געמיינע באַוואַפענונג פון פּראָלעטאַריאַט און די אָפּשאַפונג פון פּריוואַט־אייגענטום". די מעטאָדען פון קאַמף האָבען געדאַרפט זיין: „מאַסען־ארויסטרעטונגען פון פּראָלעטאַריאַט וואָס זאָל געהן

אזוי ווייט ווי אָפענער באוואָפענטער קאַמף געגען דער רעגירונגס־מאַכט פון קאַפּיטאַליזם".

אָנפאַנג יאָהר 1919 האָט דאָס פּראָגראַם ענטהאַלטען עטוואָס, וואָס איז ווירקליך געווען צוגעפּאַסט צו די אומשטענדען אין די פּאָר אייראָפּעאישע לענדער, וואָס האָבען זיך געפונען אין מיטען פון דעם רעוואָלוציאָנערען ווירבעלווינד. פאַר דער קליינער גרופּע אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען אין מיטען פון יאָהר 1920, איז עס אָבער געווען אַ זעהר גרויסע פּאָרציע אַראָפּצושלינגען. אויב מען זאָל אפילו געווען איגנאָרירען די קליינע פּאָר שוועריגקייטען וואָס זיינען געווען אין וועג פון באַלדיגען פאַרכאַפּען די מאַכט — און אייניגע ענטוזיאַסטישע דעלעגאַטען האָבען טאַקע געדענקט, אַז ס'איז נישט כדאי צו רעכענען זיך מיט אַזוינע קלייניגקייטען — זיינען אָבער געווען נאָך אַנדערע ערנסטע פראַגען פון אַ פּראַקטישען כאַראַקטער, וואָס מען האָט געמוזט נעמען אין אַנבאַטראַכט.

דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז ניט געווען זעהר גאַסטפריינטליך צו פרעמדע, וואָס האָבען געקלאַפּט אין זיינע טירען. „אונזער אינטערנאַציאָנאַל איז נישט אַ האָטעל, וואו יעדער פאַרבייפאָהרער קען זיך אָפּשטעלען", — האָט געהאַט ערקלערט גריגאָרי זינאָוויעוו, זייער סעקרעטאַר, וועלכער איז, אגב, זינט דאַן, שוין לאַנג אַראָפּ פון דער מדרגה. און ווירקליך — דער מאָסקווער אינטערנאַציאָנאַל איז געווען גיכער אַ געשלאָסענער קלוב פאַר געקליבענע, ווי אַ האָטעל פאַר אַלעמען. זיינע איינטריט־רעגולאַציעס זיינען פון אָנפאַנג אָן געווען זעהר שטרענגע. זיי זיינען נעמאַכט געוואָרען נאָך שטרענגער און שאַרפער אין די באַריהמטע „איין־און־צוואַנציג פּונקטען", וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען אויף זיין צוזאַמענפאָהר אין אויגוסט, 1920.

די „צעהן געבאָט", וועלכע האָבען מיט זיך פאַרגעשטעלט די באַדינגונגען וואָס זיינען געשטעלט געוואָרען צו נייע פּאַרטייען, וועלכע ווילען זיך אָנשליסען אַזוי גוט ווי די דינים, לויט וועלכע די שוין־אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך געמוזט פיהרען, האָבען ווידערהאָלט די פונדאַמענטאַלע ערשטע ערקלערונג פון קאָמוניסטישען אינטערנאַציאָנאַל, און האָבען דערביי ענטהאַלטען אייניגע ספּעציפישע פּראַקטישע אָנווייזונגען. איינע אַזאַ אָנווייזונג, אָדער אָרדער, איז געווען, אַז יעדע פּאַרטיי זאָל זייט־ביי־זייט, מיט

איהר אייגענער אָרגאַניזאַציע, אויך האָבען אַ געהיימע קערפּער־שאַפט, וועלכע וועט אין דעם ענטשיידענעם מאָמענט העלפען דער פּאַרטיי ערפילען איהרע פליכטען צו דער רעוואָלוציע".

מ'האָט אויך באַדאַרפט אָנפיהרען אַן ענערגישע פּראָפּאַגאַנדע אין דער אַרמיי; אָרגאַניזירען קאָמוניסטישע צעלען אָדער קעמרלעך אין די יוניאָנס; זיך אָהן שום קשיות אונטערוואַרפען די אָרדערס פון אינטערנאַציאָנאַל און אויסשליסען אַלע מיטגלידער, וואָס זיי־נען ניט איינפאַרשטאַנען מיט אַ וועלכען־עס־איז טייל פון די 21 פּונקטען. איינער פון זיי, דער באַרימטער פּונקט זיבען, איז געוועזן פון באַזונדערס גרויסען אינטערעס פאַר מיר פּערזענליך. דער פּונקט האָט זיך געלייענט ווי פאָלגט: „די פּאַרטייען וואָס ווילען באַלאַנגען צו דעם קאָמוניסטישען אינטערנאַציאָנאַל מוזען פייערליך ערקלערען, אַז זיי רייסען איבער יעדע שייכות מיט'ן רעפאָרמיזם און מיט דער ריכטונג פון צענטער און פּראָפּאַגאַנ־דירען די אָפּשפּאַלטונג צווישען אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער. אָהן דעם, איז אַ לאָגישע קאָמוניסטישע שטעלונג אונמעגליך.

„דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל פאָדערט אומבאַדינגט און אין דער פאָרם פון אַן אולטימאַטום אַז די אָפּשפּאַלטונג זאָל דורכגעפירט ווערען אין פאַרלויף פון אַ גאָר קורצער צייט. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל קען נישט דערלאָזען, עס זאָל געשאַפען ווערען אַ לאַגע, וואָס זאָל מעגליך מאַכען פאַר אַזעלכע אויסגעשפּראָכענע אָפּאָרטוניסטען ווי טוראַטי, קאַוטסקי, הילפערדינג, הילקוויט, לאַנגעי, מעקדאָנאַלד, מאַדיליאַני און זייער גלייכען צו האָבען אַ רעכט פאַררעכענט צו ווערען אלס מיטגלידער פון דריטען אינטערנאַציאָנאַל. דאָס וואָלט נאָר געפיהרט דערצו, אַז דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל זאָל ביז אַ גרויסען גראַד ווערען עהנליך צו דעם טויטען צווייטען אינטערנאַציאָנאַל".

איך בין אין גוטער געזעלשאַפט.

פּיליפּאָ טוראַטי, איינער פון די פּיאָנערען און פיהרער פון איטאַליענישען סאָציאַליזם, איז געוועזן איינער פון די נאָבעלסטע פּערזענליכקייטען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַליין אַ פּאָעט פון גרויסען און טיעפען ליריזם, אַ רעד־נער פון זעלטענער קראַפט, אַ שאַרפזיניגער שרייבער און אַ דענ־קער מיט אַ קלאָרען קאָפּ, האָט ער פון זיין פריהער יוגענט אָן גע־

שטעלט זיין צייט, זיין פארמעגען און זיין פילזייטיגען טאלאנט אין דינסט פון די אָרימע און אונטערדריקטע פון זיין לאַנד און זיי האָבען איהם פארגעטערט. אין די פארשיידענע שטימונגען פון דער קאפריזנער איטאליענישער באוועגונג, וועלכע האָבען זיך גע־האַלטען אין איין בייטען — אָט זיינען זיי געווען דורכגעדרונגען מיט א רעוואָלוציאָנערען ענטוזיאזם און אָט האָבען זיי זיך אראָפּ־געלאָזט צו די אונמעגליכסטע קאָמפּראָמיסען — האָט ער זיך אימער מיט א פעסטער האנט געהאלטען ביי דעם רעאליסטישען ארבייטער־קלאַס סאָציאליזם און האָט זיך מוטיג געהאַלטען ביי זיינע פּרינציפּען נישט אכטענדיג אויף דעם וואָס דער עולם וועט זאָגען און נישט קוקענדיג אויף פּערזענליכע קרבנות, וואָס ער האָט דערפאַר געמוזט ברענגען. ער האָט אָהן אן אויפהער און אויסגע־האַלטען געקעמפּט געגען איטאליע׳ס אריינטריט אין קריג און איז געווען איינער פון די אויסגעשפּראָכענסטע און ווירקזאמסטע געג־נער פון פאשיזם, סיי איידער ער איז געקומען צו דער מאכט און סיי נאָכדעם. ווען בעניטא מוסאָליני׳ס אייזערנע קלאַמערען האָבען שוין פעסט געדריקט גאנץ איטאליע, איז פיליפּאָ טוראַטי, דער געוועזענער חבר און לערער פון דעם פאררעטערישען דיקטאטאָר, געהאַלטען געווארען א געפאנגענער אין זיין אייגען לאַנד. נאָכדעם ווי א גרופּע געוואַגטע יונגע אנטי־פאשיסטען האָבען איהם ארויס־געראַטעוועט אויף אן אָטעם־פארכאפּענדען שטייגער, איז ער גע־קומען קיין פאריז און האָט זיך ווידער גענומען צו דעם קאמף פאר דער פרייהייט פון זיין לאַנד, אונטער זעהר שווערע אומשטענדען, נאָר מיט ניט געמינערטען גלויבען און ענטוזיאזם. ער איז גע־שטאָרבען אין גלות אין יאָהר 1933 אין עלטער פון 71 יאָהר און די גאנצע סאָציאליסטישע וועלט איז געווען אין טיפען טרויער איבער זיין טויט.

קארל קאוטסקי איז דער אָנגעזעהענסטער טעאָרעטיקער און דענקער פון דעם אינטער־נאציאָנאַלען סאָציאליזם און דער אנער־קענטער גייסטיגער יורש פון דעם פּלאַץ, וואָס עס האָבען פריהער פארנומען קארל מארקס און פרידריך ענגעלס. אָבוואָהל ער איז אן עסטרייכער, ריכטיגער געזאָגט, א טשעך פון געבורט, איז ער פון זיין פריהער יוגנט אָן געווען פארבונדען מיט די קאמפען וואָס עס האָט אָנגעפיהרט די דייטשע סאָציאל־דעמאָקראטיע. אין פארלויף

פון די צוועלף יאָהר, ווען עס זיינען געווען אין קראפט ביסמארק'ס אויסנאַהמס־געזעצען, האָט ער געוואוינט אין ציריך און אין לאָנדאָן, צושטעלענדיג א גרויסען טייל פון דער אונטערערדישער סאָציאליסטישער ליטעראטור וואָס איז אין געהיים אריינגעפירט געוואָרען קיין דייטשלאנד דורך דעם גוט־אָרגאניזירטען אונטערערדישען „רויטען עקספרעס". פון 1890 אָן איז ער געווען הויפּט־רעדאקטאר פון „די נייע צייט", דעם אנגעזעהענסטען אינטערנאַציאָנאלען אָרגאַן פון סאָציאליסטישען געדאַנק.

קאוטסקי איז שוין דאָן לאַנג געהאַט געווען נישט נאָר דער אנערקענטער אויטאָריטעט איבער דער סאָציאליסטישער פילאָזאָפיע, נאָר אויך דער טיף־געשעצטער וועגווייזער און ראטגעבער פון דער אָרגאַניזירטער באַוועגונג איבער דער גאַנצער וועלט. נאָך דעם טויט פון פרידריך ענגעלס, וועלכער איז געשטאָרבען אין 1895, האָט קאוטסקי גענומען אויף זיך די לאַסט אָנצופיהרען די אינטערנאַציאָנאַלע קאָרעספּאָנדענץ פון אָנהאַלטען די פּערזענליכע פאַרבינדונגען מיט די פאָרשטעהער פון די פּארטייען אין אלע לענדער. סאָציאליסטישע וואָגלער און גלות־אָפּריכטער, געסט פון אלע לענדער און סאָציאליסטישע ארבייטער און סטודענטען, וואָס האָבען געזוכט אַן עצה אָדער אַן אָנווייזונג, האָבען שטענדיג געקראָגען א ווארימע אויפנאַמע און א וואָרט פון ערמוטיגונג אין דער אייגּפאַכער און גייסטפריינדליכער היים פון קארל קאוטסקי און זיין העכסט־סימפּאטישער און איידעלער פרוי לואיזע. אין דער צייט פון קריג איז ער געווען אויף דעם לינקען אנטי־מלחמה צד פון דער דייטשער סאָציאל־דעמאָקראַטיע. מיט יאָהרען שפּעטער האָט ער זיך אריבערגעצויגען קיין ווין. ער איז נאָך אלץ דער אָנגעזעהענסטער דענקער און באַליבטער לערער פון אינטערנאציאָנאלען סאָציאליזם.

רודאָלף הילפערדינג איז געווען דער וויכטיגסטער סאָציאליסטישער עקאָנאָמיסט פון דעם איגנערען דור. זיין באַריהמט בוך „דער פינאַנץ־קאַפּיטאַל" איז אין סאָציאליסטישע קרייזען אנערקענט געוואָרען פאר א ריזען ווערק און פאר א ווירדיגע דערגענצונג צו קארל מארקס'עס „קאַפּיטאַל". ער איז געווען פינאַנץ־מיניסטער אין דער קאָאליציע־רעגירונג פון קאַנצלער הערמאַן מילער און אויף זיין קרעדיט זיינען פאַרשריבען וויכטיגע און דויערענדע

רעפאָרמען אין דעם פינאַנץ־סיסטעם פון דייטשלאַנד. נאָכדעם ווי עס איז פאָרגעקומען די שפּאַלטונג אין די רייהען פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איז ער באַטראַכט געוואָרען אלם דער פאָר־שטעהער פון דער רעוואָלטירטער אונאָפּהענגיגער סאָציאַליסטישער פּארטיי.

זשאַן לאָנגעי האָט באַקומען זיין סאָציאַליזם אלס נאַטירליכע געזעצליכע ירושה. אליין אן אייניקעל פון קאַרל מאַרקס, דער גרינדער פון דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און דער זוהן פון טשאַרלז לאָנגעי, דעם באַקאַנטען קאָמונאַר, איז ער גע־בוירען און ערצויגען געוואָרען אין דער אַטמאָספערע פון סאָציאַ־ליסטישען קאַמף און איז דעם קאַמף טריי געבליבען זיין גאַנצען לעבען.

ער איז געוועזען איינער פון די ערשטע, אויב ניט דער סאַמע ערשטער, פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פיהרער, צו נעמען עפענטליך א שטעלונג געגען פראַנקרייך׳ס עקשנות׳דיגער מלחמה־פּאָליסי פון „פרידען דורך זיג״ און צו פאָדערען א פרידען דורך פּאַרהאַנדלען מיט גוטען, „א פרידען אָהן א זיג״, ווי פּרעזידענט ווילסאָן האָט עס שפּעטער גערופען. זיינע מיינונגען זיינען דערנאָך אנערקענט געוואָרען און זיינען צום שלום פון דער מלחמה געוואָ־רען די דאָמינירענדע פּאָליסים פון דעם פראַנצויזישען סאָציאַליזם. מ׳האָט אָבער געדאַרפט האָבען אונגעהויערען מאָראַלען מוט ארויס־צוטרעטען מיט אזעלכע מיינונגען אין סאַמע ברען פון דער מלחמה און געפינענדיג זיך אין די סאַמע ציין פון היסטערישען שאָוועָ־ניזם, וואָס האָט געבושעוועט אין זיין געפּייניגטען און צורייצטען לאַנד.

דזשעימס רעמזעי מעקדאָנאַלד איז געוועזען דער איינציגער אויסגעשפּראָכענער עכט־רעכטער אין דעם גע׳פסל׳טען צעטעל פון די „באַוואוסטע אָפּאָרטוניסטען״. אין דער צייט ווען יענע מאָסק־ווער גזרה איז ארויסגעגעבען געוואָרען, איז ער געוועזען דער סעק־רעטער פון דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל. ער האָט נאָך נישט געהאַט דערגרייכט דעם גרויסען פּלאַץ, וואָס ער האָט ערשט מיט יאָהרען שפּעטער פאַרנומען צווישען די שטאַאטסלייט פון אייראָפּע. ער האָט נאָך דאַן אויך ניט געהאַט ארויסגעוואָרפען דורכ׳ן פענס־טער זיין גאַנצע לעבענס־ארבייט צוליב אן ענגהערציגער נאַציאָנאַ־

ליסטישער אמביציע וואָס האָט דערנאָך פארוואָלקענט דעם אָוונט פון זיין רייַנער קאַריערע אין דער סאָציאַליסטישער און ארבייטער באַוועגונג. אין יאָהר 1920 האָט ער נאָר־וואָס געהאַט דורכגעמאַכט די העלדישסטע פּעריאָדע אין זיין געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט. מעהר ווי אַלץ איז ער געווען א ליידענשאַפטליכער פּאַסיפיסט און ער איז פעסט און אָהן אויפהער ארויסגעטראָטען מיט פּראָפּאַגאַנדע געגען דער מלחמה, טראָץ דער פאַראַכטונג און דער פאַרפאָלגונג וואָס זיין שטעלונג האָט אויף איהם געבראַכט, און טראָץ דעם וואָס ער איז דערפאַר געווען אַן עלענדער און איינזאַמער אפילו צווישען זיינע אייגענע קאַמפּס־גענאָסען. אין דער צייט וואָס דער מאָסקווער הייליגער סינאָד האָט איהם אריינגעלעגט אין חרם, איז דער מלחמה־פיבער שוין געווען באַדייטענד אָפּגעקיהלט ביי די ארבייטער פון ענגלאַנד און רעמזי מעקדאָנאַלד, צוזאַמען מיט דער קליינער, אָבער העלדישער גרופּע, וואָס האָט איהם געשטיצט אין זיין געגנערשאַפט צו דער מלחמה, האָבען ווידער אָנגעהויבען צו ווערען פּאָפּולער.

עמאַנועל מאַדיליאַני, א ברודער פון דעם באַריהמטען מאַהלער מאַדיליאַני און דער לעצטער אויפ'ן צעטעל פון די גע'פּסל'טע, איז געווען א באַוואוסטער אדוואָקאַט, א נאָהענדרע פריינט און מיטארבייטער פון טוראַטי'ן. נאָך טוראַטי'ן איז ער פיליכט געווען דער איינפלוסרייכסטער פירער פון דער „סאָציאַליסטישער איינינקייטס־פּאַרטיי" אין איטאַליע. אויך ער איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער געגנער פון קריג און א קעמפּערישער פיינט פון פאַשיזם. נאָכדעם ווי די מוסאָליני־דיקטאַטור האָט פאַרבאָטען סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין וועלכע עס איז פאָרמע און האָט נישט ערלויבט קיין שום ארבייטער־טעטיגקייט, האָט מאָדליאַני פאַרלאָזט זיין היים און זיין קאַריערע און איז פרייוויליג אוועק אין גלות קיין פּאַריז, וואו ער לעבט אין גרויס נויט, אָפּגעבענדיג זיינע גרויסע פעהיגקייטען און זיין אונערמידליכע ענערגיע אויף דעם קאַמף געגען פאַשיזם.

אָט־דאָס איז געווען דער טיפּ מענשען, וואָס ס'האָט געמוזט אויסשליסען פון דעם נייעם אינטערנאַציאָנאַל אויס מורא אז זיי זאָלען נישט פאַרפעסטען דעם ריינעם גייסט פון הייליגען קאָמוניזם. עס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאר דער מאָדנער קאָמוניסטישער

פסיכאָלאָגיע ארויסצוקומען מיט די גיפטיגסטע אטאקעס דוקא ניט געגען פירער פון דעם אויסגעשפּראָכענעם „רעכטען פליגעל” פון די סאָציאַליסטישע פּארטייען אין אלע לענדער, וועלכע האָבען פאר־ראַטען די פּרינציפּען פון פרידען און פון אינטערנאַציאָנאַלע אר־בייטער־קלאַס־איינינקייט, נאָר געגען די סאָציאַליסטישע פירער מיט א פיל־ראַדיקאַלערען שטאַנדפּונקט, געגען די וואָס האָבען מוטיג געקעמפט געגען דעם מעכטיגען שטראָם פון מלחמה־שיכרות.

פון די צוויי ברירות וואָס די סאָציאַליסטישע פּארטיי־קאָנ־ווענשאָ פון 1920 האָט געהאַט — דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל וואָס מיר האָבען ניט געוואָלט און דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל וואו מ׳האָט אונז נישט געוואָלט — האָבען די דעלעגאַטען קיין איינע נישט אויסגעקליבען. נאָך א לאנגער און היציגער דעבאַטע, האָט די קאָנווענשאָן מיט א מערהייט אָנגענומען א רעזאָלוציע וועלכע איך האָב פאָרגעשלאָגען. די רעזאָלוציע האָט זיך געלייענט ווי פאָלגט:

„די סאָציאַליסטישע פּארטיי פון די פאראייניגטע שטאאטען האַלט אז איהר הויפּט־פליכט איז אויפצובויען א שטארקע רעוואָ־לוציאָנערע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאציע דאָ אין לאַנד. די פּארטיי איז דערפאַר ענטשלאָסען אָנצואווענדען איהר גאַנצע ענערגיע און אַלע איהרע מיטלען פאר דער אויפגאבע, גלויבענדיג אז דאָס איז דער בעסטער בייטראַג, וואָס זי קען געבען דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם”.

און דאָס פאָלגענדע איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאר דער שטימונג וואָס האָט צו יענער צייט געהערשט אין דער אמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּארטיי. די פּארטיי־מיטגלידער האָבען אין אַן אַלגעמיינער אָפּשטימונג איבער דער פראַגע צוריקגעוויזען די רע־זאָלוציע פון דער קאָנווענשאָן און די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָ־מיטע פון דער פּארטיי איז אינסטרואירט געוואָרען צו ווענדען זיך צו דעם מאָסקווער אינטערנאַציאָנאַל, אז מ׳זאָל די פּארטיי ארייננע־מען. די עקזעקוטיווע איז אזוי אינסטרואירט געוואָרען טראָץ די איינפאַך־לעכערליכע פּונקטען פון דעם מאָסקווער פּראָגראַם און טראָץ דעם דורכאויס אונמעגליכען כאַראַקטער פון די איינטריטס־באַדינגונגען. די ווענדונג צו מאָסקווע איז צו דער רעכטער צייט געמאַכט געוואָרען, און איז צוריקגעוויזען געוואָרען.

דערווייל איז אָרגאַניזירט געוואָרען די „אינטערנאַציאָנאַלע פאַראייניגונג" פון די סאָציאַליסטישע צענטער־פּאַרטייען מיט דער הויפּט־קוואַרטיר אין וויען. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון אמע־ריקע האָט זיך אָן דער פאַראייניגונג אָנגעשלאָסען און האָט אויף אַזאַ אופן אויסגעמידען אי די צרה פון דעם צווייטען אינטערנאַ־ציאָנאַל'ס קאָמפּראָמיסען, אי דעם אונזין פון דעם דריטען אינטער־נאַציאָנאַל'ס אונמעגליכע פאַנטאַזיעס.

## קאַפּיטעל דריי

# די צייטווייליגע שותפות מיט לאַפּאָלעט'ן

אין די פּרעזידענט וואַהלען פון 1920 האָט יודזשין וו. דעבס געקראָגען איבער 915,000 שטימען און האָט אויף אַזאַ שטייגער איבערגעשטיגען יעדען פריהערדיגען רעקאָרד פון דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי.

די פאַרהעלטניסמעסיג גרויסע צאָהל שטימען איז געווען דער לעצטער פלאַקער פון א ליכט וואָס צאַנקט און האַלט ביים אויס־געהן. און די סאָציאַליסטען האָבען זיך נישט גענאַרט. די גרויסע צאָהל שטימען איז אין א גרויסער מאָס געווען צו פאַרדאַנקען דער פּערזענליכער פּאָפּולאַריטעט פון דעם סאָציאַליסטישען באַנער־טרעגער און דעם דראַמאַטישען עלעמענט פון דעם קאַמף, וואָס ער האָט אָנגעפיהרט פון זיין געפענגניש־קעמערל געגען די לייט וואָס זיינען געשטאַנען ביי דער מאַכט.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אלס אַזעלכע האָט אבער געהאַלטען אין איין פאַרלירען אויף א קאַטאַסטראָפּאַלען שטייגער. אין א גאַנ־צער רייהע שטאַאַטען איז זי אינגאַנצען אָפּגעווישט געוואָרען. אַלץ וואָס עס איז געבליבען פון דער באַוועגונג, וועלכע איז ערשט געווען אַזוי פאַרשפּרעכענד און אַזוי קרעפטיג, איז געווען א קליי־נער עולם פון עקשנים, וועלכע זיינען געווען קאָנצענטרירט הויפּט־זעכליך אין א פּאָר שטאַאַטען פון דער איסט און דער מידל־וועסט, נישט מעהר ווי ארום 10,000 אין צאָהל.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז געווען דורכאויס אומפאַר־מיידליך אז די אמעריקאַנער סאָציאַליסטען זאָלען זיך נעמען קריטיש

טראַכטען וועגען דעם טעאָרעטישען פונדאַמענט און דעם אָרגאַניזאַציאָנעלען געבוי פון זייער באַוועגונג. דער אַמעריקאַנער סאָציאַליזם איז געוואָרען שטאַרק הינטערשטעליג אין דער צייט וואָס דיזעלבע באַוועגונג אין כמעט אַלע אַנדערע לענדער האָט געמאַכט אומגעהייערען פאָרטשריט. די זעלבסטפאַרשטענדליכע אורזאַכע פון דעם דורכפאַל איז געווען דאָס וואָס די פּאַרטיי האָט ניט באַקומען די שטיצע פון אַרבייטער קלאַס. איז עפּעס געווען אין תוך אַריין נישט ריכטיג אין די מעטאָדען פון דעם סאָציאַליסטישען צוגאַנג צו די אַמעריקאַנער אַרבייטער?

עס זיינען פאַראַן צוויי באַשטימטע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קען באַטראַכט ווערען פאַר אַ היסטאָרישען און קלאַסישען מוסטער פון איינער פון די צוויי פאָרמען. די פאָרמע שטיצט זיך אויף איינצעלנע מיטגלידער וואָס צאָהלען דיוס. אַזוינע אָרגאַניזאַציעס זיינען הויפּטזעכליך, אויב נישט טאַקע דורכאויס, פּאָליטישע לויט זייער כאַראַקטער. זיי לאָזען דעם עקאָנאָמישען קאַמף אין די הענט פון די יוניאָנס און קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען מיט וועלכע זיי אַרבייטען אין נאָהענטער פאַרוואַנדשאַפט אויפ'ן באַזיס פון געגענזייטיגער שטיצע אויף זייערע באַזונדערע געביטען.

דער בעסטער מוסטער פון דער צווייטער פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע איז די ענגלישע לעיבאָר פּאַרטיי. אין אַ שטרענגען זין האָט נישט אַזאַ פּאַרטיי קיין אייגענע אונאָפּהענגיגע עקזיסטענץ. זי איז גיכער אַ פאַראייניגטע פּאָליטישע קאָמיטע פון די יוניאָנס, קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען און סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס אַרבייטען צוזאַמען מיט דעם איינציגען צוועק צו ערוועהלען עפענטליכע באַאַמטע און צו ווירקען אויף זייערע לענדער אַז זיי זאָלען אָננעמען וואָס מעהר פון זייערע פּאָליטישע און אַרבייטער פּראָגראַמען.

אין אַלגעמיין גערעדט איז דער ערשטער מין אָרגאַניזאַציעס נעשאַפען געוואָרען אין אַזעלכע לענדער וואו די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט זיך אָנגעפאַנגען פריהער ווי די יוניאָנס און אַזוינע אָרגאַניזאַציעס געפינט מען מעהרסטענס אויפ'ן אייראָפּעאישען קאָנטינענט. די לעיבאָר פּאַרטיי פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע, ווידער,

האָט זיך ענטוויקעלט אין לענדער מיט א פארקערטער היסטאָרישער ענטוויקלונג, דאָרט וואו די יוניאָנס האָבען זיך באוויזען איידער ס'איז געווען א סאָציאליסטישע פארטיי, הויפּטזעכליך אין לענדער וואָס ווערען באצייכענט אלס אנגלאָ־זאקסישע, ווי עס איז ענגלאנד און אויסטראליע.

אין די פאראייניגטע שטאאטען האָבען די סאָציאליסטען פון אָנהויב אָן אָנגענומען דעם סיסטעם פון איינצעלנע דיוס־צאָהלענדע מיטגלידער. ביז א גרויסען גראד איז עס געווים געווען דערפאר וואָס די גרינדער פון דער באוועגונג זיינען דאָ געווען מעהרסטענס סאָציאל־דעמאָקראטישע אימיגראנטען פון דייטשלאנד און זיי האָבען כמעט אויטאָמאטיש דאָ אָנגעווענדעט די סיסטעם פון דעם לאנד פון וועלכען זיי זיינען געקומען.

ס'איז פון תמיד אָן געווען א פראגע אויב יענע אָרגאניזאַציאָנס פאָרמע איז די פאסיגסטע פאר א לאנד מיט אזוינע פיהרונגען און מנהגים ווי אמעריקע האָט, און אין די רייהען פון דער סאָציאליסטישער באוועגונג האָט מען וועגען דעם אימער דעבאטירט. מ'דעבאטירט די פראגע נאָך ביז דעם היינטיגען טאָג און ס'איז מעגליך, אז מען וועט זי קיינמאָל נישט לייזען דורך דעם טעאָרעטישען דרעהען מיט'ן גראָבען פינגער. אָן־און־פאר־זיך פאָסירט זעלטען, אָדער פיליכט גאָר טאקע קיינמאָל נישט, אז פון דעם אופן פון אָרגאניזאציע זאָל זיך ווענדען דער כאראקטער אָדער דער ערפאָלג פון א באוועגונג. א פארטיי אין אמעריקע קען טראָגען דעם נאָמען סאָציאליסטישע פארטיי און האָבען אזוי פיל ערפאָלג ווי אין די הויפט־לענדער פון אייראָפּע, אויב זי זאָל נאָר קריגען גענוג פאָליטישע שטיצע פון ארבייטער־קלאס. אן אמעריקאנער לעיבאָר פארטיי קען פונקט אזוי גוט דינען דעם זעלבען צוועק, אויב זי איז דורכגעדרונגען מיט א סאָציאליסטישען גייסט און מיט סאָציאליסטישע אידעאלען. די ענדגילטיגע פאָרמע פון דער באוועגונג אין אמעריקע וועט ווארשיינליך באשטימט ווערען דורך עפּעס א וויכטיגער פאָליטישער אָדער עקאָנאָמישער ערשיינונג אין דער צוקונפט, אזא וואָס נישט מען זעהט זי איצט פאָראויס, נישט מען קען זי פאָראויסזעהן.

אין 1921 אָבער, איז די פראגע געווען פון פראקטישער און דרינגענדער וויכטיגקייט פאר די סאָציאליסטען פון אמעריקע. נישט

נאָר איז זייער אייגענע אָרגאַניזאַציע געווען צובראָכען, נאָר עס האָט זיך געדאַכט, אַז אויפ'ן פּאָליטישען האָריזאָנט ווייזען זיך סמנים פון אַן אומאָפּהענגיגער פּאָליטישער ארבייטער באַוועגונג.

דאָס יאָהר 1919 איז געווען אַ יאָהר פון אומרוהיגקייט צווי־שען ארבייטער. עס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַ לאַנגען און פארביטערטען קאַמף אין דער קוילען־אינדוסטריע און אין דער שטאָל־אינדוסטריע און עס איז אין יענעם יאָהר פאָרגעקומען דער סענסאַציאָנעלער גענעראַל־סטרייק אין סיאַטל.

די אייזנבאַהן־ארבייטער פון לאַנד זיינען אויך געווען אין אַן אויסערגעוועהנליכען צושטאַנד פון אומצופרידענהייט און פּאָלי־טישער אויפרעגונג. די קורצע פעריאָדע, ווען די רעגירונג האָט פארוואַלטעט די אייזענבאַהנען אין דער מלחמה־צייט, האָט געגע־בען די ארבייטער אַ גינסטיגערע פּאָזיציע און האָט געבראַכט פול־שטענדיגע אנערקענונג פאַר זייערע יוניאָנס. איצט אַז ס'איז פאָר־נעשלאָגען געוואָרען אַז „די אייזענבאַהנען זאָלען צוריק אומגעקערט ווערען צו זייערע אייגענטהימער," דאָס הייסט, איבערצוגעבען דעם קאָנטראָל צוריק אין די הענט פון די באַנקירען, האָבען די ארביי־טער און אָנגעשטעלטע שטאַרק פּראָטעסטירט. צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע זיינען זיי ארויסגעקומען מיט אַ קלאָר־אויסגע־ארבייטען פּראָגראַם, אַז די רעגירונג זאָל איבערנעמען די אייזענ־באַהנען און אַז דאָס פּובליקום און די ארבייטער זאָלען זיין פאָר־טראָטען אין דער פארוואַלטונג.

די „יונייטעד מאַין וואָירקערס אָוו אַמעריקע", די יוניאָן פון מאַין ארבייטער, מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 42 טויזענט, האָט זיך אויף איהר קאָנווענשאָן אין 1919 ערקלערט צו גונסטען דעם פּלאַן, אַז עס זאָל באַלד געשאַפען ווערען אין אַמעריקע אַן אומ־אָפּהענגיגע לעיבאָר פּארטיי און האָט אינסטרואירט איהרע בעאַמטע צו נעמען פּראַקטישע שריט אין דער ריכטונג. מיט אַ יאָהר שפּע־טער האָט די מעכטיגע יוניאָן פון פּעינטערס, דעקאָרעיטאָרס און פּעיפּערהענגערס אין אַמעריקע נאָכגעפאָלגט דעם ביישפּיל פון די מאַינערס.

רעזאָלוציעס, וואָס האָבען גוטגעהייסען דעם פּרינציפּ פון פּאָ־ליטישער זעלבסטשטענדיגקייט פאַר דעם ארבייטער־קלאַס, זיינען אָנגענומען געוואָרען דורך די סטעיט פעדעראַציעס פון יוניאָנס

אין פּענסילווייניע און אינדיאַנאַ און דורך א סך צענטראַלע אַר־
בייטער קערפּערשאַפטען אין גרויסע שטעדט און דורך לאָקאַלע
יוניאָנס.

אַן עטוואָס עהנליכע ערשיינונג האָט זיך אָנגעהויבען צייגען
צווישען די ווייץ פאַרמערס פון דער וועסט און מידל־וועסט, אונ־
טער דער אָנפיהרערשאַפט פון דער „נאָן־פּאַרטיזאַן ליג" (ליג פון
אומפּאַרטייאישע). די דאָזיגע אָרגאַניזאַציע איז צוערשט געגרינ־
דעט געוואָרען אין נאָרד דאַקאָטא אין יאָהר 1915 און האָט זיך
שנעל פאַרשפּרייט קיין סאַוט דאַקאָטא, מינעסאָטא, איידאַהאָ, מאָנ־
טאַנא, נעבראַסקא, קאָלאָראַדאָ און וואַשינגטאָן סטעיטס. לויט ווי
דער נאָמען צייגט איז די „נאָן־פּאַרטיזאַן ליג" נישט געווען קיין
פּאָליטישע פּאַרטיי אין דעם פּינקטליכען זין פון דעם וואָרט. די
„ליג" איז נישט אויפגעטראָטען אויף דעם געביט פון פּאָליטיק
אַלס געגנערין פון די אַלטע פּאַרטייען און האָט נישט נאָמינירט
קיין קאַנדידאַטען פאַר עפענטליכע אַמטען. די מעטאָדע פון דער
„ליג" איז געווען צו קאָנצענטרירען איהרע קרעפטען אויף שטיצען
דעם פריינדליכסטען קאַנדידאַט וואָס איז געלאָפען אָדער אין די
רעפּובליקאַנער, אָדער אין די דעמאָקראַטישע פּריימעריס, און זעהן
אַז ער זאָל נאָמינירט און ערוועהלט ווערען. דער פאָטער פון דער
דאָזינער נייער אידעע איז געווען אַרטור סי. טאַונלי, א פאַרמער
מיט וואונדערבאַרע פעהיגקייטען אַלס אָרגאַניזאַטאָר, וועלכער
האָט באַקומען זיין פּאָליטישע ערציהונג אין דער סאָציאַליסטישער
פּאַרטיי. די „ליג" איז אויסגעהאַלטען געוואָרען דורך היבשע יעהר־
ליכע דיוס, וואָס די מיטגלידער האָבען געצאָהלט. אַרום 1920
האָט זי דערגרייכט איהר העכסטען פּונקט פון קראַפט. די „ליג"
האָט דאַן ערוועהלט סענאַטאָרען, קאָנגרעסלייט, גאָווערנאָרס, סטעיט
געזעצגעבער און לאָקאַלע בעאַמטע אין עטליכע סטעיטס. זי איז
געשטיצט געוואָרען פון אַרום הונדערט צייטונגען, האָט געפיהרט
אַן אייגענע באַנק און עטליכע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען און
איז געווען א וויכטיגע קראַפט אין די געגענדען וואו זי איז געווען
טעטיג.

איינע פון די מערקווירדיגסטע און דויערנדסטע ערשיינונגען,
וואָס זיינען אַרויסגעוואַקסען פון דער באַוועגונג איז געווען די
אָרגאַניזירונג פון דער פאַרמער־לייבאָר־פּאַרטיי אין מינעסאָטא.

אין יענעם סטעיט, פונקט ווי אין מעהרסטע אנדערע פעסטונגען פון דער „ליג", האט זיך דער עולם באלד איבערצייגט אז טאונ־לי'ס מעטאדע איז סוף כל סוף נישט ווירקזאם. די פאליטישע מאַשינען פון די אלטע פארטייען זיינען צוערשט צוטומעלט געווארען, אבער זיי האבען זיך שנעל צוגעפאסט צו דער נייער לאגע און האבען ווידער באפעסטיגט זייערע געבראכענע רייהען. דארט וואו די געוועהנליכע פאליטישע מאכינאציעס זיינען נישט געווען גענוג, האבען זיי זיך באנוצט מיט אזא איינפאכען מיטעל ווי אפשאפען די פריימערי געזעצען און האבען צוריק אויפגעלעבט די אלטע סיסטעם פון נאמינירען קאנדידאטען אויסשליסליך אויף פארטיי קאנווענשאנס.

דאס איז געווען די לאגע אין מינעסאטא אין יאהר 1919, ווען די פיהרער פון דער נאר־פארטיזאן ליג אין יענעם סטעיט האַבען איינגעזעהן אז צו מאכען נאך פארזוכען אויף פארכאפען די פריימערים פון די אלטע פארטייען איז אן ארויסגעווארפענע אר־בייט, און זיי האבען ארגאניזירט אן אייגענע פארטיי, אונטער דעם עטוואס פאראדאקסאלען נאמען „נאן־פארטיזאן פארטי" (אומ־פארטיאישע פארטיי). דער נייער שטריך מיט וועלכען די פארטיי האט זיך אויסגעצייכענט איז געווען דאס וואס עס האט מיט זיך פארגעשטעלט א גלייכע פאליטישע שותפות צווישען די פארמערס פון דארף און די ארבייטער פון שטאדט. מיט א יאהר שפעטער איז דער נאמען פון דער פארטיי געענדערט געווארען אויף פאר־מער־לעיבאר פארטיי. אויף אזא שטייגער זיינען שוין אפיציעל פארבונדען געווארען די אינטערעסען פון דעם פארמער און דעם אינדוסטריעלען ארבייטער.

די מעלות פון אזא פאראייניגונג צווישען די אמעריקאנער ארבייטער פון פעלד און פאבריק זיינען גלייך געווען קלאר פאר אלעמען. די אפאזיציאנעלע פאליטישע באוועגונגען פון די פאר־מערס אין דער פארגאנגענהייט האבען געהאט קיצור ימים, און האבען ניט געבראכט קיין דויערענדע רעזולטאטען, הויפטזעכליך דערפאר וואס זיי זיינען אנגעפיהרט געווארען בלויז אין באַשטימטע טיילען פון לאנד, הויפטזעכליך אין די סטעיטס פון דער וועסט און מידל־וועסט. פון דער צווייטער זייט האט א פאליטישע באוועגונג, וואס שטיצט זיך הויפטזעכליך אויף די שטאדטישע

ארבייטער בשום אופן נישט געקענט ערוואַרטען אזא ערפאָלג איבער דער גרויסער אַמעריקע, ווי עס האָבען געהאַט אזוינע באַוועגונגען אין די קלענערע, שטאַרק־אינדוסטריאַליזירטע לענדער פון אייראָפּע.

דער פאַקט איז, אז אייניגע פון די באַדייטענדסטע פּאָליטישע באַוועגונגען אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע פון די לעצטע יאָהרען, ווי די פּאָפּוליסטישע באַוועגונג צום ביישפּיל, זיינען געבאָרען געוואָרען צווישען די פאַרמערס און אפילו די היינטיגע „פּראָגרעסיווע" גרופּע אין קאָנגרעס איז צום גרעסטען טייל אַ מוסטער און רעזולטאַט פון דעם פאַרמערישען ראַדיקאַליזם.

די פאַרמער־לעיבאָר פּאַרטיי איז אויף אזא אופן ביי אַ סך אַמעריקאַנער געוואָרען די אידעאַלע פאָרם פאַר דער לאַנג־ערוואַרטעטער און אַלץ־פאַרשווינדענדיגער באַוועגונג פאַר אַ „דריטער פּאַרטיי".

צום ענדע פון יאָהר 1919 איז ביי אַן אומפאַרגעסליכער קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ, געבאָרען געוואָרען די נאַציאָנאַלע לעיבאָר פּאַרטיי, וועלכע האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען „פאַרמער־לעיבאָר פּאַרטיי". די וויכטיגסטע טוער אין דער נייער פּאַרטיי זיינען געווען מעהרסטענס סאָציאַליסטען, וועלכע זיינען אויף אזא אָדער אַן אַנדער שטייגער, געוואָרען אומצופרידען מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין פאַרלויף פון די פילע שפּאַלטונגען אין אָנפאַנג יאָהר. אונערוואַרטעטערהייד איז די קאָנווענשאָן געווען זעהר גוט באַזוכט. לאָקאַלע יוניאָנס, דיסטריקט קאָונסילס און צענטראַלע ארבייטער קערפּערשאַפטען פון גרויסע שטעדט פון פערציג סטעיטס זיינען געווען פאַרטראָטען דורך עטליכע הונדערט ענטוזיאַסטישע דעלעגאַטען. אַ ראַדיקאַלע פּלאַטפאָרמע, אַ שטאַרק־בעאיינפלוסטע פון דער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג, איז אָנגענומען געוואָרען און אַ פּערמאַנענטע פּאַרטיי פאַר דעם גאַנצען לאַנד, מיט אַ מעגליכקייט פאַר סטעיט און דיסטריקט־אָרגאַניזאַציעס, איז געשאַפען געוואָרען. אייניגע פון די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס, ספּעציעל די סטעיט־אָרגאַניזאַציעס אין אילינאָי און פּענסילוועניע, האָבען געשיינט צו האָבען זעהר גוטע אויסזיכטען אויף אַמת'ער ענטוויקלונג.

אין יאָהר 1920 האָט די פּאַרטיי נאָמינירט קאַנדידאַטען פאַר

פּרעזידענט און וויס־פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען און האָט געקראָגען ארום 250 טויזענט שטימען.

אין אזעלכע אומשטענדען האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וועלכע האָט געוועהנליך גאָרנישט געהאַלטען פון די אזוי גערופענע באַוועגונגען פאַר א „דריטער פּאַרטיי", שוין מעהר נישט געקענט איגנאָרירען זייער מעגליכע באַדייטונג. אין יאָהר 1921 האָט די פּאַרטיי אָנגענומען אַ רעזאָלוציע אינסטרואירענדיג איהר נאַציאָ־נאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע צו מאַכען אַ גרינטליכע אונטערזוכונג פון דעם גאַנצען עניין מיט'ן צוועק אויסצוגעפינען די שאַנסען פאַר אַ פּאָליטישער פאַרבינדונג צווישען דער פּאַרטיי און אַנדערע ראַ־דיקאַלע און ארבייטער אָרגאַניזאַציעס.

די אונטערזוכונג איז באַלד געמאַכט געוואָרען. איידער עס זיינען אַוועק צוויי יאָהר זינט עס האָבען זיך באַוויזען די האָפנונגס־פולע סמנים פון דער באַוועגונג פאַר אַ דריטער פּאַרטיי, זיינען אַלע אויסזיכטען פון דער באַוועגונג שוין געווען טויט. די נאַציאָנאַלע פאַרמער־לעיבאָר פּאַרטיי איז זיך שנעל צופאַלען איבער דער געג־נערשאַפט פון די קאָנסערוואַטיווע פיהרער אין די גרויסע יוניאָנס פון דער אַמעריקען פעדערייש‎אָן אָוו לעיבאָר. די קאָמוניסטען האָבען גאָר שפּעטער פאַרכאַפּט די אָרגאַניזאַציע, האָבען געענדערט איהר נאָמען אויף פעדערעיטעד פאַרמער־לעיבאָר פּאַרטיי און צו דער ריכטיגער צייט איז די פּאַרטיי געשטאָרבען מיט אַ כשר'ן פּאָליטישען טויט. זי איז אונטערגעגאַנגען.

פון די פילע לאָקאַלע ארבייטער־פּאַרטייען האָט בלויז די אָרגאַניזאַציע פון שיקאַגאָ נאָך געהאַט אַ געוויסע לעבענס־קראַפט אין זיך אין דער צייט וואָס די פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע פון דער „נאָן־פּאַרטיזאַן ליג" איז זיך צערונען, פּונקט אזוי שנעל ווי זי איז אויפגעבויט געוואָרען. די איינציגע וואָס איז געבליבען לעבען נאָך דעם פּאָליטישען צוזאַמענברוך איז געווען די „פאַרמער־לעיבאָר פּאַרטיי" פון מינעסאָטאַ, אָבער יענע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָפּ־געגעבען אויסשליסליך מיט דער פּאָליטיק פון דעם איינענעם סטעיט און האָט נישט ארויסגעוויזען קיין שום פּאַרלאַנג אָדער אבזיכט אויסצוברייטערען איהר טעטיגקייט איבער'ן גאַנצען לאַנד.

אין דעם מאָמענט איז געקומען אַ שטויס צו דער אויפלעבונג פון דער באַוועגונג פון גאָר אַן אונערוואַרטעטער זייט.

ארום דעם סוף פון יאָהר 1921 האָב איך באקומען א מעלדונג פון וויליאם מ. דזשאנסאָן, פרעזידענט פון דער מאשיניסטען יוניאָן. אין דער מעלדונג האָט ער מיך איינגעלאדען אנטייל צו נעמען אין א פארמאכטער קאָנפערענץ צו באטראכטען די שאנסען וואָס זיי־נען פאראן צו אָרגאניזירען א ווירקזאמע פּאָליטישע פּארטיי אויף דעם מוסטער פון דער ענגלישער לעיבאָר פּארטיי. איך האָב אָנ־גענומען די איינלאדונג מיט גרויס צופרידענקייט. די מאשיניסטען יוניאָן איז איינע פון די וויכטיגסטע ארבייטער אָרגאניזאציעס אין אמעריקע און האָט פארנומען א וויכטיגען פּלאץ אין דער יוניאָן־באוועגונג דורך איהר פארבינדונג מיט דער אמעריקען פעדערעי־שאָן אָוו לעיבאָר פון איין זייט און מיט די שטארקע „בראָדער־הודס", די יוניאָנס פון די אייזענבאהן ארבייטער, און מיט נאָך אנדערע ארבייטער אָרגאניזאציעס פון דער צווייטער זייט.

דזשאנסאָן אליין האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם העכסטען טיפּ פון א יוניאָן־בעאמטען. ער איז געווען א מיטגליד פון דער סאָציאליסטישער פּארטיי און איז ערוועהלט געוואָרען צו דעם הויכען יוניאָן־אמט נאָך א שטארקען קאמף צווישען דעם אָפּאָ־זיציאָנעלען אָדער „פּראָגרעסיווען" פליגעל, וועלכען ער האָט אָנ־געפיהרט און דער קאָנסערוואטיווער אלט־מאָדישער פיהרערשאפט פון דער יוניאָן. אין די צעהן יאָהר וואָס ער האָט פארנומען דעם אמט, האָט ער געהאט דעם פולשטענדיגען צוטרוי פון דער גרויסער מאסע מיטגלידער פון דער יוניאָן און ער אָט אין דער ארבייטער־וועלט זיך געשאפען א גלענצענדע רעפּוטאציע פאר אָרענטליכקייט און פעהיגקייט.

דער פאקט אליין וואָס ער האָט גענומען אויף זיך די איני־ציאטיווע פון דער נייער באוועגונג איז געווען א גאראנטיע, אז עס וועלען זיין גוטע אויסזיכטען, אויפריכטיגע באציהונגען און א פּראָגרעסיווע שטעלונג.

עס זיינען אריבער עטליכע חדשים און איך האָב מעהר נישט געהערט וועגען דער געפּלאנטער קאָנפערענץ. איך האָב אָנגענומען אז דער פּלאן איז אויפגעגעבען געוואָרען אוים מאנגעל אין אָנ־הענגער. ענדליך אָבער האָב איך באקומען א נייע איינלאדונג צו קומען צו „א קאָנפערענץ פון פּראָגרעסיווע" אין שיקאגאָ, דעם 20טען פעברואר, 1922. דאָס מאָל איז די איינלאדונג געווען טאקע

אַן אָפּיציעלע און צו מיין גרויסער איבעררעשונג איז זי ארויסגע־שיקט געוואָרען נישט פון וויליאַם ה. דזשאנסאָן אַליין, נאָר צוזאַ־מען מיט איהם זיינען אויך געווען אונטערגעשריבען מארטין פ. רייען, פּרעזידענט פון דער „בראָדערהוד (יוניאָן) פון אייזענבאהן און קאַר ארבייטער״, וו. ס. סטאָון, הויפּט פון דער „בראָדערהוד פון לאָקאָמאָטיוו אינזשינירען״, י. דזש. מעניאָן, פּרעזידענט פון דעם „אָרדער״ (אויך א יוניאָן) פון באהן טעלעגראפיסטען״, טי־מאָטי הילי, פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל יוניאָן פון פייער־מען און אוילערס, און ל. י. שעפּארד, פּרעזידענט פון דער יוניאָן פון אייזענבאהן קאָנדוקטאָרען.

דאָס זיינען געווען נעמען פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג מיט וועלכע מ׳האָט זיך געמוזט רעכענען. זיי האָבען פאַרטראָטען 6 פון די סאָלידסטע ארבייטער אָרגאניזאציעס אין דער אייזענבאהן אינדוסטריע און האָבען פארנומען א פּאָזיציע פון גייסטיגע פיהרער אין דער גאנצער גרופּע יוניאָנס, מיט וועלכע זייערע אָרגאניזאציעס זיינען געווען פארבונדען. די גאנצע גרופּע יוניאָנס וועגען וועלכער איך רעד דאָ זיינען באשטאנען פון ארביי־טער וואָס זיינען געווען אָנגעשטעלט אויף די באהנען און וועלכע זיינען געווען צוזאמען באקאנט אלס די זעכצעהן יוניאָנס פון די באהן־ארבייטער.

דער שריט איז אָפּיציעל אויטאָריזירט געוואָרען פון די אלע אָרגאניזאציעס, וועלכע מ׳האָט געוועהנליך גערעכענט צווישען די קאָנסערוואטיווסטע אין דער ארבייטער־באוועגונג. די אלגעמיינע צאָהל פון זייערע מיטגלידער איז געווען נישט ווייניגער ווי אנדערט־האלבען מיליאָן.

פון א סאָציאליסטישען שטאנדפּונקט איז די פּלוצימדיגע ענדערונג געווען נישט אזא פולשטענדיגע ברכה, ווי ס׳קען זיך פון אָנהויב אָן דוכטען.

דאָס געווינס אין דער צאָהל מענשען איז פארשטערט געוואָרען דורך א פארלוסט אין קלאָרקייט פון אויפגאבען און דורך דער נישט־איינינקייט פון מיינונגען. דער איינלאַדונגס־בריף איז גע־ווען אָנגעשריבען אין א פאַרזיכטיגער און א זעהר אָפּגעהיטער שפּראך. וועגען דעם צוועק פון דער קאָנפערענץ איז אין דעם בריף געזאָגט געוואָרען, אַז מ׳פּלאַנט „צו דיסקוטירען און אָננעמען א

פונדאמענטאלע עקאנאמישע פראגראם, וואס זאל צוריק אומקע־רען דעם פאלק די גאנצע מאכט, וואס דארף אין דער אמת׳ען געהע־רען טאקע נאר צום פאלק און ווייטער צו קיינעם נישט; צו ווירקען, אז די אויפגאבען צוליב וועלכע די רעגירונג פון אונזער לאנד איז געגרינדעט געווארען זאלען דורכגעפיהרט ווערען; צו מאכען זיכער, אז יעדער מענש זאל געניסען פון דעם וואס זיין ארבייט פראדוצירט".

די איינגעלאדענע צו דער קאנפערענץ זיינען ספעציעל גע־ווארענט געווארען, צי גאר געטרייסט געווארען, אז „דאס איז נישט א פארזוך צו גרינדען א נייע פאליטישע פארטיי". דאס פאר־שפרעכענדסטע אין דער גאנצער זאך זיינען געווען די אומבאגרע־ניצטע ענטוויקלונגס־מעגליכקייטען. די איינלאדונג איז אדרעסירט געווארען נישט נאר צו יוניאנס, נאר אויך צו אלע „פראגרעסיווע עלעמענטען אין דעם אינדוסטריעלען און פאליטישען לעבען פון לאנד". וואס מיר האט געשיינט צו זיין פון דער גרעסטער באדייַ־טונג, איז געווען דער פאקט וואס די סאציאליסטישע פארטיי איז אויסדריקליך ארייַנגענומען געווארען אין דעם צעטעל.

יעדעס מאל ווען די סאציאליסטען האבען גערעדט וועגען דער מעגליכקייט, אז עס זאל זיך אנפאנגען אן אונאפהענגיגע פאליטישע באוועגונג אין די רייהען פון דער יוניאן באוועגונג, האבען מיר מורא געהאט, אז מ׳וועט אונז דאן אינגאנצען נישט צולאזען צום טיש. די אויסזיכט פון א לעיבאר פארטיי, וואס זאל דורכאויס באשטעהן פון קאנסערוואטיווע אמעריקאנער יוניאנס, האט גע־געבען זעהר ווייניג האפנונג אויף טיכטיגען און קעמפערישען פארטשריט. אזא פארטיי וואלט נאך דערצו אוועקגעשטעלט די סא־ציאליסטישע פארטיי אין זעהר א מאדנער פארלעגענהייט. מיט א פארעווער פאליטישער פארטיי פון די יוניאנס וואלט זיך די סאציאליסטישע פארטיי נישט געקענט קיין עצה געבען. עס וואלט געווען זעלבסטמארד זי צו באקעמפען, פונקט ווי עס וואלט געווען זעלבסטמארד זיך אליין אויפלייזען צו גונסטען אזא פארטיי.

פון דער צווייטער זייט האבען מיר זיך נישט צופיל געזארגט איבער דעם, וואס עס איז נישט געווען קיין קלארע פראגראם און קיין אויסגעהאלטענע פאליטישע אנשויאונג אין דעם אנפאנג פון דער נייער באוועגונג.

מיר האָבען פעסט געגלויבט, אז יעדע באַדייטענדע קערפּער־שאַפט פון ארבייטער, וואָס זיינען פאראייניגט צוליב זייערע גע־מיינשאפטליכע פּאָליטישע אינטערעסען, וועט סוף־כל־סוף בעאיינ־פלוסט און געפיהרט ווערען פון דער לאָגיק פון עקאָנאָמישער און פּאָליטישער ענטוויקלונג. זייער ערפאהרונג אין קאמף וועט זיי ברענגען דערצו, — האָבען מיר געגלויבט, — אז זיי זאָלען אָנ־נעמען דעם גרונט־פונדאמענט פון סאָציאַליסטישער וועלט־אנ־שויאונג, באַזונדערס אויב די סאָציאַליסטען וועלען זיין מיט זיי צוזאַמען און וועלען זיי ערקלערען די באַדייטונג פון דער ענט־וויקלונג און דאָס וואָס זיי קענען לערנען פון זייער ערפאהרונג. דער שטאַנדפּונקט איז ניט נאָר געווען באגרינדעט אין דער טעאָ־ריע, נאָר ער איז אויך באשטעטיגט געוואָרען דורך דעם לעבעדיגען ביישפּיל פון דער ענגלישער ארבייטער פּאַרטיי.

עס איז אַ מאָדנער און אָפּט־פּארגעסענער פאקט, אז די ענגלי־שע לעיבאָר פּאַרטיי האָט אָנגעפאַנגען איהר קאריערע אפילו אָהן אַ פּאַרזוך צו פאָרמולירען אַ פּראָגראַם אָדער אָנצונעמען אַ פּרינ־ציפּען־ערקלערונג. די היסטאָרישע רעזאָלוציע אויף דעם טרעיד יוניאָן קאָנגרעס, אין יאָהר 1899, וואָס האָט אָנגעפאַנגען די באַ־וועגונג צו שאפען אַ לעיבאָר פּארטיי, האָט איינגעלאדען אלס אנ־טייל נעמער, „אלע קאָאָפּעראטיווע, סאָציאלסיטישע, יוניאָניסטישע און אַלע אנדערע אָרגאניזאציעס פון אַרבייטער קלאַס, אום אויס־צוגעפינען וועגען און מיטלען צו פארגרעסערען די צאָהל ארבייטער־מיטגלידער אין דעם נעקסטען פּאַרלאַמענט".

און דאָס איז געווען אַלץ.

אכטצעהן יאָהר נאָכאנאנד האָט די נייע פּאַרטיי עקזיסטירט און „געלעבט גליקליך" אָהן אַ פּראָגראַם און אָהן אַן אויסגעאַר־בייטע ערקלערונג פון איהרע פּרינציפּען. זי איז בלויז אָהן אויפ־הער געוואַקסען, האָט געהאַלטען אין איין צוקריגען אַלץ נייע און נייע מיטגלידער, פּאַרלאַמענט־פּארטרעטער און — אויך קלאָרקייט פון איהרע אויפגאבען.

ערשט אין יאָהר 1917 האָט די פּאַרטיי געפונען פאַר נויטיג אריינצונעמען אין איהר קאָנסטיטוציע אַן ערקלערונג וועגען איהרע אויפגאבען און די ערקלערונג איז געמאַכט געוואָרען אין דער פאָלגענדער קלאָרער און אונצווייידייטיגער שפּראַך:

„די אויפגאבע פון דער לעיבאָר פּארטיי איז צו באַקומען פאַר די אַרבייטער וואָס אַרבייטען מיט די הענט אָדער מיט׳ן קאָפּ די פולע פרוכט פון זייער אַרבייט און די גערעכטסטע צוטיילונג פון דעם גאַנצען געשאַפענעם גוטס אויפ׳ן באַזיס פון געמיינשאַפטלי־כען אייגענטום פון די מיטלען פון פּראָדוקציע און די בעסטע סיס־טעם פון דעמאָקראַטישער פאַרוואַלטונג און קאָנטראָל איבער יעדער אינדוסטריע אָדער באַדינונג״.

די ענגלישע לעיבאָר פּארטיי, וועלכע איז אַריין אין דעם קאַמפּס־רינג מיט אַ פּאָליטישען געדאַנקען־גאַנג, וואָס איז געווען ענהליך צו דעם געדאַנקען־גאַנג פון דער אידישער יוניאָן־באַוועגונג אין אַמעריקע האָט זיך שטיל, נאַטירליך און אָהן אָפּהאַלטען ענטוויקעלט און איז געוואָרען אַ פולשטענדיגע סאָציאַליסטישע קערפּערשאַפט.

הויפּטזעכליך אַ דאַנק אַזעלכע געדאַנקען האָבען די איינגע־לאַדענע סאָציאַליסטען באַשלאָסען צו געהן צו דער קאָנפערענץ. די סאָציאַליסטישע גרופּע איז באַשטאַנען פון זעקס פּערזאָן: וויק־טאָר ל. בערגער, דעניעל וו. האָאַן, מעיאָר פון מילוואָקי, דזשעימס אָ׳ניעל, רעדאַקטאָר פון דער פּאַרטיי־צייטונג, אָטאָ בראַנשטעטער, מיטגליד פון דער פּאַרטיי׳ס נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, בערטא העיל ווהאיט, סעקרעטארשע פון דער עקזעקוטיווע און איך.

אַרום־און־אַרום זיינען געווען אַרום 150 דעלעגאַטען. עס איז געווען אַ צוזאַמענקונפט וואָס האָט ווירקליך פאַרטראָטען דעם ריכ־טיגען עלעמענט. אַ חוץ די זעכצעהן אייזענבאַהן־יוניאָנס זיינען דאָ געווען דעלעגאַטען פון דער מאַינערס יוניאָן, פון אַ רייהע וויכטיגע אָרגאַניזאַציעס פון די נאָדעל־טרעיד אינדוסטריען, וועלכע מ׳האָט שטענדיג באַטראַכט פאַר „פּראָגרעסיווע״, פאַרשטעהער פון דער פאַרמער־לעיבאָר פּאַרטיי, פון דער „נאַציאָנאַלער נאָן־פּאַרטיזאַן ליג״, פון דעם פאַרמער׳ס נאַציאָנאַלען קאָונסיל, פון דער „ווימענ׳ס טרעיד יוניאָן ליג״ און פון עטליכע אַנדערע קלענערע אָרגאַניזא־ציעס.

אפילו קאָנסערוואַטיוו גערעכענט האָבען די דעלעגאַטען צו דער קאָנפערענץ פאַרטראָטען ניט ווענינער ווי צוויי מיליאָן מיט־גלידער און די מעהרהייט פון זיי איז באַשטאַנען פון אָרגאַניזירטע אַרבייטער.

דאָס איז געווען ס'ערשטע מאָל אין דער געשיכטע וואָס אַמע־ריקאַנער סאָציאַליסטען זיינען געזעסען אויף איין קאָנפערענץ מיט אַזאַ איינדרוקספולער קערפערשאַפט פון אָרגאַניזירטע ארבייטער צו דיסקוטירען פּלענער וועגען געמיינשאַפטליכער פּאָליטישער ארבייט.

די קאָנפערענץ האָט זיך געעפענט אין אַן עטוואָס אַנגעצוי־גענער אַטמאָספערע. די יוניאָן־דעלעגאַטען האָבען זיך באַצויגען מיט אַ געוויסען פּאַרדאַכט און אומצוטרוי צו די סאָציאַליסטען, מיט וועלכע זיי זיינען קיינמאָל פריהער ניט געהאַט געקומען אין נאָהענטער באַריהרונג און וועמען זיי זיינען געווען גענייגט צו באַ־טראַכטען פאַר אומפּראַקטישע טעאָרעטיקער.

ערשט נאָכדעם ווי עס זיינען פאַראיבער די ערשטע עטליכע שטונדען פון דער קאָנפערענץ איז „דאָס אייז געבראָכען געוואָרען". די דיסקוסיע איז געפיהרט געוואָרען אָהן שום פּלאַן און צוועק אַ היבשע צייט און דאַן האָט עדוואַרד פּ. קיטינג, פּאַטערליך ארויפ־געלעגט זיין האַנט אויף מיין אַקסעל און האָט מיר געשטעלט די פאָלגענדע דירעקטע פראַגע: „ברודער הילקוויט, זיינט איהר, סאָ־ציאַליסטען, געקומען אַהער מיט דער האָפנונג צו גרינדען אַן אונ־אָפּהענגיגע פּאָליטישע לעיבאָר פּאַרטיי?"

קיטינג איז געווען איינער פון די וויכטיגע מענשען אויף דער קאָנפערענץ. אַלס קאָנגרעסמאַן פון קאָלאָראַדאָ האָט ער טיכטיג, אויסגעהאַלטען און קעמפעריש פאַרטיידיגט די ארבייטער־אינטע־רעסען. אַלס דער רעדאַקטאָר פון דעם וואָכענבלאַט „לעיבאָר", אָפּי־ציעלע צייטונג פון די אייזענבאַהן־ארבייטער, מיט אַ צירקולאַציע פון 400,000 עקזעמפּלאַרען, האָט ער אויסגעאיבט אַ שטאַרקען איינפלוס אויף דער אָנפיהרונג פון זייערע יוניאָנס.

די פראַגע איז געווען געצילט אין דעם סאַמע האַרץ פון דער מיינונגס־פאַרשידענהייט צווישען די סאָציאַליסטען און די טרעיד־יוניאָניסטען אויף דער קאָנפערענץ. די טרעיד־יוניאָניסטען האָבען זיך נאָך אַלץ געהאַלטען ביי זייער „אומפּאַרטייאישער" מעטאָדע פון שטיצען די פריינדליכסטע קאַנדידאַטען פוןביידע אַלטע פּאַר־טייען. לויט זייער מיינונג האָט די הויפּט־אויפגאַבע פון דער גע־פּלאַנטער קערפערשאַפט געדאַרפט זיין צו מאַכען אַזאַ שטיצע ווירק־זאַמער און מעהר איינדרוקספול. אויף אַזאַ אופן האָט מען געדאַרפט

באוועגעןביידע אַלטע פּאַרטייען, אַז זיי זאָלען נאָמינירען פּראָ־
גרעסיווע קאַנדידאַטען און אויך צו ווירקען אַז די וואָס זיינען שוין
פון פריהער ערוועהלט געוואָרען זאָלען זיך האַלטען אין דער מעלה
אום ווידער ערוועהלט צו ווערען.

די פראַגע, וואָס קיטינג האָט מיר געשטעלט, איז ביי מיר
געווען זעהר אָנגעלעגט, ווייל זי האָט מיר געגעבען אַ געלעגענהייט
צו מאַכען אַן אויספיהרליכע ערקלערונג וועגען דער סאָציאַליסטי־
שער באוועגונג.

דער תוך פון מיין ענטפער איז באשטאַנען אין פאָלגענדען:

„מיר, סאָציאַליסטען, זיינען געקומען צו דער קאָנפערענץ
מיט דער אויפריכטיגער האָפנונג און מיט דער אָפּטימיסטישער
ערווארטונג, אַז די באוועגונג וואָס וועט זיך דאָ אָנפאַנגען זאָל מיט
דער צייט פיהרען צו דער גרינדונג פון אַ לעיבאָר פּאַרטיי, וועלכע
וועט אָפען און אויסגעהאַלטען באַקעמפען אי די רעפּובליקאַנער
אי די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

„מיר האָבען ניט דעם מינדעסטען גלויבען אין דעם סלאָגאַן
פון „באַלוינען אונזערע פריינד און באַשטראָפען אונזערע פיינד”,
אין די אַלטע פּאַרטייען. מיר זיינען איבערצייגט, אַז אַזאַ שטעלונג
פיהרט צו אַן אומזיסטער פאַרשווענדונג פון די פּאָליטישע קרעפ־
טען וואָס די ארבייטער־מאַסען פאַרמאָגען, אָנשטאָט צו מאָביליזירען
די קרעפטען און זיי ווירקזאַם אָנווענדען פאַר אַן אויסגעהאַלטענעם
ציל. אַזאַ שטעלונג מוז מיט דער צייט פיהרען בלויז צו אַנטוישונג
און אָפּנאַרעריי. מיר לאָזען איבער פאַר זיך דאָס רעכט אויסצודריי־
קען אונזער מיינונג צווישען אייך און מיר האָבען בדעה ניט צו
דראַפּען זיך אויף די גלייכע וועגט און ניט צו מאַכען שטערונגען.
מיר האָפען אָבער, אַז אונזערע ארגומענטען צוזאַמען מיט אייערע
אייגענע ערפאַהרונגען וועלען אייך מיט דער צייט איבערצייגען, אַז
מיר האָבען רעכט. מיר האָבען דערביי ניט קיין אבזיכט צו מאַכען
אַ פאַרזוך אויף צו פאַרכאַפּען די קאָנפערענץ דורך אינטריגעס,
מאַנעווערס און מאַכינאַציעס. מיר האָבען ניט קיין פערזענליכע אינ־
טערעסען אין דער גאַנצער זאַך און מיר זיינען געקומען מיט דעם
איינציגען צוועק צו דינען דעם ארבייטער־קלאַס, ווי מיר פאַר־
שטעהען. דערווייל זיינען מיר גרייט אויפריכטיג מיטצואַרבייטען

מיט אייך אויף אזוי ווייט אויף וויפיל דאָס שטימט מיט די גרונד־פּרינציפּען און מיט דער ריכטונג פון אונזער פּאַרטיי".

ווי עס האָט אויסגעזעהן, האָט די ערקלערונג צופרידענגע־שטעלט די דעלעגאַטען פון דער קאָנפערענץ און ביסלעכווייז איז די אַטמאָספערע פון פאַרדאַכט פאַרשוואונדען. עס איז געווען ריהרענד און ערמוטיגענד צו זעהן ווי דער צוטרוי פון די ארבייטער־פאַר־טרעטער צו דער סאָציאַליסטישער גרופּע האָלט אין איין וואַקסען.

איידער די קאָנפערענץ איז געווען פאַראיבער, איז אויסגע־קליבען געוואָרען אַ שטענדיגע קאָמיטע פון פופצעהן מיטגלידער און איך האָב אין דער קאָמיטע פאַרטראָטען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. אַ פּרינציפּען־ערקלערונג און אַ פּלאַן פון אָרגאַניזאַציע איז אויסגעאַרבייט געוואָרען און די סאָציאַליסטען האָבען זיך אין דעם אַלעם אַקטיוו באַטייליגט. אפילו דער נאָמען פון דער שטענ־דיגער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפען געוואָרען — „די קאָנ־פערענץ פאַר פּראָגרעסיווער פּאָליטישער טעטיגקייט" — איז אָנ־גענומען געוואָרען אויף מיין פאָרשלאָג.

די נעקסטע צוויי יאָהר זיינען געווען יאָהרען פון טעטיגקייט און פאָרטשריט. אין פאַרלויף פון דער צייט זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען נאָך צוויי קאָנפערענצען, מיט פאַרטרעטער פון גאַנצען לאַנד, און יעדע פון די קאָנפערענצען האָט געצייגט, אַז די אָרגאַ־ניזאַציע וואַקסט אין דער צאָהל מיטגלידער און אין פּאָליטישער טיכטיגקייט. צו דער צווייטער קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען אין קליוולאַנד, אין חודש דעצעמבער 1922, זיינען געקומען ניט נאָר די פאָרשטעהער פון די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען פון אָנהויב אָן געווען אָנגעשלאָסען, נאָר אויך דעלעגאַטען פון צוויי און דריי־סיג סטעיט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען געשאַפען געוואָרען אין די ערשטע ניין חדשים נאָך דער אָרגאַניזירונג פון דער אַלגעמיי־נער קערפּערשאַפט. די דריטע קאָנפערענץ, וועלכע איז אָפּגעהאַל־טען געוואָרען אין סעינט לואיס, אין פעברואַר, 1924, איז געווען נאָך אַ גרעסערער צוזאַמענפאָהר און האָט געהאַט אַלע סמנים פון אַ גרינדליך־פאַראייניגטער און סאָלידער פערמאַנענטער אָרגאַ־ניזאַציע.

אָבער מעהר פון אַלץ איז פאַר סאָציאַליסטישער אַנטיילנעמער געווען ערמוטיגענד דאָס, וואָס לויט אַלע סמנים איז די באַוועגונג

פאמעלאך און שטופענווייז, אָבער מיט זיכערע טריט, געגאנגען אין אַ מעהר פּראָגרעסיווער ריכטונג און האָט וואָס ווייטער אַלץ אָפטער גענומען אַ זעלבסטשטענדיגע שטעלונג צו פּאָליטישע פראגען.

שוין אין דעם אויפרוף, וואָס איז ארויסגעלאָזען געוואָרען באלד נאָך דער גרינדונגס־קאָנפערענץ אין שיקאגאָ, האָט די נאַ־ציאָנאלע קאָמיטע באַדייטענד געענדערט איהר אונקאָמפּראָמיס־ליכע שטעלונג געגען אונאָפּהענגיגער אַרבייטער־פּאָליטיק און האָט געגעבען אַ סך־הכל פון דער שטעלונג, וואָס די קאָנפערענץ האָט גענומען, אין די פאָלגענדע ווערטער:

„די קאָנפערענץ האָט איינגעזעהן, אַז די צייט איז שוין רייף פאר פּראָגרעסיווע פּאָליטישע טהאַטען, נאָר די אָרגאַניזירונג פון אַ נייער פּארטיי וועגדעט זיך אָן די ווייטערדיגע ענטוויקלונגען".

די אינסטרוקציעס פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע צו סטעיט אָרגאַניזאציעס האָבען אויסדריקליך געהייסען אויסנוצען די פּראַי־מערים פון די אַלטע פּאַרטייען אויף צו שטיצען פּראָגרעסיווע קאַנ־דידאַטען, אָבער פארענדיגט האָבען זיי מיט דער פאָלגענדער באַדיי־טענדער עצה:

„נאָר בעסער איז, אַז איהר זאָלט נאָמינירען און ערוועהלען פארמערס און ארבייטער, וואָס איהר אַליין וועט אויסקלייבן.

„ווען די אַרבייט אין די אַלטע פּאַרטייען ברענגט ניט קיין רעזולטאַטען, אָרגאַניזירט זיך אונאָפּהענגיג. עס איז אָפטמאָל בע־סער צו פּארלירען אַלס אונאָפּהענגיגע מיט קלאָרער אישו, ווי צו פאַרלירען ווי איהר האָט שוין אַ סך מאָל פארלוירען אין דער פאַרגאַנגענהייט — דורך פאַרשווענדען שטימען אויף פּערזאָנען צו וועלכע מ'קען ניט האָבען קיין צוטרוי".

ביי דער קליוולאַנדער קאָנפערענץ בין איך באַשטימט געוואָ־רען פאר טשערמאַן פון דער וויכטיגער קאָמיטע איבער אָרגאַניזאַ־ציע און פינאַנצען, און אַלס אַזעלכער האָב איך גענומען אַ גרויסען אנטייל אין אויסאַרבייטען די ערשטע פולשטענדיגע קאָנסטיטוציע פון דער ערשט־אָרגאַניזירטער קערפּערשאַפט.

די קאָנסטיטוציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען איינשטי־מיג, האָט אויסדריקליך געזאָגט, אַז די קאָנפערענץ וועט שטיצען נאָר אַזעלכע קאַנדידאַטען פאר עפענטליכע אַמטען, וואָס „האָבען

זיך פאַרפּליכטעט צו דינען די אינטערעסען פון די פּראָדוצירענדע קלאַסען און אָפּצוהיטען די פּרינציפּען פון אמת'ער דעמאָקראַטיע אין לאַנד־ווירטשאַפט, אינדוסטריע און אין רעגירונג". די קאָנסטיטוציע האָט געגעבען די סטעיט־אָרגאַניזאַציעס אַ מעגליכקייט אָנצוווענדען די מעטאָדע פון „אוּנפּאַרטייאישקייט" דורך אויסנוצען די פּרײַמערים פון ביידע אַלטע פּאַרטייען אָדער צו אָרגאַניזירען זיך פאַר אונאָפּהענגיגער פּאָליטישער טעטיגקייט. דערצו האָט נאָך די קאָנסטיטוציע געהייסען, אַז סטעיט־אָרגאַניזאַציעס זאָלען אַליין מאַכען נאָמינאַציעס אין פאַל קיין איינע פון די צוויי אַלטע פּאַרטייען שטעלט ניט אַרוים קיין פּראָגרעסיווע קאַנדידאַטען.

און אַזוי האָט זיך די קאָנפערענץ געדרעהט אַרום דעם דעליקאַטען פּרינציפּיעלען אונטערשייד צווישען „אומפּאַרטייאישער" און „אונאָפּהענגיגער" פּאָליטיק, און דער געדאַנק פון אונאָפּהענגיגער פּאָליטישער טעטיגקייט האָט געהאַלטען אין געווינען אַלץ מעהר און מעהר אָנהענגער. עס איז אָבער אַלץ נעהנטער און נעהנטער געקומען די צייט ווען מ'האָט געמוזט קומען צו אַ באַשטימטען באַשלוס, ווייל 1924 איז געווען אַ יאָהר פון פּרעזידענטוואַהלען. אין דער צייט, וואָס בשעת עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען קאַנדידאַטען פאַר קאָנגרעס, פאַר סטעיט בעאַמטע און פאַר לאָקאַלע בעאַמטע, איז נאָך געווען מעגליך, אָבוואָהל נישט זעהר אויסגעהאַלטען צו שטיצען אין איין פּלאַץ אַ רעפּובליקאַנער, אין אַ צווייטען אַ דעמאָקראַט און אין אַ דריטען גאָר נאָמינירען אַן אייגענעם קאַנדידאַט, האָט דאָס אָבער ביי אַ קאַמפּעין פאַר פּרעזידענט קיין זין נישט געהאַט. צו די וואַהלען פון 1924 האָט די „קאָנפערענץ פאַר פּראָגרעסיווער פּאָליטישער טעטיגקייט" געהאַט פאַר זיך אַ קנאַפּען אויסוואַהל. ס'איז געבליבען איינס פון די דריי: אָדער די קאָנפערענץ זאָל שטיצען מיט אַלע איהרע קרעפטען אַ קאַנדידאַט פון איינער פון די אַלטע פּאַרטייען און זאָל אינגאַנצען פאַרשלונגען ווערען פון יענער פּאַרטיי, אָדער די קאָנפערענץ זאָל אינגאַנצען נישט שטיצען קיין קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט און זיך אָפּזאָגען פון איהרע סאַמע־וויכטיגסטע אויפגאַבען, אָדער אַליין נאָמינירען אַ קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט און אויף אַזאַ אופן אַרויסטרעטען באַשטימט פאַר אַ זעלבסטשטענדיגער פּאָליטיק.

די סעינט לואיסער קאָנפערענץ האָט אָנגענומען א פאַרזיכ־טיגע רעזאָלוציע צו רופען א נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן פון ארביי־טער, פאַרמערס און פּראָגרעסיסטען „מיט׳ן צוועק צו האנדלען וועגען נאָמינירען קאנדידאַטען פאר די אַמטען פון פּרעזידענט און וויס־פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען״. אויף אַזאַ שטיי־גער איז די גוואַלדיג־וויכטיגע פראַגע וועגען דעם, וואָס מ׳זאָל טאָן דערווייל געבליבען נישט פאַרענטפערט. די קאָנווענשאָן איז גע־רופען געוואָרען אויף דעם 4טען דזשולאַי, אין קליוולאַנד, און די קאָנפערענץ האָט שוין דאַן געמוזט נעמען א באַשטימטע שטעל־לונג.

די אַנאָנסירטע קאָנווענשאָן האָט ארויסגערופען א גוואַלדיגע אויפרעגונג אין אַלע קרייזען, וואָס האָבען זיך אינטערעסירט מיט „ראַדיקאַלער און פּראָגרעסיווער פּאָליטיק״. יוניאָנס, סאָציאַליס־טען, פּראָגרעסיווע פאַרמערס און אַלערליי אָנהענגער פון א דריטער פּאַרטיי, זיינען געווען פאַרהאַוועט מיט צוגרייטען זיך צו דער קאָנ־ווענשאָן, קלייבענדיג דעלעגאַטען און דיסקוטירענדיג פּראָגראַמען און טאַקטיק. עס האָט זיך געפיהלט, אַז די קליוולאַנדער קאָנווענ־שאָן וועט זיין א געשעהעניש פון גרויסער, אויב נישט פון רעוואָ־לוציאָנערער, וויכטיגקייט אין דער פּאָליטישער געשיכטע פון אַמע־ריקע. פילע האָבען געהאָפט, אַז דער 4טער דזשולאַי פון יאָהר 1924, וועט זיין דער אָנזאָג פון א נייער צייט פאַר דעם אַמעריקאַ־נער ארבייטער.

א וויכטיגע ראָלע אין מאַכען די לאַגע נאָך מעהר געשפּאַנט האָט געשפּילט דער פאַקט, וואָס ראָבערט מ. לאַפאָלעט האָט ער־קלערט קריג „ביז צו דער ביטערער ענדע״ געגען די נאַציאָנאַלע קליקעס פוןביידע אַלטע פּאַרטייען. אַלע האָבען געגלויבט, אַז ער איז גענויגט צו ווערען דער פיהרער און פּרעזידענט־קאַנדידאַט פון א ראַדיקאַלער אָפּאָזיציע.

ראָבערט לאַפאָלעט איז געווען אַן אויסערגעוועהנליכע פיגור אין דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק. יאָהרענלאַנג איז ער געווען א שטורם־צענטער. ער איז אריין אין דער פּאָליטיק אַלס א יונגערמאַן פון 25 יאָהר און איז מיט ערפאָלג געשטיגען אַלץ העכער און הע־כער. פון א דיסטריקט אַטוירני, אין א פאַרוואָרפענעם נעגענד אין זיין סטעיט, האָט ער זיך „ארויפגעאַרבייט״ ביז ער איז ערוועהלט

געוואָרען פאַר קאָנגרעסמאַן. דערנאָך פאַר גאָווערנאָר און דערנאָך פאַר יונאַיטעד סטעיטס סענאַטאָר. און קיינמאָל איז ער נישט ער־וועהלט געוואָרען א דאַנק די טובות פון א פּאָליטישער קליקע. פּונקט פאַרקערט: אין יעדען פאַל האָט ער געזיגט אין אָן אָפּע־נעם קאַמף געגען די פּאַרטיי־באָסעס און טראָץ דער ביטערער אָפּאָזיציע וואָס די קליקעס האָבען איהם אַרויסגעוויזען. זיין מעטאָדע איז אימער געווען צו אַפּעלירען דירעקט צום פאָלק. סאַי ווען זיין פּאָליטישע טעריטאָריע איז געווען א קליינער געגנט, אָדער א קאָנגרעס־דיסטריקט, און סאַי ווען ער האָט אָנגעפיהרט א קאַמפּעין איבער׳ן גאַנצען סטעיט, האָט ראָבערט מ. לאַפאָלעט אָנגעווענדעט אַלע זיינע קרעפטען צו קומען אין פּערזענליכער באַריהרונג מיט דער באַפעלקערונג דורך מיטינגען, אָדער דורך ליטעראַטור. ער האָט באַזעסען א גוואַלדיגע רעדנער־קראַפט און האָט אימער גע־רעדט קלאָר, צום פּונקט און איינדרוקספול. דערצו איז ער געווען א פליסיגער פאָרשער מיט א זעלטענער פעהיגקייט צו באַהערשען די וויכטיגע פאַקטען און ציפערען, וואָס האָבען געהאַט א שייכות צו א וועלכען־עס־איז פּאָליטישען שטרייט, אין וועלכער ער איז געווען פאַרמישט. קליין אין וואוקס, ברייטביינערדיג און ענערגיש, האָט ער אָנגעפיהרט זיינע פּאָליטישע קאַמפּעינס, כמעט מיט א פּי־זישער געשפּאַנטקייט און ערנסטקייט. זיינע אַטאַקעס זיינען געווען געצילט גלייך, דירעקט, און זיי זיינען אימער געווען שווער. ער האָט נישט געשוינט זיינע שונאים. אין קאַמף האָט ער פיינט גע־האַט העפליכקייטען און „סענאַטאָרישע איידעלקייטען". דער „קעמ־פערישער באָב" איז געווען א צונאָמען פון ליבשאַפט, וועלכען ער האָט פאַר זיך געוואונען נאָך אין אָנפאַנג פון זיין קאַריערע און מיט דעמזעלבען צונאָמען האָט מען איהם גערופען ביז׳ן סוף פון זיין לעבען.

ער איז אַרויסגעטראָטען געגען און האָט געשטימט געגען אמע־ריקע׳ס אַריינטריט אין דער וועלט־מלחמה, און זיין פּאַסיפיסטישע שטעלונג האָט געבראַכט אויף איהם א שטאַרקע פיינדשאַפט און די קליינליכע פאַרפאָלגונגען פון די פּאַטריאָטען וואָס זיינען פאַר־כאַפּט געוואָרען פון דער מלחמה־משוגעת פון גאַנצען לאַנד אַזוי גוט ווי פון זיין אייגענעם סטעיט. מ׳האָט עפענטליך געברענט זיין בילד אויפ׳ן שייטער־הויפען און מ׳האָט איהם אויסגעשלאָסען פון

קלאַבס. די וויסקאָנסינער סטעיט לעדזשיסלעיטשור האָט אָנגענו־מען אַ פּאַרדאַמונג רעזאָלוציע געגען איהם און די פּראָפעסאָרען פון דעם סטעיט־אוניווערזיטעט, וועלכען ער האָט אַזוי פיל געהאָלפען זיך אויפבויען און אַנטוויקלען, האָבען איהם אַלע צוזאַמען אָפּיציעל עפענטליך אָנגעזידעלט.

אין אינערליכער פּאָליטיק איז ער שטענדיג געווען אויף דער זייט פון דעם אונטערדריקטען און ער איז אויך געווען דער אָנער־קענטער און באַגלויבטער קעמפער פאַר דעם פאַרמער און דעם ארבייטער, און געגען דעם גרויס קאַפּיטאַל, געגען דער מאַכט פון די פּריווילעגירטע קלאַסען.

אָבוואָהל ער האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטע וועלט־אַנשוי־אונג לויט וועלכער זיך צו ריכטען ביים זוכען אַן ענטפער אויף די דרינגענדע און ממשות׳דיגע פּראָבלעמען פון מאָמענט און אָבוואָהל זיינע פּאָליטישע באַגריפען זיינען ניט ארויס פון דער גרעניץ פון דער עקזיסטירענדער עקאָנאָמישער סיסטעם, איז ער דאָך אין די אויגען פון די מעהרסטע אַנטיילנעמער פון דער „קאָנפערענץ פאַר פּראָגרעסיווער פּאָליטישער טעטיגקייט", געווען דער אידעאַלער פיהרער פון דער באַוועגונג, וועלכע זיי האָבען געוואָלט באַשאַפען.

צו דער קאָנווענשאָן זיינען געקומען אַ פיעל גרעסרע צאָהל דעלעגאַטען ווי די איניציאַטאָרס האָבען ערוואַרט. אויך דער אינ־טערעס פון עולם איז געווען אַ סך גרעסער ווי מ׳האָט ערוואַרט. ארום זעקס הונדערט באַפולמעכטיגטע דעלעגאַטען האָבען זיך גע־מאָלדען מיט זייערע „קרעדענשעלס" און נאָך אַ גרעסערע צאָהל פאַראינטערעסירטע און נייגעריגע געסט האָבען אָנגעפּאַקט דעם ריזיגען קאָנווענשאָן־זאַל מיט שטונדען פריהער ווי די אָפּיציעלע ערעפענונג איז פאָרגעקומען. געקומען זיינען זיי פון אַלע טיילען פון לאַנד, פון אַלע שיכטען פון דער באַפעלקערונג און די גרעסטע מערהייט איז באַשטאַנען פון ארבייטער און פאַרמערס. אַ גע־שפּאַנטע אַטמאָספערע פון ערוואַרטונג איז געהאַנגען איבער די פאַרזאַמעלטע אין דער צייט וואָס די אויסזיכטען און די געפּלאַנטע מעטאָדען פון דעם קאַמפּיין זיינען וואַרים דיסקוטירט געוואָרען פון פאַרקאָכטע גרופּעס מענשען.

אין דערזעלבער צייט איז דער שיקזאַל פון דער באַוועגונג פאַרהאַנדעלט געוואָרען דורך דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע אונטער

פּאַרמאַכטע טירען. די טעמע פון די דיסקוסיעס איז געווען א זעהר באַגרעניצטע. איצט איז שוין געווען זיכער, אַז אַן אונאָפּהענגיגער קאַנדידאַט וועט נאָמינירט ווערען פאַר פּרעזידענט און אַז סענאַ־טאָר לאַפאָלעט וועט די נאָמינאַציע באַקומען. די איינציגע פראַגע איז איצט געווען, צי די קאָנוועגשאָן זאָל זיך אָרגאַניזירען אין א שטענדיגער פּאָליטישער פּאַרטיי.

די קאָנסטרוקטיווע פיהרער פון דער „קאָנפערענץ פאַר פּראָ־גרעסיווער פּאָליטישער טעטיגקייט" האָבען פריהער געהאַט באַ־טראַכט א פּלאַן צו באַגרעניצען די אויפגאַבען פון דער קאָנווענ־שאָן. זיי האָבען געוואָלט די איינציגע ארבייט פון דער קאָנווענשאָן זאָל זיין צו אינדאָסירען די פּערזענליכע קאַנדידאַטור פון סענאַטאָר לאַפּאָלעט און זיך ווייטער צו האַלטען ביי דעם פּרינציפּ פון פּאָליטי־שער אומפּאַרטייאישקייט ביי די וואַהלען צום קאָנגרעס. דער גע־דאַנק איז שטילערהייד פאַרשפּרייט געוואָרען צווישען די וויכטיגס־טע אייזענבאַהן־יוניאָנס, וואָס דאָס האָט זעהר שטאַרק געערגערט די סאָציאַליסטען און אַנדערע אָנהענגער פון דער אידעע פאַר א „דריטער פּאַרטיי".

איך ווייס נישט בי'ן היינטיגען טאָג, צי די מאָדנע אידעע איז געקומען פון סענאַטאָר לאַפּאָלעט און די אייזענבאַהן־יוניאָנס האָבען צוגעשטימט, צי דאָס פאַרקעהרטע האָט פּאַסירט, וואָס שיינט מיר צו זיין מעהר וואַרשיינליך. ווי דאָס זאָל נישט האָבען געווען, האָט עס אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַבזיכטליכען סאַבאָטאַזש אָדער פון ריזיגער נאַרישקייט. אַן ערך דריי וואָכען פאַר דער קאָנווענשאָן האָב איך אָנגעשריבען א קאָנפידענציעלען מעמאָראַנדום וועגען מיין שטאַנדפּונקט אין דער פראַגע. איך האָב דאָס געטאָן אויף דער איינלאַדונג פון גילבערט י. ראָו, וועלכער איז אַ צייט געווען לאַפּאָלעט'ס לאָא־פּאַרטנער און איז אויך שטענ־דיג געבליבען זיין אינטימער ראַטגעבער. מיין מעמאָראַנדום איז איבערגעגעבען געוואָרען צו סענאַטאָר לאַפּאָלעט.

איך וועל דאָ איבערגעבען די וויכטיגסטע פּונקען פון דעם מעמאָראַנדום:

„אויב א באַוועגונג ווערט אָנגעפאַנגען צו ערוועהלען סענאַ־טאָר לאַפּאָלעט, וועט די באַוועגונג זיין ערפאָלגרייך אויב לאַפּאָלעט וועט ערוועהלט ווערען, און אין פאַל ער וועט ניט ערוועהלט ווערען,

וועט די באוועגונג דורכפאלען, אמוועניגסטענס וואס אמבאלאנגט באלדיגע פראקטישע רעזולטאטען. אויב א דריטע פארטיי ווערט געשאפען אלס א שטענדיגע פארטיי וואס איז געגען די צוויי רע־אקציאנערע אלטע פארטייען, וועלען דערפון דעם סענאטאר׳ס שאנסען אויף ערוועהלט צו ווערען נישט ווערען שוואכער, אבער אין פאל ער ווערט נישט ערוועהלט וועט סאי־ווי האבען באשאפען געווארען א נייע מעכטיגע קערפערשאפט, מיט איהם אלס פיהרער און וועט צו יעדער צייט קענען קעמפען פאר די רעכט פון פאלק.

„וואס נאך פאר א בעסערע און מעהר־דויערענדע לייסטונג צו דעם פאליטישען פראגרעס פון לאנד קען זיך ווינשען א מאן פון סענאטאר לאפאלעט׳ס טיפ, א מאן מיט אזא רעקארד ווי זיי־נער?

„פון א ריין־פראקטישען שטאנדפונקט, ווידער, שיינט מיר אז מ׳וועט צונעמען די נשמה פון דער גאנצער באוועגונג, אויב מ׳וועט פאראייניגען אלע פראגרעסיווע קרעפטען בלויז אויף דעם קאנדידאט פאר פרעזידענט און מ׳וועט יעדע גרופע באזונדער לא־זען ארבייטען אין די אלטע פארטייען פאר די לאקאלע און סטעיט וואהלען און פאר קאנגרעס־קאנדידאטען. אום צו זיין ערפאלגרייך מוז אונזער באוועגונג זיין ווי אן אויסדרוק פון פאלק׳ס צארן געגען די געמיינהייטען פון די אלטע פארטייען. ווי קענען מיר ערווארטען צו קריגען דעם נויטיגען ווירקונג מיט אונזער קאמפעין אויב מיר שטיצען דיזעלבע פארטייען אין לאקאלע קאמפעינס? אזא טאק־טיק וואלט חוץ אלעמען נאך מיטגעבראכט אלערליי פאליטישע אפמאכען און קאמבינאציעס דורך וועלכע די שטימען פאר פרעזי־דענט וואלטען געבראכט געווארען אלס קרבן צוליב קריגען שטי־מען פאר לאקאלע קאנדידאטען״.

מיט די און מיט אנדערע ארגומענטען האב איך פרובירט איבערערעדען די נאציאנאלע קאמיטע, אז זי זאל אננעמען אונזער שטאנדפונקט. איך בין ווארים געשטיצט געווארען פון א פאר גרויסע יוניאנס און פאקטיש פון די פארטרעטער פון אלע גרופען פון וועלכע די „קאנפערענץ״ איז געווען צוזאמענגעשטעלט. נאר די פארשטעהער פון די אייזענבאהן־יוניאנס האבען זיך עקשנות־דיג געהאלטען ביי דאס זייעריגע. די דיסקוסיע איז געווען א הייסע און האט זיך לאנג פארצויגען. די דעלעגאטען און די געסט האבען

שוין אַנגעהויבען ווערען אומרוהיג. קלאַנגען װעגען דעם װאָס עס קומט פאָר ביי דער זיצונג פון דער קאָמיטע האָבען זיך פאַרשפּרייט צווישען זיי און האָבען ארויסגערופען זאָרג און ענטוישונג. ווען דער עולם איז שוין געווען מיד פון די „באַגייסטערטע רעדעס״ וואָס מען האָט געהאַלטען צו פאַרנעמען די צייט פון געשפּאַנטען ווארטען און האָט אָנגעהויבען ארויסווייזען קלאָרע סמנים פון אומ־געדולד, האָט מען מיך ארויסגעשיקט רעדען אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע אום אַביסעל צו באַרוהיגען די אויפגערודער־טע געמיטער.

מיין ערשיינען אויף דער ביהנע איז געווען דער סיגנאַל פאַר אַזאַ באַגייסטערטער אָוואַציע, וואָס איך האָב זעלטען ווען בייגע־וואוינט. דעלעגאַטען און געסט זיינען געשטאַנען אויף די שטולען און בענק, האָבען געמאַכט מיט די הענט און געשריען און געקלאַפּט בראַוואָ מינוטען־לאַנג ביז עס איז מיר ענדליך געלונגען איינצו־שטעלען אַ שטיקעל אָרדנונג, אַז מ׳זאָל מיך קענען הערען.

סאַי איך סאַי מיינע געגנער אין דער קאָמיטע האָבען גאַנץ גוט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון דער דעמאָנסטראַציע. דאָס איז ניט געווען אַן אויסדרוק פון פערזענליכער אַנערקענונג צו מיר. אַלע האָבען געוואוסט, אַז איך האָב פאַרצווייפעלט געקעמפּט אין דער קאָמיטע פאַר דער גרינדונג פון אַן אומאָפּהענגיגער פּאָליטישער פּאַרטיי. די אַפּלאָדיסמענטען פון עולם זיינען געווען אַזאַ קלאָרע גוטהייסונג פון מיין שטעלונג, אַז קלערער האָט קיין שפּראַך אין דער וועלט ניט געקענט זיין. ווען איך זאָל דעמאָלט געווען מאַכען אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל באַלד גרינדען אַ נייע פּאַרטיי, וואָלט דער פאָרשלאַג געווען אָנגענומען געוואָרען מיט אַ ריזיגער מעהר־הייט.

ס׳איז געווען אַ רייצענדע געלעגענהייט. אָבער מ׳האָט זיך געדאַרפט צוריקהאַלטען פון אַן איבעראיילטען שריט. די נאַציאָ־נאַלע קאָמיטע האָט נאָך אַלץ דעבאַטירט דעם וויכטיגסטען פּונקט און מ׳האָט געקענט ערוואַרטען, אַז עס זאָל דאָך קומען צו אַן אָנ־געמבאַרען קאָמפּראָמיס. עס וואָלט דאַן געווען אַן אונלאָיאַלע האַנד־לונג פון מיין זייט צו צווינגען, אַז מ׳זאָל די פראַגע אויפנעמען אויף דער אָפענער קאָנווענשאָן איידער די קאָמיטע איז געקומען צו אַ באַשלוס. באַזונדערס וואָלט עס געווען אַן אונלאָיאַלע האַנדלונג

דערפאַר, וואָס איך בין אויפגעטראָטען אין דער ראָלע פון דער קאָמיטע'ס אַ שליח. אַ שנעלע ענטשיידונג פון דער קאָנווענשאָן צו גונסטען דער גרינדונג פון אַ נייער פּאַרטיי, וואָלט אין דעם פאַל געווען אַ קאָסטבאַרער זיג. די גרויסע מעהרהייט פון די דעלעגאַטען איז אָהן צווייפעל געווען גרייט צו מאַכען אַזאַ שריט, אָבער די מעהרהייט דעלעגאַטען האָט ניט פאַרטראָטען די מעהרהייט אַרביי־טער, וואָס האָבען מיט זיך פאַרגעשטעלט די נייע באַוועגונג.

די אייזענבאַהן־אַרבייטער, וואָס זיינען געווען דער רוקענביין פון דער באַוועגונג און האָבען אויך צוגעשטעלט די גרעסטע צאָהל מיטגלידער, האָבען דורכאויס געשטיצט זייערע פיהרער, וועלכע זיינען נאָך ניט געווען גרייט איבערצורייסען אַלע פאַרבינדונגען מיט די אַלטע פּאָליטישע פּאַרטייען. אפילו דאַן, ווען זיי האָבען שוין פאַרהאַנדעלט מיט סענאַטאָר לאַפּאָלעט, האָבען איינינע פון זיי שטילערהייד אונטערהאַנדעלט מיט דעלעגאַטען פון דער דעמאָ־קראַטישער קאָנווענשאָן וועגען נאָמינירען וויליאַם ג. מעקאַדו.

אַלס אַדמיניסטראַטאָר פאַר די אייזענבאַהנען אין דער צייט פון דער מלחמה, האָט מר. מעקאַדו, דער פינאַנץ־מיניסטער און איידעם פון פּרעזידענט ווילסאָן, זיך געהאַלטען זעהר פריינדליך צו די באַהן־אַרבייטער און האָט זיי אַרויסגעהאָלפען. זיי האָבען איהם דערפאַר איצט געוואָלט אָפּדינען אויף דעם אָנגענומענעם שטייגער. וואָלטען די דעמאָקראַטען געווען נאָמינירט מר. מעקאַדו אָנשטאָט דעם קאָנסערוואַטיווען דזשאָן וו. דעיוויס, וואָלט ניט געווען קיין לאַ־פּאָלעט־קאַמפּעין אין 1924, און אויב יאָ, וואָלטען די אָרגאַניזי־זירטע אייזענבאַהן־אַרבייטער אַזאַ קאַמפּעין ניט געווען געשטיצט, און אויך די אַמעריקען פעדערייישאָן אָוו לעיבאָר וואָלט איהם וואַר־שיינליך ניט געווען געשטיצט אין אַזאַ פאַל. די אַמעריקאַנער אַר־בייטער־פיהרער האָבען נאָך אַלץ געהאַלטען די פּערזאָן פאַר וויכ־טיגער פון דער אידעע. דער אַרבייטער האָט זיך געוועהנליך געלאָזט פיהרען פון זיי און ס'האָט אויסגעזעהן ווי אַ ביטערער שפּאַס, אַז נאָך יאָהרען פון געדולדיגען מאַנעווּרירען און אויפקלערונגס־אַר־בייט זאָלען מיר באַשליסען צו גרינדען אַן אַרבייטער־פּאַרטיי אָהן אַרבייטער.

איך האָב איינגעשטילט די אומגעדולדיגקייט פון דעם עולם, ווי ווייט איך האָב נאָר געקענט, אין דער צייט וואָס מ'האָט גע־

וואָרט אויף אַן ערקלערונג פון סענאַטאָר לאַפאָלעט אַליין וועגען דער גוואַלטיג־וויכטיגער פראַגע.

די ערקלערונג איז ענדליך געקומען אין דער פאָרמע פון אַ בלעטעל אָפּגעקלאַפּט אויף אַ שרייב־מאַשינקע און פאַרשפּרייט צווישען די דעלעגאַטען און אויך פאָרגעלייענט דורך דעם קאַנדידאַט'ס זוהן, ראָבערט מ. לאַפאָלעט, דער איינגערער.

ס'איז געווען אַ לאַנגער און ענשטוישענדער דאָקומענט, געשריבען אָהן גייסט און האָט דערפאַר ניט געקענט אַרויסרופען קיין שום באַגייסטערונג. די ערקלערונג איז געווען פול מיט אויסגעדראָשענע פראַזען וועגען די „רויבערישע קליקעס, וואָס קאָנטראָלירען די אַמעריקאַנער רעגירונג", וועגען דער נויטיגקייט צו פאַרניכטען די פאַראייניגטע קרעפטען פון די אַלע וועלכע האָבען דעם מאָנאָפּאָל איבער דעם פּאָליטישען און עקאָנאָמישען לעבען פון לאַנד און אַנדערע גוט־באַקאַנטע אויסדרוקען פון דעם ווערטער־אויסוואַהל מיט וועלכען עס באַנוצט זיך געוועהנליך די פּראָגרעסיווע גרופּע אין סענאַט. וועגען דער ברענענדיגער פראַגע, וואָס האָט געהאַלטען די קאָנווענשאָן אין אַ פיבעריגער היץ פון ערוואַרטונג, איז אין דער ערקלערונג ניט געווען מעהר ווי די גאַנץ נעבעלדיגע באַהויפּטונג, אַז די צייט איז שוין געקומען „פאַר אַ קעמפערישער פּאָליטישער באַוועגונג, וואָס זאָל זיין אונאָפּהענגיג פוןביידע אַלטע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס". דאָס איז נאָך דערצו אָפּגעשוואַכט געוואָרען דורך אַ היבשליך ניט־אויסגעהאַלטענער און אַ היסטאָרישניט־ריכטיגער באַהויפּטונג, אַז „פּערמאַנענטע פּאָליטישע פּאַרטייען ווערען אין אַמעריקע געבאָרען נאָך נאַציאָנאַלע וואַהל־קאַמפּעינס און ניט פאַר זיי".

די ערקלערונג האָט געמאַכט אַ שווערען איינדרוק אויף דער קאָנווענשאָן. סענאַטאָר לאַפאָלעט, הייסט עס, האָט גאַנץ איינפאַך געשטיצט די שטעלונג פון די פיהרער פון די אייזענבאַהן־יוניאָנס, אין דער צייט וואָס די מאַיאָריטעט פון דער קאָנווענשאָן איז אָפען געווען פאַר דער באַלדיגער גרינדונג פון אַ נייער פּאַרטיי מיט אַלע פּישטשעווקעס. די נאַציאָנאַלע קאָמיטע האָט דערפאַר געפונען אַן אויסוועג אין אַ פּשרה־רעקאָמענדאַציע צו אינדאָרסירען לאַפאָלעט'ס קאַנדידאַטור און צו באַשאַפען אַן איינהייטליכע אָרגאַניזאַציע איבער'ן גאַנצען לאַנד, וואָס זאָל זיין טעטיג אין פאַרלויף

פון קאמפּיין. צו דער רעקאָמענדאַציע איז געווען צוגעטשעפּעט די פאָלגענדע רעזאָלוציע, וועלכע איז געווען דער וויכטיגסטער טייל פון אַלע באַשלוסען:

„די נאַציאָנאַלע קאָמיטע זאָל זיך פאַרזאַמלען דעם 29טען נאָוועמבער, 1924 און זאָל ארויסלאָזען אַן אויפרוף פאַר אַ ספּעציעלער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן, וואָס זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען ענדע יאַנואַר, 1925. דאָס פּלאַץ און דער גענויער טאָג זאָלען באַשטימט ווערען פון דער קאָמיטע.

„דער צוועק פון דער קאָנווענשאָן זאָל זיין צו פאַרהאַנדלען און באַשליסען די פראַגע וועגען גרינדען אַ שטענדיגע אונאָפּהענגיגע פּאָליטישע פּאַרטיי פאַר נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע וואַהלען אויף'ן באַזיס פון די אַלגעמיינע פּרינציפּען וואָס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרען אין דער פּלאַטפאָרמע וועלכע אונזער קאָנווענשאָן האָט אָנגענומען".

צו אַלע אָנהענגער פון דער אידעע פון אַ דריטער פּאַרטיי, די סאָציאַליסטען איינגעשלאָסען, האָט דאָס אויסגעזעהן ווי אַ גאַנץ באַדייטענדער געווינס. זיי האָבען ערוואַרט, אַז אין די פיער חדשים געמיינשאַפטליכע ארבייט אין דעם קאַמפּיין פאַר דער באַוועגונג וועלען די געגענזייטיגע שטרעמונגען זיך צונויפגיסען אין איין האַרמאָנישען שטראָם, אַז דער סענטימענט פאַר אַ נייער פּאַרטיי וועט זיכער וואַקסען אין פאַרנעם און אין קראַפט און אַז אַ נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן, וואָס וועט פאַרקומען נאָך די וואַהלען מיט דעם אויסדריקליכען צוועק צו באַשליסען צי עס זאָל געגרינדעט ווערען אַזאַ פּאַרטיי, וועט מוזען אַזאַ פּאַרטיי באַשאַפען און זי אוועקשטעלען אויף אַ סאָלידען און דויערענדען פונדאַמענט.

מיט אָט־די ערוואַרטונגען זיינען די רעקאָמענדאַציעס פון דער קאָמיטע אָנגענומען געוואָרען און מיט דער זעלבער ערוואַרטונג אין זינען האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי נאָכדעם אינדאָרסירט די קאַנדידאַטור פון ראָבערט מ. לאַפאָלעט, און אַזוי־ארום איז זי צום ערשטען מאָל אין איהר געשיכטע אָפּגעטראָטען פון איהר פעסטגעשטעלטער פיהרונג און האָט געשטיצט אַ נישט־סאָציאַליסטישען קאַנדידאַט פאַר אַן עפענטליכען אַמט.

סענאַטאָר לאַפאָלעט האָט געצויגען ארום פינף מיליאָן שטימען. אַז מען נעהמט אין אָנבאַטראַכט אַלע שטערונגען אין וועג

פון דעם קאמפיין, די איילעניש און איבערפלעבליכקייט מיט וועל־כער אלץ איז אָרגאניזירט געוואָרען, דעם מאנגעל אין געלט, דעם שווערען דרוק וואָס א סך באלעבאטים האָבען אויסגעאיבט אויף זייערע ארבייטער, צו צווינגען זיי, אז זיי זאָלען שטימען פאר „קולידזש און פראָספעריטי", די צוטומלעניש וואָס האָט זיך גע־נומען פון ווידערשפּרעכליכע „אומפּארטייאישע" אָפּמאכען און שותּפות'ען אין א גאנצער רייהע סטייטס, דעם פאקט וואָס דער פּרעזידענט קאנדידאט האָט נישט געהאט די שטיצע פון קאנדידא־טען אויף די לאָקאלע טיקעטס, און צו דעם אלעמען די קאלטקייט און אפילו דעם אָפּענעם פּאררעאט פון געוויסע טיילען אָרגאניזירטע ארבייטער, איז דער רעזולטאַט געווען א גלענצענדער.

ווען א נאָרמאל־אָרגאניזירטע און פּערמאנענטע פּאָליטישע פּארטיי זאָל געווען דערגרייכען אזוינע רעזולטאטען ביים ערשטען אויפטריט, וואָלט זי געווען געלאָזט א טיפען שפּור אויף דער פּאָ־ליטישער געשיכטע פון אמעריקע. דער רעזולטאט וואָלט געווען געהאט איבערגעשטיגען דעם בעסטען רעקאָרד פון א וועלכער־עס־איז דריטער פּארטיי אין דער פארגאנגענהייט. עס וואָלט געווען געגעבען דער דריטער פּארטיי דעם ערשטען פּלאץ, וועניגסטענס אין איין סטייט, אין וויסקאנסין, און דעם צווייטען פּלאץ אין א רייהע אנדערע סטייטס.

אזא נייע פּארטיי וואָלט אויך געווען ערוועהלט איינינע סענא־טאָרען און א היבשע גרופּע קאָנגרעסלייט און לאָקאלע בעאמטע. דער אויסגאנג פון יענע וואהלען וואָלט געווען געגעבען דער פּארטיי א פעסטען פונדאמענט אויף צו וואקסען און ענטוויקלען זיך.

געווען איז עס אבער א קאמפּיין פאר איין מענשען, און די „פּראקטישע" פּאָליטיקער פון די יוניאָנס האָבען אָפּגעשאצט די רעזולטאטען אויסשליסליך פון שטאנדפּונקט פון ממשות'דיגע דערגרייכונגען. זיי האָבען געשטעלט אלץ אויף איין קאָרט און זיי האָבען אלץ פארלאָרען. סענאטאָר לאפּאָלעט איז דורכגעפאלען און א טרויער האָט געהערשט אין זייערע רייהען.

די ספּעציעלע קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאלטען געוואָרען מיט א פארשפּעטיגונג אויף א חודש — אין שיקאגא, דעם 21טען און 22טען פעברואר, 1925. ס'איז שוין געווען גאָר אן אנדער צוזא־

מענפאָהר ווי דער וועלכער איז פאָרגעקומען דעם פריהערדיגען 4טען דזשולאַי, אין קליוולאַנד.

דאָס מאָל זיינען די דעלעגאַטען געקומען אין גאָר אַן אַנדער שטימונג — נישט ווי צו אַ חתונה, נאָר ווי צו אַ לויה. די פיהרער פון די אייזענבאַהן־יוניאָנס האָבען אָפענהאַרציג ערקלערט, אַז זיי האָבען בדעה זיך צוריקצוציהען פון דער באַוועגונג. אַנדערע אָר־גאַניזאַציעס פון אַרבייטער און פאַרמערס האָבען אויך פאַרלאָרען אַ סך פון זייער ענטוזיאַזם פאַר דער גאַנצער זאַך. די צוויי געגנע־רישע שטראָמען אין דער „קאָנפערענץ פאַר פּראָגרעסיווער פּאָלי־טישער טעטיגקייט" זיינען געקומען צו אַ פּונקט וואו די וועגען צו־שיידען זיך.

קיינער איז נישט געווען בייז אָדער פאַרביטערט. די סאָציאַ־ליסטען האָבען געמאַכט אַ לעצטען שטאַרקען פאַרזוך צו ראַטעווען די סיטואַציע דורך אַן אַפּיל אין דער לעצטער מינוט פאַר דירעק־טער און אָפענער אַרבייטער־קלאַס פּאָליטיק. דאָס איז געווען אָבער מעהר צוליב פאָרם און צוליב דעם, אַז עס זאָל פאַרשריבען ווערען אין רעקאָרד, ווייל קיין אויסזיכט אויף ערפאָלג איז נישט געווען. ס'איז געווען אַ געשפּאַנטער, פייערליכער און טרויע־ריגער טאָג ווען די סאָציאַליסטישע רעדנער זיינען אויפגעג־טראָטען איינער נאָכ'ן אַנדערען און האָבען געמאַכט זייערע לעצטע אַפּילס. אַ באַזונדערס ריהרענדער מאָמענט איז געווען דאַן, ווען דער אַלטער יודזשין וו. דעבס איז אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרמע צו האַלטען אַ רעדע פאַר די פאַרזאַמעלטע. ער האָט אַמאָל געשפּילט אַ גרויסע ראָלע ביים אָרגאַניזירען די אייזענבאַהן־אַרבייטער אין דעם ערשטען פּעריאָד פון זייער קאַמף. ער האָט געאַרבייט פאַר זיי אונערמידליך און אָהן שום לוין פאַר זיך אין דער צייט ווען זיי זיינען געווען שוואַך און אָרים, און ער איז פאַרפאָלגט געוואָרען צוליב זיי און געזעסען אין פּריזאָן צוליב זיי. איצט, ווען ער איז דאָ געשטאַנען, אַ הויכער, אַן אויסגעמוטשעטער, אַן ערנסטער און אַן אַסקעטישער, פאַר די גוט־געקליידעטע און באַקוועהם איינגע־אָרדענטע פיהרער פון דעם נייעם דור, האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ גייסט פון זייער פאַרגאַנגענהייט, וואָס קומט זיי שטראָפען און זיי רופען צו די וואונדערליכע טעג פון קאַמף, ליידען און אידעאַליזם. מ'האָט זיך צוגעהערט צו איהם מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט.

אָבער די פיהרער פון די אייזענבאהן־יוניאָנס האָבען דאָך זייער שטעלונג נישט געענדערט. אין די דריי יאָהר פון ארבייטען צוזאַמען, האָבען די סאָציאַליסטען געוואונען זייער צוטרוי און אכטונג. זיי האָבען נישט געוואָלט לעגען קיין שטיינער אין וועג פון אָרגאַניזירען אַ נייע פּאַרטיי, נאָר אַנטייל צו נעמען אין אזא באַוועגונג זיינען זיי נישט גרייט געווען.

צוליב דער דרויסענדיגער וועלט, און אום קיינעם נישט וועה צו טאָן, איז אַראַנזשירט געוואָרען אַז די קאָנווענשאָן פון דער „קאָנפערענץ פאר פּראָגרעסיווער פּאָליטישער טעטיגקייט" זאָל זיך אָפיציעל שליסען, נאָר די דעלעגאַטען וואָס ווילען עס, זאָלען זיך קענען באַלד ווידער פאַרזאַמלען אום צו גרינדען אַ לעיבאָר פּאַרטיי. די ניי־פאַרזאַמעלטע קאָנווענשאָן האָט טאקע אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו גרינדען אַזאַ פּאַרטיי, אבער די סאָציאַליסטען, נאָכפאָלגענדיג דעם ביישפּיל פון די יוניאָנס, האָבען זיך דאָס מאָל אויך אָפּגעזאָגט צו באַטייליגען זיך. אָהן דעם אַנטייל פון די אָרגאַניזירטע ארבייטער איז די „קאָנווענשאָן" געווען נישט מעהר ווי אַ מאָדנער מיש־מאַש פון אלערליי פּאָליטישע עצה־געבער און רפואה־זוכער מיט אַ צומיש פון צוויי־פעלהאַפטע פאַרמער־אָרגאַניזאציעס און ליבעראַלע פּראָגרעסיווע גרופּען, וועלכע האָבען נישט פאַרטראָטען קיין איין ווירקליכען טייל פון דער באַפעלקערונג. צווישען זיי און די סאָציאַליסטען איז קיין געמיינשאפטליכעס נישט געווען און עס איז נישט געווען קיין שום אויסזיכט פאר פרוכטבאַרער פּאָליטישער צוזאַמענאַרבייט מיט זיי. די נייע פּאָליטישע פּאַרטיי, וועלכע איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָרען אין שיקאַגאָ דעם צווייטען פעברואַר, 1925, האָט קיינמאָל נישט פונקציאָנירט.

און אזוי איז אָפּגעשלאָסען געוואָרען איינער פון די פאַרשפּרעכענדסטע און טראַגישסטע קאַפּיטלאָך אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער ארבייטער באַוועגונג.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אַן ענטוישטע אָבער נישט פאַרצווייפעלט, האָט זיך אומגעקערט צו איהר טראַדיציאָנעלער מעטאָדע פון געהן איינע אליין אין פּאָליטיק. אין די נעקסטע פּאָר יאָהר איז געווען זעהר אַ שווערע און אָפטמאָל אַן אונמעגליכע אויפגאַבע אָנצוהאַלטען כאָטש אַ סימן פון לעבען אין דער צוברעקעלער,

ענטוויקלט און כמעט האָפנונגסלאָזער אָרגאַניזאַציע. אין יאָהר 1928 האָט די פּאַרטיי דערגרייכט דעם נידעריגסטען פּונקט אין איהר קייקלען זיך באַרג־אַראָפּ. נאָרמאַן טהאָמאַס, וועלכער איז דאַן געווען דער פּאַרטיי'ס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט און איז גע־לאָפען געגען דעם פּאָפּולערען אַל. סמיטה, האָט באַקומען װעניגער ווי 300 טויזענט שטימען איבער'ן גאַנצען לאַנד.

מערקווירדיג דערביי איז דאָס, וואָס דער פּאַרטיי'ס נאָמען און פּרעסטיזש איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרען איבער דעם פאַר־לוסט פון קרעפטען אין דער אָרגאַניזאַציע און די צאָהל שטימען ביי די וואַהלען. דער פּאַרטיי'ס אונאויפהערליכער קאַמף, טראָץ די אומגעהייערע שוועריגקייטען, און איהר פעסטער גלויבען אין די אייגענע פּאָליטישע פּרינציפּען, האָט ערוואָרבען פאַר איהר אַ געוויסע מאָס רעספּעקט אפילו צווישען איהרע געגנער. דער רעס־פּעקט צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז נאָך באַדייטענד מעהר פאַרשטאַרקט געוואָרען זינט דער קאַטאַסטראָפּאַלער ביזנעס־קריי־זיס האָט פאַר אַ סך דענקענדע בירגער פון אַלע שיכטען באַוויזען ווי פעהלערהאַפט עס איז די עקזיסטירענדע קאַפּיטאַליסטישע סיס־טעם.

אין יאָהר 1932 איז נאָרמאַן טהאָמאַס ווידער געווען דער סאָציאַליסטישער קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט און ער האָט באַקו־מען דריי מאָל אַזוי פיל שטימען ווי אין יאָהר 1928.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט כמעט צוריקגעוואונען די הויכע שטופע וואָס זי האָט פריהער געהאַט דערגרייכט אין איהר געשיכטע, און עס האָט זיך פאַר איהר אָנגעפאַנגען אַ האָפנונגס־פולע צייט פון אויפלעבונג אין אַלע הינזיכטען. די נייע ווינטען וואָס האָבען גענומען בלאָזען, זיינען ווידער געווען גינסטיג פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

## צי האָט זיך עס געלוינט?

(אַ רעדע האָב איך געהאַלטען ביי דער סאָציאַליסטישער קאָנווענשאַן פון ניו יאָרק סטעיט דעם 2טן יולי, 1932).

ס'איז איצט פערציג יאָהר, כמעט פּונקט ווי צום טאָג, זינט עס איז נאָמינירט געוואָרען דער ערשטער סאָציאַליסטישער קאַנ־

דיראַט פאַר פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַאטען. די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי האָט נאָך דאַן ניט עקזיסטירט. דער קאַנדידאַט האָט ארויסגעשטעלט דער פּאָליטישער פאַרגאַנגער, די „סאָשעליסט לעיבאָר פּאַרטי".

יענע פּאַרטיי איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין יאָהר 1878, אין דעמזעלבען יאָהר וואָס די קייזערליכע דייטשע רעגירונג, אונטער דעם רעזשים פון דעם „אייזערנעם קאַנצלער" אָטאָ פאָן ביסמארק, האָט אָנגענומען די אויסנאַהמס־געזעצען און האָט אָנגעפאַנגען אַ קאַמפּעין פון אויסראָטונג געגען אַלץ און יעדען וואָס איז געווען סאָציאַליסטיש. דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען זיינען אין די צעהנד־ליגע טויזענטער אַנטלאָפען קיין אַמעריקע און אין פאַרלויף פון פילע יאָהרען זיינען זיי געווען די הויפּט־שטיצע פון דער פּאַרטיי.

אין די ערשטע יאָהרען האָט זיך די פּאַרטיי אָפּגעגעבען הויפּט־זעכליך מיט פּראָפּאַגאַנדע־ארבייט און נאָר פון צייט צו צייט האָט זי זיך אויף אַ ווײַלע פאַרנומען מיט פּראַקטישער לאָקאַלער פּאָ־ליטיק. אָבער אין יאָהר 1892 האָבען די פיהרער שוין געהאַלטען, אַז די צייט איז רייף צו מאַכען אַן עקספּערימענט אויף אַ נאַציאָ־נאַלען פאַרנעם.

אַ קאָנווענשאָן איז גערופען געוואָרען. עס זיינען געקומען אַכט דעלעגאַטען פון פינף איסטערן סטעיטס און סאַימאָן ווינג פון מאַסאַטשוזעטס איז נאָמינירט געוואָרען אַלס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַאטען.

סאַימאָן ווינג איז ניט געווען קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי און זיין סאָציאַליסטישע וועלט־אַנשויאונג און נייגונגען זיינען געווען היבשלאַך פאַרנעפּעלט. ער האָט אָבער פאַרמאָגט געוויסע פּערזענליכע אייגענשאַפטען, וואָס האָבען אריבערגעוואויגען זיינע פּרינציפּיעלע חסרונות. ער האָט געקענט נאָמינירט ווערען פאַר פּרעזידענט לויט דער קאָנסטיטוציע, ווייל ער איז געווען געבוירען אין אַמעריקע. דאָס איז געווען אַן אייגנשאַפט, מיט וועלכער וועני־גע, אָדער אפשר טאַקע קיינער פון די פּאַרטיי־מיטגלידער, האָט זיך ניט געקענט באַריהמען. ער איז דערצו נאָך געווען דער שטאָל־צער באַזיצער פון זיינער אַן אייגענער גרויער באָרד און אויסגע־שפּראָכענע יענקישע געזיכטס־שטריכען, און ער האָט אין די אויגען פון דער גאַנצער וועלט אויסגעזעהן ווי דאָס גוט־באַקאַנטע פּנים

פון „אַנקעל סעם". דער עיקר אָבער האָט ער זיך אויסגעצייכענט דערמיט וואָס ער האָט איינגעשטימט צו לאָזען זיך נאָמינירען.

די סאָציאַליסטישע הערצער זיינען געווען פול מיט האָפנונגען. ביז יענער צייט האָבען די אַמעריקאַנער ארבייטער פּאַקטיש ניט געהאַט קיין געלעגענהייט אויסצודריקען זיך פּאָליטיש. מיט דער אויסנאַהם פון אַ פּאָר ניט־געראָטענע פּאָליטישע אויסברוכען, ווי עס זיינען געוועז די פּאָפּוליסטישע און די „גרינבעק"־באַוועגונגען, האָט דער ארבייטער אימער געהאַט אויסצוּוועהלען צווישען די צוויי גרויסע פּאַרטייען, וועלכע זיינען ביידע באַהערשט פון קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסען.

צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון לאַנד האָט אַ פּאָליטישע פּאַרטיי פאָרגעלעגט דעם פאָלק אַ קלאָר־אויסגעשפּראָכענע ארבייטער־קלאַס פּראָגראַם מיט אַ פאָדערונג, אַז עס זאָל אינגאַנצען אָפּגעשאַפט ווערען די אונטערדריקענדע סיסטעם פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע און אַז עס זאָל איינגעפיהרט ווערען אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, וואָס איז באַזירט אויף געמיינשאַפטליכער ארבייט פאַר אַלעמענס גענוס. די פּאַרטיי־פּלאַטפאָרמע האָט ערקלערט די סאָציאַליסטישע פּראָגראַם מיט אַלע איינצעלהייטען און אויף אַ וויסענשאַפטליכען שטייגער. עס האָט געקענט איבערצייגען יעדען ארבייטער וואָס האָט נאָר זיך גענומען די מיה דאָס צו לייענען. די סאָציאַליסטען האָבען טאַקע ניט ערוואַרט צו געווינען די וואַהלען, אָבער זיי האָבען דערפאַר געהאָפט צו קריגען אַ זעהר גרויסע צאָהל שטימען און אַז דאָס זאָל זיי העלפען באַפעסטיגען דעם פונדאַמענט פאַר אַ שטאַרקער און ווירקזאַמער ארבייטער־פּאַרטיי.

אַ סך מיטינגען זיינען פאָרגעקומען און אַ סך רעדעס זיינען געהאַלטען געוואָרען, מעהרסטענס אין דייטש, אָבער אייניגע זיינען אויך געהאַלטען געוואָרען אין ענגליש. אַן ענערגישער קאַמפּעין איז אָנגעפיהרט געוואָרען, און ווען די באַריכטען וועגען דער אָפּגעגעבענער צאָהל שטימען זיינען אריינגעקומען נאָך דעם טאָג פון די וואַהלען, האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז די „סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטי" מיט סאַימאָן ווינג אַלס איהר קאַנדידאַט, האָט ארום און ארום געצוינען 21 טויזענט מיט 500 שטימען.

מיט אכט יאָהר שפּעטער זיינען מיר ווידער געווען פול מיט פּאָליטישע האָפנונגען.

די סאָציאַליסטישע פּארטיי איז נאָר וואָס געגרינדעט געוואָרען. זי האָט זיך אויסגעצייכענט פון דער „סאָשעליסט לעיבאָר פּארטי" דערמיט, וואָס זי איז באַשטאַנען הויפּטזעכליך פון געבוירענע אמעריקאַנער מיט א שטאַרקער אָנהענגערשאַפט אין דער מידל וועסט. דער פּארטיי'ס קאַנדידאַט איז געווען יודזשין ווי. דעבס, איינער פון די פּאָפּולערסטע און באַליבטסטע ארבייטער־פיהרער און א מאַן מיט א גלענצענדער רעדנער־קראַפט און מיט אַן אויסער־געוועהנליכען פּערזענליכען מאַגנעטיזם. די סאָציאַליסטישע פּארטיי האָט זיך געשטעלט דעם באַשיידענעם צוועק צו קריגען פון א מי־ליאָן שטימען ביז צוויי מיליאָן אין דער ערשטער אטאַקע אויף דער פּאָליטישער פעסטונג פון קאַפּיטאַליזם. ווען דער וואַל־קאַמף איז געווען פאָראיבער און די שטימען זיינען איבערגעצעהלט גע־וואָרען, האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז די צאָהל שטימען וואָס דעבס האָט באַקומען, איז געווען וועניגער ווי הונדערט טויזענט.

מיט אָט דעם באַשיידענעם אָנפאַנג האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אָנגעהויבען איהר פּאָליטישע קאַריערע אין סאַמע אָנפאַנג פון צוואַנציגסטען יאָרהונדערט. ס'איז געווען אַן אומרוהיגע קאַריע־רע פון ערפאָלגען און דורכפאַלען, פון פאַמעליכען פאָרטשריט און אַן אָפטען צוריקגאַנג, פון געצעהלטע זיגען און א סך ענטוישונגען.

ווען די פּארטיי האָט דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט פון איהר קראַפט, האָט זי געצויגען ארום א מיליאָן שטימען און האָט געהאַט הונדערט און צוואַנציג טויזענט מיטגלידער, וואָס האָבען געצאָהלט דיוס. זי איז געווען גוט אָרגאַניזירט אין יעדען סטעיט פון לאַנד און האָט געהאַט די שטיצע פון איבער הונדערט צייטונ־גען, טעגליכע און וועכענטליכע, אין ענגליש און אין כמעט אַלע אַנדערע שפּראַכען, וואָס ווערען גערעדט און געלייענט אין אונזער גרויסען לאַנד פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטען.

דאַן איז אַמעריקע אריין אין דער וועלט־מלחמה, די רעגירונג האָט אָנגעהויבען פאַרפאָלגען און אונטערדריקען אַלע ראַדיקאַלע באַוועגונגען, די סאָציאַליסטען זיינען צוטיילט געוואָרען אויף שטי־צער און געגנער פון דער מלחמה; דאַן איז געקומען די קאָמוניס־

טישע שפּאַלטונג און די לאַנגע פּעריאָדע פון עקאָנאָמישער פּראָס־פּעריטי, גייסטיגען מאַטעריאַליזם און פּאָליטישער גלייכגילטיגקייט.

צעהן יאָהר איז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע פּאַקטיש געלעגען אין הינערפּלעט. די צאָהל מיטגלידער און די טעטיגקייטען פון דער פּאַרטיי זיינען אַזוי פאַרקלענערט געוואָרען, אַז זיי זיינען געוואָרען נישטיג. מיט פיר יאָהר (אין 1928) צוריק, האָט איהר קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט געצויגען ווייניגער ווי דריי הונדערט טויזענט שטימען.

און איצט, ווי עס שיינט, האַלטען מיר ווידער ביי אַ נייער סאָציאַליסטישער אויפלעבונג. דער גייסט פון ענגהערציגער אונ־טאָלעראַנץ, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אין דער צייט פון דער מלחמה און איז דערנאָך געפּלעגט און פאַרשטאַרקט געוואָרען אין פאַרלויף פון יאָהרען נאָך דער מלחמה, האַלט שנעל אין אַוועק־געהן. יענער בייזער גייסט טרעט אָפּ דעם פּלאַץ פאַר אַ נאָרמאַלער און מעהר־טאָלעראַנטער פּסיכאָלאָגיע וואָס פּאַסט זיך פיל בעסער פאַר אַ לאַנד וואו עס הערשט פּאָליטישע דעמאָקראַטיע. נאָך דער פיבערדיגער פּעריאָדע פון אויסשפּרייטונג און פּראָספּעריטי, איז געקומען אַ קאַטאַסטראָפאַלער צוזאַמענברוך פון אונזער אינדוסט־ריעלער ווירטשאַפט און דער צוזאַמענברוך האָט מיט זיך מיטגע־בראַכט אַ ים פון נויט און ליידען. די פּאָליטישע גלייכגילטיגקייט און דער עקאָנאָמישער אָפּטימיזם זיינען אַ היבש ביסעל צוטריי־סעלט געוואָרען. דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט אָנגעהויבען צו צווייפלען און צו שטעלען פראַגען. אַלטע עקאָנאָמישע טעאָריעס און פּאָליטישע גלויבענס ווערען איצט קריטיש געפּאָרשט און אַנאַ־ליזירט. נייע געדאַנקען און נייע פּרינציפּען ווערט אויסגעהערט אויפמערקזאַם און פריינדליך.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי הויבט אָן פון ס׳ניי אויפצולעבן. די צאָהל פון איהרע מיטגלידער, די צאָהל שטימען וואָס זי ציהט און איהר איינפלוס האַלט ווידער אין גרעסער ווערען, אָבוואָהל זי האָט נאָך נישט אָנגעיאָגט גענוג צו פאַרגיטיגען די פאַרלוסטען פון די לעצטע צוועלף יאָהר.

און מיר הויבען ווידער אָן פון דאָס ניי.

האָט זיך עס געלוינט?

איך האָב גענומען אן אקטיווען אנטייל אין דער סאָציאַליס־טישער באוועגונג דורך די אלע יאָהרען. פאר מיר איז סאָציאַליזם קיינמאָל נישט געווען עפּעס א פילאָזאָפיע וואָס איז באזונדער פון דער ווירקליכקייט, אדער אן אינטעלעקטועלער צייט־פארטרייב. סאָציאַליזם איז אימער געווען מיין אידעאַל און מיין רעליגיע און איינער פון מיינע הויפּט־אינטערעסען אין לעבען. מיין גאנץ לעבען פון זינט איך בין געוואָרען א דערוואַקסענער מענש, האָב איך אָפּגעגעבען צו ארבייטען פאר דעם אידעאַל.

האָט זיך עס געלוינט?

איך וואָלט נישט געווען אָפענהערציג ווען איך זאָל נישט מודה זיין, אז אין די פעריאָדען פון שווערע פארלוסטען, האָב איך איבערגעלעבט מאָמענטען פון ענטוישונג און ענטמוטיגונג, פינס־טערע מאָמענטען פון אומזיכערקייט און צווייפעל און דאן האָב איך זיך אָפּטמאָל געפרעגט דיזעלבע פּיינליכע פראגע.

איך בין שטענדיג ארויס פון אזא נשמה־פאָרשען מיט דער בעסטער איבערצייגונג אז מיין וועג איז געווען דער ריכטיגער און מיין ארבייט איז נישט געווען אומזיסט... איך פארשטעה גאנץ גוט, נאַטירליך, דעם פּסיכאָלאָגישען רייץ זיך אליין צו רעכטפערטיגען, דעם אינסטינקט זיך אליין צו שיצען געגען דעם פארדאכט, אז אפשר האָב איך גאָר אומזיסט פארשווענדעט מיין לעבען, אָבער איך בין איבערצייגט אז איך בין עהרליך און אויפריכטיג געקומען צו מיינע שלוסען.

איך ווייז אינגאנצען צוריק די מיינונג, אז די סאָציאַליסטישע באוועגונג איז א דורכפאַל. וואָס איז דורכפאַל און וואָס איז ער־פאָלג אין דעם קאמף פאר א הויכער הומאַניטאַרער אידעע און, אויב איהר ווילט, אויך אין דעם לעבען פון א מענשען איבער־הויפּט?

איך האָב קיינמאָל נישט באַטראַכט סאָציאַליזם ווי א ריין־פּאָליטישע באוועגונג און אפילו נישט ווי א באוועגונג וואָס איז אין איהר עיקר פּאָליטיש. סאָציאַליזם איז פריהער פון אלץ א פילאָזאָפיע פון לעבען און פון דער מענשליכער ציוויליזאציע. סאָציאַליזם שטרעבט צו א מעהר־שכל'דיגער, העכערער און נאָבע־לער געזעלשאפטליכער אָרדנונג. די ממשות'דיגע אויפגאבען פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג איז צוצוגרייטען און צו ענטוויק־

לען די עקאָנאָמישע, אינטעלעקטועלע און מאָראלע פונדאמענטען
פאר דער בעסערער אָרדנונג פון דער צוקונפט. דער פאָרטשריט
פון אזא באוועגונג קען נישט געמאָסטן ווערען אויף דעם סקאר־
באָווען געוועהנליכען שטייגער. מען קען איהם, שיינט מיר, איבער־
הויפּט נישט מעסטען. און ווער וועט וואגען צו זאָגען, אז די
סאָציאליסטישע פּראָפּאגאנדע האָט נישט געלאָזט א טיפען שפּור
און האָט נישט געהאט א שטארקען איינפלוס אויף דעם אמעריקא־
נער געדאנקען־גאנג ?

מיט פערציג יאָהר צוריק איז די טעאָריע און די פיהרונג פון
אונזער רעגירונג געווען אומגעהייער אינדיווידואליסטיש. דער
הויפּט־פּונקט פון דעם אָנגענומענעם פּאָליטישן גלויבן אין אמע־
ריקע איז געווען דער פּרינציפּ פון נישט מישען זיך אין דעם קאמף
צווישען די רייכע און די אָרימע, די שטארקע און די שוואכע. די
רעגירונג האָט זיך שטארק געהיט, אז זי זאָל חלילה נישט מוזען
נעמען אויף זיך עקאָנאָמישע אָדער סאָציאלע אויפגאבען. היינט
צו טאָג איז דער פּרינציפּ פון אינדיווידואליזם אין רעגירונג א
היבשליך־אָפּגעשלאָגענע הושענה. אונזערע געזעץ־ביכער זיינען פול
מיט געזעלשאפטליכער געזעצגעבונג ענטוועדער עמיצען צו שיצען
אָדער עמיצען צו באגרעניצען. אונזער אדמיניסטראציע איז אָנגע־
פּיקעוועט מיט אגענטורען און אינסטיטוציעס צו רעגולירען און
קאָנטראָלירען די עקאָנאָמישע טעטיגקייטען און די געזעלשאפטליכע
באציהונגען.

דער גייסט פון סאָציאליזם, וועלכער שטעלט דעם וואוילזיין
פון דער געזעלשאפט העכער פון די עגאָאיסטישע אינטערעסען פון
דעם איינצעלנעם, כאראקטעריזירט קלאָר דעם גאנצען מאָדערנעם
גאנג פון די אמעריקאנער רעגירונגס־פּאָליסים. אמעריקע הויבט
אלץ מעהר אן רעגירט צו ווערען אין דעם גייסט און דאָס איז
זעהר פיל צו פארדאנקען דירעקט דער סאָציאליסטישער פּראָפּא־
גאנדע.

עס איז מעגליך, אז אין איין שעהנעם טאָג זאָלען די באהאל־
טענע און נישט־קריסטאליזירטע שטראָמען פון סאָציאליסטישען
סענטימענט, פּלוצים און אונערוואַרטעט א שלאָג טאָן אויף דער
אויבערפלאך אין דער פאָרם פון א שטארקער באוועגונג. דאָס איז
געווען דער וועג פון אלע גרויסע געזעלשאפטליכע און פּאָליטישע

איבערקערענישען. די באוועגונג אָפּצושאַפען שקלאַפעריי אין אמע־ריקע האָט געשיינט צו מאַכען וועניג פּאָרטשריט אָדער גאָר קיין פּאָרטשריט זעהר א לאַנגע צייט, אָבער דער אידעאַל פון דער באוועגונג האָט שטיל און אומבאמערקט זיך אריינגעגעסען אונטער דער פּאָליטישער אויבערפלאַך און ווען דער אומפּאַרמיידליכער טריאומף איז געקומען האָט עס ביי דעם אויבערפלעכליכען בעאָב־אַכטער אויסגעזעהן, אז עס האָט פּאַסירט שנעל און פּלוצלינג. די פּראָפּאַגאַנדע פון די פראנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטען און פון די אָנהענגער פון פרייהייט־אידעען איז פון אויבען־אויף א לאַנגע צייט אָנגעפיהרט געווארען נאָר אין ענגע קרייזען פון געקליבענע מענשען. וועניג מענשען האָבען געהאַט א באַגריף ווי שטאַרק עס זיינען געווען באאיינפלוסט די גרויסע מאַסען ביז עס האָט נישט אויסגעבראָכען די גרויסע רעוואָלוציע.

אין רוסלאַנד איז דער מאַרטירערישער קאַמף פאר סאָציאַליזם אָנגעפירט געוואָרען א האַלבען יאָהרהונדערט דורך א קליינע גרופּע העלדישע פּראָפּאַגאַנדיסטען און פּאָליטישע עמיגראַנטען־גרופּעס, וואָס זיינען געווען צוזעהט און צושפּרייט. מיט דער אויסנאַם פון דער קורצער צייט, וואָס עס האָט עקזיסטירט דעם צאַר'ס דומא, האָט עס אויסגעזעהן, ווי גלייך די פּראָפּאַגאַנדע וואָלט קיין שום פּאָרטשריט נישט געמאַכט ביי דעם רוסישען פאָלק. אבער ווען די קאָנסטיטוציאָנעלע פאַרזאַמלונג איז צוזאמענגערופען גע־וואָרען אין יאָהר 1917, און די מאַסען פּויערים און ארבייטער האָבען געהאַט זייער ערשטע געלעגענהייט אָפּצוגעבען זייערע פרייע און נישט־אונטערדריקטע שטימען, איז די אומגעהייערע מערהייט פון די ערוועהלטע פאַרטרעטער באַשטאַנען פון סאָציאַליסטען פון די פאַרשידענע שטימונגען.

ס'איז א טעות צו דענקען, אז ווייל די סאָציאַליסטישע בא־וועגונג אין די פאַראייניגטע שטאַטען האָט נישט געמאַכט קיין גרויסען און באמערקבארען פּאָרטשריט אין די לעצטע פערציג יאָהר קען מען שוין דערפאַר נישט ערווארטען, אז די זעלבע באוועגונג זאָל זיין ערפאָלגרייך אין פאַרלויף פון די קומענדיגע צוואַנציג יאָהר. עס איז פּונקט אזוי פאַלש צו מיינען, אז ווען א באוועגונג הויבט אָן אויף דאָס ניי צו וואַקסען, מוז דער וואוקס זיין פּא־

מעליק און שטופּענווייז און קען זיך נישט א יאָג טאָן מיט גרויסע שריט.

איך האָף נאָר צו זעהן א גרויסע און שטאַרקע, און אפשר אפילו א זיגרייכע, סאָציאַליסטישע באוועגונג דאָ אין לאַנד נאָך אין מיינע יאָהרען.

אָבער צי איך וועל דערלעבען צו זעהן די פאַרווירקליכונג פון דעם סאָציאַליסטישען ענדציל צי נישט איז נאָך אלעמען נישט פון גרוים וויכטיגקייט.

שטרענג גערעדט איז גאָר נישטאָ אַזאַ זאַך ווי א סאָציאַלער ענדציל. דער סאָציאַלער האָריזאָנט פונקט ווי דער האָריזאָנט אין דער נאַטור איז נאָר אן אילוזיע, א ליניע וואָס באצייכענט בלויז דעם גרעניץ ווי ווייט מיר זיינען אימשטאנד צו זעהן.

פאר דעם מענשען וואָס רירט זיך נישט פון אָרט בלייבט דער האָריזאָנט אויף א שטענדיגער און א באַשטימטער שטרעקע. פאר דעם רייזענדען, וועלכער פאָהרט מיט זיין אייגענעם פאָראויס־פירענדיגען וועג, איז עס א באַוועגליכער און נישט־דערגרייכבאַ־רער ענדציל. וואָס ווייטער ער געהט אויפ'ן וועג צו דעם האָריזאָנט, אַלץ ווייטער געהט דער האָריזאָנט אוועק פון איהם און דעקט אויף פאר איהם אלץ נייע און נייע שטרעקעס, אַלץ נייע און נייע לאַנד־שאַפטען פאר זיינע אויגען. וואָס עס איז געוועזן דער האָריזאָנט נעכטען איז שוין היינט הינטער איהם און נייע ווייטע האָריזאָנטען דעקען זיך אויף מיט יעדער מינוט פאָרטשריט.

מיט אָנדערהאַלבען הונדערט יאָהר צוריק האָט דער סאָציאַ־לער האָריזאָנט פון פאָרטגעשריטענע מענשען נישט דערגרייכט ווייטער ווי א באגריף פון פּאָליטישע דעמאָקראטיע און נאַציאָנאַלע רעגירונג. היינט קענען מיר פּלאַנעווען א געזעלשאַפטליכע אָרדנונג פון אינדוסטריעלער דעמאָקראַטיע, פון א וועלט־פאַרבאַנד און וועלט־פרידן.

די אידעאַלע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט זעהט זיך אויפ'ן האָריזאָנט פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט. עס וועט קומען א טאָג ווען דער דאָזיגער ענדציל וועט דערגרייכט ווערען און די וועלט וועט אוועק ווייטער. נייע און נאָך העכערע צילען וועלען אויפקומען פאר דער מענשהייט אין איהר אייביגען פּראָצעס פון סאָציאַלען פאָרטשריט און פאַרבעסערונג. די באַפרידיגונג ליגט

נישט אזוי פיל אין דער דערגרייכונג ווי אין דעם שטרעבען, נישט אזוי פיל אין די זיגען, ווי אין די האָפנונגען און אין דעם קאמף.

אונזער העכסטע בארעכטיגונג אלס סאָציאליסטען איז דאָס, וואָס מיר זיינען געגאנגען און געהען אויך איצט אין דער ריכטיגער ריכטונג.

אָבער אין דער צייט וואָס איך מאך דעם פארזוך צו דערקלערען מיט'ן שכל מיין געזעלשאפטליכע וועלט־אנשויאונג און מיין פּאָליטישען גלויבען, פיהל איך אז דאָס איז אן ארבייט, וואָס נישט מען דאַרף זי, נישט זי לוינט זיך. אונזערע נייגונגען און סימפּאטיעס, אונזערע איבערצייגונגען און האנדלונגען ווערען נישט באשטימט דורך א פרייען און אויסגערעכנטען אויסוואהל, נאָר דורך א פּלאָנטער פון אומשטענדען, פיזישע, פסיכאָלאָגישע, אינדיווידועלע און געזעלשאפטליכע, וועלכע האמערען אויס די פאָרם פון אונזער לעבען.

איך בין א סאָציאליסט, ווייל איך קען נישט זיין עפּעס אנדערש. איך קען נישט אָננעמען די מיאוסע וועלט פון קאפּיטאליזם מיט איהר ברוטאלען קאמף און אומזיסטע ליידען, מיט איהר אָפּגעלעבטער און זינלאָזער עקאָנאָמישער ווירטשאפט, מיט איהרע פארביסענע געזעלשאפטליכע קאָנטראסטען, מיט איהר מאָראלער פארדאָרבענקייט און גייסטיגער דערנידערונג.

ווען עס וואָלט נישט געווען קיין אָרגאניזירטע סאָציאליסטישע באַוועגונג אָדער קיין סאָציאליסטישע פארטיי, ווען איך וואָלט געווען איינער אליין, איינער אליין אין גאנצען לאַנד און אין דער גאַנצער וועלט, וואָלט איך אלץ געווען געגען דעם קאפּיטאליזם. איך וואָלט דאן אלץ געארבייט און אפּעלירט פאר א בעסערער און געטרייערער וועלט, פאר סאָציאליזם.

דורך פאַרגוואלטיגען מיין געוויסען האָב איך אפשר געקענט שלום מאכען מיט דער עקזיסטירענדער אָרדנונג און געפינען פאר זיך א באקוועמען פּלאץ צווישען די וואָס האָבען צו געווינען פון דעם היינטיגען סיסטעם. איך האָב אפשר געקענט זיך אָנשליסען אָן איינער פון די פּאָליטישע פארטייען פון מאכט און רויב און פיליכט וואָלט איך ביי זיי דערגרייכט א שטופּע פון איינפלוס און „עהרע". איך וואָלט אפשר דאן געווען געקענט אָפּגעבען מיין לעבען אָנצוזאמלען רייכטום און איך וואָלט פיליכט אנגעזאמעלט

א גרויסען פארמעגען. אָבער אַן אויסערליכער ערפאָלג וואָלט אין דער אמת'ען גאָר געווען א קלעגליכער דורכפאל. איך וואָלט זיך דאַן געפיהלט אומצופרידען און פארדאָרבען: איך וואָלט דאַן ניט געהאט אלע יענע פריידען פון לעבען, וואָס נאָר א הויכער געזעל־שאפטליכער אידעאל קען געבען. איך וואָלט נישט געהאט יענע פארגעניגענס און יענע פריינדשאפט פון די בעסערע קעפּ און פון די נאָבעלסטע הערצער איבער דער גאנצער וועלט. און, וואָס איז וויכטיגער פון אלץ — איך וואָלט נישט געהאט מיין זעלבסט־רעספּעקט.

איך האָב אָבער אויסגעקליבען פאר זיך דעם וועג פון א סאָציאליסטישען פּראָפּאגאנדיסט און איך בין דורכאויס צופרידען מיט מיין שיקזאל.

אויב מיט פערציג יאָהר צוריק, זאָל איך געווען פּאָראויסזעהן אלע טיילען פון דעם שווערען וועג, וואָס די סאָציאליסטישע פּארטיי דאָ אין לאנד און איבער דער גאנצער וועלט האָט דורכגעמאכט, וואָלט איך אלץ געטאָן דאָסזעלבע וואָס איך האָב געטאָן. אויב איך וואָלט געהאט נאָך פערציג יאָהר צו לעבען, וואָלט איך זיי ווייטער אָפּגעגעבען פאר דער סאָציאליסטישער באוועגונג, נישט קוקענדיג אויף די „פּראקטישע" אויסזיכטען אָדער באלדיגע אויפ־טואונגען.

פאר מיר איז די סאָציאליסטישע באוועגונג מיט איהר ענטוז־יאַזם און אידעאליזם, מיט איהר חבר'שאפט און קאמף, מיט איהרע האָפנונגען און ענטוישונגען, מיט איהרע זיגען און דורכפאלען, געווען דאָס בעסטע וואָס דאָס לעבען האָט געהאט צו געבען.

**( ע נ ד ע )**